# יאָרבוך

# פֿון

# מעקסיקאַנער יידנטום

אַרויסגעגעבן דורכן

## יידישן וועלט קאָנגרעס

רעדאַקטאָר: ד״ר ישעיהו אוקטרי-דן

## 1950–1952

מעקסיקע. ד. פֿ.

רעדאַקציע-קאָמיטעט:

ד״ר. ס. ביברינג

מ. קאָזשוך

י. פרומין

וו. מיטראַני ע״ה

# יאָרבוך 1950 - 1952

## ערשטע אויסגאַבע

Anuario
del
Judaismo Mexicano
editado por el
Comité del Congreso Judío
Mundial de México.
*Redactor:*
Dr. Isaías Austri-Dunn.
*Comité de Redacción:*
Dr. S. Bibring, M. Cojuc
Y. Frumin y V. Mitrani.

---

México, D. F.
1950—1952

# אריינפיר


ד"ר ס. ביברינג

דעם 8־טן אויגוסט 1949, אויף א פלענארער זי־צונג פון קאמיטעט פון יידישן וועלט־קאנגרעס, ווען וויקטאר מיטראני ע"ה, איז געווען דער פרעזידענט, איז באשלאסן געווארן ארויסצוגעבן א „יארבוך", כדי צו באקענען דעם יידישן עולם אין מעקסיקע מיט די צילן און טעטיקייטן פון יידישן וועלט־קאנגרעס, צו פאר־עפנטלעכן וויסנשאפטלעכע, ליטעראַרישע און קינסטלע־רישע ארבעטן ווי אויך ידיעות און אינפארמאציעס וועגן יידישן לעבן אין מעקסיקע.

ד"ר ישעיהו אוסטרי־דן (אויסטריאק) האט איבערגענומען די רעדאק־ציע פון דעם ווערק און עטלעכע מיטגלידער פון קאמיטעט, צווישן זיי וויק־טאר מיטראני ע"ה משה קאזשוך, און יעקב פרומין, האבן צוגעלייגט א האנט צו דער דאזיקער ארבעט.

די זאמלונג פון דעם נויטיקן מאטעריאל, לויט די אינסטרוקציעס פון ד"ר ישעיהו אוסטרי־דן האט איבערגענומען די סעקרעטארין פון קאמיטעט, פרוי רענעע גאלדפיין.

אין לויף פון יאר 1950, ווען הער משה קאזשוך איז געשטאנען בראש פון קאמיטעט פון יי. וו. ק., איז געטאן געווארן די הויפט־ארבעט פארן „יארבוך" און איצט האבן מיר דעם כבוד אים איבערצוגעבן צו דער עפנטלעכקייט.

מיר ווילן דא אויסדריקן אן עפנטלעכע אנערקענונג די פרעזידענטן פון קאמיטעט פון יי. וו. ק. אין יאר 1949, וויקטאר מיטראני, ע"ה און אין יאר 1950, הער משה קאזשוך, ואחרון אחרון חביב, קומט א דאנק ד"ר ישעיהו אוסטרי־דן וועלכער האט אומדערמידלעך געארבעט, פריער כדי צו פארמולירן א פלאן פון בוך, דאן מיט דער רעדאקציע און צולעצט מיט דער טעכנישער איבערוואכונג ביים דרוקן דעם „יארבוך" פון קאמיטעט פון יידישן וועלט־קאנגרעס אין מעקסיקע.

קאמיטעט פון יידישן־וועלט־קאנגרעס אין מעקסיקע

| | |
|---|---|
| **יעקב פרומין** | **דר. ס. ביברינג** |
| סעקרעטאר | פרעזידענט |

מעקסיקע, שבועות ה.תשי"ב (מאי 1952)



# דער קאָמיטעט פון יידישן וועלט־קאָנגרעס

משה קאָזשוך

אין חודש אַפּריל פון יאָר 1947 איז ברוך צוקערמאַן געקומען קיין מעקסיקע רעאָרגאַניזירן דעם קאָמיטעט פון יידישן וועלט־קאָנגרעס דאָהי. ער האָט זיך געוואָנדן צו מיר כדי איך זאָל איבערנעמען די לייטונג פון נייעם קאָמיטעט.

איך האָב דעמאָלט פאַרנומען וויכטיקע פּאָסטנס אין אַנדערע יידישע אָרגאַניזאַציעס אין מעקסיקע, אָבער איך האָב פאַרשטאַנען ווי וויכטיק עס איז אַ גוט אָרגאַניזירטער קאָמיטעט פון יי. וו. ק. און ווען איך האָב אפילו זיך נישט געפילט בכח צו טאָן די אַרבעט, האָב איך עס געהאַלטן פאַר אַ גרויסן כבוד און האָב אַזוי אַרום געשטעלט צו דער דיספּאָזיציע פון דער וועלט־אינסטיטוציע מיין צייט און מוט און דערפילנדיק מיין פליכט לגבי אונדזער פאָלק אין דער מאָס פון מיינע באַשיידענע פעאיקייטן.

דעם 28־טן אַפּריל 1947 איז געווען די קאָנסטיטואירונגס־זיצונג און איך בין געוויילט געוואָרן אַלס פאָרזיצער. ברוך צוקערמאַן האָט געמאַכט דעם פאָרשלאַג, אַז דער קאָמיטעט פון יי. וו. ק. זאָל אַרבעטן אויטאָנאָם, אָבער אין פולער קאָאָפּעראַציע מיטן יידישן צענטראַל־קאָמיטעט פון מעקסיקע, די פאָלגנדע געזעלשאַפטלעכע טוער זענען געווען אָנוועזנד ביי דער זיצונג: ד"ר פּ. דרוקער, וויקטאָר מיטראַני, גרעגאָריאָ שאַפּיראָ, טוביה רעזניקאָף, א. ז. בערעביטשעז ד"ר ישעיהו אויסטריאַק און איך. מיר האָבן דערנאָך צוקאָאָפּטירט די פאָלגנדע פּערזאָנען: ד"ר אַדאָלפאָ פאַסטליכט, פּסח ליסקער, ד"ר באַראַץ און שמחה ליינער.

פּרעזידענט פון דעם קאָמיטעט פון יי. וו. ק. בין איך געווען פון אַפּריל 1947 ביז דעם 22־טן מאַרץ 1948 און פון 23־טן דעצעמבער 1949 ביז דעם 19־טן פעברואַר 1951 און האָב שטענדיק געהאַט די פולע קאָאָפּעראַ־

ציע פון אַלע מיטגלידער פון קאָמיטעט. צווישן די צוויי פּעריאָדן וואָס איך בין געווען פּרעזידענט, האָבן פאַרנומען די פּריינט וויקטאָר מיטראַני און א. ז. בערעביטשעז דעם דאָזיקן פּאָסטן, אָבער איך בין שטענדיק געבליבן אַן אַקטיווער מיטאַרבעטער פון קאָמיטעט און פאַרנעם נאָך היינט דעם פּאָסן פון וויצע־פּאָרזיצער, אונטער דער אָנפירונג פון ד״ר ס. ביברינג, וועלכער איז געווילט געוואָרן אַלס פּרעזידענט ביי דער לעצטער קאָנס־טיטואירונגס־זיצונג, אָנהייב יאָר 1951. ד״ר ביברינג איז זינט עטלעכע יאָר אין מעקסיקע, אָבער ער האָט אַרויסגעוויזן אין דער קורצער צייט גאָר גרויסע פעאיקייטן פאַר געזעלשאַפטלעכער אַרבעט אין אונדזער ישוב און דאָס איז טאַקע געווען די סיבה פאַרוואָס איך האָב אים פאָרגעשלאָגן אַלס קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט פון קאָמיטעט פון יי. וו. ק. אין מעקסיקע. ער איז אויסגעקליבן געוואָרן נישט בלויז מיט אַ מערהייט פון שטימען, נאָר אַלע אַנוועזנדע, אויף דער קאָנסטיטואירונגס־זיצונג פון 19־טן פעברואַר 1951 האָבן געשטימט פאַר אים. זיין אַרבעט האָט טאַ־קע באַוויזן, אַז ער האָט זיך פאַרדינט דעם צוטרוי פון קאָמיטעט און איז אַן אויסגעוויינלעך פּאַסיקער מענטש פאַר פּרעזידענט פון קאָמיטעט פון יי. וו. ק. אין מעקסיקע.

איך וויל דאָ אויסדריקן מיין דאַנק און אָפּשאַצונג פאַר דער אַרבעט וועלכע איז געטאָן געוואָרן דורך דעם מיטגליד פון קאָמיטעט פון יי. וו. ק. ד״ר י. אויסטריאַק, אין דער צייט ווען איך בין געווען פּרעזידענט, אין 1947, האָט ער מיר אַרויסגעהאָלפן מיט דער אַרבעט און געשטעלט צום דינסט פון קאָמיטעט זיינע גרויסע פעיקייטן אַלס אָרגאַניזאַטאָר און פּראָ־פּאַגאַנדיסט.

פרוי רענעע גאָלדפיין האָט איבערגענומען דעם פּאָסטן פון עקזעקו־טיוו־סעקרעטאַרין אין אָנהייב 1948, איך וויל דאָ אָפּיציעל אויסדריקן מיין אָפּשאַצונג פאַר איר איבערגעגעבענער אַרבעט און איר באַדאַנקען פאַר דער הילף וואָס זי האָט מיר שטענדיק געגעבן אין דער צייט וואָס איך בין געווען פּרעזידענט פון קאָמיטעט, אין יאָר 1950.

אין די פיר יאָר פון מיין אַקטיווער אַרבעט אין קאָמיטעט פון יי. וו. ק. אין מעקסיקע, האָב איך געהאַט עטלעכע מאָל די געלעגנהייט צו פאָרן קיין ניו־יאָרק, ווו איך האָב באַזוכט די צענטראַלע פון יי. וו. ק. פאַר דער מערב־העמיספּער. איך בין שטענדיק אויפגענומען געוואָרן מיט חבר־שאַפט, ספּעציעל דורך ד״ר י. שוואַרצבאַרט, דער הויפּט פון אָרגאַניזאַציע־דע־פּאַרטמענט פון יי. וו. ק. און הרב ד״ר ש. פעדערבוש, דער פאָרשטייער

פון דער קולטור־אַפּטיילונג. די אָנפירער פון יי. וו. ק. ביוראָ אין ניו־יאָרק האָבן ביי יעדן באַזוך אַרויסגעוויזן גרויס אינטערעס פאַרן לעבן פון יידישן ישוב אין מעקסיקע אויף אַלע געביטן: דעם געזעלשאַפטלעך־סאָציאַלער לעבן, קולטור־אַקטיוויטעטן א. א. וו.

דער קאָמיטעט פון יידישן וועלט־קאָנגרעס אין מעקסיקע איז די פאַרבינדונגס־אַגענטור צווישן אונדזער ישוב און יידן אין חוץ לארץ. איך בין שטאָלץ מיט דעם וואָס דער קאָמיטעט האָט מיר אויסגעקליבן צוויי מאָל אַלס פּרעזידענט און איך האָב שטענדיק געפילט, אַז מיין אַרבעט אין דעם קאָמיטעט איז, אין אַ באַשיידענער מאָס, וויכטיק און נוצלעך פאַר דעם טייל פון אונדזער פאָלק וועלכע לעבט נאָך אין גלות.

# וויקטאָר (חיים) מיטראַני ז״ל

וויקטאָר מיטראַני איז פון אונדז אוועק פּלוצים.

ער איז נפטר געוואָרן אַזוי ווי ער האָט געלעבט, שטורמיש, אימפּעטיק, אָן פאַרענצייכנס. ער איז געגאַנגען זיין לעבנס־וועג מיט דער באַהויכונג פון גרויסע מאמינים און דאָס האָט אים דערהויבן צו דער מדרגה פון אַ מאַנער פון גערעכטיקייט און פון אַ מוכיח.

ער האָט הויך געטראָגן דעם אידעאַל פון אחדות אין אונדזער ישוב און איז געווען דער אשכנזישסטער ספרדי און פון די באַליבס־טע וואָרט־זאָגער.

וויקטאָר מיטראַני האָט זוכה געווען צו זען מדינת ישראל און צו־רינקערנדיק זיך פון זיין־אונדזער ארץ הבחירה איז ער געווען פון די גליקלעכסטע ציוניסטן און אַ באַשטראַלטער ייד. מיטראַני איז אוועק פון אונדז ווי אַן עקזעקוטיוו־מיטגליד פון יידישן וועלט־קאָנגרעס. אַ פּאָזיציע וואָס ער האָט ערלעך פאַרדינט און וואָס האָט אים פאַר־וואַנדלט אין איינעם פון די אָנגעזעענסטע מנהיגים פון מעקסיקאַנער יידנטום. דער נאָמען פון וויקטאָר מיטראַני וועט פאַרבלייבן ווי אַ ליכטיקער צייכן אין וועג און געשיכטע פון אונדזער ישוב! יהי זכרונו לברכה!

# דערעפענונג

צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון מעקסיקאַנער יידנטום גיבן מיר ארויס א „יאָרבוך" פאַר דער תקופה פון „1950—1952" און גיבן אים איבער אונדזער ישוב און דער יידישער וועלט.

דער מעקסיקאַנער ישוב האָט שוין געשלאָגן טיפע וואָרצלען אין דער ווירקלעכקייט פון לאַנד און האָט אָנגעהויבן אויספאָרמירן אַן אייגנאַר־טיקן כאַראַקטער, וועלכער האָט זיינע וואָרצלען אין דער אַלטער חורבער היים פון מזרח־אייראָפּע, און איז קרעפטיק באַצוויגט, באַגרינט מיט בלע־טער און פאַרזייט מיט בלומען פון נייע זעלבסטשטענדיקע דערגרייכונגען אויף דער ערד פון די אַצטעקן.

דער קאָמיטעט פון יידישן וועלט־קאָנגרעס אין מעקסיקע האָט גענומען די איניציאַטיוו ארויסצוגעבן דעם „יאָרבוך" פון אונדזער ישוב. דער כוח אין יידישן פאָלק, וואָס האָט פאַראייניקט די צעזייטע יידישע ישובים אין די תפוצות און געגעבן זיי אַן אָרגאַניזאַציאָנעלע ראַם, האָט פאַרשטאַ־נען די וויכטיקייט פון ארויסברענגען די אייגנאַרט פון מעקסיקאַנער ייד, זיינע אינסטיטוציעס, אידעאישע פּאָטענצן, זיינע דערגרייכונגען און אַנט־וויקלונגס־וועג, און פאָרשטעלן דערמיט א בילד פון אונדזער קיום און גע־ראַנגל ווי א ישוב פאַר דער יידישער וועלט.

מיר האָבן נישט געוואָלט אונטערשטרייכן אין „יאָרבוך" אידעאישע שטרייט־פראַגן מכוח דעם וועג און עתיד פון יידישן וועלט־קאָנגרעס און מיר האָבן זיך אויך אָפּגעהאַלטן פון ארויסברענגען די שייד־עלעמענטן אי־נערהאַלב דעם ישוב. די אויפגאַבע פון אונדזער ערשטן „יאָרבוך" איז נאָר פאָרצושטעלן דאָס יידישע מעקסיקע פאַר דער וועלט דורך היגע זשורנאַ־ליסטישע און ליטעראַרישע כוחות און ארויסברענגען, דורך די אויטאָרי־זירטע פּערזענלעכקייטן פון עקזעקוטיוו פון יידישן וועלט־קאָנגרעס, די מיינונגען וועגן דעם היינט און מאָרגן פון יידישן פאָלק אין די תפוצות הגולה, און זיינע התחיבותן לגבי מדינת־ישראל.

ווי יעדער ערשטער פרווו, איז אויך די אויסגאַבע נישט קיין שלמות־דיקע. עס זענען געווים פאַראַן בלויזן, נישט גענוגנדיקע באַלייכטונג פון פּראָבלעמען, נישט קיין פולע פאָרשטעלונג פון אַלע שעפערישע כוחות אין מעקסיקע, נישט קיין גענויער אַנאַליז פון א סך אונדזערע אָנגעווייר־טיקטע פראַגן און אויך נישט קיין פרווו אָנצוווייזן אויף די באַלדיקע עתיד־פּראָבלעמען פון דער מאָרגנדיקער אַנטוויקלונג אין אונדזער ישוב, מיט זיינע שולעס, אינסטיטוציעס און פּאַרטייען. אָבער נישט תמיד האָבן

זיך אָפּגערופן די שרייבערישע כוחות פון מעקסיקע צו אונדזער רוף צו געבן זייער קאָאָפּעראַציע, און די ווייט גרעסטע טייל פון די אינסטיטוציעס און פּאַרטייען איז אויך נישט אַנטקעגנגעקומען מיט פּרטים וועגן זייער טעטי־קייט, פּלענער און אַנטוויקלונג. די גאַנצע אַרבעט איז דעריבער געטאָן געוואָרן דורך דער רעדאַקציע ביי דער מיטהילף פון סעקרעטאַריאַט פון יידישן וועלט־קאָנגרעס. מיר באַטראַכטן דעריבער אונדזער אַרבעט ווי אַ יסוד פאַר צוקונפטיקע, בעסערע, אויסגאַבן פון יאָרביכער פון מעקסיקאַ־נער יידנטום.

מיר ווילן אויסדריקן דאָ דעם האַרציקסטן דאַנק די עקזעקוטיוו־מיט־גלידער פון יידישן וועלט־קאָנגרעס, פּרעזידענט דר. נחום גאָלדמאַן, דר. יצחק שוואַרצבאַרד, דר. אריה טאַרטאַקאָווער פאַר זייערע וויכטיקע בייטראָגן צו אונדזער „יאָרבוך". אַ ספּעציעלן דאַנק דעם רב הראשי לא"י בן־ציון מאיר חי עזיאל. אַ דאַנק אַלע יידיש־מעקסיקאַנישע שרייבער און מיטאַר־בעטער פון אונדזער ערשטן „יאָרבוך". מיר ווילן אויך דאַנקען פרוי רענע גאָלדפיין פאַר איר איבערגעגעבענער מיטהילף אין צונרייטן די מאַטע־ריאַלן פאַרן „יאָרבוך 1950—1952".

עס טוט אונדז לייד, וואָס אַזעלכע וויכטיקע ליטעראַרישע כוחות ווי דער דיכטער יעקב גלאַנץ און דער שרייבער מאיר קאָראַנאַ האָבן נישט בייגעטראָגן מיט זייערע ליטעראַרישע יצירות צום „יאָרבוך", טראָץ אונד־זערע פילמאָליקע ווענדונגען. עס פעלן אויך אַרבעטן פון רעדאַקטאָר משה רובינשטיין („די שטימע") און רעדאַקטאָר חיים לאַזדייסקי („דער וועג") ווי אויך אַנדערע זשורנאַליסטן פון מעקסיקע. לאָמיר האָפן, אַז דער צווייַ־טער „יאָרבוך 1952—1954" וועט זיין פולקאָמער און אַרומנעמען אַלע שאַפנדיקע כוחות פון אונדזער ישוב אין מעקסיקע.

זאָל אונדזער היינטיקער „יאָרבוך 1950—1952" זיין אַן אָנרעגונג פאַר אַנדערע ישובים אויפן לאַטיין אַמעריקאַנעם קאָנטינענט, אַרויסצו־געבן יאָרביכער אין וועלכע עס זאָל אָפּגעשפּיגלט ווערן דאָס לעבן אין די פאַרשידענע ישובים אין דער מערב־העמיספער. זאָל דער „יאָרבוך" ציען די טראַדיציע פון די „סהלה־פּנקסים" אין דער אומגעקומענער היים פון אייראָפּע און אַזוי אַרום איבערלאָזן פאַר דער וועלט און פאַרן יידישן פאָלק לעבעדיקע מאָנומענטן פון אונדזער אייביקן שאַפונגס־גייסט און טיפן גלויבן אין לעבן, אין קיום פון עם ישראל און אין דער פונאַנדערבליאונג פון דער שענסטער און דערהויבנסטער דערגרייכונג פון אונדזער דור: מדי־נת ישראל!

**דר. ישעיהו אוסטרי־דן**

# אינהאַלט:

1. אַריינפיר — דר. ס. ביברינג און י. פרומין
2. דער קאָמיטעט פון יידישן וועלט־קאָנגרעס משה קאָזשוז
3. חיים (וויקטאָר) מיטראַני ז"ל
4. דערעפענונג — דר. ישעיהו אוסטרי־דן
5. אינהאַלט

## דאָס יידישע פאָלק אין דער וועלט

## ערשטע טייל

6. פאָרוואָרט — ר. י. ב.
7. צו דער אויטאָביאָגראַפיע פון דר. סטיפען ש. וויז — יוסטיניע פאָ־ליער־וויז און דזשיימס וואַטערמאַן־וויז
8. דערעפענונגס־רעדע — דר. סטיפען וויז
9. ווי האַלטן מיר אין דער יידישער וועלט — דר. ראָבערט ס. מאַרקוס
10. מדינת ישראל און דאָס יידישע פאָלק — דר. נחום גאָלדמאַן
11. דאָס יידישע פאָלק מאַרשירט באַרג־אַרויף — דר. יצחק שוואַרצבאַרד
12. ארץ־ישראל און דער יידישער וועלט־קאָנגרעס — דר. אריה טאַר־טאַקאָווער
13. פזורי הגולה — בן־ציון מאיר חי עזיאל הרב הראשי לא"י
14. דער יידישער וועלט־קאָנגרעס — חיים (וויקטאָר) מיטראַני ע"ה
15. קאָנסטיטוציע פון יידישן וועלט־קאָנגרעס.

## צווייטע טייל

## דאָס מעקסיקאַנער יידנטום

16. דער אידעאישער וועג פון מעקסיקאַנער יידנטום — טוביה פושקאַר
17. ליכט און שאָטן אין אונדזער ישוב — פראָפ. סאָלאָמאָן קאַהאַן
18. מעקסיקע און מעקסיקאַנער יידן — א. ז. בערעביטשעז
19. יידישע ליטעראַטור אין מעקסיקע — רענע גאָלדפיין
20. די שפּראַכן־פראַגע און אונדזער דערציונג אין לאַטיין־אַמעריקע — דר. ישעיהו אוסטרי־דן

## דריטע טייל

## ליטעראַטור און קונסט

21. דער גרויסער מאָלער — יוסף פיין
22. לידער — יצחק בערלינער
23. פאַרן טויט — מאַשע גרינבוים
24. לידער — שבתי גודלשטעכער
25. דודיל ווייבערג ווערט אַ שרייבער — יוסף ווינעצקי
26. לידער — תנחום בערמאַן
27. אויפן שוועל — רבקה ראָזענפעלד
28. די פּאַנאָראַמע פון געשיכטלעך־פּעדאַגאָגישן פּראָבלעם — דר. ישעיהו אוסטרי־דן
29. יידישע מאָלער אין מעקסיקע — י. א. ד.
30. אַכט רעפּראָדוקציעס פון מאָלער יוסף פיין
31. וועגן מאָלעריי — יוסף פיין
32. פינף רעפּראָדוקציעס פון דער מאָלערין פאַני ראַבעל (ראַבינאָוויטש)

## פערטע טייל

## אינסטיטוציעס און פּאַרטייען

33. אַריינפיר־וואָרט — י. א. ד.
34. קהלה „נדחי ישראל" — דער יידישער צענטראַל־קאָמיטעט אין מעקסיקע

## די ציוניסטישע באַוועגונג אין מעקסיקע

35. די פּאַראייניקטע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, קרן קימת, קרן היסוד, ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל, אויסעראָרדנטלעכער ישראל־קאָמיטעט און אינסטיטוט פאַר קולטור־אויסטויש מעקסיקע־ישראל, די ציוניסטישע פעדעראַציע, פועלי־ציון פּאַרטיי, די רעוויזיאָניסטישע פּאַרטיי, מזרחי פעדעראַציע, מפ"ם־פּאַרטיי, פּראָגרעסיוו־פּיאָנערן, וויצאָ דעפּאַרטאַמענט פאַר הכשרה עליה און מדריכים, הסתדרות־קאַמפּיין, אַמעריקאַנער פאָנד פאַר ישראל־אינסטיטוציעס, די יידישע אַגענץ, ישראל־רעגירונג, וויצמאַן אינסטיטוט, אַקציאָנס־קאָמיטעט, שקל

קאָמיטעט, ציוניסטישע יוגנט פעדעראַציע, הסתדרות „השומר הצעיר", „בני־עקיבא", „הנוער הציוני", יוגנט קאָמיטעט פאַרן קק"ל, ביתר, נועם, ק. א., פּ. א., החלוץ, עלית־הנוער דעפּאַרטאַמענט „הבונים", חוג עברי, ספרדישע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, ספרדישע ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע.

## דער יידיש-העברעישער שול-וועזן

36. די גרויסע יידישע שולע, „יבנה", „תרבות", נייע יידישע שולע, ספרדישע תרבות־שולע, תרבות־שולע „מאָנטע־סיני", צענטראַלער יידישער לערער־סעמינאַר. ועד החינוך אין מעקסיקע.

## די יידישע פּרעסע

37. דער וועג, די שטימע, פרייוועלט, דאָס וואָרט, די ציוניסטישע שטימע, לאַ וואָז סיאָניסטאַ, אַוואַנגאַרד, וואַנגואַרדיאַ, „השומר הצעיר", הנוער הציוני, פּאָרויס, יאָרבוך פון דער גרויסער יידישער שולע, יאָרבוך פון דער יבנה־שולע, יאָרבוך פון דער תרבות־שולע, יאָרבוך פון דער נייער יידישער שולע, לאַ טריבונאַ איזראַעליטאַ, לאַ פּרענסאַ איזראַעליטאַ, לאַ רעוויסטאַ איזראַעליטאַ דע מעכיקאָ, אונדזער טריבונע, על העראַלדאָ, קולטור־לעבן, מזרחי־לעבן, שרייבער פאַריין, קעסעל־פּרעמיע, קעסעל־פאַרלאַג, קרעמערמאַן־פאַרלאַג, מענדעלסאָן־פאַרלאַג, יידיש־שפּאַנישע ענציקלאָפּעדיע.

## אַלגעמיינע אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס

38. סוב־קאָמיטעט פון יידישן וועלט־קאָנגרעס, דזשאָינט, דזשאָינט רעליף־קאָמיטעט, האַיאַס, אָזע, אָרט, יידישע האַנדלס־קאַמער, בני־ברית, די יידישע פאָלקס־ליגע, קולטור און הילף, קולטור־צענטער, הילפס־פאַריין, פרויען־פאַריין, ארס־מעדיצי, ייוויא, געשיכטע געזעלשאַפט, די יידישע באַנק, גמילת חסדים קאַסע ביי נדחי ישראל, גמילת חסדים קאַסע קובאַ 81, דער יידישער ספּאָרט־צענטער, אוניאָן סעפאַראַדיט, אַליאַנץ מאָנטע סיני, לאַ בוענאַ וואָלונטאַד, צדקה ומרפא, מנורה־התקוה, אמונה.



דר. סטיפען ש. ווייז

# פאָרוואָרט

דר. וויז איז געווען דער גרינדער און, ביז צו זיין טויט, דעם 19־טן אפריל 1949, דער פרעזידענט פון יידישן וועלט־קאָנגרעס.

די ביאָגראַפיע וועלכע מיר דרוקן דאָ אָפּ איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַלס אַ הקדמה צו דעם בוך „שווערע יאָרן", אַן אויטאָביאָגראַפיע פון סטיפן וויז, געדרוקט אין ניו־יאָרק אין 1949, אַרויסגעבער: ג. פּ. פּוטנאַם"ס סאָנס".

מיר גלויבן, אַז זיין רייכע און מענטשלעך־שיינע פּערזענלעכקייט וועט זיין נענטער דעם לייענער אין דער באַשרייבונג פון זיינע קינדער יוסטינע פּאָליער־וויז און דזשעמס וואַטערמאַן־וויז, ווי אין אַ טרוקענער ביאָגראַפיע, אָנגעפּילט מיט דאַטעס און ציפערן.

דר. וויז איז נישט בלויז געווען איינער פון אַ סך יידן אין אונדזער פאָלק, נאָר ער האָט, דורך זיין לעבן, דורך זיינע האַנדלונגען מער אפשר ווי דורך זיינע קונסטפולע רעדעס, פאַרגעשטעלט מיט זיין פּערזענלעכקייט דעם אידעאַל פאַר וועלכן דאָס יידישע פאָלק האָט געקעמפט אין די טויזנטער יאָרן פון זיין געשיכטע: יושר און צדק, נישט נאָר פאַר זיינע ברידער, נאָר פאַר דער גאַנצער מענטשהייט.

אפשר איז געווען אַ צופאַל וואָס דר. וויז האָט פאַרנומען ביסלעכווייז אַ וויכטיקן אָרט אין אַמעריקאַנער לעבן, נישט בלויז אַלס ייד, נאָר אויך אַלס אַמעריקאַנער בירגער, אָבער עס איז פאַקט, אַז זיין ריינער מאָראַלישער צוגאַנג צו פּאָליטיק און סאָציאַלע פראַגעס האָבן אים דערמעגלעכט צו שפּילן אַ וויכטיקע ראָל אין לעבן פון לאַנד און אַזוי אַרום אים געגעבן די מעגלעכקייט צו דינען זיין פאָלק אין די שווערסטע שעהען פון זיין גורלדיקן גאַנג דורך דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. דעריבער וועט זיין אָנדענק פאַרבלייבן אויף אייביק אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק.

ר. י. ב.

# צו דער אויטאָביאָגראַפיע
# פון דר. סטיפען ש. ווייז

יוסטינע פּאָליער - ווייז

דזשיימס וואַטערמאַן-ווייז

אונדזער פאָטער האָט געשריבן זיין אויטאָ־ביאָגראַפיע אין די לעצ־טע יאָרן פון זיין לעבן. ער האָט געוואָלט פאַרצייכענען די וויכטיקע גע־שעענישן, וואָס זענען פאָרגעקומען אין לויף פון זיין לעבן, די פראַגעס און זאכן פאר וועלכע ער האָט זיך איינגעשטעלט און די איבערצייגונגען, וועל־כע האָבן אים געטריבן זיך צו פאַרנעמען מיט זיי. דער לייענער אָבער וועט אויסגעפינען, אַז ער האָט באַשריבן די הויפּט־פּראָבלעמען און קאַמפן וועלכע ער האָט דורכגעמאַכט מיט אַ מינימום פון עגאָצענטרישקייט, אַרויסלאָזנדיק זיין פּערזענלעכן אַקטיוון לעבן, ער האָט בכיוון נישט פאַר־צייכנט די דאַטעס און ערטער פון זיין פּערזענלעכער געשיכטע און דאָס איז טיילווייז אַ רעזולטאַט, ווי זיין אַריינפיר וויזט עס אָן, פון אַ געפיל פון פּערזענלעכער עניוות. וואָלט ער געלעבט לענגער, וואָלט ער אַליין פאַרענדיקט די רעדאַקציע פון דעם בוך. ער וואָלט אפשר געוועזן וויליק צוצוגעבן די פּער־זענלעכע דאַטעס, וועלכע ער האָט אַרויסגעלאָזט, כדי צו געבן דעם לייענער די געעריקע ראַם פאַר אַן אויטאָ־ביאָגראַפיע. יעדנפאַלס פילן מיר, אַז די איניקע איינצלהייטן וועגן זיין פּערזענלעכן לעבן זענען איצט אי נייטיק און אי יושרדיק.

סטיפען שמואל ווייז איז געבוירן געוואָרן אין בודאַפּעסט (אונגאַרן), דעם 17־טן מאַרץ 1874. ער האָט שטענדיק געהאַט אַ הנאה פון דעם פאַקט, אַז זיין געבורטסטאָג איז די דאַטע ווען אין אירלאַנד פייערט מען סיינט־פּאַטריק, דעם סימבאָלישן באַשיצער פון דעם לאַנד. זיין פאָטער, הרב אהרן ווייס, איז געוועזן דער זון פון אַן אָנגעזעענעם ראש הרבנים פון אונגאַרן,

יוסף הירש ווייס. באַרימט אי פאַר זיין טיפער פרומקייט און אי פאַר זיין פּאָליטישן ליבעראַליזם, האָט ער אויך געשמט אַז ער פאַרמאָגט די לעגענדאַרישע באַגאַבונג פון זאָגן נביאות און איר טאַקע אויסצונוצן. ער איז געווען אַן אָנהענגער פון דער גרויסן רעוואָלוציאָנער קאָסוטה און ווען דער פאָלקס־פירער האָט געהאַט אַ מפּלה, האָט ער געמוזט אַנטלויפן פון זיין היים אויף אַ קורצער צייט.

אהרן ווייז האָט באַשלאָסן צו שרייבן אַזוי זיין נאָמען (אָנשטאָט ווייס) ווען ער האָט עמיגרירט קיין אַמעריקע אין 1875, כּדי צוצוגרייטן אַ היים פאַר זיין ווייב און זיינע קינדער. ער האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע פאַנטאַזיע און אַ מילדן כאַראַקטער, און איז געווען אַ רב אין דער שול „רודף שלום” אין ניו־יאָרק. ביז זיינע לעצטע שעהען האָט סטעפן ווייז גערעדט פון זיין פאָטער און אים דערמאָנט ווי זיין ליבסטן לערער און בעסטן עלטערן חבר, וואָס ער האָט, ווען עס איז, פאַרמאָגט.

אויף סאַבינע, די מוטער פון סטיפן ווייז, איז אויסגעפאַלן דער גורל אָפּצוהיטן די פיר קינדער, וואָס זי האָט געבראַכט קיין אַמעריקע אין 1875 און די דריי, וועלכע זי האָט געבוירן דאָהי. אין איר אַרבעט האָט זיך אָפּגעשפּיגלט דער שטאַרקער דור פון איר אָפּשטאַם. איר פאָטער, מאָריץ פישער האָט געהאַט געגרינדעט די פאָרצעליי־אינדוסטריע אין אונגאַרן און דערגרייכט עשירות ווי אויך אַרטיסטישן דערפאָלג. דער קיסר פראַנץ־יאָזעף דער צווייטער האָט אים אָפּגעגעבן כּבוד און אים געגעבן אַן אַדל־טיטל, מאַכנדיק אים פאַר אַ באַראָן. די וואונדערפולע פאָרצעליי קעגנשטאַנדן וואָס זיינען פאַבריצירט געוואָרן אין הערענד, דורך דער פישער־פאַבריק, ווערן נאָך היינט הויך געשאַצט פון קונסט־זאַמלער.

די ווייז־משפּחה האָט געהאַט איר ערשטע היים אין די שטאָטן אויף דער איסט־פּופציקסטע גאַס אין ניו־יאָרק. מיט זיינע ברידער און שוועסטער, איז ווייז געגאַנגען אין אַ רעגירונגס־שול נאָנט פון זיין היים. פון קינדווייז־אָן האָט ער געמאַכט אַן איינדרוק אויף זיינע לערער און פריינד מיט זיין ערנסטן ווילן צו לערנען. די אויסצייכענונגען וואָס ער האָט געוווּנען אין די יונגע יאָרן, זענען נאָך היינט אין באַזיץ פון דער פאַמיליע. שפּעטער, ווען ער האָט באַזוכט סיטי־קאָלעדזש און דאַן קאָלומביאַ־אוניווערסיטעט, האָט ער זיך אויסגעצייכנט אין לאַטיין און גריכיש.

אָבער די ענגלישע ליטעראַטור האָט סטיפן ווייזן שטענדיק צוגעצויגן און שטאַרק פאַראינטערעסירט זיין גאַנץ לעבן. דווקא ווייל ענגליש

איז נישט געווען זיין מוטער־שפּראַך, האָט ער זיך באַמיט זי צו לערנען גרינטלעך (דייטש איז געווען זיין ערשטע שפּראַך). ער האָט דורכגעלייענט די ענגלישע פּאָעטן און פּראָזע־סטיליסטן. שעקספּיר און מילטאָן, מאַטיו אַרנאָלד און וואָרדסוואָרט זענען געווען אַזוי פאַמיליאַר פאַר אים ווי ישעיהו, עמוס און הלל.

פון זיין פריסטער יוגנט האָט ער געוואָלט ווערן אַ רב. מיט שטאָלץ האָט ער באַשלאָסן צו זיין אַן אמתער אַמעריקאַנער, אָבער עס האָט אים מער געצויגן צו זיין אַ רב, כדי צו דינען דעם יידישן פאָלק און ווערן זיין וואָרטזאָגער און שתדלן פאַר דער נישט־יידישער וועלט. לערנענדיק זיך צו ווערן אַן אַמעריקאַנער, האָט ער אויך געלערנט ביי זיין פאָטער, צו ווערן אַ רב.

ווען ער האָט באַקומען זיין טיטל אין קאָלומביע־אוניווערזיטעט אין 1892, האָט ער זיך געלאָזט אין דער פרעמד, צוערשט קיין ווין, וווּ ער האָט באַקומען סמיכות אויף רבנות פון דער אויבער־ראַבינער יעלינעק און שפּעטער איז ער אַוועק קיין אָקספאָרד אין ענגלאַנד, כדי צו באַקומען אויך דאָרט אַ טיטל פון אָרטיקן אוניווערזיטעט. ווען ער איז צוריקגעקומען אין די פאַראייניקטע שטאַטן, איז ער געוואָרן אַסיסטענט פון הרב הענרי יאַקאָבס אין טעמפּל „בני ישורון" ניו־יאָרק, בעסער באַקאַנט אונטערן נאָמען „מאַדיזאָן אַוועניו סינאַגאָג". זיין קהילה איז געווען אַ קאָנסערוואַטיווע און טראַדיציאָנעלע, וואָס איז זייער געפעלן געוואָרן סטיפן ווייזן, זיין שפּעטערער ליבעראַליזם איז קיינמאָל נישט געשטאַנען אין קאָנפליקט מיט זיין גרויסער ליבע צו דער יידישער טראַדיציע.

קורץ נאָכדעם ווי ער האָט געהאַט אָנגעהויבן זיין אַרבעט אין בני ישורון, איז הרב יאַקאָבס געשטאָרבן און נאָך לאַנגע חילוקי דעות, צי אַזאַ יונגער מענטש קען איבערנעמען דעם שווערן אַמט, איז הרב ווייז דאָך אויסגעקליבן געוואָרן אַלס זיין נאָכפאָלגער. ער האָט זיך שטענדיק דערמאָנט, מיט אַ שמייכל, אין דער מעשה, אַז נאָכדעם ווי ער האָט געהאַט געהאַלטן זיין ערשטן „סערמאָן" (רעדע) און דאָס האָט געמאַכט דאַמאָלס אַ גרויסן איינדרוק אויף די פאַרזאַמלטע, האָט איינער פון די גבאים פּראָטעסטירט צום ראש הקהל, אַז די רעדע איז זיכער געוואָרן אָנגעשריבן פון סטיפן ווייז"ס פאָטער. דער פּרעזידענט האָט געענטפערט, אַז אויב דער יונגער רב האָט געהאַט דעם שכל צו האַלטן אַ גוטע רעדע אָנגעשריבן אפילו פון זיין פאָטער, אָנשטאָט אַן אייגענע — אַ שלעכטע, איז

דאָס אַליין אַ געגוגנדיקער באַווייז, אַז ער איז פּעאיק צו דערפילן דעם שווערן אַמט אין דער דאָזיקער קהילה!

אין דער צייט ווי ער איז געווען רב אין „בני ישורון", האָבן פּאַסירט פיר זאַכן וועלכע האָבן געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויף סטיפן ווייז"ס לעבן.

צוערשט, איז געשטאָרבן זיין פאָטער, פּלוצלונג, אַ פּאָר שעה נאָך זיין פּסח-רעדע אין 1897. דריי-און-צוואַנציק יאָר אַלט, איז סטיפן ווייז גע־וואָרן דער ברויטגעבער און די מאָראַלישע שטיצע פון זיין משפּחה. דאָס איז געווען דער סוף פון זיין יוגנט.

די צווייטע וויכטיקע געשעעניש איז געווען די כוואַליע פון פּאָגראָ־מען אין צאַרישן רוסלאַנד און די דרייפוס-אַפערע אין פראַנקרייך.ביידע פּאַסירונגען האָבן פאַרדונקלט דאָס יידישן לעבן אין יענער צייט. דעמאָלט האָט סטיפן ווייז פאַרשטאַנען, אַז דער פּראָצעס פון יידישער באַפרייונג וועט זיין אַ לאַנגער, נישט קיין אויטאָמאַטישער פּראָצעס און זיין רעאַליזירונג איז נאָך ווייט.

די דריטע איז געווען טעאָדאָר הערצלס פּערזענלעכקייט און דער אויפ־קום פון מאָדערנעם ציוניזם אין יידישן לעבן. כמעט איינער אַליין צווישן די יינגערע אַמעריקאַנער יידן, האָט סטיפן ווייז אָנערקענט און אונטערגע־שטיצט זיין פירערשאַפט. ער האָט געגרינדעט די ערשטע ציוניסטישע פעּ־דעראַציע אין ניו־יאָרק דעם 4-טן יולי 1897 און איז געפאָרן, אַ יאָר שפּע־טער, צום צווייטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין דער שווייץ, וווּ עס האָט זיך אָנגעהויבן זיין חברשאַפט מיט הערצלן און וווּ עס איז געוואָרן געהתמעט זיין בונד מיט ישראלס גורל.

די פערטע געשעעניש אין יענע יאָרן איז געווען דאָס טרעפן זיך אין 1898 פון סטיפן ווייזן מיט לואיזע וואַטערמאַן. צוויי יאָר שפּעטער האָבן זיי חתונה געהאַט. פון דעמאָלט אָן זענען זיי געווען פאַראייניקט ביז צו איר טויט אין 1947, דורך טיפער ליבע פאַרבונדן מיט זייערע געמיינזאַמע אַספּיראַציעס, צערטלעך און חבריש אין זייער גורלדיקן לעבנס-וועג.

לואיזע וואַטערמאַן, אַן אַרטיסטקע פון טעמפּעראַמענט און אַ מאָ־לערין פון באַרוף, האָט ווינציק געוווּסט וועגן יידישע דינים און טראַדי־ציעס. אָבער זי האָט שטענדיק געהאַט אַ שטאַרקן פאַרלאַנג פאַר גערעכ־טיקייט, אַ טיפן געפיל פון רחמנות און שטאָלץ פאַר דער פאַרגאַנגענהייט פון איר פאָלק. אָט די געפילן זענען געוואָרן פאַרשטאַרקט דורך איר היי־

ראט און האָבן איר באוווינגן צו דינען דאָס יידנטום און דער מענטשהייט. דאָס גרויסע ווערק, וואָס זי האָט זיך אונטערגענומען און רעאַליזירט אין די שפּעטערע יאָרן, די גרינדונג פון דעם ערשטן קאָמיטעט פאַר אַדאָפּטירן יידישע קינדער, דאָס באַזאָרגן מיט דאָס נויטיקסטע די געראַטעוועטע פּליטים פון היטלעריזם, דאָס אָרגאַניזירן אַמעריקאַנער פרויען פאַרן קאַמף קעגן דער פאַשיסטישער טיראַניע — די דאָזיקע אַקטיוויטעטן זענען דעמאָלט געלעגן ווייט אין דער צוקונפט.

אָבער די ערשטע יאָרן פון איר לעבן מיט סטיפן ווייזן האָבן באַוויזן איר צוטרוי צו זיין פּערזאָן און צו זיינע דערגרייכונגען אין דער טראַדיציע פון די יידישע נביאים.

קורץ פאַר זיין חתונה, האָט סטיפן ווייז באַקומען אַן אויפפאָדערונג צו קומען פאַרנעמען דעם פּאָסטן אַלס רב אין טעמפּל בית־אל אין פּאָרטלאַנד, אָרעגאָן. נישט קוקנדיק אויף די עצות פון פריינט און פון זיין משפּחה, וועלכע האָבן געטענהט, אַז ער וועט זיך דערמיט פאַרשטעקן אין אַ שטעטל ווייט פון צענטער פון יידישן לעבן, האָט ער פונדעסטוועגן אָנגענומען דעם פּאָסטן. ער האָט געוואָלט זיך באַקענען נענטער מיט די פּאַראייניקטע שטאַטן און קענען דאָס לאַנד חוץ ניו־יאָרק, ווייל ער האָט דאָס געהאַלטן פאַר נויטיק, כדי צו קענען דינען זיין לאַנד און זיין פאָלק אין פולן זין פון וואָרט. ער האָט אויך געוואָלט אויסנוצן די רעלאַטיווע רואיקייט פון אַ קלענערער שטאָט, צו לייענען, שטודירן און שרייבן — לוקסוסן פון וועלכע ער האָט נישט געקענט געניסן זייט ער האָט אָנגעהויבן זיין אַרבעט אַלס רב, נאָך איידער ער איז געוואָרן צוואַנציק יאָר אַלט.

זיין באַשלוס צו פאָרן אין מזרח־טייל פון לאַנד איז געווען אַ דערפאָלגרייכער. אין פּאָרטלאַנד האָט ער געפונען אַ קהילה, וואָס איז געווען אויפמערקזאַם צו זיינע ליבעראַלע געדאַנקען, וועלכע האָבן אים דערפירט פון די באַגריפן פון דער קאָנסערוואַטיווער קהילה ביז צו די פּרינציפּן פון רעפאָרם־יידנטום. דאָ האָט ער געהאַט די געלעגנהייט צו פאַרענדיקן זיין טעזיס פאַר אַ דאָקטאָראַט אין פילאָזאָפיע און זיך צו פאַרנעמען מיט דעם שעפערישן יידישן סטודיום וואָס ער האָט שטענדיק ליב געהאַט. אָבער, אין דער שווערער אַרבעט פון זיין שפּעטערדיקן לעבן, האָט ער דאָס נישט געקענט פאָרזעצן. ער האָט צוגעגרייט אַרטיקלען פאַר דער יידישער ענציקלאָפּעדיע און קאָמענטירט „שופטים” פאַר דער אויסגאַבע פון אַלטן טעסטאַמענט פון דער „דזשואיש פּובליקיישאָן סאָסייטי”.

די נאטור־שיינקייטן פון מזרח־אמעריקע זענען געוואָרן א באשטאנדטייל פון סטיפן ווייזעס לעבן. דאָ, אין פּאָרטלאנד, האָט ער געגרינדעט זיין ערשטע היים און דאָ זענען געבוירן געוואָרן זיינע צוויי קינדער, דזשעמס און זשוסטינע. דאָ האָט ער אויך געפונען מענטשן, וועלכע זענען פארבליבן זיינע גוטע פריינט און וועלכע ער האָט זיין גאנץ לעבן געשעצט.

אָבער זיין שטעלע אין אָרעגאָן, נעמענדיק אפילו אין אכט אַלע אַספּעקטן פון רואיקייט, האָט שוין געבראכט דעם אָנזאָג פון אַלע קאמפן וואָס ער האָט געהאַט אין זיין שפּעטערדיקן לעבן. אין ציווילן לעבן, האָט ער זיך אריינגעוואָרפן אין קאמף פאר „גוטער מלוכהשאפט" אין פּאָליטישן לעבן פון דער פּראָווינץ און דער שטאָט. אין 1903 איז ער געוויילט געוואָרן אַלס קאָמיסאר פאר קינדער־ארבעט פון דער פּראָווינץ אָרעגאָן.

אויך אין פּאָרטלאנד האָט סטיפן ווייז צום ערשטן מאָל געהאַלטן רעדעס צו קריסטן, איינגעלאדן פון קריסטלעכע גייסטלעכע, כדי זיי אויסצוטייטשן דעם יידישן גלויבן און דאָס פאָלק. נישט ווילנדיק, האָט ער געגרינדעט די באוועגונג פון „דערנענטערונג פון די פארשידענע רעליגיעס". אין אמעריקע איז זיין רעפּוטאציע געוואָרן גרעסער נישט נאָר אַלס גוטער רעדנער, נאָר אויך אַלס א מענטש, וואָס האָט עפּעס צו זאָגן און האָט נישט קיין מורא דאָס צו זאָגן. ער איז געוואָרן איינגעלאדן צו רעדן ביי בירגער־פארזאמלונגען פון אַלע מינים איבער פּאָליטישע און סאָציאַלע פּראָבלעמען פון אמעריקאנישן פאָלק.

אין 1905, האָט דער טעמפּל „עמנו־אל", ניו־יאָרקס „קאטידראַל סינאגאָג", אים געבעטן אָנצונעמען דעם פּאָסטן אַלס רב ביי זיי. זיין אָפּזאָגן זיך פון דעם אמט ווייל זיינע רעדעס „וואָלטן געשטאנען אונטערן קאָנטראָל פון קאָמיטעט" איז גענוי געשילדערט געוואָרן אין דעם בוך. דאָ מוז מען נאָך זאָגן, אַז דער געדאנק צו גרינדן א „פרי סינאגאָג" אין ניו־יאָרק איז געקומען פון סטיפן ווייזן און איז אנטוויקלט געוואָרן דורך אים נאָך אין אָרעגאָן. ווען ער האָט פארלאָזן דעם פּאָסטן אין פּאָרטלאנד, מיט א לעבנסלענגלעכן קאָנטראקט און גרויסן געהאַלט, און די קהילה בעטנדיק אים צו בלייבן, האָט ער געוווסט וואָס ער וויל טאָן און גענוי געוווסט וואָס ער ריזיקירט.

צוריקקומענדיק קיין ניו־יאָרק אין 1906, האָט סטיפן ווייז איינגעלאדן א גרופּע מענטשן מיט ענלעכע געדאנקען און איבערצייגונגען ווי זיינע אייגענע, כדי צו גרינדן א סינאגאָגע וווּ דער רב וועט מעגן רעדן פריי, וווּ די

פלעצער אין שול וועלן זיין פאר אָרעם און רייך און ווו עס וועט געזאָרגט ווערן פאר די נויטן פון דער גאנצער געמיינשאפט ווי אויך פאר זייערע רעליגיעזע באדערפענישן. די „פרי סינאגאָג” איז געוואקסן פון יאָר צו יאָר מיט דער צאָל פון אירע מיטגלידער און מיט איר איינפלוס אויף דעם יידישן קהילה־לעבן.

האָבנדיק געגרינדעט אזא נייע קהילה און איר סאָציאלע־הילף־אָפּטיילונג, האָט סטיפן ווייז זיך אריינגעוואָרפן אין דער ארבעט אויף די געביטן פון יידישן לעבן, סאָציאלער ארבעט און פּאָליטישן קאמף. ווען עס האָט זיך דערפילט דער איינפלוס פון זיין פערזענלעכקייט צוערשט אין ניויאָרק און שפּעטער אין גאנצן לאנד, זענען געקומען איינלאדונגען צו האלטן רעדעס אין רעליגיעזע געמיינשאפטן, ציוניסטישע גרופּעס, געמיינדעס א. א. וו. פערציק יאָר לאנג איז ער דורכגעפאָרן די פאראייניקטע שטאַטן פון איין ברעג צום צווייטן, רעדנדיק זייער אָפט פינף מאָל א טאָג, פאר יידן און קריסטן, אונטערשטיצנדיק פּראָגרעסיווע געדאנקען, בעטנדיק געלט פארן אויפבוי פון ארץ ישראל, פאר הילף אין אויסלאנד און פאר אונטערשטיצונג פון די נויטבאדערפטיקע אין דער היים. נישט קוקנדיק אויף זיין שלעכטן געזונט־צושטאנד אין די לעצטע פופצן יאָר פון זיין לעבן, האָט קיין שום מענטש אים נישט געפונען אומוויליק אָדער אפּאטיש צו יעדער פאָדערונג, וואָס מען האָט אים געמאכט.

אָבער, און דאָס זעט אויס פּאראדאָקסאל, ער האָט זיך נישט צושפּרייט צופיל. ער האָט שטענדיק אויסגעקליבן אזעלכע אונטערנעמונגען וועלכע האָבן אים אויסגעזען וויכטיק, און זיינע באמיונגען פאר זיי זענען געוואָרן א טייל פון זיין גאנצן לעבן. די דאָזיקע יסודותדיקע אחדותדיקייט איז אפשר געווען אמבעסטן באקאנט פאר זיין אייגענער משפּחה אין זיין היים. קיין מאן איז נישט געווען אזוי איבערגעגעבן צו זיין פרוי אָדער צערטלעכער ווי ער. קיין פאָטער איז נישט געווען נענטער אין אמתר חברשאפט צו זיינע קינדער. ער האָט געבראכט אין שטוב אריין זיין פול און רייך לעבן. מיט זיין משפּחה האָט ער געטיילט די קאמפן, די דערפאָלגן און מפּלות, די האָפענונגען און די פארוויקלטסטע פּראָבלעמען.

א וויכטיקער טייל פון סטיפן ווייז לעבן איז געווען זיין זומער־וווינונג, פאר אים און זיין פרוי אין „בוק־אינזל”, לייק פּלאסיד. עס איז געווען אין 1908, איידער לייק פּלאסיד איז געוואָרן אן אינטערנאציאָנאל באַזאנטער אָרט, ווען זיי האָבן געקויפט עטלעכע אקער לאנד און געפּלאנע־

ווען דאָס הויז אין וועלכן זיי האָבן פאַרבראַכט יעדן זומער כדי צו געפינען אַביסל רו, און אינספּיראַציע. דאָ, אין קאַמפּ ווילאַמעט, גערופן נאָכן טייך אין אָרעגאָן, וועלכן ער האָט אַזוי ליב געהאַט, האָט סטיפן ווייז געלייענט און שטודירט און געשריבן זיינע רעדעס. „פּולפּיט ראָק" אויף יענער זייט אַזערע, דזשאָן בראַון'ס קבר אַ פּיר מייל פון דאָרט און דער שומרדיקער באַרג „ווייט־פּיעס" באַהערשניק די „אַדיראָנדאַק"־פּאַנאָראַמע. זענען געוואָרן אַן אינטעגראַלער טייל פון זיין לעבן.

פון זיינע קאַמפן פאַר אַמעריקאַנער ליבעראַליזם פאַר יושר פאַר אַלע פעלקער, פון זיין פירנדער ראָל אין דער דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע פון יידישן לעבן, פון זיין קעמפערישן ווידערשטאַנד קעגן היטלעריזם, פון זיין גרויסן ביישטייער אין דער דערגרייכונג פון ישראלס אומאָפּהענגיקייט, איז עדות זיין אויטאָביאָגראַפיע. מען דאַרף נאָר צוגעבן דאָ, אַז שרייבנדיק דאָס בוך האָט סטיפן ווייז ספּעציעל אויסגעמיטן די מיינונגס־פאַרשידנהייטן צווישן אים און דער פירערשאַפט פון וועלט־ציוניזם דורך די יאָרן פון זיין אַקטיוו לעבן. ער האָט געהאַלטן, אַז די פאַרשידענע שטאַנדפּונקטן זענען געווען ווינציקער וויכטיק ווי די גרויסע נויטווענדיקייט פאַר אייניקייט אַרום דער פראַגע פון דער יידישער מלוכה, וועלכע וואָלט אפשר געוואָרן אָפּגעשוואַכט, ווען ער וואָלט זיי אונטערגעשטראָכן. מען מוז אויך זאָגן, אַז אָט די פאַרשידנהייט פון מיינונגען איז געוואָרן ווינציקער אין לויף פון דער צייט און אַז ער האָט געאַרבעט אין נאָענטער קאָאָפּעראַציע מיט דר. ווייצמאַן אין, און נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה. צום סוף נאָך: ער האָט געהאַט פולן צוטרוי אין ישראלס צוקונפט אונטער דער אָנפירונג פון פּרעמיער־מיניסטער בן־גוריון און זיין רעגירונג.

ער האָט נאָך דערלעבט די גרינדונג פון דער יידישער מלוכה — ווען אפילו ווי משה רבנו, זיין גורל האָט נישט דערלויבט אים צו קומען נאָך אין דעם נייעם שטאַט פאַר וועמעס גרינדונג ער האָט אַזויפיל ביי־געטראָגן. זיין פרוי איז געשטאָרבן דעם 10־טן דעצעמבער 1947 און מיט איר נפטר ווערן איז זיין געזונט און לעבנס־כוח טאָג טעגלעך פאַרמינערט געוואָרן. צו זיין 75־טן געבורטסטאָג האָט ער באַקומען דאַנקבאַרע און ליבלעכע בריוו פון פרויען און מענער פון אַלע ראַסן און גלויבן און סאָציאַלע שיכטן פון דער גאַנצער וועלט, וועלכע האָבן אים געקענט און ליב געהאַט אָדער געקענט און געשאַצט דאָס וואָס ער איז געווען און דאָס וואָס ער האָט געטאָן. ווען ער האָט געענטפערט אויף די אַלע מאַניפעסטאַציעס פון אָפּ־

שאַצונג, האָט ער נאָכאַמאָל פעסטגעשטעלט די אמתן וועלכע זענען געווען דער יסוד פון זיין לעבן: זיין איבערגעגעבנקייט צו דער יידישער אמונה און גלויבן אין איר קיום, זיין לאָיאַליטעט צו דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע זיין אַרבעט פאַר מענטשלעכער פרייהייט אומעטום, זיין גלויבן אין דער „אייניקייט" פון דער מענטשהייט און זיין מיינונג, אַז שלום, נישט מלחמה, וועט מוזן זיין דער אונטערשיד צווישן דער צוקונפט און דער פאַרגאַנגענהייט.

אַ פאָר טעג שפּעטער האָט די קראַנקהייט, וועלכע ער האָט געהאַט אויסגעהאַלטן אַזוי העראָיִש, אים געצוווּנגען זיך צו לאָזן אָפּערירן. נאָך אויף אַ קורצער צייט האָט אים דאָס געהאָלפן. סטיפן ווייז איז נפטר געוואָרן דעם 19־טן אַפּריל 1949. דאָס יידישע פאָלק האָט פאַרלוירן זיין אָנפירער, אַמעריקע אַ גרויסן פּרעדיקער און אַ גרויסן בירגער, די מענטשהייט אַ פריינט וועלכער האָט געהאַלטן פון יושר און צדק, האָט ליב געהאַט רחמנות און האָט מיט ענוות תפלה געטאָן צו גאָט.

# דערעפענונגס-רעדע

## פון דר. סטיפען וויז

(געהאַלטן אין מאָנטרע, שווייץ)

אַלס פּרעזידענט פון יידישן וועלט קאָנגרעס דערקלער איך די דאָזי־יקע צווייטע סעסיע אָפן.

מיר באַגעגענען זיך אויף דער דאָזיקער צווייטער סעסיע ווי די פאָר־טרעטער פון יידישע געמיינדעס אין איבער 60 לענדער פון דער וועלט. מיר קענען דערפאַר זאָגן אַז מיר רעדן אין נאָמען פון דער גרויסער מערהייט יידן. באמת, אַ דאַנק דעם דעמאָקראַטישן און רעפּרעזענטאַטיוון אופן אין וועל־כן דער יידישער וועלט קאָנגרעס איז אויפגעבויט רעדן מיר נישט פאַר זיי — זיי רעדן דורך אונדז צו דער וועלט.

די דאָזיקע סעסיע פון יידישן וועלט קאָנגרעס קומט נאָך אַ הפסקה פון 12 יאָר זייט דער סעסיע אין גענף אין 1936. טראָץ דער וועלט קאַ־טאַסטראָפע וועלכע האָט געמאַכט אוממעגלעך אָפּצוהאַלטן אַ פּריערדיקע פּלענאַרע סעסיע האָבן די דערוויילטע אָנפירער אויפגעהאַלטן במשך פון דער דאָזיקער צייט, אייננעשלאָסן די קריגס־יאָרן, אַ המשך פון פאַראַנט־וואָרטלעכקייט און אויטאָריטעט דורך ספּעציעלע קאָנפערענצן און רעגיאָ־נעלע באַגעגענישן אין באַלטימאָר, אַטלאַנטיק־סיטי, לאָנדאָן און פּאַריז.

די דאָזיקע יאָרן זענען אָן שום ספק געוועזן די טראַגישסטע אין אונד־זער געשיכטע. אויף אַן אכזריותדיקן אופן זענען די צאָלן פון יידישן פאָלק פאַרקלענערט געוואָרן אויף אַ דריטל — איבער 6 מיליאָן צוויי הונ־דערט טויזנט זענען אויסגעשאָכטן געוואָרן. במשך פון דער דאָזיקער תקו־פה זענען די באַשלוסן און אורטיילן פון די גרינדער פון קאָנגרעס פול־שטענדיק באַרעכטיקט געוואָרן. במשך פון 12 ביטערע און טראַגישע יאָרן האָבן מיר געלערנט אויפסניי דעם אמת, וועלכן מיר האָבן געוואוסט

צו פּראָקלאַמירן אין 1936, — אַז כאָטש מיר באַגריסן און האַלטן טייער די פּריינטשאַפּט און דעם גוטן ווילן פון אַלע פעלקער און אמונות, מוזן מיר סוף כל סוף זיין אָפּהענגיק פון זיך אַליין. דאָס יידישע פאָלק האָט שמענדיק און אומעטום געפונען פאַרשטענדעניש אין אַ געוויסער מאָס ווי אויך פריינדלעכע הילף. אָבער אויב מיר זענען אַלס פאָלק ניצול געוואָרן אין די דאָזיקע 12 יאָרן דאַרפן מיר עס פאַרדאַנקען נישט די פריינטלעכע הילף פון וועלכער נישט איז גרופּע, אָדער ראַסע, אָדער קירך, נאָר אונדזער אייגענעם גלויבן — אַ גלויבן וועלכער איז אַן און פאַר זיך אַ נס — און אונדזער אומדערשיטערלעכן צוטרוי צו דער געטלעכער השגחה און צום אייזערנעם ווילן, וועלכער איז בסדר געשטאַרקט געוואָרן דורך אַ קאָלעק־טיווער און גענייניקטער ציל־באַוווסטזיניקייט. דער יידישער וועלט קאָנ־גרעס האָט פאַרטראָטן און פאַרקערפּערט דעם דאָזיקן גלויבן און דעם ווילן צו בלייבן עקזיסטירן און האָט געדינט אַלס פּראַקטישער מיטל פאַר דער דערפילונג פון דעם דאָזיקן קאָלעקטיוון שטרעבן. מיר פאַרזאַמלען זיך היינט אין דער שיינער שווייץ, אַ לאַנד וואָס האָט אַלס איינעם פון אירע פאַרדינסטן פאַר דער געשיכטע דעם פאַקט, וואָס זי איז געווען דער פּלאַץ פון געבורט פון מאָדערנעם ציוניזם מיט 51 יאָר צוריק. מיר האָבן זיך פאַרזאַמלט נישט פאַר אבלות און אויך נישט פאַר שמחות. אונד־זער פאָלק עקזיסטירט נישט אַ דאַנק אבלות אָדער יובילאַציעס כאָטש מיר האָבן ספּעציעלע טעג פאַר ביידן. מיר עקזיסטירן ווייל מיר האָבן זיך מק־ריב געווען צו שאַפן ווי ווייט מעגלעך די באַדינגונגען פאַר אונדזער עקזיס־טענץ — אונדזער גייסטיקער און מאַטעריעלער עקזיסטענץ.

היינט באַגעגענען מיר זיך צו מאַכן פּלענער פאַר דער צוקונפט פון יידישן פאָלק מחוץ פון ישראל. אַ צוקונפט מוז זיין. די פראַגע איז, אויב זי וועט זיין אַ כאַאָטישע און נישט געפּלאַנטע אָדער מיר קענען שפּילן אַ געוויסע ראָלע אין פאַרמירונג פון דער צוקונפט און איר געבן אַ ציל און אַ זין דורך אונדזער קאָלעקטיווער באַמיונג און געמיינזאַמען ווילן.

דער יידישער וועלט קאָנגרעס האָט זיך אין געוויסע הינזיכטן געביטן אויף אַ טראַגישן אופן און אין אַנדערע הינזיכטן אויף אַ וווּנדערלעכן אופן. אָבער זיינע פּראָבלעמען בלייבן כמעט אומפאַרענדערט חוץ אין איין הינזיכט — אין שייכות מיט דעם אויפשטייג נאָך טויזנטער יאָרן פון מדינת ישראל. און אין דער הינזיכט איז אונדזער פּראָבלעם נישט צו דעפינירן און פעסטצושטעלן גרענעצן אין די באַציונגען צווישן יידן אין

ישראל און יידן אין גלות, ווי עס האַלטן געוויסע טראַציקע יידן. אונדזער עובדה איז פעסטצושטעלן ווי אזוי ישראל און זיינע בירגער פון איין זייט און יידן אין גלות פון דער אַנדערער זייט זאָלן צוזאמען ארבעטן פאַרן ווילזיין פון ביידן. מיט איין וואָרט, וואָס זאָל געשען מיט דער אחריות פאַר דער יידישער עקזיסטענץ, וועלכע יעדע פון די דאָזיקע צוויי גרופּן מוז מיטטראָגן — די יידן אין יידישן שטאַט און די יידן וועלכע זענען פאַראייניקט פאַר אַ געמיינזאַמען ציל דורכן יידישן וועלט קאָנגרעס?

מיר דאַרפן נישט דאָגמאַטיזירן מכוח דעם. אין אַ וועלט וועלכע ענדערט זיך אזוי געשווינד איז קיין זאַך נישט אזוי שווער פאָרויס צו זאָגן ווי דער סטאַטוס פון יידישן פאָלק — חוץ דער פאַקט, אַז מיר וועלן ווייטער עקזיסטירן. עס איז קלאָר, אַז די פאַרבינדונג צווישן ישוב, וועלכער איז היינט טראַנספאָרמירט געוואָרן אין שטאַט פון ישראל, און די יידן אין גלות וועט זיין שטאַרקער ווי וועז נישט איז. אַ טיפע און אומצערייסבאַרע גייסטיקע פאַרבינדונג וועט אויסגעשמידט ווערן צווישן אונדז. יידן אויף דער גאַנצער וועלט וועלן שעפּן נייע גייסטיקע כוחות און אַ נייע אינספּיראַציע פון די יידן אין ישראל. יידן אומעטום וועלן זיך פליסן צו מאַכן זייער ביישטראָג פאַר דער אַנטוויקלונג פון דעם אינטערעסאַנטסטן עקספּערימענט אין דער מענטשלעכער געשיכטע ,די ווידערגעבורט פון אַ פאָלק אין זיין אייגענעם לאַנד און אין אַ מדינה נאָך 2000 יאָר גלות.

דאָס איז איינער פון די הערלעכסטע מאָמענטן פון דער יידישער געשיכטע. ישראל איז אויפגעשטאַנען און וועט עקזיסטירן. פּאָליטיש איז ישראל אָנערקענט געוואָרן דורך צוויי מעכטיקע פעלקער, די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע און דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד, ווי אויך אַ צאָל אַנדערע מדינות. מאָראַליש איז ישראל אָנערקענט געוואָרן דורך אַלע מענטשן פון גוטן ווילן און פאַרשטענדעניש אומעטום. מיר האָפן און זענען מתפלל, אַז די רעגירונגען פון דער וועלט, צווישן זיי גרויס־ב־יטאַניע, וועלן באַלד אָניאָגן די מאָראַלישע אָנערקענונג פון ישראל דורך זייערע בירגער מיט דער פּאָליטישער אָנערקענונג פון זייערע קאָנסטיטוציאָנעלע אויטאָריטעטן.

איך האָב שוין געזאָגט פריער, אַז פאַר אונדזער עקזיסטענץ זענען מיר זייער ווייניק שולדיק דער גרויסמוטיקייט פון אַנדערע פעלקער און נאַציעס. בעצם, די לענדער וועלכע האָבן נישט דירעקט אָרגאַניזירט ע״י־טות אויף יידן, נאָר זענען געשטאַנען דערנעבן און גאָרנישט געטאָן אָדער

עפעס געטאָן צו שפּעט, האָבן זיך פּאַקטיש פאַרוואַנדלט אין צוהעלפער צום גרעסטן פאַרברעכן אין דער געשיכטע. זאָל מיר דערלויבט זיין ספּעציעל צו זאָגן, אַז עס וועט נעמען יאָר־הונדערטער אָפּצומעקן דעם פלעק פון קריסטנטום, אַז עס האָט אַ גרויסן חלק אין דער אחריות פון נישט ראַטעווען אַזויפיל מענטשן פון אונטערגאַנג. איין טאָג וועט דאָס קריסטענטום פילן, אַז דער דאָזיקער פלעק איז אומדערטרעגלעך פאַר זיין געוויסן.

די נאַציעס און רעליגיעס פון דער וועלט האָבן געהאַט, און האָבן נאָך היינט, צוויי געוואַלדיקע געלעגנהייטן טיילווייז תשובה־צו־טאָן פאַר זייערע פאַרברעכנס קעגן יידישן פאָלק. איך זאָג טיילווייז ווייל די פאַרברעכנס זענען געווען צו גרויס און צו שרעקלעך בכדי מען זאָל קענען געפינען פאַר זיי אַ פאַרגעבונג. איינע פון די דאָזיקע געלעגנהייטן איז דערלויבן דעם יידישן פאָלק צו פאַרוואָרצלען זיין אייגענע מדינה אין זיין אייגענעם לאַנד. דאָס האָבן זיי ביז איצט כמעט נישט געטאָן. אויב די מדינת ישראל לעבט היינט איז עס נישט אַ דאַנק דער הילף פון די וועלכע זענען אונדז שולדיק תשובה, עס איז אין אַ גרויסער מאָס אויף צו להכעיס זיי. דער וועג איז נאָך אָבער אָפן. און דאָ וויל איך זאָגן, אַז ייִדן האָבן דעם לענגסטן זכרון פון אַלע פעלקער. די וועלכע האָבן געהאָלפן ייִדן, פון כורש ביז באַלפור, זענען אַרומגערינגלט מיט אַ קראַנץ פון דאַנקבאַרקייט אין דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק. די וועלכע האָבן אונדז געטאָן שלעכטס, פון עמלק ביז היטלער, זענען אונדז אויך געבליבן אין זכרון, זייערע נעמען זענען געוואָרן פאַר אַלע מענטשן און פאַר אַלע צייטן דער סימבאָל פון אכזריות, פאַלשקייט און שלעכטס. עס זענען פאַראַן לענדער וועלכע האָבן זיך דערוואָרבן אַ בכבודיקן פּלאַץ אין אונדזער זכרון צוליב זייער הילף פאַר ישראל. אַלס אַן אַמעריקאַנער בין איך גליקלעך, וואָס טראָץ פריערדיקע וואַקלענישן איז מיין לאַנד דאָך געוואָרן אַ קאַנדידאַט פאַר אַזאַ בכבודיקן פּלאַץ. איך בין מתפלל, אַז אַמעריקע זאָל אויך להבא דורך אירע טאַטן אויפהאַלטן דעם דאָזיקן פּלאַץ — פאַר דער טובה פון ישראל און פאַר דער טובה פון אַמעריקע. אָבער איך מוז זאָגן מיט דעם גרעסטן פאַרדרוס און ווייטיק, אַז ענגלאַנד, וועלכע האָט דורך באַלפורן געווינען פאַר זיך איינעם פון די וויכטיקסטע פּלעצער אין אונדזער ערן ליסטע, זיכערט זיך איצט דורך מיסטער בעווין דער ערשטן פּלאַץ אין אונדזער שאַנד ליסטע. מיר זענען מתפלל, אַז ענגלאַנד זאָל שנעל דעמאָנסטרירן איר פעאיקייט צו געבן אַן אויסדרוק פאַרן גייסט פון באַלפורן וועלכער איז גע־

ווען דאָס בעסטע פון גרויס־בריטאַניע, אַנשטאָט דעם איצטיקן מאַנגל אין גייסט פון אירע היינטיקע הערשער, וועלכער איז דאָס ערגסטע אין גרויס־בריטאַניע. דאָס וואָלט געווען פאַר דער טובה פון ענגלאַנד אַזוי ווי פאַר דער טובה פון ישראל.

דאַן איז פאַראַן דער צווייטער וועג דורך וועלכן די וועלט קען און מוז פאַריכטן די עולה לגבי יידישן פאָלק: דורך גאַראַנטירן אונדז, צו־זאַמען מיט אַלע אַנדערע מענטשן, פולע גלייכהייט און מענטשלעכע רעכט אין אַלע לענדער ווו מיר געפינען זיך: און דורך איינפירן אין לעבן די ספּעציעלע מיטלען וועלכע זענען די ספּעציפישע באַדערפעניש אין אַנ־בליק פון דער קאַטאַסטראָפע פון יידישן פאָלק אין די לעצטע יאָרן. איינער פון די צוועקן פון יידישן וועלט קאָנגרעס איז צו פאַרזיכערן, אַז די וועלט וועט צאָלן דעם יידישן פאָלק רעפּאַראַציעס אויף דעם דאָזיקן אופן. דער יידישער וועלט קאָנגרעס ווידמעט זיך דעם דאָזיקן צוועק. איר וועט הערן במשך פון דער דאָזיקער סעסיע פון דר׳ גאָלדמאַן און דר׳ קובאָוויצקי און אַנדערע אַ דו״ח וועגן דעם וואָס עס איז דערגרייכט געוואָרן אין דעם הינ־זיכט און... נאָך וויכטיקער — וואָס עס בלייבט צו טאָן אויף דעם געביט. איר וועט אויך הערן וועגן אונדזערע באַמיונגען, לײדער צו ווייניק און נישט דערפאָלגרייך, צו ראַטעווען אונדזער פאָלק פון פאַרניכטונג און טויט. נאָך אין 1932 און דאַן באַלד נאָך היטלערס קומען צום מאַכט אין 1933 האָב איך פאָרויס געזאָגט, אַז עס וועט קומען אַ וועלט מלחמה און אַז מיר מוזן אָנהויבן אָרגאַניזירן דעם יידישן וועלט קאָנגרעס, בעצם בין איך געשטאַנען אויף דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט זייט 1919 ווען אונד־זער באַליבטער לעאָ מאָצקין האָט געגרינדעט דעם קאָמיטעט פון די יידי־שע דעלעגאַציעס. דער אמת איז אַז ווען מען וואָלט נישט געגרינדעט דעם יידישן וועלט קאָנגרעס אין 1936 וואָלט יעדע קומענדיקע שעה אַרויסגע־רופן די אומפאַרמיידלעכע נויטווענדיקייט אים צו גרינדן. אין 1936 האָבן מיר נאָך געחלום׳ט צו ראַטעווען אונדזער פאָלק, עס איז נישט געלונגען. אָבער לאָמיר געדענקען די ווערטער פון אַ גרויסן דיכטער.

„נישט דורכפאַל נאָר קליינע צילן זיינען אַ פאַרברעכן״.

עס איז אונדז נישט געלונגען צו ראַטעווען מיליאָנען יידן אָבער מיר האָבן געהאָלפן ראַטעווען דאָס יידישע פאָלק אַלס גאַנצע. עס איז אונדז נישט געלונגען צו ראַטעווען יידן ווייל די וועלט איז געבליבן טויב צו אונדזערע וואָרנונגען. מיר האָבן געהאָלפן ראַטעווען דאָס יידישע פאָלק

א דאנק דער גערעכטיקייט פון אונדזער זאך און א דאנק דעם פאקט וואס מיר האבן געקעמפט פאראייניקט און אלס פאלק פאר אונדזער פרייהייט, און א דאנק דעם כוח וועלכן עס פארמאגט יעדער קעמפער פאר גערעכ־טיקייט.

נישט איין מאל האבן מיר געדאנקט גאט, וואס דער יידישער וועלט קאנגרעס עקזיסטירט. די וועלכע האבן געקוקט אויף היטלערס קרבנות האבן נישט געקענט זיי דינען אזוי ווי מיר, אט די יעניקע וועלכע האבן זיי מיטגעפילט און זיי באטראכט אלס די קרבנות פון יידישקייט — מענטשן וועלכע זענען קיין שום פארברעכן נישט באגאנגען. זיי זענען געווען יידן — מיר זענען אויך יידן. זיי זענען געשטאנען אין וועג דעם נאציזם. זיי זענען געווען די קרבנות פון פרייהייט און גערעכטיקייט וועלכע היטלער האט געוואלט אפווישן פון דער ערד; די קרבנות פון א דעמאקראטישן לעבנס שטייגער, וועלכן היטלער האט געוואלט פארטיליקן.

מיר האבן זיך אנגעשטויסן אויף גרויסע שוועריקייטן. איך וועל דערמאנען נאר צוויי: מאנכע פערזאנען האבן מורא געהאט, אז עס וועט ווערן נאך ערגער אויב מיר וועלן שטעלן א ווידערשטאנד און האבן גע־האלטן, אז מען קען געפינען א קאמפראמיס און איבערבעטן דעם שונא. זיי האבן געהאט א טעות. עס איז געווארן בסדר ערגער, אומאפהענגיק פון אנשטענדיקייט און פון די מילדע פראטעסטן וועלכע זיי האבן געמאכט. די פארניכטער זענען נישט זאט געווארן. די האפנונג צו געפינען א פשרה איז אויסגערונען. אזוי איז אנטשטאנען ביי יידן די טראגעדיע פון מענטשן, וועלכע האבן גארנישט געלערנט פון נסיון. דאס איז געווען און איז גע־בליבן, כאטש אין א קלענערער מאס די יידישע טראגעדיע פון אלע דורות. עס איז כאראקטעריסטיש וואס א היסטאריש פאלק, ווי מיר זענען לערנט נישט פון דער געשיכטע און פארשטייט נישט די מסקנה פון קאטאסטרא־פעס וועלכע קומען אויף אים. כמעט אלע ארן פון דער היטלער קאטאסטרא־פע האבן מיר נישט געקענט זיך פאראייניקן פאר גרויסע צילן. מיר זענען שטענדיק געווען נוטה צו פארשווענדן א גרויסן כוח פאר סוראגאטן פון פארטיידיקונג און עס איז אונדז געבליבן ווייניק כוח פאר אמתן פארטיידי־קונגס־קאמף. איך דארף אייך כמעט נישט דערמאנען, אז א קליינער טייל פון דער ריזיקער סומע וועלכע יידן האבן פארלוירן אדער געצאלט אין קאלעקטיווע שטראפן וואלט פארמידן אונדזער קאטאסטראפע אדער לכל

הפּחות זי פּאַרמינערט, ווען די דאָזיקע סומע וואָלט געגעבן געוואָרן פאַרן אויפבוי פון ארץ־ישראל אין דער ריכטיקער צייט.

אָבער מער פון אַלס האָבן יידן אין די לענדער פון נאַציש טעראָר געדאַרפט האָבן אַ געפיל פון אחדות, אחדות אין דעמאָקראַטישער גלייכ־הייט מיט אַנדערע יידן פון דער וועלט. דעם דאָזיקן געפיל פון אחדות און גלייכהייט האָט דער יידישער וועלט קאָנגרעס געפּרוווט געבן די יידן. דער סאַמע ערנסטער אַספּעקט פון דער טראַגעדיע פון נישט לערנען פון נסיונות איז געוועזן די אומוויליקייט פון יידן אין פיל טיילן פון דער וועלט און ספּעציעל אין אַמעריקע צו אָנערקענען די געוואַלטיקע נויטווענדיקייט פון יידישער אחדות. זיי זענען געווען גרייט צו העלפן אָבער נאָר אַלס נדבנים. זיי זענען נישט געווען גרייט צו נעמען גלייכע פאַראַנטוואָרטלעכ־קייטן צו וועלכע אַ געמיינזאַמער גורל פאָדערט אויף. עס טוט מיר לייד צו זאָגן אַז מיר יידן נאָך אַלץ פון דער זעלבער פּלאָג, כאָטש אין אַ קלענערער מאָס. עס זענען נאָך אַלס פאַראַן זייער פיל וועלכע ווילן שפּילן די ראָלע פון אפּוטרופּסים און צו ווייניק וועלכע ווילן זיין שותפים און חברים מיט אַלע יידן.

איך האַלט, אַז דער גרעסטער בייטראָג פון יידישן וועלט קאָנגרעס איז דער געפיל פון אייניקייט, וועלכן ער האָט געגעבן יידן זייט 1936. מיר זאָגן נישט, אַז מיר האָבן די אויפגאַבע דערפילט בשלמות. אָבער מיר האָבן געטאָן דאָס וואָס מיר האָבן געקענט און נאָך מער צו שאַפן די דאָ־זיקע אייניקייט אין אַ צייט ווען אונדזערע ברידער זענען געווען פאַר־איינזאַמט — פאַראורטיילט דורך היטלערן און פאַרגעסן דורך דער גאַנצער וועלט. מיר מוזן אויפהאַלטן און אויסברייטערן די דאָזיקע אייניקייט און דאָס איז, ווי געזאָגט, די הויבט אויפגאַבע פון יידישן וועלט קאָנגרעס.

מיר באַגעגענען זיך היינט נישט נאָר צו אַנאַליזירן געשיכטע. מיר באַגעגענען זיך פאַר אַ פיל וויכטיקערן צוועק — צו פּרווון אויספורעמען גע־שיכטע. במשך פון דער דאָזיקער סעסיע וועלן מיר באַהאַנדלען אַלע גרוי־סע און קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען פון יידישן פאָלק און דעם אופן דורך וועלכן מיר קענען געבן אונדזער הילף מדינת ישראל, אין איינקלאַנג מיט אונדזערע פאַרפליכטונגען צו די לענדער אין וועלכע מיר לעבן. מיר וועלן דאַרפן געפינען נאָך בעסערע פאָרמען צו פאַרטיפן די אחדות פון יידישן פאָלק; מיר וועלן דאַרפן מאַכן פּלענער און פּראָגראַמען פאַר עקאָנאָמישער, סאָציאַלער און קולטורעלער רעהאַביליטאַציע פון יידן

אין פאַרשידענע לענדער אין דער וועלט; מיר וועלן דאַרפן אָננעמען מיטלען צו פאַרטיידיקן דאָס לעבן פון צענדליקער טויזנטער יידן אין די לענדער ווו זיי זענען באַדראָטן; מיר וועלן אויך דאַרפן זיך אָרגאַניזירן עפעקטיוו פון אַדמיניסטראַטיוון שטאַנדפונקט פאַר דער פּראַקטישער אַרבעט און פאַר די פליכטן וועלכע מיר נעמען אויף זיך. געוויסע פאָרמען, וועלכע זענען געשאַפן געוואָרן ווי אַן עקספּערימענט אין 1936, אָדער זיינען אימפּראָוויזירט געוואָרן אין די יאָרן פון נויט, זענען ווייט נישט צוגעפּאַסט פאַר דער ווירקלעכקייט פון 1948. איך בין מתפּלל, אַז דער רבונו של עולם זאָל אונדז געבן חכמה אין אונדזערע באַראַטונגען ווייל פון זיי איז נישט אין אַ קליינע מאָס אָפּהענגיק די צוקונפט פון אונדזער פאָלק.

איך וויל מאַכן אַן ערנסטן רוף צו די דעלעגאַטן. מיר האָבן אויפגעהאַלטן די איינהייט פון יידישן וועלט קאָנגרעס און פון יידישן פאָלק במשך פון 12 יאָר, נישט ווייל מיר האָבן אַלע די זעלבע מיינונגען און אידעאַלן. מיר קומען פון פאַרשידענע טיילן פון דער וועלט און מיר האָבן פאַרשיידנאַרטיקע לאָיאַליטעטן און קעגנגעזעצטע פּאָליטישע און סאָציאַלע אידעאַלן. מיר האָבן אויפגעהאַלטן אונדזער איינהייט ווייל אַלס יידן האָבן מיר געמיינזאַמע טראַדיציעס, געמיינזאַמע האָפנונגען און אַ געמיינזאַמען גורל. מיר האָבן אַ געמיינזאַמען ווילן ממשיך־צו־זיין אונדזער עקזיסטענץ אַלס יידן אין פרייהייט, גלייכהייט און כבוד צוזאַמען מיט אַנדערע פעלקער פון דער וועלט. לאָמיר איצט פאַרגעסן די חלוקי דעות וועלכע צעטיילן אונדז אונטער אַנדערע באַדינגונגען. זאָל קיינער פון אונדז נישט זיין שולדיק אין חילול־השם פון שטערן אַ הייליקע אַרבעט. לאָמיר טאָן פאַרן יידישן פאָלק דאָס וואָס מיר קענען טאָן אַלס איינהייט און לאָמיר איבערלאָזן צו טאָן אַנדערשוו דאָס וואָס מיר קענען טאָן אין אונדזערע רעכט ווי בירגער און מענטשן.

איך שליס מיט אַ דריי־פאַכיקן רוף: איך האָב אמונה אין ישראל און איך גלויב, אַז איך קען זאָגן מיר האָבן אַלע אמונה, אַז דער יידישער שטאַט וועט דערפילן די תפילות און חלומות פון יידישן פאָלק, און פון אונדזערע פריינט במשך פון ניינצן יאָר הונדערט.

מיין צווייטער רוף איז צו די פעלקער פון דער וועלט און צום קריסטענטום אויפצוהאַלטן פרידן און צו געדענקען, אַז גערעכטיקייט פאַרן יידישן פאָלק און ישראל איז אַן אומפאַרמיידלעכער תנאי פאַר שלום. מיר און די וועלט האָבן גענוג געליטן. נאָך איין אָנגריף אויפן יידישן

פאָלק וועט זיין די הקדמה צו דער אנטגילטיקער פארניכטונג פון דעמאָ־קראַטיע און פרייהייט.

צו יידן זאָג איך: זייט שטאַרק, זייט געאייניקט און האָט נישט מורא. איר זייט די זין און טעכטער פון מכבי, די פאַרטיזאַנער פון וואַר־שע, און איר זייט די ברידער און שוועסטער פון דער הגנה אין ישראל.

אל תחת!

# ווי האלטן מיר אין דער יידי-שער וועלט היינט-צו-טאָג

פון דר. ראָבערט ס. מארקוס ע״ה

(פאַרשטאָרבענעם פּאָליטישער דירעקטאָר פון יידישן וועלט־קאָנגרעס)

מער ווי 5 יאָר טיילן אונדז אָפּ פון דעם סוף פון צווייטן וועלט־קריג. דער סוף פון די קריגס־אָפּעראַציעס אומעטום, סיי אין אייראָפּע און סיי אין ווייטן מזרח האָט באַצייכנט דעם צוזאַמענבראָך פון די פאַשיסטישע רעזשימען. אין אייראָפּע האָט די פולשטענדיקע מפּלה פון נאַצי־רעזשים באַזייטיקט דעם געפערלעכסטן שונא, וועלכן דאָס יידישע פאָלק האָט געהאַט אין משך פון טויזנטער יאָרן פון זיין קיום. דער גרויסער היסטאָרישער נצחון איז דערגרייכט געוואָרן א דאַנק די פאַראייניקטע אָנשטרענגונגען פון די פרייהייטס־ליבנדע פעלקער און א דאַנק דעם ענטוזיאַזם און שווערן קאַמף, וועלכע האָבן אָנגעהאַלטן 6 יאָר.

עס איז וויכטיק איבערצוגעבן בקיצור וועגן די אידעען און שטרעמונגען וועלכע האָבן זיך באַוויזן אין דער יידישער וועלט אין די ביטערע גורל־יאָרן פון דער מלחמה. עס איז כדאי צו באַמערקן אַז אין דער ערשטער תקופה, אין די יאָרן 1939־1942, ווען די מאַכט פון די אַקס־מלוכות איז נאָך געווען שטאַרק, איז געווען ביי א סך איינפלוסרייכע יידישע קערפּערשאַפטן א שטאַרק אומרעאַליסטישער צוגאַנג צו די יידישע מלחמה־פּראָבלעמען. בעת אַלע האָבן דערוואַרט אַז היטלער און זיינע פאַרבינדעטע וועלן ליידן א מפּלה, וואָס עס האָט דאַמאָלסט אויסגעזען מער א חלום ווי א ווירקלעכ־

קייט. אַלס רעזולטאַט דערפֿון זענען אויפֿגעשוווּמען פֿאַרשידענע אומרעאַ־ליסטישע פּלענער אין יידישע קרייזן. מען האָט גערעדט וועגן אַן אַלגע־מיינער רעפּאַטריאַציע פֿון די יידן, וועלכע זענען פֿאַרטריבן געוואָרן אין פֿרעמדע לענדער, וועגן אַ ווידער אויפֿבוי פֿון די ליקווידירטע יידישע גע־מיינדעס, וועגן צוריקשטעלן די פֿריערדיקע יידישע אינסטיטוציעס, וועגן אַ פֿולער ווידעראויפֿריכטונג פֿון די יידישע עקאָנאָמישע און קולטורעלע פּאָ־זיציעס אין די לענדער ווו זיי האָבן פֿריער עקזיסטירט.

בלויז דער יידישער וועלט־קאָנגרעס האָט אין דער דאָזיקער תקופֿה פֿון געוואַלדיקער שפּאַנונג און אומזיכערקייט געלייגט דעם יסוד פֿאַר אַ זאַכלעכן צוגאַנג צו די יידישע מלחמה־פּראָבלעמען, אַרומנעמענדיק די גאַנצע פֿראַגע אין איר וועלט־כאַראַקטער. דער יידישער וועלט־קאָנגרעס האָט קורץ נאָכן אויסברוך פֿון קריג געגרינדעט אַ ספּעציעלע פֿאָרשונגס־אינס־טיטוציע, דעם אינסטיטוט פֿאַר יידישע ענינים, וועלכער האָט צונויפֿגעזאַמלט און צוגעשטעלט אַלע נויטיקע פֿאַקטן און מאַטעריאַלן פֿאַר אַ רעאַליסטישער אָפּשאַצונג פֿון די געשעענישן און סימפּטאָמען, און האָט אויף דעם וועג געשאַפֿן די מעגלעכקייט פֿאַר אויפֿשטעלן פּלענער וואָס זאָלן ווי געהעריק נעמען אין באַטראַכט די נייע לאַגע און זאָלן זיין צוגעפּאַסט צו דער יידי־שער צוקונפֿט נאָך דער מלחמה.

געטריי זיין פּראָגראַם פֿון יידישער דעמאָקראַטיע, האָט דער יידישער וועלט־קאָנגרעס צונויפֿגערופֿן די ערשטע גרויסע יידישע וועלט־קאָנפֿערענץ וואָס איז פֿאָרגעקומען נאָך אינמיטן פֿון דער מלחמה, און וואָס האָט אויפֿ־געשטעלט אַ פּראָגראַם פֿון יידישע נאָך־מלחמה־פֿאָדערונגען, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַן עקסטרעמען רעאַליזם. די דאָזיקע קאָנפֿערענץ איז פֿאָרגעקומען סוף נאָוועמבער 1944 אין אַטלאַנטיק סיטי, און עס וואָלט געווען נוצלעך צו באַקענען זיך איצט מיט די רעזאָלוציעס פֿון דער קאָנפֿערענץ, אין ליכט פֿון די שפּעטערדיקע געשעענישן. עס איז ווייט צו זוכן אַן ענלעכן יידישן צוזאַמענפֿאָר וועלכער זאָל האָבן מיט אַזאַ קלאָר־קייט פֿאָרויסגעזען די אַנטוויקלונגען נישט בלויז אין יידישן לעבן, נאָר אין דער וועלט בכלל. די קאָנפֿערענץ אין אַטלאַנטיק סיטי קאָן מיט רעכט באַ־טראַכט ווערן אַלס אַ ווענדפּונקט אין דער אַרבעט איבער די יידישע נאָך־מלחמה־פֿאָדערונגען און פּלענער.

מיר ווילן נישט רעדן וועגן די פֿאָדערונגען, וואָס זענען אַרויסגעטראָ־גן געוואָרן פֿון דער קאָנפֿערענץ אין אַטלאַנטיק סיטי, און וועלכע זענען

געשטיצט און פאַרשטאַנען געוואָרן דורך דער גאַנצער יידישער עפנטלע־
כער מיינונג, ווי די פאָדערונגען פון אָפּשאַפן אַלע דיסקרימינאַטאָרישע
געזעצן קעגן יידן און צוריקשטעלן די פולע רעכט און די פולע גלייכבאַ־
רעכטיקונג פון יידן אומעטום. די נייע אידייע, וואָס איז געקומען פון אַט־
לאַנטיק סיטי איז באַשטאַנען אין דעם אז די קאָנפערענץ פון יידישן וועלט־
קאָנגרעס האָט געהאַט דעם מוט צו אנערקענען, אז די פאַרגאַנגענהייט פון
יידישן לעבן אין די מערסטע לענדער פון אייראָפּע וועט נישט קענען ווי־
דער אויפגעריכט ווערן, און אז עס הויבט זיך אָן א פולשטענדיק נייע תקו־
פה אין דער יידישער געשיכטע. פונקט אזוי מוטיק איז געווען די דער־
קלערונג וואָס איז געמאַכט געוואָרן אויף דער זעלבער קאָנפערענץ פון
יידישן וועלט־קאָנגרעס, אז יידישע גלייכבארעכטיקונג, וואָס איז אין משך
פון 150 יאָר באַטראַכט געוואָרן אלס דער איינציקער צוועק פון די יידישע
שטרעבונגען און אקטיוויטעטן מחוץ ארץ ישראל, וועט נישט זיין גענוג
און וועט קיינמאָל נישט קענען פארריכטן דעם פאַרברעכערישן שאָדן און
דעם גרויסן חורבן וואָס איז פאַרשאַפט געוואָרן די יידישע קיבוצים אין
אייראָפּע אונטער דער היטלערישער הערשאַפט.

די דאָזיקע צוויי הויפּט־פונקטן פון יידישן נאָך־מלחמה־פּראָגראַם,
וואָס זענען פאָרמולירט געוואָרן אויף דער קאָנפערענץ אין אַטלאַנטיק סיטי,
זענען געווען גאַנץ אנדערש פון די מיינונגען וועלכע האָבן דאַמאָלט באַ־
הערשט די יידישע עפנטלעכקייט און זענען דערפאַר שטאַרק קריטיקירט
געוואָרן אין די יידישע רייען. זיי האָבן אָבער אויסגעהאַלטן דעם פּרווו
פון דער צייט און האָבן זיך ארויסגעוויזן אלס די איינציק־ריכטיקע פאַר
רעגולירן די קאָמפּליצירטע יידישע נאָך־מלחמה־פּראָבלעמען.

די צוויי פונקטן וועגן וועלכע מיר האָבן אויבן גערעדט זענען קלאָר
דעמאָנסטרירט געוואָרן אין די פאָדערונגען, וועלכע זענען אָנגענומען גע־
וואָרן אויף דער היסטאָרישער קאָנפערענץ. מיר ווילן דאָ אויסרעכענען
בלויז די הויפּט־רעזאָלוציעס:

עס דאַרפן אָנערקענט ווערן די ספּעציפישע נויטן און באַדערפעניששן פון
די לעבנגעבליבענע יידן אין אייראָפּע ביים דורכפירן דעם אַלגעמיינעם פּראָ־
גראַם, פון הילף און ווידעראויפבוי נאָך דער מלחמה.

אונטער דעם באַגריף פון קריגס־פאַרברעכנס דאַרפן אויך ארונטער־
גענומען ווערן די פאַרברעכנס וואָס זענען באַגאַנגען געוואָרן קעגן יידן און
קעגן דעם יידישן פאָלק אין משך פון דער גאַנצער צייט זינט דעם 30־טן

יאַנואַר 1933, ווען היטלער האָט פאַרכאַפּט די מאַכט אין דייטשלאַנד, דאָס מיינט, נישט בלויז פון אָנהויב פון דער מלחמה, נאָר פאַר דער גאַנצער צייט פון דער נאַצי־הערשאַפט.

אין דער קאַטעגאָריע פון די קריגס־פאַרברעכנס דאַרפן אויך אַריינגענומען ווערן די פאַרברעכנס, וואָס דייטשלאַנד איז באַגאַנגען קעגן אירע אייגענע יידישע בירגער — דאָס איז געווען אַ פאָדערונג פון אַ רעוואָלוציאָנערן כאַראַקטער אין דער אינטערנאַציאָנאַלער געזעצגעבונג.

די יידן וועלכע זענען אַנטלאָפן פון זייערע פריערדיקע וווין־לענדער דאַרפן נישט געצוווּנגען ווערן צוריקצוקומען אַהין נאָכן סוף פון דער מלחמה.

דייטשע און עסטרייכישע יידן, וועלכע וועלן בלייבן וווינען אין אויסלאַנד און נישט אָננעמען די בירגערשאַפט פון די לענדער, דאַרפן נישט געצוווּנגען ווערן צו ווערן פונדאַסניי דייטשע אָדער עסטרייכישע בירגער, סיידן זיי וועלן דאָס אַליין פאַרלאַנגען.

די אַלע שוץ־מיטלען דאַרפן גלייך אַריינגעשריבן ווערן אין די וואָפנשטילשטאַנד־אָפּמאַכן, ווייל דער יידישער וועלט־קאָנגרעס האָט קלאָר פּאָרויסגעזען, אַז עס וועט נאָך דורכגיין אַ לאַנגע צייט ביז עס וועט געשלאָסן ווערן אַן אַנטגילטיקער שלום.

קריגס־פאַרברעכער דאַרפן געשטעלט ווערן פאַר אינטערנאַציאָנאַלע טריבונאַלן. פּאָרויסזעענדיק אַ ווייט־גייענדיק פּראָגראַם פון אַנטשעדיקונגען פאַר יידן און יידישע קהילות האָט די קאָנפערענץ שוין דאַמאָלסט פאַרלאַנגט צו שאַפן יידישע ווידעראויפבוי־אָרגאַניזאַציעס פון אַן אינטערנאַציאָנאַלן פאַרנעם, וועלכע זאָלן ווערן די לעגאַלע יורשים פון די פאַרמעגנס פון יידישע קיבוצים וואָס וועלן אויפהערן צו עקזיסטירן און פון אומגעבראַכטע יידן, וועלכע האָבן נישט איבערגעלאָזן קיין קרובים.

די יידישע פאַרמעגנס און פאָנדן וועלכע דאַרפן איבערגעגעבן ווערן צו די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס, זאָלן קענען באַנוצט ווערן נישט בלויז פאַר דער רעהאַביליטאַציע פון די פאַרבליבענע יידן אין די באַזונדערע לענדער, נאָר אויך פאַר די יידן פון די דאָזיקע לענדער, וועלכע געפינען זיך אין אויסלאַנד און באַזונדערס פאַרן ווידעראויפבוי פון ארץ ישראל.

דער יידישער וועלט־קאָנגרעס האָט אויסערדעם פאַרלאַנגט, אַז יידישע קולטור־פאַרמעגנס, וועלכע זענען צונערויבט געוואָרן דורך די נאַצים און פאַרשלעפּט געוואָרן קיין דייטשלאַנד, זאָלן באַטראַכט ווערן ווי יורשים׳־

לאָזנ פאַרמעגנס צוליב דעם, וואָס עס זענען אונטערגעגאַנגען די יידישע ישובים, צו וועלכע די פאַרמעגנס האָבן געהערט. דער יידישער וועלט־קאָנגרעס האָט דעריבער פאַרלאַנגט אַז די דאָזיקע קולטור־אוצרות ווי, ביבליאָטעקן, ארכיוון, יידישע קונסט־ווערק, רעליגיעזע חפצים זאָלן פונאַנדערגעטיילט ווערן צווישן די יידישע קיבוצים איבער דער גאָרער וועלט, אַנטשפּרעכנד זייערע נויטן.

עס איז נישט פּשוט: קיין בעסערער באַווייז פאַר דעם רעאַליסטישן צוגאַנג פון יידישן וועלט־קאָנגרעס צו די נאָך־מלחמה־פּראָבלעמען ווי דער פאַקט אַז די אַלע דערמאָנטע פאָדערונגען האָבן אין משך פון די לעצטע יאָרן פאַרנומען דעם אויבן־אָן אין די טעטיקייטן פון די יידישע פאַרטרעטער אין די באַזונדערע לענדער און פון יידישן פאָלק בכלל. עס איז אויך נויטיק צו באַמערקן, ווי גיך עס האָט זיך געענדערט די אינערלעך־יידישע באַציונג אומעטום צו די דאָזיקע פאָדערונגען, און ווי מען האָט פאַקטיש פאַרגעסן, אַז נאָך מיט 5 יאָר צוריק זענען די אַלע פאָדערונגען באַטראַכט געוואָרן אַלס „רעוואָלוציאָנערע".

מען האָט געדאַרפט איבערקומען די שטערונגען פון די, וועלכע האָבן געגלויבט, אַז יידן קענען נישט און דאַרפן נישט פאָדערן מער, ווי די פאַרמעלע גלייכבאַרעכטיקונג מיט נישט־יידן אויפן גרונט פון נישט־דיסקרימינירן. דער דאָזיקער שטאַנדפּונקט האָט געקענט זיין באַרעכטיקט אין נאָרמאַלע צייטן, אָבער האָט קיינמאָל נישט געקענט ברענגען די נויטיקע רעזולטאַטן פאַר פאַרבעסערן די יידישע לאַגע נאָך דעם חורבן אין אייראָפּע.

עס זענען געווען פּונקטן אין דער פּראָגראַם פון אַטלאַנטיק סיטי, וועלכע זענען געווען רעוואָלוציאָנער פון לעגאַלן שטאַנדפּונקט און זענען אָבער שפּעטער באַטראַכט געוואָרן אַלס זעלבסטפאַרשטענדלעך דורך די פּראָמינענטסטע יוריסטן פון דער דעמאָקראַטישער און פרייער וועלט, וועלכע האָבן געקענט איינזען, אַז מען דאַרף האָבן צו די יידישע נאָך־מלחמה־פּראָבלעמען אַזאַ צוגאַנג, אין וועלכן מען זאָל נישט פאַרגעסן די האַנדלונגען פון די נאַצים.

צוליב די אַלע שוועריקייטן איז נישט געווען גענוג פאַר דעם יידישן וועלט־קאָנגרעס צו פּראָקלאַמירן בלויז דאָס פּראָגראַם פון אַטלאַנטיק סיטי. די זייער שווערע אויפגאַבע איז געווען צו געווינען פאַר דעם דאָזיקן פּראָגראַם די עפנטלעכע מיינונג פון די אַליאירטע פעלקער און באַזונדערס פון זייערע שטאַטס־מענער, געזעצגעבער און יוריסטן. די דאָזיקע אויפגאַבע

איז דורכגעפירט געוואָרן דורך אומדערמידלעכע באַמיאונגען אין אַלע הויפּט־שטעט פון די אַליאירטע מלוכות און איז געקרוינט געוואָרן מיט אַ פולן דערפאָלג.

היינט־צו־טאָג קען געזאָגט ווערן, אַז נישט געקוקט אויף די אַלע שווע־ריקייטן זענען די וויכטיקסטע צילן פון אַטלאַנטיק סיטי פּראָגראַם פּאַק־טיש רעאַליזירט געוואָרן. קיין שום יידן זענען נישט געצוווּנגען געוואָרן צו־ריקצוקערן זיך אין זייערע פריערדיקע וווינלענדער קעגן זייער ווילן. די אויסוואַנדערונג איז דערמעגלעכט געוואָרן, נישט געקוקט אויף די שווע־ריקייטן פון דער נאָך־מלחמה־תקופה. אַ יידישע אָרגאַניזאַציע איבערצונע־מען די יורשים־לאָזע פאַרמעגנס איז געגרינדעט געוואָרן, לכל־הפּחות אין דייטשלאַנד. ספּעציעלע יידישע אויפבוי־פאָנדן זענען עפנטלעך אָנערקענט געוואָרן אין עטלעכע לענדער מיט דאָס רעכט איבערצונעמען די יורשימלאָזע יידישע פאַרמעגנס. שוץ־מיטלען פאַר יידן און אַנדערע קרבנות פון ראַסן און רעליגיעזע פאַרפאָלגונגען זענען אַריינגעשריבן געוואָרן אין די וואָפנשטיל־שטאַנד־אָפּמאַכן. די וויכטיקסטע יידישע פאָדערונגען וועגן באַשטראָפן קריגס־פאַרברעכער זענען אָנגענומען געוואָרן.

דער יידישער וועלט־קאָנגרעס האָט געשפּילט זייער אַ וויכטיקע ראָלע אין דער פּראַקטישער דורכפירונג פון די אַלע דערמאָנטע פאָדערונגען אין משך פון די לעצטע יאָרן, זייענדיק אַקטיוו אומעטום אין אַלע לענדער, וווּ עס געפינען זיך יידישע ישובים.

דער יידישער וועלט־קאָנגרעס האָט אויך באַצייטנס איינגעזען, אַז די סוווערענע מלוכות פון דער וועלט וועלן ווידעראַמאָל שאַפן אַ וועלט־אָרגאַני־זאַציע, ניט געקוקט אויפן דורכפאַל פון דער אַלטער פעלקער־ליגע. אין אַ ריי פאָדערונגען אין אַטלאַנטיק סיטי איז קלאָר פאָרויסגעזען געוואָרן די גרינ־דונג פון די „פאַראייניקטע פעלקער". אין הסכם מיט דעם האָט דער יידי־שער וועלט־קאָנגרעס שוין אין 1944 פאַרלאַנגט דורכצופירן אַן אינטערנאַ־ציאָנאַלן „ביל אָוו רייטס", וואָס זאָל פאַרזיכערן די שוץ פון לעבן און פרייהייט פאַר די איינוווינער פון אַלע לענדער אָן אונטערשייד פון אָפּ־שטאַם, נאַציאָנאַליטעט, ראַסע אָדער גלויבן. די פולע גלייכבאַרעכטיקונג איז פאַרלאַנגט געוואָרן פאַר אַלע איינוווינער פון יעדן לאַנד. עס איז געפאָ־דערט געוואָרן צו פאַרזיכערן דאָס אומבאַשטרייטבאַרע רעכט פאַר אַלע עט־נישע און רעליגיעזע גרופּעס אויפצוהאַלטן און אַנטוויקלען זייער קאָלעק־טיווע אידענטיטעט. אויך איז געפאָדערט געוואָרן, דורכצופירן נישט בלויז

געזעצן אין די באזונדערע לענדער צו דערקלערן אנטיסעמיטיזם און ראסן־העצע אלס א פארברעכן, נאָר אויך איינפירן אן אינטערנאציאָנאלן געזעץ קעגן אנטיסעמיטיזם, רעליגיעזן און ראסן־האס ווי אויך דיסקרימינאציע.

דער יידישער וועלט־קאָנגרעס האָט אויך אָנגענומען א פאָרמעלע שטע־לונג לטובת דער גרינדונג פון א יידישער מלוכה אין ארץ ישראל. אין דער ספּעציעלער רעזאָלוציע וועגן ארץ ישראל אויף דער קאָנפערענץ אין אַט־לאַנטיק סיטי איז געזאָגט געוואָרן: „עס מוז קומען צו אן ענטגילטיקן און פערמאנענטן סוף פון דער נאציאָנאלער היימלאָזיקייט פון יידישן פאָלק. עס איז זיכער, אז די גאָר גרויסע מערהייט פון די אויסגעוואָרצלטע יידן ווילן אויסוואנדערן קיין ארץ ישראל, ווו זיי וועלן געפינען נישט בלויז א מקום מקלט, נאָר א היים". אין דער זעלבער רעזאָלוציע איז קלאָר אָנגעוויזן געוואָרן אויף דער נויטווענדיקייט צו פארלייכטערן די אויסוואנדערונג און שאפן פאר דעם צוועק די נויטיקע מיטלען.

אונדזער דור האָט געהאַט די זכיה צו זען, נאָך דעם חורבן פון אייראָ־פעישן יידנטום, די ווידערויפריכטונג פון דער אומאָפּהענגיקער און סו־ווערענער יידישער מלוכה, וועלכע האָט היינט־צו־טאָג פארנומען איר אָרט צווישן די מלוכות פון דער וועלט, וואָס האָבן געשאפן די נייע וועלט־אָר־גאניזאציע.

דער יידישער וועלט־קאָנגרעס איז געווען די ערשטע יידישע אָרגאני־זאציע, וועלכע האָט נאָך אין פרילינג 1947 באקומען דעם סטאטוס פון א בּאראטונגס־קערפּערשאפט ביי דעם עקאָנאָמישן און סאָציאלן ראט פון די „יונאיטעד ניישאָנס", זינט דעמאָלט האָט דער יידישער וועלט־קאָנגרעס מער ווי הונדערט מאָל אינטערווענירט אין יו־ען וועגן פארשידענע פּראָ־בלעמען דורך צושטעלן מעמאָראנדומס און ארויסטרעטן אין די פארשי־דענע קערפּערשאפטן פון יו־ען. דער דאָזיקער איינדרוקספולער סך־הכל פון די ביישטייערונגען פון יידישן וועלט־קאָנגרעס צו דער ארבעט פון יו־ען, אין הסכם מיט די פּרינציפּן פון דער יו־ען־טשארטער, און פאר דער פאר־טיידיקונג פון יידישע רעכט און אינטערעסן רעדט פאר זיך אליין. אלע יידי־שע קיבוצים און אָרגאניזאציעס איבער דער גאָרער וועלט, וועלכע זענען פאראייניקט מיטן יידישן וועלט־קאָנגרעס, האָבן געשפּילט א וויכטיקע ראָל אין דער דאָזיקער ארבעט, וועלכע וואָלט נישט געווען מעגלעך אָן דער מאָראלישער שטיצע פון דער יידישער וועלט און ווען עס וואָלט נישט גע־הערשט די איבערצייגונג, אז אין די ראמען פון יידישן וועלט־קאָנגרעס יע־

נען פאַראייניקט אויף אַ דעמאָקראַטישער באַזע אַלע קאָנסטרוקטיווע כוחות פון יידישן פאָלק, וועלכע לעבן מחוץ די גרענעצן פון דער נייער יידישער מדינה.

די נויטווענדיקייט פאַר אַזאַ יידישע וועלט־אָרגאַניזאַציע, ווי דער יידישער וועלט־קאָנגרעס, וועלכע זאָל אַנטשפּרעכן דער לעגאַלער און פּאָליטישער לאַגע פון יידישן פאָלק נאָך דער גרינדונג פון מדינת ישראל, קען נישט פאַרלייקנט ווערן. שטייענדיק פאַר אַ גרויסער צאָל שוועריקייטן און האָבנדיק פאַר זיך פיל זייער קאָמפּליצירטע יידישע פּראָבלעמען, וואָס זענען נישט בלויז פאַרבונדן מיט די פאָלגן פון דער יידישער קאַטאַסטראָפע אין אייראָפּע (ווי צום ביישפּיל, די פראַגע פון די יידן אין די אַראַבישע לענדער), קאָן דער יידישער וועלט־קאָנגרעס מיט רעכט באַטראַכטן זיין היסטאָרישע ביישטייערונג צו דער לייזונג פון די יידישע נאָך־מלחמה־פּראָבלעמען אַלס דעם שטאַרקסטן באַווייז פאַר דער וויכטיקייט פון זיין אַרבעט לטובת באַשיצן די רעכט און אינטערעסן פון די יידישע קיבוצים איבער דער גאַנצער וועלט אין אונדזער איצטיקן דור.

# מדינת-ישראל און דאָס יידישע פאָלק

דר. נחום גאָלדמאַן

(אַמטירנדיקער פּרעזידענט פון יידישן וועלט־קאָנגרעס)

דאָס וויכטיקסטע פּראָבלעם אין יידישן לעבן ביי היינטיקן טאָג (און עס וועט נאָך זיין וויכטיק פאַר א לענגערער צייט) איז די באַציונג צווישן מדינת ישראל און דעם יידישן פאָלק. די לייזונג פון דעם פּראָבלעם איז די היסטאָרישע אויפגאַבע פון אונדזער דור, וועלכער האָט באַשאַפן דעם יידישן שטאַט. נאַיוו איז דער געדאַנק אַז דער דאָזיקער פּראָבלעם עקזיס־טירט נישט. די דערפאַרונגען פון די לעצטע דריי יאָר, זינט דער גרינדונג פון דעם שטאַט, באַווייזן אַז די פּראָבלעם עקזיסטירט יאָ און האָט אַ סך פאַרשידענע אַספּעקטן און אויסדרוקס־פאָרמען. עס איז אויך אומ־פאַרמיידלעך אַז דאָס זאָל זיין אַזוי. יעדע היסטאָרישע עוואָלוציע, ווי פּאָ־זיטיוו און שעפעריש זי זאָל נישט זיין, האָט אירע נעגאַטיווע אַספּעקטן. קיין שום היסטאָרישער פאַקט קאָן נישט זיין אבסאָלוט גוט און פּאָזיטיוו, ווייל, אין לעבן, מוז באַצאָלט און קאָמפּענסירט ווערן יעדעם געווינס. דאָס געזעץ פון געווינס און קאָמפּענסאַציע איז אויך גילטיק פאַר מדינת יש־ראל. די שאַפונג פון ישראל אלס שטאַט האָט רייכער געמאַכט דאָס יידי־שע לעבן און האָט געלייגט דעם גרונדשטיין פאַר דער לייזונג פון דעם יידי־שן פּראָבלעם. אָבער, אין דער גלייכער צייט, האָט די מדינה געמאַכט מע־רער קאָמפּליצירט דאָס יידישע לעבן און ארויפגעבראַכט אַ געפאַר וועלכע מוז ווערן אָנערקענט. די געפאַר ליגט אין דער מעגלעכקייט פון א פּסיכאָ־לאָגישער און גייסטיקער מחיצה צווישן ישראל און דעם יידישן פאָלק. די וועלכע זענען באַקאַנט מיט דער אידעאָלאָגיע פון ציוניזם ווייסן, אַז גרויי־

סע מנהיגים פון דער באוועגונג — דער וויכטיקסטער איז זיכער געווען דר. יעקב קלאצקין — האָבן פאָרוים געזען די אנטוויקלונג פון אזא מחיצה איינמאָל ווען דער שטאַט וועט זיין א פאַקט און האָבן איר אפילו געהאלטן פאַר אומפאַרמיידלעך. די גרינדונג פון א יידישער מלוכה, האָבן זיי געהאלטן, און די עקזיסטענץ פון ישראל־בירגער אין דער יידישער מדינה, וועלכע לעבן אומאָפּהענגיק, מיט זייער אייגענער שפראַך, זייערע מנהגים און ספּעציפישן קאָלעקטיוו־לעבן, מוז ברענגען דערצו, אז אין עטלעכע צענדליק יאָר ארום, זאָל זיך אויסקריסטאַליזירן א ישראל־טיפּ, וועלכער וועט זיין אינגאַנצן אנדערש ווי דער גלות־ייד, וועלכער לעבט צווישן אנדערע פעלקער און ווערט ארומגערינגלט מיט זייער לעבן און זייער קולטור. נאָך איינעם אָדער צוויי דורות, וואָלטן אזוי ארום געשאַפן געוואָרן צוויי טיפּן יידן, דער ישראל־ייד און דער נישט־ישראל־ייד. אָן א געמיינזאַמער שפּראַך און אָן דער מעגלעכקייט צו פאַרשטיין איינער דעם אנדערן. איך האָב קיינמאָל נישט געהאלטן פון דעם דאָזיקן געדאַנק, אָבער איך האָב אים באַטראַכט פאַר נישט ריכטיק נאָר צוליב דעם אליין וואָס דער ארגומענט באַשטעטיקט, אז די דאָזיקע אנטוויקלונג וועט זיין אומפאַרמיידלעך. עס וואָלט אָבער נישט געווען באַרעכטיקט אָפּצולייקענען די מעגלעכקייט פון אזא אנטוויקלונג. ווען עס וועט דערלאָזט ווערן אז אזא אנטוויקלונג זאָל זיך טאַקע אָנהייבן, און מיר וועלן נישט פּרווון איר צו דירינגירן און באַאיינפלוסן — קען אזא צעטיילונג צווישן ישראל־יידן און גלות־יידן זיך זייער לייכט פאַרווירקלעכן אין איינעם אָדער צוויי דורות שפּעטער. אי אין ישראל און אי אין גלות געפינען זיך נאַטירלעכע טענדענצן פאַר אזא שפּאַלטונג. די יידן אין ישראל קאָנצענטרירן זיך אלץ מער און מער אויף זייערע אייגענע פּראָבלעמען און, פאַרשטייט זיך, האלטן; אז דאָס גאַנצע יידישע לעבן איז פאַרוואָרצלט אין ישראל און אז אלע פּראָבלעמען זענען נישט צו וויכטיק. עס איז אויך פאַראַן א טענדענץ אין ישראל צו באַטראַכטן דעם גלות הויפּטזעכלעך ווי א קוואַל פון וועלכן מען קען שעפּן שטיצע און הילף, סיי פינאַנציעל און סיי מענטשן־פּיאָנערן. אויף דער צווייטער זייט איז פאַראַן א טענדענץ ביי א סך יידן אין גלות — א טענדענץ וועלכע נעמט שוין אָן באַאומרואיקנדיקע פאָרמען — צו גלויבן אז ישראל מוז שוין אליין אויף זיך נעמען די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר אירע בירגער און עס איז שוין נישט מער נויטיק און אפילו געפערלעך פאַר יידן אין אנדערע לענדער צו נעמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט

פאַר דער צוקונפט פון דער מדינה און זיך צו אידענטיפיצירן מיט איר. עס איז פאַראַן אַ מורא אַז מען קאָן באַשולדיקן די גלות־יידן אין דאָפּלטער לאָ־יאַליטעט און עס קען אָפּגעשוואַכט ווערן זייער פּאָזיציע אין די לענדער וווּ זיי וווינען. מען מוז מודה זיין אַז דאָס איז אַ דעליקאַטער ענין, אָבער, אין דער זעלבער צייט, איז עס אַזוי וויכטיק אַז קיין זאַך קען נישט זיין געפערלעכער ווי דאָס צו איגנאָרירן אָנשטאָט אויפצונעמען און באַהאַנדלען.

ווען עס וועט דערלאָזט ווערן אַז די דאָזיקע טענדענצן זאָלן וואַקסן אי אין ישראל און אי אין גלות, וועט פאַרגרעסערט ווערן ביסלעכווייז די מחיצה צווישן ישראל־יידן און גלות־יידן און — סוף כל סוף — קען קומען אַ טיפער תהום צווישןביידע. איך גלויב אַז אַזאַ אַנטוויקלונג, אויב זי זאָל דערלאָזט ווערן, וואָלט געווען אַ טראַגעדיע אי פאַר ישראל און אי פאַרן יידישן פאָלק. ישראל וואָלט געוואָרן אַ קליינע מדינה אין נאָענטן מזרח, אַרומגערינגלט פון אַ ים מיט אַראַבער, און געצוווּנגען זיך צוצופּאַסן צו זייערע פאָדערונגען, אָן שום האָפענונג צו קענען שפּילן אַן אַנדער ראָל ווי די פון אַלע קליינע מלוכות פון דער וועלט. אויף דער צווייטער זייט, די יידן אין חוץ לארץ, האָבנדיק געגעבן זייערע בעסטע מענטשן פאַר ישראל, און נאָכן פאַרלוסט פון די גרויסע יידישע צענטערן אין מזרח־ און צענטראַל־אייראָפּע, וועלכע זענען געוואָרן פאַרניכטעט פון היטלער־רעזשים, וואָלטן געווען פאַראורטיילט צו אַ מאָראַלישן און גייסטיקן פונאַנדערפאַל, וואָס וואָלט דערפירט צו אַ פולשטענדיקן אונטערגאַנג. אויב אַזאַ אַנטוויקלונג וואָלט געווען אומפאַרמיידלעך, וואָלט איך געהאַלטן אַז ציוניזם איז אַ דורכפאַל. אָבער איך קען זיך נישט פאָרשטעלן אַזאַ אַנטוויקלונג. איך קען נישט גלויבן אַז דער רעזולטאַט פון דער איינציגאַרטיקער געשיכטע פון יידישן פאָלק — די העראָישע עפּאָפּייע, די געשיכטע פון ליידן און קאַמף, פון פאַרפאָלגונגען און ווידערשטאַנד דורך דורות און דורות — זאָל זיין די גרינדונג פון אַ קליינער מלוכה פון איין אָדער צוויי מיליאָן יידן, פון איין זייט, און דער פונאַנדערפאַל פון יידישן פאָלק אַחוץ דער מלוכה, פון דער צווייטער זייט. דאָס יידישע פאָלק האָט שטענדיק געחלומט וועגן דער ווידער־אויפלעבונג פון זיין מלוכה, אָבער צוזאַמען מיט דער וויזיע זענען זיי געווען זיכער צו זיין אַ עם־עולם, אַ וועלט־פאָלק. ווען ישראל בלייבט פאַרבונדן מיטן יידישן פאָלק אין חוץ לארץ, געניסנדיק פון דער אוניווערסאַליטעט פון יידישן לעבן, זיינע גרויסע האָריזאָנטן, זיין קאָנטאַקט מיט די ציוויליזאַציעס פון דער גאַנצער

וועלט, וועט די מלוכה, כאָטש גייסטיק, קענען געבן א וויכטיקן בייטראָג צו דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע, ווי ישראל האָט דאָס געטאָן אין די אַלטע צייטן, נישט געקוקט אויף איר קליינעם שטח. דאָס יידישע פאָלק, פון זיין זייט, ווען עס וועט בלייבן פארבונדן מיט ישראל, וועט געניסן פון דער שעפערישקייט פון דער נייער מלוכה, פון אירע קוואלן פון ענערגיע, הויכער מאָראל און גייסטיקע ווערטן. נאָר א צושטאַנד ווו דער קאָנטאַקט צווישן ישראל און דעם יידישן פאָלק ווערט אַלץ בעסער און וואַקסט ביז צו א טיפן קענגנזייטיקן צוזאַמענזיין מיט א גייסט פון קעגנזייטיקער פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט פאַר א געמיינזאַמען גורל און דרינגט זיי דורך מיט דעם געדאַנק, אַז ישראל איז אומבאַדייטנדיק אָן דעם יידישן פאָלק און, אַז דאָס יידישע פאָלק אָן ישראל איז נאָך ווינציקער ווערט — נאָר אַזא לאַגע וועט ברענגען דערצו אַז מדינת ישראל איז א טייל פון לעבן פון יידישן פאָלק און קען אויספורעמען זייערע קעגנזייטיקע באַציונגען. דער דאָזיקער ציל קען נישט דערגרייכט ווערן אָן גרויסע אָנשטרענגונגען, גרויסע דערציערישע אַרבעט, א פעסטן באַשלוס און אָן אמת רעוואָלוציאָנערן גייסט. עס זענען פאַראַן יידן, ווע‏מעס שוואַכן און פחדנישן כאַראַקטער מיר קענען שוין פון לאַנג, וואָס ווילן אפשר זיך אַנטקעגן שטעלן קעגן אונדז. אָבער איך האַלט, אַז די אמתע אויפגאַבע פון ציוניזם היינט, איז צו איבערציינגן דאָס יידישע פאָלק אַז זיין שטיצע און הילף איידער די יידישע מלוכה איז געגרינדעט געוואָרן איז בלויז אַן אָנהייב, וועלכער מוז ווייטער אָנגיין מיט דער פעסטער איבערציי‏גונג און דעם שטאַרקן ווילן זיך צו אידענטיפיצירן מיט דער מלוכה און אַזוי אַרום איר מאַכן פאַר אַן אינטעגראַלן טייל פון יידישן לעבן אין דער גאַרער וועלט. אמת, היינט איז א סך שווערער אויפצוהאַלטן די איינהייט פון יידישן פאָלק ווי אין דער פאַר־גאַנגענהייט, אָבער איינמאָל ווען די דאָזיקע איינהייט וועט זיין דערגרייכט, קען זי זיין א סך פּראָדוקטיווער און שעפערישער ווי פריער.

דער יידישער וועלט־קאָנגרעס מוז שפּילן א וויכטיקע ראָל אין דער דער־גרייכונג פון דעם היסטאָרישן ציל. וואָס מער דאָס יידישע פאָלק אין גלות וועט זיין אָרגאַניזירט אַלץ גרינגער וועט עס זיין צו רעגולירן זיינע באַציונ־גען מיט יידישן שטאַט. צוליב א גאַנצע ריי סיבות קען די ציוניסטישע באַ־וועגונג זיך נישט אונטערנעמען צו פאַרנעמען זיך מיט יידישע פּראָבלעמען אין גלות, ספּעציעל ווען עס האַנדלט זיך וועגן דער פּאַרטיידיקונג פון יידישע רעכט און פּאָזיציעס. דאָס מוז געטאָן ווערן דורכן יידישן וועלט־

קאָנגרעס, וועלכער פארטרעט די פארשידענע יידישע ישובים אויף א באַזיס פון פרייוויליקער קאָאָפעראציע. עס איז אָבער קלאָר אז דער יי.וו.ק. אָרגאניזירנדיק דאָס וועלט־יידנטום צו פארטיידיקן זיינע רעכט און אינטערעסן, אנטוויקלען דאָס יידישע לעבן און אָפּהיטן דעם יידישן קיום, וועט מוזן ארבעטן אין אן ענגער קאָאָפעראציע מיט ישראל און דער ישראל־רעגירונג. יידן אין ישראל מוזן ווערן אן אינטעגראלער טייל פון יידישן וועלט קאָנגרעס און אזוי ארום וועט פארשטארקט ווערן זייער געפיל פון פאראַנטוואָרטלעכקייט לגבי דעם יידישן גורל אין חוץ לארץ. פון דער צווייטער זייט, ווען דאָס יידישע פאָלק אין חוץ לארץ וועט זיין דורכגעדרונגען מיט דעם געדאנק פון זיין פאראַנטוואָרטלעכקייט פאר דער צוקונפט פון ישראל, וועט דאָס זיין א וויכטיקער פאקטאָר צו פארשטארקן די צוגעבונדנקייט פון יידן אומעטום מיט דער נייער יידישער מלוכה.

דאָס איז איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבן פון יידישן וועלט־קאָנגרעס און דאָ נויטיקט זיך א נאָנטע קאָאָפעראציע צווישן דעם יידישן וועלט־קאָנגרעס און דעם ציוניזם פון איין זייט און דעם יידישן וועלט קאָנגרעס מיט דעם יידישן פאָלק פון דער צווייטער זייט. נאָר מיט אזא קאָאָפעראציע קען ווערן דערגרייכט די הויפּט־אויפגאַבע פון דעם היינטיקן יידישן דור לטובת ישראל און לטובת דעם גאנצן יידישן פאָלק.

# דאָס יידישע פאָלק מאַרשירט באַרג-אַרויף



ד״ר. יצחק שוואַרצבאַרט

אַ בילד פון דער סיטואַציע פון אונדזער פאָלק אין דער איצטיקער תקופה.

צוויי געשעענישן, איינע אַ טראַגישע, די צווייטע אַ פריילעכע, האָבן אַנטשיידנדיק באַאיינפלוסט דעם ווייטערדיקן גאַנג פון דער יידישער געשיכטע אין די היינטיקע פּאָזיציעס פון אונדזער פאָלק. ביידע זענען געשען אין די לעצטע צען יאָר: דער פאַרלוסט פון מער ווי איין דריטל פון אונדזער פאָלק, און די גרינדונג פון דער באַנייטער יידישער מלוכה.

דאָס לעבן פון אַ פאָלק בלייבט נישט שטיין, נישט אויף איין מינוט. עס איז אַ שטענדיקער קאַמף. נישט נאָר דאָס לעבן פון אונדזער פאָלק. פון אַ יעדן פאָלק. אָבער אין דעם ים פון געשעענישן, אין דעם אייביקן שטראָם פון דער צייט, דערהויבן זיך פון צייט צו צייט באַזונדערע געשעענישן, וואָס באַאיינפלוסן דאָס לעבן פון אַ פאָלק נעגאַטיוו אָדער פּאָזיטיוו. מיר, דאָס פאָלק פון טויזנטער יאָרן פון געשיכטע, האָבן אין פאַרשידענע תקופות געהאַט סיי שרעקלעכע סיי גרויסע, דערהויבנדיקע מאָמענטן. אָבער אויף דעם גאַנצן מהלך פון די לעצטע כמעט צוויי טויזנט יאָר זינט דעם חורבן בית שני זענען די צוויי געשעענישן, וועלכע זענען פאָרגעקומען אין די לעצטע 10 יאָר, בלי ספק די שטאַרקסטע און די גרעסטע. נישט נאָר אין דעם געפיל פון דעם איצטיקן דור, וועלכער האָט זיכער נאָך נישט די נויטיקע פּערספּעקטיוו צו די דאָזיקע צוויי געשעענישן, נאָר אויך די קומענדיקע דורות, וואָס וועלן שטיין ווייטער פון די דאָזיקע געשעענישן,

אין אַפילו דער קומענדיקער היסטאָריקער, וועלכער וועט פּרווון צו זיין רואיש און אָביעקטיוו, וועט מוזן פסקענען, אַז אַט די צוויי געשעענישן האָבן געהאַט דעם טיפסטן איינפלוס אויף דעם גאַנג פון אונדזער הערלעכער, וואונדערבאַרער, ליידנספולער און טראָץ דעם שעפערישער געשיכטע.

מיר אַלע, וואָס ליבן אונדזער פאָלק, וואָס ליבן די מענטשהייט, די בעסערע מענטשהייט דורך אונדזער פאָלק, מיר אַלע שטעלן זיך היינט די פראַגע: וואָס וועט זיין די וויטערדיקע אַנטוויקלונג פון אונדזער פאָלק? וועלכע זענען די כוחות, וואָס גראָבן אונטער זיין קיום און וועלכע זענען די כוחות, וואָס שטעלן זיך אַנטקעגן די כוחות פון צעשטערונג, און בויען, בויען, בויען, טראָץ אַלע מניעות, מיט דעם אומשטערבלעכן יידישן אָפּטימיזם ווייטער, ווייטער און ווייטער.

דאָס אויפקומען פון אַ באַנייטער יידישער מלוכה נאָך אַזאַ לאַנגער צייט פון מאַטערניש באַדייט נישט מער און נישט ווייניקער פאַר אונדזער פאָלק ווי די שאַפונג פון אַ צענטער פאַר דעם גרויסן קרייז פון אונדזער גלות לעבן, אַן אָנשפּאַר, אַ נייעם קוואַל פון האָפענונג און אַ זין ציל און צוועק פאַר אונדזער גאַנצן נאַציאָנאַלן לעבן. אַפילו אין די רייכסטע און שענסטע תקופות פון אונדזער גלות לעבן האָבן מיר אַזאַ ממשותדיקן ציל נישט געהאַט, מיר האָבן זיך איינגערעדט אַ סך פאַרשידענע צילן, אָבער דאָס זענען געווען אילוזיעס, דאָס זענען געווען צילן, וועלכע זענען געשאַפן געוואָרן דורך אונדזער פאַרצווייפלונג, דורך דעם נאַטירלעכן דראַנג פון מענטשן און פעלקער, פון ציוויליזירטע מענטשן און ציוויליזירטע פעלקער, נים נאָר צו לעבן אין דעם ביאָלאָגישן זין פונם וואָרט, נאָר צו געבן אַ ביישטייער צו פאָרטשריט, שיינקייט, גערעכטיקייט און מאָראַל פון דעם מענטשלעכן לעבן.

די מוטער פון דער אַסימילאַציע איז געווען די פאַרצווייפלונג. עס איז נישט געווען פאַראַט, ווייניקסטנס נישט אין געדאַנקענוועלט פון די שעפער פון אַסימילאַציע. אָבער זיי אַליין האָבן געפילט, אַז פרעדיקן דעם אונטערגאַנג פון אייגענעם פאָלק איז נישט קיין העראָאישע טאַט. דער יידישער געניוס, וואָס האָט כמעט פונם אָנהויב אָן פון אונדזער עקזיסטענץ תמיד געשאַפן גרויסע געדאַנקען, גרויסע אידעאַלן פאַר דער מענטשהייט, אַט דער יידישער געניוס האָט אַפילו די אַסימילאַנטן באַוויזן צו פאַרקלאָמירן די אידייע פון דער יידישער מיסיע צווישן פעלקער צוזאַמען מיט דער אַסימילאַציע. זיי האָבן געפילט, אַז אַפילו אויפן וועג צום אונטערגאַנג מוזן

יידן נאָך איבערלאָזן דער וועלט די גרויסע געדאַנקען פון מאָראַל און פרידן צווישן פעלקער און דערפאַר האָבן זיי געפּרעקדים די דאַזיקע מיסיע. זי איז געבליבן אַן אילוזיע. זי איז געוואָרן אַ קוואַל פון שרעקלעכער פּיין פאַר אונדז, ווייל פעלקער האָבן באַטראַכט דעם מיסיאָניזם פון דער אַסימילאַציע אַלס אַ גאַווה'דיקע אונטערנעמונג פון יידן און אַפילו אַלס אַ פּרווו צו „פאַרסמען" די פעלקער מיט דעם יידישן גייסט. עס האָט אונדז נישט געהאָלפן.

און דאַן האָבן מיר זיך געקלאַמערט אָן אַן אַנדערער אידייע: נישט אונטערגאַנג, נאָר אייביקייט דורך פרומקייט, דורך חסידיזם. מלכות ישראל האָבן מיר געוואָלט פאַרבייטן מיט מלכות אמונה. אין די צייטן פון טעאָדאָר הערצל איז די דאַזיקע שטרעמונג פון פאַראייביקן דעם קיום פון אונדזער פאָלק נאָר אויפן וועג פון אונדזער רעליגיע געווען איינער פון די שאַרפסטע קעגנער פון ציוניזם און מלוכהישן געדאַנק. עס איז אויך נישט געווען פאַראַט, עס איז געווען אַן אַנדער מין פון פאַרצווייפלונג. עס איז געווען אַ פּרווו אונדזער פאָלק צו ראַטעווען פון שטערבלעכער ערדישקייט צו אייביקייט. די דאַזיקע שטרעמונג האָט דערגרייכט אומגעהייערע טיפעניש פון ליבע צו אונדזער פאָלק, אָבער זי איז אויך אַריינגעפאַלן אין אַ פאַרפּלאָנטערטן, לעבנספרעמדן מיסטיציזם. עס האָט אונדז אויך נישט געהאָלפן. דאָס פאָלק איז נישט שטאַרקער געוואָרן אין זיין קיום דורך דער דאַזיקער שיינער, וועלטפרעמדער ליבשאַפט צו אונדזער פאָלק. די דאַזיקע אידייע איז געוואָרן אַ קוואַל פון גליק פאַר יחידים, אָבער גלייכצייטיק אַ מקור פון ליידן פאַרן פאָלק, ווייל דאָס גליק פון אַ פאָלק אויף דער וועלט איז תמיד אַ פועל יוצא פון דעם יחס פון דער אַרומיקער וועלט צו אַ פאָלק. און דווקא די דאַזיקע וועלט האָט דעם דאַזיקן יידישן יחס צום לעבן נישט געקאָנט פאַרשטיין.

אַנדערע טיילן פון אונדזער פאָלק האָבן געפּרוווט באַפעסטיקן דעם קיום פון אונדזער פאָלק צווישן פעלקער אויפן וועג פון פאַרווירקלעכן סאָציאַליזם. עס איז אויך געווען אַ גראַנדיעזע אידייע. פרייע, גערעכטע פעלקער אָרום און אָרום אויף דער גאַנצער גערייניקטער וועלט און צווישן זיי דער ייד, אונדזער פאָלק, הגם צעזייט און צעשטיקלט צווישן צענדליקער לענדער, אָבער פריי און גלייכבאַרעכטיקט אין זיינע פראַגמענטן! דאָס איז געווען די גרויסע אידייע פון דעם גלותיסטישן סאָציאַליזם. אַלע פעלקער אין דער וועלט האָבן באַטראַכט די מלוכהשע פאָרם פון זייער עקזיסטענץ אַלס אַ

נאַטירלעכע און אַפילו דער סאָציאַליזם פון פאַרשידענע פעלקער איז נע־ וועזן נאָר אַ נייער אינהאַלט אין דעם מלוכהשן געפעס. נאָר דער יידישער גלות־סאָציאַליזם איז געווען געבויט אויף דעם פּרינציפּ, אַז אייגענע מלוכה־ שאַפט איז איבערפליסיק. די קעגנערשאַפט צו דער אידייע פון באַפעסטיקן אונדזער קיום דורך אַ נײַ־געשאַפענער מלוכה איז געווען אַזוי גרויס אין דער געדאַנקנוועלט פון בלערליי מינים פון יידישע גלות סאָציאַליסטן, מיט דעם „בונד" בראש, אַז אויך דער דאָזיקער יידישער סאָציאַליזם איז געוואָרן אַ מין גלות־מיסיאָניזם, אַ פּראָלעטאַרישער, נישט קיין אַלגעמיין נאַציאָנאַ־ לער. און אַזוי איז דער פּאַראַדאָקס געוואָרן מעגלעך, אַז דער יידישער גלות סאָציאַליזם האָט באַגריסט און אונטערשטיצט סאָציאַליזם אין דער גאַרער וועלט, אין יאַפּאַן און אין כינע, אין ניי־זעלאַנד און אין אַמעריקע, אָבער נאָר אין איין לאַנד, דעם יידישן, האָט ער דעם סאָציאַליזם, און דעם אַרבעטער קלאַס באַקעמפט און זיך אים אַנטקעגנגעשטעלט: אין ארץ־יש־ ראל! איך אונטערשטרייך, נישט נאָר באַקעמפט ציוניזם בכלל נאָר אַפילו סאָציאַליסטישן ציוניזם. אַזוי ווייט איז דערגאַנגען דער גלותיזם פון אָט דעם דאָזיקן יידישן סאָציאַליזם! זיינע כוונות זענען געווען ריינע, אָבער ווידער פאַלשע, ווי עס האָט באַוויזן ביז איצט דער עקספּערימענט פון פופציק יאָר. און אַפילו דער סאָציאַליזם פון אַנדערע פעלקער האָט גאָר ווייניק פאַרשטענדעניש באַוויזן פאַר דעם דאָזיקן יידישן גלות סאָציאַליזם. דאָס איז געווען די טראַגעדיע פונם בונדיזם. דער סאָציאַליזם פון אַנדערע פעל־ קער, צו וועלכן דער „בונד" האָט אויסגעשטרעקט די האַנט, האָט פאַר־ לאַנגט אָדער דערוואַרט פון דעם יידישן סאָציאַליזם — נאַציאָנאַלע אַסימילאַציע.

און אַזוי איז דאָס רייכע פאַרביקע, שאַפנדיקע, ליידנדיקע לעבן פון אונדזער פאָלק געבליבן אַ קרייז אָן אַ צענטער, אַ געראַנגל אָן אַן אָנשפּאַר, אַ האָפענונג אָן אַ רעאַליטעט, אומרו און זיכערקייט, אָן אַן ארכימעדישן פּונקט.

דעם דאָזיקן ארכימעדישן פּונקט אין אונדזער לעבן האָט געשאַפן ערשט די יידישע מלוכה. איצט האָבן מיר אַן אָנשפּאַר, אַן אָנהאַלט, אַן איי־ גענע לאַבאָראַטאָריע, אַ ציל, אַ צוועק פאַר אונדזער לעבן וואָס וואַלגערט זיך און לויפט איבער צענדליקער לענדער, אַהין און צוריק, אויף און אַרונ־ טער, דורך הונדערטער יאָרן. מיר האָבן ווידער באַקומען אַ צענטער, אַ

מאַגנעטיש פעלד, וואָס ציט אָן די פראַגמענטן פון אונדזער פאָלק: אַ נייע, אייגענע רעאַליטעט!

דאָס איז דאָס גרויסע געשעעניש פון אָן אַנטשיידנדיקער באַדייטונג.

די מלוכה האָט נאָך נישט דערגרייכט דעם צושטאַנד פון פּאָליטישער מיליטערישער און עקאָנאָמישער זיכערקייט, אָבער וועלכע מלוכות אין דער גאַנצער וועלט, מיטן אויסנאַם פון עטלעכע גאָר גרויסע, האָבן די דאָזיקע זיכערקייט? וועלכע מלוכות אין דער וועלט זענען פריי פון שטענדיקן קאַמף פאַר לעבן? אוודאי זענען די עקזיסטענץ־באַדינגונגען פון דער נייער מלוכה נאָך נישט באַפעסטיקט, אָבער עפּעס איז דאָך געשען, וואָס אפילו אויפריכטיקע קעגנער פון דער ציוניסטישער אידעע מוזן צוגעבן: יידן, וואָס קאָנען אָדער ווילן נישט לעבן אין מאַנכע אַנדערע לענדער, האָבן אַן אָפן איינוואַנדערונגס־לאַנד, וואָס ווייל זיי ש ט ע נ ד י ק אויפנעמען, אפילו קראַנקע ווערן אויפגענומען פון דער נייער מלוכה ווי קינדער פון אַ מאַמען! די גייסטיקע לאַבאָראַטאָריע פון אונדזער פאָלק איז געוואָרן אומאָפּהענגיק. טויזנטער יאָרן לאַנג זענען מיר אין די אויגן פון פעלקער געווען נאָר סוב־לאָקאַטאָרן, איצט האָבן מיר אַן אייגן היים, אַ קליינס, אָבער אַן אייגנס. נישט נאָר הערצלס אידעע, נאָר אויך אחד העמס אידעען פאַרווירקלעכן זיך. עס איז דאָ אַ צענטער פון וועלכן לערער, ביכער, געדאַנקען און האָפענונג קאָנען באַפרוכטן און באַלעבן דעם ווייטערדיקן מהלך פון אונדזער לעבן, וואָס ווערט אויסגעדאַרט דורך אַ נאַטירלעכער אַסימילאַציע אין אַלע אירע פאָרמען, דורך יענער אַסימילאַציע, וועלכע האָט במשך פון טויזנטער יאָרן מיליאָנען פון דער סובסטאַנץ פון אונדזער פאָלק אוועקגענומען און פאַרזונקען אין דעם שטראָם פון לעבן פון אַנדערע פעלקער. דאָס באַדייט דאָך עפּעס! ציוניזם איז אַזוי אַרום די איינציקע אידעע אין דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק, וועלכע האָט ביז איצט מנצח געווען. אַלע דריי גרויסע אידעען, וועלכע איך האָב אויבן דערמאָנט, זענען געבליבן אָדער אילוזיעס, וואָס זענען צעקלאַפּט געוואָרן דורך דער ווירקלעכקייט, אָדער האָפענונגען אָן ממשותדיקייט אין לעבן פון אָנהייב אָן. נאָר די ציוניסטישע „אוטאָפּיע" איז געוואָרן אַ ווירקלעכקייט און די דאָזיקע ווירקלעכקייט איז נאָך גרעסער, ווייל זי איז געקומען נאָך דעם ים פון בלוט און טרערן פון אונדזער פאָלק, נאָך דער שרעקלעכער קאַטאַסטראָפע, וועלכע האָט — אַזוי האָט עס אויסגעזען — געקלונגען ווי אַ שרעקלעכער „אל מלא רחמים" איבער אונדזער פאָלק. אונדזערע ברידער און שוועסטער,

וועלכע זענען געפאַלן אויף די באַריקאַדן פון דעם פאַרצווייפלטן אויפשטאַנד אין דעם געטאָ אין וואַרשע, האָבן אין זייערע לעצטע מינוטן געזען פאַר זיך די פאַרווירקלעכונג פון אונדזער מלוכהשן חלום און דאָס האָט זיי געגעבן כוח צו שטאַרבן אין האָפענונג. און זייער חלום איז פאַרווירקלעכט געוואָרן!

דאָס איז איין זייט פון דעם בילד פון אונדזער פאָלק אין דער איצטיקער תקופה. אָבער עס איז נאָך דאָ אַ צווייטע.

אונדזער פאָלק איז איינס. דאָס איז דער ווילן פון אונדזער טויזנטיאָריקער געשיכטע. דאָס קאָנען נישט ענדערן אפילו נישט יענע, וואָס פּרעדיקן נאָך היינט, אַז מיר זענען נישט קיין פאָלק, אָדער וואָס פּרעדיקן, אַז מיר זענען פאַרשידענע „יודענטימער". עס העלפט נישט! דער גורל איז שטאַרקער! ער שמידט אונדז צוזאַמען, אויב נישט דורך אונדזער אייגענעם ווילן, דאַן דורך דעם ווילן פון די אומות העולם. און דערפאַר גילט די באַטראַכטונג פון אונדזער קיום און המשך נאָר אויף דעם ברייטן פעלד, פון דעם איינהייטלעכן, מאָנאָליטישן, אומצעטיילבאַרן פּראָבלעם פון אונדזער עקזיסטענץ אַלס פאָלק. די יידישע מלוכה האָט נאָר געשאַפן אַ צענטער, וועלכער קאָן וואַקסן, קאָן ווערן גרעסער, שטאַרקער, אַרומנעמען וואָס מער אַ גרעסערן טייל פון אונדזער פאָלק, אָבער עס בלייבט דער פאַקט, אַז פון 11 מיליאָן יידן אין דער גאָרער וועלט, זענען היינט נאָך דאָ 9½ מחוץ דער יידישער מלוכה. אין אָט דעם רעזערוואַר פון כוחות קעמפן מיט זיך ווייטער דעסטרוקציע מיט אויפבוי. און די כוחות פון דעסטרוקציע זענען שטאַרקער ווי די כוחות פון אויפבוי, ווייל דאָס לעבן אַרום אונדז, פון וועלכן מיר זענען נאַטירלעך אָפּהענגיק, שאַפט פאַקטאָרן, וועלכע פירן ממילא צו דעסטרוקציע, אפילו אָן אַנטיסעמיטיזם. דער נאַטירלעכער מענטשלעכער געיעג נאָך באַקוועמלעכקייט אין אונדזער לעבן ווערט אין גלות אַ שותף און אַ העלפער פאַר די כוחות, וואָס צעשטערן אונדז. עס איז אַ סך לייכטער זיך וועלן איינשפּאַנען אין דער רעגירנדער מאַיאָריטעט און גיין מיט דעם שטראָם אַלס פּריוואַטער יחיד, ווי צו גיין אָדער צו קעמפן קעגן דעם שטראָם און זיך דורכברעכן אַ וועג צו יידישקייט אין אַ נישט־יידישער אומגעבונג. עס איז זיכער אַ סך לייכטער צו לעבן אין גלות אָן יידישקייט ווי מיט יידישקייט. אָבער ווער עס ווילט אָט דעם לייכטערן וועג לעבט באַקוועמער, אָבער ער פאַרשווינדט אַלס אַקטיווע פּאָזיציע אין אונדזער פאָלק.

אָבער אחוץ די נאָרמאַלע כוחות פון כסדרדיקער צעשטערונג וועלכע ווירקן קעגן אונדז אין יעדן לאַנד, ווו מיר לעבן אָדער ווערן באַטראַכט אַלס מיטגלידער פון אַ היסטאָרישער רעליגיעז־נאַציאָנאַלער מינאָריטעט, זענען פאַראַן אַלגעמיינע כוחות פון צעשטערונג, וואָס האָבן אַן השפעה אויף אונדזער גורל, ווו מיר זאָלן נישט לעבן. עס קאָמבינירן זיך אַזוי לאָקאַלע כוחות מיט אַלגעמיינע כוחות און דער דאָזיקער אומשטאַנד שאַפט פאַר אונדזער פאָלק נאָך אַ דאָפּלטע התחייבות צו פאַרשטאַרקן אונדזערע אָנ־שטרענגונגען מיט פאַראייניקטע כוחות, כדי כאָטש אין אַ געוויסער מאָס גוטצומאַכן די פאַרלוסטן און אָפּשוואַכן די שוועריקייטן, וואָס שטעלן זיך אונדז אַנטקעגן אויף אונדזער קאַמפּס־וועג כדי צו פאַרבלייבן יידן.

עס זענען דאָ עטלעכע כוחות פון דעם דאָזיקן אַלגעמיינעם מין.

ראשית כל האָט די נאַציאָנאַלע קאַטאַסטראָפע, אין וועלכער מיר האָבן פאַרלוירן זעקס מיליאָן יידן, געהאַט, האָט און וועט האָבן נאָך לאַנג אַ טיפן איינפלוס אויף דעם באַשטאַנד פון אונדזער פאָלק — ביאָלאָגיש, קולטורעל און גייסטיק, און אפילו אויך פּאָליטיש. בקיצור, די דאָזיקע קאַטאַסטראָפע איז אין אירע פאָלגן נישט מער גוטצומאַכן. מדינת ישראל האָט פאַר־לוירן דעם הויפּט צענטער פון אימיגראַציע און אונדזער פאָלק בכלל האָט פאַרלוירן אומגעהייער גרויסע קוואַלן פון באַנייאונג און איך וואָלט אפילו געזאָגט, די מענטשהייט האָט פאַרלוירן אַ באַשטאַנדטייל, אַ וויכטיקן, פאַר איר פאָרשטריט.

עס איז דאָ אַ ווייטערדיקער צושטאַנד אין אונדזער לעבן, וועלכן איך וויל דאָ בקיצור באַטראַכטן. ער ליגט נישט אויף דער זעלבער פלאַך ווי אונ־דזער לעצטע שרעקלעכע קאַטאַסטראָפע, אָבער פונדעסטוועגן איז זיין נאַ־ציאָנאַלע באַדייטונג אויך אַ געוואַלטיק נעגאַטיווע פאַר אונדזער פאָלק. דער טייל פון אונדזער פאָלק, וואָס לעבט היינט אין סאָוויעט רוסלאַנד, איז אַ יורש פון דעם שענסטן, אַקטיווסטן, התלהבותדיקסטן טייל פון אונדזער פאָלק. אין אים איז געווען פאַרקערפּערט צוזאַמען חכמה מיט געפיל, יידישער שטאָלץ און הבת־ציון. עס איז געווען אַ הערלעכער, מעכטיקער צווייג אויף אונדזער בוים. היינט זענען די צוויי מיליאָן יידן אין סאָוויעט רוסלאַנד ווי אַן אַמפּוטירטער טייל פון אונדזער גוף. אָפּגעריסן און אָפּ־געשניטן און דערפאַר פאַראורטיילט, אויב באַדינגונגען וועלן זיך נישט בייטן, צו גיין פאַרלוירן פאַר אונדזער פאָלק. צוויי מיליאָן פון אונדזער אויסגעבלוטיקט פאָלק אויך ווייטערדיקע זעקס הונדערט טויזנט יידן אין

עטלעכע לענדער, וואָס זענען פּאָליטיש באַהערשט פון רוסלאַנד און קאָמו־ניזם אין מזרח אייראָפּע געפינען זיך אויף דעמזעלבן וועג־ אפשר וועט אויך דאָרט קומען צו אַן ענדערונג צום בעסערן און אפשר וועט אפילו אין דעם איצטיקן פּאָליטישן רעזשים געפונען ווערן אַ וועג פון צוזאַמענהאַנג מיט אונדזער פֿאָלק, בעיקר אין בולגאַריע, אין יוגאָסלאַוויע און אויך טיילווייז אין טשעכאָסלאָוואַקיע און אין פּוילן. די רעשטלעך פון די דאָזיקע ישובים זענען אויך באַדראָאָט מיט אַטראָפּיע. מיר וואָלטן מיט דער גאַנצער מאַכט פון אונדזער נאַציאָנאַלן ווילן געוואָלט ווידער אויפבויען די צוזאַמענאַרבעט מיט די דאָזיקע טיילן פון אונדזער פֿאָלק, אָבער היינט האָבן מיר נישט די כוחות דערצו. דער יידישער וועלט קאָנגרעס האָט געטאָן אַלץ, וואָס נאָר מעגלעך, כדי אויפצוהאַלטן די דאָזיקע צוזאַמענאַרבעט און צו דערמעגלע־כן אַ קעגנזייטיקע צירקולאַציע פון כוחות מיט יידן אין סאָוויעט רוסלאַנד, אָבער לעת עתה האָבן זיך די דאָזיקע אָנשטרענגונגען נישט איינגעגעבן. נישט נאָר מיר, נאָר אויך אַנדערע שטאַרקע פֿעלקער האָבן נישט די כוחות צו באַ־איינפלוסן דאָס לעבן אויף דעם דאָזיקן געוואַלטיקן געביט פון היינ־טיקן מזרח אייראָפּע. עס איז פון אונדזער נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט נישט וויכטיק צי דער דאָזיקער פֿאַרלוסט איז אַ פּועל יוצא נאָר פון אַן אַלגעמיי־נעם פּאָליטישן און סאָציאַלן סיסטעם, וואָס טרעפט נישט נאָר אונדז נאָר אויך פֿאַרשידענע אַנדערע פֿעלקער און מינאָריטעטן, אָדער צי איז ער אַ רעזולטאַט פון אַ דירעקטער אַנטי־יידישער טענדענץ — דער נעגאַטיווער רעזולטאַט בלייבט פֿאַר אונדזער נאַציאָנאַלן באַשטאַנד אין ביידע פֿאַלן דערזעלבער.

און אַ ווייטערדיקער פֿאַקטאָר, וואָס פּרוּווט צו צעשטערן די גרונטלאַגן פון יידיש ־ נאַציאָנאַלן המשך, איז — דער קאָמוניזם בכלל. אויך אוי־סערהאַלב פון סאָוויעט רוסלאַנד און אויסערהאַלב פון די סאָוויעט רוסלאַנד באַהערשטע לענדער! דער קאָמוניזם איז בטבע נישט אַנטיסעמיטיש אין זיין וועלט אָנשויאונג, אָבער ער צעשטערט אונדזער פֿאָלק פּאַקטיש. קאָמו־ניסטן פון יידישער אָפּשטאַמונג האָבן „נאַטירלעך" דעם חוב צו זיין מער פֿאַרביסן קעגן יידן, ווי נישט־יידישע קאָמוניסטן! קאָמוניזם באַדייט נישט נאָר בכלל דאָס פֿאַרוואַנדלען פון דער מ ע נ ט ש ה יי ט און פון דעם יחיד אין קנעכט פון אַ סיסטעם, אין מעכאַניזירטע אָביעקטן פון אַ טאָטאַ־ליטאַרער דיקטאַטור, אָבער ער צעשטערט אויך פּאַקטיש די גרונטלאַגן פון אונדזער היסטאָרישער, נאַציאָנאַלער צונויפגעבונדנקייט, דורך זיין דראַנג

צו אוניפאָרמירן די גאַנצע וועלט, צערייבט ער מיט די רעדער פון זיין
אימפּעריאַליזם ראשית כל די קליינע פעלקער, וואָס זענען נישט בכוח זיך
אים אנטקעגנצושטעלן מיט דערפאָלג, און צו די דאָזיקע קליינע פעלקער
געהערט אויך דאָס יידישע פאָלק. די אידעאָלאָגיע, וואָס פּרעדיקט אַז דער־
שוואַכער, אַז שוואַכע פעלקער, מוזן אונטערגיין, האָט אַ דייטש־ניטשעאַניס־
טיש־היטלעריסטישן מקור, אָבער דורכגעפירט אין דער פּראַקטיק און פּאָ־
ליטישן לעבן ווערט די דאָזיקע אידעאָלאָגיע אויך דורך דעם באָלשעוויזם,
הגם מיט טיילוויַיז אַנדערע מעטאָדן. נישט איינמאָל האָט דער קאָמוניזם און
סטאַלין דערקלערט, אַז מיר זענען נישט קיין פאָלק, טאָ זענען מיר נאַטיר־
לעך פאַר אים אַלס פאָלק הפקר! און הגם דער קאָמוניזם איז צווישן די
טיילן פון אונדזער פאָלק אין גלות אַ פאַרשווינדנדיקע מינאָריטעט, טראַכט
ער דאָך סיסטעמאַטיש אָפּצושוואַכן די פונדאַמענטן פון אונדזער קיום ווי
אַ כסדרדיקער טראָפּן פון וואַסער, וואָס טריפט שטענדיק אונטער די פונ־
דאַמענטן.

דאַן קומט אַן אַנדערע דעסטרוקטיווע קראַפט, וועלכע איז אין פאַרנעם
גאָר שטאַרק. זי איז עס, וואָס האָט גורם געווען צו אונדזער לעצטער שרעק־
לעכער קאַטאַסטראָפע. זי איז געריכטעט קעגן אונדזער פאָלק דירעקט מיט
אַ פראָנט אַטאַק. דער דאָזיקער כוח איז די אַליאַנץ פון כלערליי מינים פאַ־
שיזם, נעאָ־פאַשיזם, נאַציזם און נעאָ־נאַציזם. אַלע צוזאַמען זענען איינגע־
וויקלט און באַפליגלט מיט אַ מיליטאַנטן אַנטי־סעמיטיזם וואָס וויל עוקר
מן השורש זיין אונדזער פאָלק. די דאָזיקע כוחות ווערן אויך היינט געפירט
און אָרגאַניזירט דורכן דייטשן גייסט און דורך דעם שטאַרקן, נאַציסטישן
מין פון דייטשן אין דער גאָרער וועלט.

מיר הערן אָפט מצד מיטגלידער פון פאַרשידענע פעלקער, פאַר וועל־
כע דאָס יידישע פאָלק איז מער אָדער ווייניקער פרעמד, אַ פראַגע וועלכע
איז אפשר נישט אומפריינטלעך געמיינט, אָבער וואָס דריקט אויס אַן אומ־
אַנגענעמע פאַרוווּנדערונג. מיר הערן אָפט די פראַגע: פאַר וואָס האָבן די
דייטשן אויפגענומען דעם ריקזיכטסלאָזן קאַמף קעגן דעם יידישן פאָלק?
דער ענטפער איז, אַזוי גלויב איך, אַ קלאָרער. די יידישע אידעע רעפּרע־
זענטירט די אידעע פון הומאַניטעט און מאָראַל, פון פרידן און שוץ פאַר
דעם שוואַכן. דאָס איז דער היפוך פון דער דייטשער אידעאָלאָגיע, אַזוי ווייט
ווי זי ווערט רעפּרעזענטירט דורך דעם רוב פון איר גייסטיקע פאַרטרעטער
און וואָס זי ווערט פאַרווירקלעכט דורך דער פּאָליטישער געשיכטע פון דייטש־

לאַנד. נאָר דאָס דייטשע פאָלק האָט געשאַפן — אין דער פּערזאָן פון דעם געשיכטשרייבער, טרייטשקע — אַן אידעאַל פון קריג, פון אייביקן קריג אַלס לייטערונג פון דער מענטשהייט. דער דייטשער גייסט באַדייט אַן אַמאָראַלישע, פיזישע קראַפט, דעראָבערונג מיט געוואַלט, נשמהלאָזע טעכנישע און מעכאַנישע באַהערשונג פון דער וועלט, עקספּלואַטאַציע, חוצפּה און סופּעריאָריטעטס־קאָמפּלעקס. עס זענען דאָ פאַראַן אויך אַנדערע פעלקער, פאַר וועלכע קראַפט איז אַ גאָט, אָבער ביי קיין שום פאָלק איז דער מאַטעריאַליסטישער אידעאַל נישט אַזוי שטאַרק פאַרקערפּערט און רעאַליזירט ווי ביי דעם דייטשן פאָלק. און אָט דער דאָזיקער תהום צווישן יידישער און דייטשער אידעאָלאָגיע האָט געריצט דעם רוב פון דעם דייטשן פאָלק און גורם געווען צו דעם בוטאַלן פּרוּוו צו פאַרניכטן דעם קעגנער פון זיין פילאָזאָפיע און וועלט באַהערשונג אידעע. דאָס איז דער ענטפער צו יענע, וואָס פרעגן פאַרוואָס? זעלבסטפאַרשטענדלעך האָט די דייטשע פּראָפּאַגאַנדע געפונען אַנדערע אַרגומענטן, אָבער דאָס איז געווען, איז נאָר, דייטשע פּראָפּאַגאַנדע.

די דייטשע פינצטערע כוחות זענען ציטווייליק באַזיגט געוואָרן, מיט דער שווערד. אָבער נאָר מיט דער שווערד, ניט מיט דעם גייסט. פאַר דעם דאָזיקן זיג האָט אונדזער פאָלק באַצאָלט מיט זעקס מיליאָן יידן. אָבער פעלקער געדענקען געוויינלעך אויף אַ לענגערער צייט נאָר זייערע אייגענע פאַרלוסטן. דאָס איז דער גאַנג פון דער וועלט. אין אומגעוויינלעכע מאָמענטן פון דער געשיכטע דערמאָנט מען זיך אָן דער פאַרגאַנגענהייט, אָבער דאָס טעגלעכע לעבן רייסט ווייטער און האָט זיינע פאָדערונגען, עס דאַגהט זיך וועגן צוקונפט, איז באַהעפט מיט דער קעגנוואַרט און דערפאַר הייבן אויך מיר יידן אָן צו פאַרגעסן פאַמעלעך אָן די זעקס מיליאָן יידן! די וועלט האָט פאַרגעסן און מיר הייבן אָן צו פאַרגעסן. די איינציקע, וואָס האָבן נישט פאַרגעסן, זענען די דייטשן! זיי געדענקען און הייבן אָן ווידער צו שפינען דעם פאַרניכטונגס קאַמף קעגן אונדז. די פּאָליטישע אָפענסיווע פון מזרח קעגן מערב דערלייכטערט די דייטשן צו דערהויבן דעם קאָפּ, נישט נאָר איז דייטשלאַנד נאָר אויך מחוץ פון דייטשלאַנד אָרגאַניזירן טיילן פון די דייטשע מינאָריטעטן, וואָס זענען צעזייט איבער דער גאַרער וועלט, און בפרט איבער דעם גאַנצן אַמעריקאַנער קאָנטינענט, דעם המשך פון זייער האַס קעגן אונדזער פאָלק כדי צו פאַרענדיקן — אַזוי האָפן זיי — דעם פאַרניכטונגס־קאַמף. אפילו ווען עס וועלן שוין נישט מער זיין קיין יידן אין דייטש־

לאַנד, וועלן די דייטשן פּאַרטייען זייער קאַמף קעגן אונדזער פאָלק צוליב דעם פּרינציפּיעלן אידעאָלאָגישן קאָנפליקט, וועלכן איך האָב אויבן האַראַקטעריזירט, און אויך צוליב דעם ווייל א מערדער האַסט תמיד די פאַמיליע פון דעם דערמאָרדעטן און ער האָט מורא אז נקמה וועט אָרגאַניזירט ווערן קעגן אים.

דאָס איז א וויטערדיקע געפאַר פאַר אונדז און מיר טאָרן זי נישט פאַרזען. מיר מוזן פּאַרטייען און אָרגאַניזירן די אויפקלערונגס־אַרבעט און געווינען וואָס מער טיילן פון די אַרומיקע פעלקער און באַווייזן דעם אמת, אז די סכנה פון באַנייטן דייטשן נאַציזם אין דער גאַנצער וועלט איז נישט נאָר א סכנה פאַר אונדז יידן, נאָר אויך א סכנה פאַר דער פרייהייט פון אַלע פעלקער.

דאָס זענען די הויפּט־פאַקטאָרן פון דעסטרוקציע קעגן אונדזער פאָלק, וואָס זאמלען זיך אויסערהאַלב פון אונדזער פאָלק.

און אינערהאַלב פון אונדזער פאָלק וואַקסט אונטער דער שטענדיקער גרויסער דרוק פון די אַרומיקע פאַקטאָרן אויך אן אינערלעכער פּיינט פון אונדזער המשך, דאָס איז דער אָפּאָרטוניזם, די מידקייט, וואָס גלויבט אז אַן אָרגאַניזירן אונדזערע אייגענע כוחות קעגן די כוחות פון צעשטערונג וועלן מיר לייכטער האָבן רו און קאָנען זיך דערהאַלטן. דאָס איז אַן אילוזיע! יעדע מינאָריטעט וואָס וויל אָנהאַלטן איר קיום אַלס קאָלעקטיוו, צי איז דאָס א נאַציאָנאַלע אָדער א רעליגיעזע מינאָריטעט, מוז תמיד זיין גרייט צום פאַרטיידיקונגס קאַמף. מינאָריטעטן פון אַלע פעלקער זענען אין דער־זעלבער סיטואַציע. די אַלטערנאַטיוו בלייבט פאַר יעדער מינאָריטעט, וואָס לעבט אין צעשפּרייטונג, די זעלבע: אונטערגאַנג אָדער קאַמף פאַמע־לעכער אונטערגאַנג אָדער שטענדיקער לעבנס קאַמף. מיר טאָרן נישט פאַר־געסן, אז דער שטראָם פון נאַציאָנאַלער באַנייאונג דורך נייער יידישער אימי־גראַציע פון אייראָפּע קיין אַמעריקע ענדיקט זיך און אז עס קומט א תקופה, אין וועלכער מיר וועלן מוזן שטאַרקן אונדזער נאַציאָנאַלן אינהאַלט, אויך אויף דעם אַמעריקאַנישן קאָנטינענט, ראשית כל מיט אייגענע כו־חות און אין הסכם מיט די ניי־געשאַפענע באַדינגונגען. דער פּעריאָד פון טראַנספּוזיע פון אייראָפּע ענדיקט זיך. דאָס באַדייט פּראַקטיש אן עיקרדי־קע ענדערונג אין אונדזער אינערלעכער פּאָליטיק לגבי אונדז אַליין. מיר ווייסן זייער גוט, אז אונדזערע באַמיאונגען אויפצוהאַלטן אונדזער רע־ליגיעזן און קולטורעלן המשך אין פאַרשידענע לענדער איז אין פולן איינ־

קלאנג מיט די אינטערעסן פון די מלוכות, און וועלכע מיר לעבן, אבער ליידער איז אונדזער אייגענע איבערצייגונג נישט גענוג. רעאלפאליטיש מו־זן מיר געפינען כוחות אין די מלוכות, און וועלכע מיר לעבן, וואס אנער־קענען די דאזיקע איבערצייגונג אלס אמת און שטיצן אונדז. מיר זענען דאך אפהענגיק און אונדזער צוזאמענלעבן מיט דער מאיאריטעט פון איר פאַ־ליטישער, גייסטיקער און מענטשלעכער איינשטעלונג צו אונדז.

זענען דא אזעלכע כוחות, וואס שטיצן אונדז, אדער זענען מיר פאר־איינזאמט, ארומגערינגלט נאר מיט קעגנערישע כוחות? מיר ווייסן אז מיר יידן פארלירן קיינמאל נישט די האפענונג! אבער איך האב דא נישט אין זינען, אין דעם צוזאמענהאנג, די הערלעכע, אייביקע יידישע אמונה אין גערעכטיקייט טראץ אומגערעכטיקייט. איך פרעג צי עס זענען דא בנמ־צא אויסערהאלב פון אונדז, אביעקטיווע כוחות אויף וועלכע מיר קאנען זיך שטיצן אין דער איצטיקער נייער פארענדערטער וועלט, אין א וועלט, אין וועלכער עס גייט אן א דראמאטישער, גראנדיעזער קאמף אויף טויט און לעבן, א קאמף אין וועלכן מיר זענען, הגם א קליין פאלק, באטייליקט אויף צענדליקער פראנטן.

איך זע אויף דעם ווייטן געביט פון דער גרויסער וועלט אויסערהאלב פון אונדזער לעבן אזעלכע כוחות, וואס זענען אויך קאנסטרוקטיוו פאר אונדזער פאלק! און אונדזער ביטערן פיין, נאך דער שרעקלעכער קאטאס־טראפע, קאנען מיר די דאזיקע כוחות זען נישט לייכט, אבער אין א רואיקן אנאליז מוזן מיר פעסטשטעלן, אז עס איז גאר נישט אמת, וואס א סך פון אונדז יידן מיינען, אז די גאנצע וועלט איז קעגן אונדז. דאס איז נישט אמת!

מיר האבן זיך צו טיף פארזונקען אין דער אידייע, אז מיר זיינען בא־באזונדערס פארפאלגט. די דאזיקע פעסטשטעלונג דורך אונדז, אז מיר זע־נען אן „אתה בחרתנו" פאלק פאר ליידן איז איבערטריבן און אחוץ דעם איז עס פאליטיש נישט קלוג דאס תמיד צו אונטערשטרייכן.

ראשית כל זענען מיר פרינציפיעל נישט קיין אויסנאם. מיר זענען אפשר אן אויסנאם אין דער מדרגה פון פארפאלגונג, אבער נישט אין פרינציפ. דאס צווישן פעלקער איז כמעט אן אלגעמיינער, ליידער — א נאר־מאלע פונקציע פון אינטערנאציאנאלן לעבן. ווו זענען דא צוויי פעלקער אין דער וועלט, וואס זייערע אינטערעסן בארירן זיך, און וואס האבן זיך ליב? אפילו אליאירטע האסן זיך! און איין פאל איז דאס קאמף פון אינטערעסן, אין דעם צווייטן די פארשידנקייט פון קולטורן, אין א ווייטערן דער האס פון

רעליגיעס, די פרעמדקייט פון שפּראַכן און צייטנווייז אַלצדינג צוזאַמען. פעלקער האָבן סתם נישט ליב „אַנדערע". עס איז אמת, אַז צוליב רעלי־גיעזער אייגנאַרטיקייט און אונדזער באַזונדערס גרויסער צעזייטקייט איז ממילא די פּלאָך, דער פאַרנעם פון דעם געפיל פון פרעמדקייט צו אונדז אַ רעלאַטיוו ברייטערער, גרעסערער. דער מאַנגל פון אַן אייגענער מלוכה האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט די גרינגשאַצונג צו אונדז, ווייל דער דאָזיקער מאַנגל האָט סימבאָליזירט אונדזער שוואַכקייט און שוואַכע האָט מען נישט ליב. אָבער דאָס אַלצדינג באַדייט נישט, אַז די גאַנצע וועלט איז קעגן אונדז.

עס וואָלט דערפאַר געווען כדאי, אַז מיר זאָלן אַדורכפירן אַ געוויסע קאָרעקטור אין אונדזער פאַרפאַלגונגס אידייע.

בעת דער לעצטער קאַטאַסטראָפע, ווען די בעסטיע אין דעם מענטש־לעכן גוף האָט דערגרייכט דעם העכסטן, אָדער ריכטיקער געזאָגט, דעם נידריקסטן פונקט פון בלוט־דאָרשטיקער ווילדקייט, אפילו אין אָט דער תקופה פון אונדזער קאַטאַסטראָפע, ווען די קריסטלעכע רעליגיע פון מענטש־לעכער ליבע, איז ליידער אויף אַ גרויסן מהלך פון איר פּראַקטישער באַשטע־טיקונג אָראָפּגעפאַלן ביי עטלעכע פעלקער, מיט די דייטשן בראש, אין דעם טיפסטן תהום פון חיה'שקייט, אפילו דעמאָלט זענען ביי די דאָזיקע פעלקער געווען נישט ווייניק יחידים און אפילו גרופּעס, וואָס האָבן, טראָץ דער סכנה פאַר זיי אַליין, געראַטעוועט יידן. דער סעקטאָר פון דעם דאָזיקן מענטשלעכן עלעמענט איז ביי פאַרשידענע פעלקער געווען פאַרשידן. ביי מאַנכע גאָר קליין, ביי מאַנכע, ווי ביים דענישן און דעם איטאַליענישן פאָלק, גרויס. און די סומע פון אַלע די דאָזיקע מענטשלעכע כוחות, הגם זיי זענען ליידער זיכער געווען אַ סך קלענער, ווי די כוחות פון שלעכטס און פּאַסיווי־טעט, איז נישט קיין קליינע. יעדנפאַלס האָבן מיר נישט קיין שום סיבה זי צו פאַרקלענערן! עס איז אמת, אַז גרויסע, מאָראַלישע אויטאָריטעטן האָבן בעת דער שרעקלעכער קאַטאַסטראָפע — אחוץ זעקס מיליאָן יידן האָבן די דייטשן פאַרמאָרדעט אויך עטלעכע מיליאָנען נישט־יידן — געשוויגן! די גרויסע פּאָליטישע כוחות זענען געבליבן פּאַסיוו און האָבן זיך ערשט דאַן אַרומ־געזען פאַר אַ מאָראַלישן אליבי, ווען עס איז שוין געווען צו שפּעט און די שיינע ווערטער האָבן געמוזט בלייבן — ווערטער. די „גרויסע" פירער פון די אומות העולם האָבן באַדויערט, האָבן אונדז מנחם־אבל געווען. אָבער עס האָט עקזיסטירט אַ לעגיאָן פון „קליינע" מענטשן, פּשוטע אַרבעטער,

פּשוטע פּויערים און אויך צייטנווייז אינטעליגענטן, וועלכע האָבן זיך דערהויבן צו מענטשלעכקייט, צו אַקטיווער מענטשלעכקייט, שיצנדיק, יידן און נישט יידן קעגן דער דייטשער חיה און אירע צוהעלפּער. די דאָזיקע מענטשלעכקייט איז געווען נאָר אַ שטראָם אין פאַרגלייך מיט דעם אָקעאַן פון בעסטיאַלישקייט. אָבער אַ שטראָם איז אויך עפּעס און מיר טאָרן אים נישט פאַרזען. עס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אונדזער פּיין און באַגרינדעטער וויטיק דריקט זיך אויס אין הונדערטער פון ביכער, וועלכע דערשיינען איצט, אָבער עס וואָלט אויך געווען כדאי, אַז עס זאָל געשריבן ווערן דאָס בוך פון מענטשלעכער גוטסקייט צו אונדז אין דער תקופה פון נידריקסטן אונטערגאַנג פון מענטשלעכער מאָראַל. און די דאָזיקע כוחות פון גוטסקייט עקזיסטירן אויך היינט ביי אַלע פעלקער און זענען אַן אָנשפּאַר פאַר אונדז אין דעם קאַמף פאַר אונדזער המשך. מיר מוזן זיי נאָר זען קלאָרער און געפינען דעם וועג צו זיי. איך רוף די דאָזיקע כוחות: די מאָראַלישע דעמאָקראַטיע. אין דער פאַראייניקונג מיט זיי איז דער פּלאַץ פאַרן יידישן פאָלק.

עס הענגט נאַטירלעך ווידער אָפּ פון אַלגעמיינע באַדינגונגען, דאָס הייסט, ראשית כל, פון קריג אָדער פרידן, צי די דאָזיקע כוחות וועלן ווערן שטאַרקער אָדער צי זיי וועלן ווערן שוואַכער. מיר קאָנען פון אונדז נישט אַרויסכישופן מער כוחות ווי מיר פאַרמאָגן אין זיך, אָבער די דאָזיקע כוחות וועלכע מיר פאַרמאָגן מוזן מיר מיט אונדזער יידישער אויסגעהאַלטנקייט איינשפּאַנען כדי די דאָזיקע מאָראַלישע דעמאָקראַטיע ביי פאַרשידענע פעלקער צו געווינען פאַר אַ געמיינזאַמען קאַמף קעגן געמיינזאַמע קעגנערישע כוחות. עס איז די קונסט פון אונדזער פּאָליטיק צו דערוועקן ביי די דאָזיקע מאָראַלישע כוחות פון אַנדערע פעלקער דאָס באַוווסטזיין, אַז אויך זייערע פעלקער זענען אין געפאַר און נישט נאָר אונדזער פאָלק. דאָס איז אַ שווערע אויפגאַבע, אָבער דאָס איז דער איינציקער וועג צו פאַרזיכערן אונדזער נאַציאָנאַלן המשך.

מער ממשותדיק, מער אָנזעעוודיק איז אַ צווייטער ביישפּיל פון פּאָזיטיווע כוחות און פון אַ פּאָזיטיווער איינשטעלונג צו אונדז מצד די אומות העולם. דאָס איז דער באַשלוס פון אַ געוואַלטיקער מאַיאָריטעט פון דער „אָנו” צו גרינדן און צו באַשטעטיקן דאָס ווידעראויפלעבן פון מדינת ישראל. מיר האָבן נאָך נישט געהעריק אָפּגעשאַצט דעם גרויסן ווערט פון דעם דאָזיקן באַשלוס אַלס קאָנסטרוקטיוון כוח פאַר אונדזער פּאָזיציע אין דער

וועלט. צענדליקער קריסטלעכע פעלקער, וואָס אין זייער רעליגיע איז זינט הונדערטער יאָרן איינגעגראָבן דער געדאַנק, אַז דער פּאָליטישער אויפקום פון אונדזער פאָלק מאָר קיינמאָל נישט מעגלעך ווערן און אַז אונדזער פאָלק איז פאַרשאָלטן, האָבן צוגעשטימט צו אונדזער פּאָליטישער ווידעראויפלעבונג טראָץ דעם טעסטאַמענט, וואָס זיין באַשיצער איז יענע מאַראַלישע אויטאָריטעט, וואָס האָט געשוויגן בעת מיליאָנען מענטשן, מיליאָנען קינדער זענען קאַלטבלוטיק געמאָרדעט געוואָרן.

זענען די דאָזיקע קריסטלעכע פעלקער געווען געצוווּנגען דערצו צו שטימען פאַר דער אויפלעבונג פון אַ יידישער מלוכה? האָבן מיר זיי געקאָנט צווינגען דערצו? גיין! טאָ וואָס איז געשען? די מאָטיוון פון דעם דאָזיקן קריסטלעכן שריט זענען, אויב מיר ווילן זיי פּאָליטיש אַנאַליזירן, געווען פאַרשידנאַרטיקע. אָבער אין אַ היסטאָריאָזאָפישן אַנאַליז מוזן מיר — גלויב איך — קומען צו דער איבערצייגונג, אַז דער אויבנאָן פון די פאַרשידענע מאָטיוון איז געווען אַ מין באַדערפעניש צו תשובה נאָך דער שרעקלעכער קאַטאַסטראָפע, וועלכע האָט באַשוועדט דאָס געוויסן פון דער קריסטלעכער וועלט. דאָ וויל איך מיך ליבער באַנוגענען צו אונטערשטרייכן נאָר אַט דעם מאָטיוו פון דער תשובה!

דער קאַמף פון אונדזער פאָלק פאַר מדינת ישראל איז אָבער נישט פאַרענדיקט. מיר האָבן ביישפילן אין אונדזער אַלטער געשיכטע, וואָס פאַרדערן פון אונדז דאָסמאָל אַ קלאָרן רעאַליזם און פאַרזיכטיקייט. די כוחות וואָס ווילן מבטל מאַכן דעם אַקט פון תשובה און צונישט מאַכן אַ פּאָליטישע גוטמאַכונג זענען ווידער אַקטיוו? דער ענין ירושלים איז נאָר אַ סימפּטאָם פון דעם דאָזיקן אָרגאַניזירטן קאַמף קעגן דער עקזיסטענץ פון מדינת ישראל בכלל.

אָבער גלייכצייטיק זען מיר, אַז אויך יענע כוחות, וואָס האָבן דערמעגלעכט דעם פּאָליטישן אויפקום פון אונדזער פאָלק, זענען ווייטער אַקטיוו און ראַנגלען זיך מיט די קריסטלעכע און מאַכמעדאַנישע קעגנער פון מדינת ישראל און אונדזער פאָלק כדי אונדז צו העלפן צו באַפעסטיקן אויף תמיד די פּאָליטישע אויפלעבונג פון אונדזער פאָלק אין אַן אייגענער מלוכה. בקיצור, דער באַשלוס פון „אָנו״ וועגן מדינת ישראל איז אַ גרויסער סימן, אַז עס לעבט אַ שטאַרקער קאָנסטרוקטיווער כוח צווישן די אומות העולם לגבי אונדזער פאָלק.

עס איז נאָך פאַראַן אַ ווייטערדיקער כוח אין דער אַרומיקער וועלט,

וועלכער שטיצט אונדז און איז צייטנווייז גרייט צו דערהויבן זיין שטים פאַר אונדז. די דאָזיקע שטים איז וואָס אַ סך גייסטיקע פירער פון אַנדערע פעלקער אָנערקענען דעם גרויסן ביישטייער פון אונדזער פאָלק פאַר דער מענטשהייט און די נוצלעכקייט פון אונדזער גייסט פאַר דער צוקונפט פון דער מענטשהייט.

איך מיין אַז אַ גאַר גרויסער טייל פון דער קולטור וועלט אָנערקענט דעם פאַקט, אַז עס איז נישטאָ אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט אַ פאָלק, נומעריש אַזוי קליין ווי מיר, וואָס זאָל האָבן געגעבן דער וועלט אַזוי פיל אייביקע ווערטן אויפן געביט פון רעליגיע, מאָראַל און וויסנשאַפט און אָפּפערפולן קאַמף פאַר פּאָרטשריט און פרידן ווי מיר — דאָס יידישע פאָלק. דער דאָזיקער גרויסער טייל פון דער קולטור וועלט פילט און אָנערקענט, אַז די מענטשהייט וואָלט געוואָרן אָרעמער אָן דעם יידישן געניוס, און זיין ביישטייער צו די דערגרייכונגען פון גרויסע ציוויליזירטע פעלקער. מיר ווייסן זייער גוט, אַז די אַנטיסעמיטישע וועלט וואַכט און, אַז זי באַקעמפט אונדז צוליב דעם, ווייל — אַזוי זאָגט די אַנטיסעמיטישע וועלט — מיר באַאיינפלוסן אין אַ שלעכטער ריכטונג די אַרומיקע וועלט. אָבער עס זענען אויך דאָ אין דער אַרומיקער וועלט גרויסע שרייבער, היסטאָריקער און קולטור היסטאָריקער, וואָס באַוווּנדערן מיט יראת הכבוד דאָס יידישע פאָלק, ווייל עס האָט טראָץ די אומדערטרעגלעכע באַדינגונגען, וועלכע די אַרומיקע וועלט האָט פאַר אים געשאַפן במשך פון הונדערטער יאָרן, אַנטפּלעקט פּאָזיטיווע כוחות און גוטע זאַפטן לטובת דער גאַנצער מענטשהייט. און די דאָזיקע טייל פון דער אַרומיקער וועלט באַקעמפט די אַנטיסעמיטישע טעאָריעס.

ביים סוף פונם יאָר 1949 האָט די גרעסטע וועלט צייטונג, די ניו־יאָרקער „טיימס" געגעבן אַ רשימה פון זעקס גרעסטע פערזענלעכקייטן, וואָס האָבן לויט דער אָפּשאַצונג פון דער צייטונג, אַם שטאַרקסטן באַאיינפלוסט דעם גייסט פון דער מענטשהייט במשך פון די ערשטע 50 יאָר פון דעם 20־טן יאָרהונדערט און צווישן די זעקס געפינען זיך צוויי יידן. גאַנץ אַ שיינער ביישטייער פאַר אַ קליין פאָלק. מיר האָבן אַ סיבה שטאָלץ צו זיין. און אָט דעם ביישטייער אונדזערן זען אויך די גוטע מענטשלעכע טיילן צווישן אַ סך אומות העולם און פון אָט דער אָנערקענונג קוואַלט פאַר אונדז האָפענונג פאַר הילף אין אונדזער קאַמף פאַר המשך.

דאָס זענען די וויכטיקסטע קאָנסטרוקטיווע כוחות וואָס שטיצן אונדז

פון דרויסן, אָבער עס זענען אויך דאָ אין אונדזער אינערלעכן לעבן אויף דער גאָרער וועלט קאָנסטרוקטיווע כוחות, וואָס זענען היינט שטאַרקער ווי אין דער פאַרגאַנגענהייט.

ראשית כל קאָנען מיר היינט פעסטשטעלן, אַז במשך פון די לעצטע 50 יאָר האָט זיך די סטרוקטור פון אונדזער פאָלק לגבי די פּראָבלעם פון אונדזער צוקונפט איבערגעבויט. צום סוף פון דעם 19־טן יאָרהונדערט איז די מאַיאָריטעט אין אונדזער פאָלק געווען אומפּאַרטייאיש, גלייכגילטיק. היינט איז דער טייל פון גלייכגילטיקע געוואָרן אומפאַרגלייכלעך קלענער און די גרויסע מאַיאָריטעט פון אונדזער פאָלק איז אַקטיוו פאַראינטערעסירט הגם אין פאַרשידענע ריכטונגען אין דעם גורל פון אונדזער פאָלק. מיר זע־נען געוואָרן אַ פאָלק, וואָס קעמפט פאַר זיין צוקונפט. דאָס אַליין איז שוין אַ קאָנסטרוקטיווער כוח, ווייל הגם דער קאַמף ענדיקט זיך נישט תמיד מיט נצחון שאַפט ער דאָך אַ שאַנס פאַר נצחון, אַ שאַנס וועלכע לאָזט קיינמאָל נישט צו, צו קיין גלייכגילטיקייט.

אַ ווייטערדיקער אינערלעכער, נייער קאָנסטרוקטיווער כוח איז דער איינפלוס פון מדינת ישראל אויף אונדזער גאַנצער האַלטונג אין דער פּאָלי־טישער און קולטור וועלט. עס איז אמת, דאָ און דאָרט וועקט זיך אַ פּאָלי־טישער פחד ביי יידן נישט צו ווערן אידענטיפיצירט מיט מדינת ישראל, ווייל — אַזוי האָבן מאַנכע יידן מורא — אַ צו שטאַרקע פאַרבינדונג מיט מדינת ישראל קאָן שטאַרקן דעם באַקאַנטן פאָרוואורף פון דאָפּלטער לאָיאַ־ליטעט. די געוואַלטיקע מאַיאָריטעט פון פעלקער, צווישן וועלכע און מיט וועל־בע מיר לעבן, און די רעגירונגען פון די מלוכות, ווו מיר זענען בירגער, נעמען נישט ערנסט דעם פאָרוואורף פון יידישער מכלומרשט דאָפּלטער לאָיאַ־ליטעט. זיי ווייסן זייער גוט, אַז יידן, ציוניסטן און נישט־ציוניסטן, זענען לאָיאַלע, איבערגעגעבענע בירגער. די דאָזיקע לאָיאַליטעט ליגט אונדז אין בלוט, זי איז באַגרינדעט דורך דעם סאַמע שטענדיקן כאַראַקטער פון אונד־זער געשיכטע, דורך אונדזער צעזייטקייט, וואָס אַנטוויקלט אין אונדז אויף אַ נאַטירלעכן אופן די פאַרבונדנקייט מיט די לענדער, ווו מיר לעבן, ווייל די דאָזיקע פאַרבונדנקייט באַדייט פאַר אונדז דעם קעגנזאַץ פון נע ונד. נאָר זיי אַליין, די דאָזיקע פחדנותדיקע יידן מיט אַ קראַנקן מינדערווערטי־קייטס קאָמפּלעקס שאַפן דעם פאָרוואורף פון דאָפּלטער לאָיאַליטעט, ווייל זיי גלויבן, אַז דורך אַ מסירה קעגן דער געוואַלטיקער מאַיאָריטעט פון אונדזער פאָלק וועלן זיי באַפעסטיקן זייער אייגענע שטעלונג. די אָרומיקע וועלט פאַר־

שטייט זייער גוט, אז יידן אין דער גאָרער וועלט האָבן דעם חוב צו בויען מדינת ישראל, ווייל זיי, די אַרומיקע פעלקער וואָלטן אין אַ גלייכער סי־טואַציע דאָס זעלבע געטאָן פאַר זייער אייגן לאַנד. די אַרומיקע פעלקער פאַרשטייען אונדזער פאַרבונדנקייט מיט מדינת ישראל זייער גוט און זיי ווייסן, אַז די דאָזיקע פאַרבונדנקייט שאַפט נישט קיין פּאָליטישע דאָפּלטע לאָיאַליטעט. האָבן דאָך די רעגירונגען פון צענדליקער מלוכות אין דער וועלט אַליין געשאַפן מדינת ישראל דורך דעם באַשלוס פון דער „אָנו״, ווייסנדיק זייער גוט, אַז יידן אין די דאָזיקע צענדליקע מלוכות וועלן העלפן די דאָזיקע מדינה זאָל ווערן וואָס גרעסער און וואָס שטאַרקער. און מיר יידן זען טאָג־אויס טאָג־איין די דאָזיקע נאַטירלעכע און סימפּאַטישע האַלטונג פון אַ סך אומות העולם צו אונדזער ציוניזם און די דאָזיקע האַלטונג איז געוואָרן באַר אונדז אַ קוואַל פאַר אונדזער אייגענעם שטאָלץ אַלס מענטשן און יידן אונטער דעם איינפלוס האָבן זיך אַ סך צווישן אונדז, וואָס זענען געווען גרייט אַוועקצוגיין, אומגעקערט צו אונדזער פאָלק. אונדזער יוגנט, וועלכע איז צוליב צענדליקער טעמים וואָס מער געוואָרן גלייכגילטיק און פרעמד צו אונדזער קולטור, צו אונדזער שפּראַך, צו אונדזער געשיכטע — איך גלויב, אַז עס איז נישט פאַראַן קיין ציוויליזירט פאָלק אין דער וועלט, פון וועלכן זיין יוגנט ווייס אַזוי ווייניק וועגן אייגענעם פאָלק ווי אונדזער יידישע יוגנט. — אונדזער יוגנט האָט פּלוצלינג באַקומען אַ ציל, אַ קאָנקרע־טן אָנהאַלט פאַר זיך, אַ נייע און נישט וואַקלדיקע זיך ווירקלעכקייט אין דער יידישער וועלט, אַ חוט השדרה פאַר זיך אַלס ייד־מענטש. דער דאָזיקער אָנהאַלט איז: מדינת ישראל! אפילו ווען די דאָזיקע יוגנט איז איינגע־שטעלט אויף בלייבן דאָרט, ווו זי לעבט, אפילו דעמאָלט הויבט זיך איר מענטשלעך זעלבסטבאַוווסטזיין, ווייל איר יחוס שטיצט זיך נישט מער אויף אַ פיקציע, נאָר אויף לעבעדיק געוואָרענער רעאַליטעט. מיר זענען בכלל גע־וואָרן רואיקער און נאַטירלעכער זינט מדינת ישראל. ביז איצט איז דער קאַמף פאַר יידישקייט אין גלות געהאַנגען אין די לופטן. אפילו אין לענ־דער, ווו דער ישוב האָט אויסגעבויט אַ מער אָדער ווייניקער גוטן יידישן שול־נעץ האָבן מיר תמיד געהאַט אַ מאָדנעם געפיל פון זאָרג און אומרו, אַז דער דאָזיקער בנין איז אפשר פאָרט נאָר אַ צייטווייליקער און, אַז סוף כל סוף, פון דור צו דור, וועט די יידישע שפּראַך, אונדזערע קולטור־ווערטן, אונדזער שול נישט זיין בכוח זיך אַנטקעגנצושטעלן דעם שטענדיקן האַמער פון דער אַסימילאַציע, וואָס האַמערט טאָג־טעגלעך אויף דעם בנין פון אונד־

זער יידישקייט אין גלות. די שאַפונג פון מדינת ישראל שוואַכט אָפּ די דאָ־זיקע זאָרגן און דעם דאָזיקן אומרו. איך וואָלט נישט געזאָגט, אַז זי באַזייטיקט אים אין גאַנצן, אָבער זי שוואַכט אים אָפּ, ווייל זי שאַפט כאָטש איין שטענדיקן, איין פעסטן כוח קעגן דעם פּראָצעס פון אַסימילאַציע. נישט נאָר אידעאָלאָגיש און געפילסמעסיק, נישט נאָר דורך שטאָלץ וואָס מיר האָבן איצט כאָטש איין צענטער, וואָס איז נישט אין געפאַר פון אַסימילאַציע, אָבער אויך ממשותדיק, רעאַליסטיש ווייל מיר האָבן איצט די רעאַלע האָפענונג, אַז פון דאָרט קאָן קומען דער לערער און דאָס בוך פון אייביקן יידישן גייסט און שטאַרקן אונדזער וואַקלדיקע, באַדראָטע יידישקייט אין דער אַרומיקער וועלט, און לייכטער מאַכן און פאַרלענגערן דעם קאַמף פאַר אונדזער געליבטער און אויסגעליטענער יידישקייט.

בקיצור, עס איז אפשר אמת, אַז נאָך דער גרינדונג פון מדינת ישראל וועלן אַ סך פון פאַרטרוקענטע און קראַנקע בלעטער אויף אונדזער בוים אַראָפּפאַלן, אָבער עס איז אויך אמת, אַז דער בוים אַליין וועט ווערן זאַפטיקער און וועט לייכטער אויפבליען.

און נאָך איין געדאַנק איז כדאי אַ ביסל בולטער און אָפענער אַרויסצוברענגען, הגם מאַנכע פון אונדז וועלן אין דער דאָזיקער בולטקייט אפשר געפינען אַ סכנה. אויף דעם לאַנגן וועג פון כמעט 19 יאָרהונדערטער האָבן מיר אין שלעכטע צייטן פאַר אונדזער פאָלק, קיינמאָל נישט געוווסט: ווו הין? לאָן? און שלעכטע צייטן האָבן מיר געהאַט אַזוי אָפט ווי קיין אַנדער פאָלק. מיר אַלע ווייסן זייער גוט, אַז אַ רעאַלע מדינת ישראל האָט אַן אידעאַליסטישן כוח אָנצוציען יידישע זין און טעכטער אויך אָן אַנטיסעמיטיזם, אָבער ווען עס זאָל חס וחלילה היינט אָדער מאָרגן ווידער קומען אַ שלעכטע צייט פאַר אַ טייל פון אונדזער פאָלק, איז דער: „וווהין?" — שוין פאַרענטפערט. מיר ווייסן שוין, וווהין און אפילו בונדיסטן וועלן שוין געפינען דעם וועג. און דער דאָזיקער גרייטער, ממשותדיקער ענטפער צו אַ גורלדיקער פראַגע, וואָס האָט אונדז געפייניקט, און געיאָגט דורך הונדערטער יאָרן, אָט דער דאָזיקער ענטפער גיט אונדז אַ ביסל רו, אַ ביסל כוח, אַן אָנשפאַר און דערפאַר איז ער אַ קאָנסטרוקטיווער פאַקטאָר אין אונדזער אינערלעכן לעבן.

אָט דאָס איז, אַזוי ווי איך זע עס, דער סך־הכל פון די דעסטרוקטיווע און קאָנסטרוקטיווע כוחות לגבי אונדז — אַרום אונדז, און אין אונדז, אין דער איצטיקער צייט. עס שטעלט זיך אַליין די ממשותדיקע, פּראַקטישע פראַ־

גע: וואָס האָבן מיר צו טאָן, וואָס קאָנען מיר טאָן כדי די קאָנסטרוקטיווע כוחות זאָלן גובר זיין די דעסטרוקטיווע און פארשאפן אונדז כאָטש א רע־לאטיווע זיכערקייט און א ווירקליכן המשך פון אונדזער נאציאָנאלן לעבן. יעדער אנאליז, יעדער דיאגנאָז פון א סיטואציע האָט א טעאָרעטישע באַ־דייטונג. אויב מיר וועלן אליין נישט געפונען די פראקטישע לייזונג, די רפואה פארן קיום פּראָבלעם פון אונדזער פאָלק, וועט עס קיינער פאר אונדז נישט געפינען! מיר זענען אויך אין דעם פּרט נישט קיין אויסנאם. יעדעס פאָלק מוז זיך ראשית כל אליין העלפן!

אוודאי זענען אלע אויסרעכענונגען און אלע צוגרייטונגען זייער וויכטיק ווערט ווען עס זאָל ווידער קומען צו א וועלט קריג. עס מוז אָבער נישט קומען צו א נייעם וועלט קריג, ווייל דער פחד פאר זיינע רעזולטאטן איז אן אלגעמיינער.

אויב עס וועט בלייבן ביים שלום, ווי עס ווינטשט זיך עס דער געוואל־טיקסטער טייל פון דער מענטשהייט, אפילו ווען עס זאָל נאָר זיין א וואקלדיק שלום ווי איצט, אפילו דאן שטייט פאר אונדז די וואגיקע ברע־נענדיקע פראגע: ווי אזוי צו אָרגאניזירן דעם זיג פון די קאָנסטרוקטיווע כוחות איבער די דעסטרוקטיווע אין אונדזער לעבן, זעלבטפארשטענדלעך אזוי ווייט ווי מיר זענען בכוח אדורכצופירן די דאָזיקע אָרגאניזירונג סיי מיט אייגענע כוחות סיי מיט דער הילף פון אונדזערע פארבינדעטע אין דער וועלט.

און אָט אויף דער פראגע וויל איך פרווון צו געבן א קורצן ענטפער. דער פועל יוצא פון דעם אנאליז איז דער פאָלגנדער: איך זע פיר הויפּט כו־חות, וועלכע קאָנען אונדז פארזיכערן, אזוי ווייט ווי א פארזיכערונג איז בכלל פאראנען, א זיג פאר אונדזער לעבנס קאמף. די דאָזיקע פיר כוחות מוזן זיך קאָנצענטרירן און הארמאָניש דערגענצן כדי שאפן א סינטעז.

דעם אויבנאָן פאַרנעמט ישראל. איר איינפלוס אויף אונדזער לעבן איז פאר אונדז קלאָר. די מדינה מוז וואקסן, אויב זי האָט או דערפילן א שע־פערישע ראָלע אין אונדזער נאציאָנאלן לעבן. וואקסן קאָן זי נאָר, ווען צו אירע אינעוווייניקסטע כוחות וועלן צושטיין די דרויסנדיקע יידישע כוחות. אין דער מדינה גופא איז די סומע פון שאפנדיקע קאָנסטרוקטיווע כוחות שוין היינט א סך גרעסער ווי די שווערקייטן און די פאקטאָרן וואָס האלטן אויף די אנטוויקלונג פון דער מדינה צוליב אטאַוויסטישע און אקטועלע פאקטאָרן.

דער צווייטער, דריטער און פערטער כוח איז באַהעפט מיט דעם ברייטן מהלך פון אונדזער לעבן אין גלות.

דער צווייטער איז די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע און דער ציוניזם. אַלט אידייע. עס גייען אָן וכוחים וועגן דער פראַגע פון דער ווייטערדיקער עקזיסטענץ און כאַראַקטער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פאַרשידענע צענטערן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און ניט ציוניסטישער וועלט. די עקזעקוטיווע פון דער ציוניסטישער וועלט אָרגאַניזאַציע אין ניו־יאָרק און אין ירושלים און די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע פון אַמעריקע האָבן באַשטימט באַזונדערע קאָמיטעטן, וואָס פאַרנעמען זיך אַלזייטיק מיט דער דאָזיקער פּראָבלעם. די ביז איצטיקע רעזולטאַטן פון די באַראַטונגען אין ניו־יאָרק זענען זייער אינטערעסאַנט. די עיקרדיקע טענדענץ גייט אין דער ריכטונג, אַז די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע מוז ווייטער עקזיסטירן, יעדנפאַלס פאַר אַ געוויסער צייט און פאַר באַזונדערע אויפגאַבן, הגם דער הויפּט צוועק פון דער ציוניסטישער באַוועגונג איז דערגרייכט געוואָרן. די דאָזיקע באַזונדערע אויפגאַבן זענען: מענטשן און מיטלען פאַר דעם וווקס פון דער יינגער מלוכה. עס איז אַ גראַנדיעזע פליכט וואָס דער איצטיקער דור און די קומענדיקע דורות פון אונדזער פאָלק קאָנען דערפילן. די ציוניסטישע באַוועגונג מוז פון איין זייט ווייזן אַזעלכע פאָרמען, וואָס זאָלן דערמעגלעכן נאָך אַ ברייטערע פאָלקסטימלעכקייט פון דער באַוועגונג ווי ביז איצט און פון דער אַנדערער זייט בלייבן אַזוי שטאַרק, כדי צו זיין גרייט פאַרן ווייטערדיקן קאַמף.

אומגעהייער גרויס איז געווען די שמחה ביי דער געוואַלטיקער מערהייט פונם יידישן פאָלק ווען מדינת ישראל איז געוואָרן אַ פּאָליטישער פאַקט. די קרבנות פאַר דער מדינה במשך פון קנאַפּע פיר יאָר מצד יידן אין דער גאָרער וועלט זענען ערנסטע, אָבער ווייט נישט גענוג גרויס אין פאַרגלייך מיט דער היסטאָרישער, גורלדיקער אויפגאַבע פון בויען אַ באַנייטע אומאָפּהענגיקייט פאַר אונזער פאָלק, פאַר דער קעגנוואַרט און פאַר דער צוקונפט. דער פאַרנעם פון די מאַטעריעלע קרבנות פאַר מדינת ישראל מוז שטייגן, שטייגן געוואַלטיק. אויב דאָס וועט נישט געשען, וועלן מיר אַליין ווערן מיטשולדיק אין דער אָפּשוואַכונג אָדער אַפילו אין דעם אונטערגאַנג פון מדינת ישראל. עס איז גענוג זיך אויף אַ וויַיל פאָרצושטעלן, אַז מדינת ישראל וואָלט געקאָנט חס וחלילה אויפהערן צו עקזיסטירן. ווי גרויס וואָלט געווען אונדזער פאַניק אין אַזאַ פאַל! ווי גרויס וואָלט געווען אונדזער פאַרצווייפ־

לונג! זיכער נאָך גרעסער ווי די שמחה ווען מדינת ישראל איז אנטשטאַנען!

און מיר מוזן האָבן אין זינען אזא מעגלעכקייט, ווייל אַלטע און נייע שונאים לויערן ווייטער, ווייל די אנטשטייאונג פון מדינת ישראל איז נישט סתם אַן אנטשטייאונג פון א נייער מלוכה, נאָר עס איז א פאַקט, וואָס איז טיף פאַרבונדן מיט א גרויסן אידעאָלאָגישן פּראָצעס פון דער מענטשהייט, א פּראָצעס אין וועלכן עס זענען פאַרוויקלט די דריי רעליגיעס פון דער וועלט, די קריסטלעכע, מאַכמעדאַנישע און די יידישע. און דערפאַר איז אונדזער אחריות אזוי גרויס און אזוי שווער. ווונדער זענען גום אַלס אַן אויסנאַם. דאָס לעבן פון א פאָלק, זיין עקזיסטענץ און באַפעסטיקונג שטיצן זיך אויף אייזערנער לאָגיק, אויף טאָג־טעגלעכער אויסגעהאַלטנקייט און סיסטעמאַטישער גרייטקייט צו קרבנות, בפרט, אז די דעמאָגראַפישע פאַ־זיציע פון מדינת ישראל פאָדערט אַן אומגעהייערע אָנשטרענגונג פון אונדזערע פאָלקס כוחות. עס איז די איצטיקע אויפגאַבע פון דער ציוניסטישער באַוועגונג צו דערוועקן אין דעם גאַנצן יידישן פאָלק אויף דער גאָרער וועלט דאָס באַוווסטזיין, אַז דאָס בויען פון מדינת ישראל איז די פליכט פונם גאַנצן יידישן פאָלק און נישט נאָר פון די יידן אין מדינת ישראל. שעפּערי־שע אומרו מוז אריין אין דעם פּראָצעס פון זאַמלען כוחות פאַרן אויפבוי פון מדינת ישראל. עס מוז ווערן א זאָרג ווי די זאָרג פון עלטערן פאַר א קינד. נאָר דאַן וועט דער קרבן זיין א פרייד אָן גרעניצן. דאָס אוממעג־לעכע מוז ווערן מעגלעך.

דער דריטער פאַקטאָר איז די קאָאָרדינאַציע פון אונדזערע צעשפּלי־טערטע כוחות אין צענדליקער לענדער אויף דער גאָרער וועלט. ישובים, וועלכע זענען נישט פאַרבונדן מיט דעם אינטערעס פון גאַנצן פאָלק, זענען ווי אָפּגעשניטענע צווייגן פון א בוים. מיר מוזן אונדזער גאַנצן גלות לעבן, אזוי ווייט ווי מעגלעך — און אין פרידנס צייטן איז עס מעגלעך אין א גרוי־סער מאָס — פאַרוואַנדלען אין א כוח וואָס זאָל זיין געגליכן צו א בוים מיט א שטאַרקן שטאַם און מיט בליענדיקע צווייגן. דאָס איז מעגלעך! מיר טאָרן נישט זאָגן, אַז עס איז נישט מעגלעך. מיר גייען אריין אין אַן אומגעהייער וויכטיקער תקופה אין אונדזער געשיכטע. א פאָלק וואַקסט און ווערט שטאַרק דורך דעם וואָס ער רעאַליזירט געדאַנקען, וואָס זען אויס און אָנהויב אומ־מעגלעך. טעאָדאָר הערצלס טאַט איז דער הערלעכסטער ביישפּיל פאַר דעם דאָזיקן אמת. אונדזערע כוחות אין גלות וועלן זעלבסטפאַרשטענדלעך קלע־נער ווערן! זיי מוזן קלענער ווערן, אויב מ"י זאָל וואַקסן. עס איז א פּראָצעס

ווי אין די אַזוי גערופענע פאַרבינדענע געפעסער אין דער פיזיק. ווען די פּליסיקייט אין איין אָרעם שטייגט, פאַלט זי אין דעם צווייטן און אומגע־קערט. און מיר דאָס ייִדישע פאָלק, זענען אַ פאַרבונדן געפעס. טיילן פון אונדזער גרויסן כּוחות רעזערוואַר אין גלות וועלן גיין קיין מדינת ישראל. דער דאָזיקער פּראָצעס האָט זיך שוין אָנגעהויבן אין אַ רייע קליינע ישובים אויף דער גאָרער וועלט, אין אַ רייע פון גרעסערע ישובים אין אייראָפּע און אין צפון־אַפריקע. אין אַנדערע לענדער האָט זיך דער דאָזיקער פּראָצעס נאָך נישט אָנגעהויבן, אָבער די פּסיכישע גרייטקייט דערצו אַנטוויקלט זיך. און דער דאָזיקער פּראָצעס וועט גיין שטענדיק ווײַ־טער, טיילווייז, סיי אונטערן דרוק פון אַנטיסעמיטיזם, סיי טיילווייז פון פרייד און גליק מיטצוהעלפן אין אויפבוי פון דער באַנייטער מדינה. דער צווייַ־טער פאַקטאָר וועט וואַקסן ווי נאָר דער קיום פון דער נייער מדינה וועט זיין מער באַפעסטיקט סיי עקאָנאָמיש, סיי פּאָליטיש. מיר זעען ענלעכע באַ־וועגונגען אויך ביי אַנדערע פעלקער, וועלכע זענען צעזייט און וואָס האָבן באַקומען אָדער צוריקבאַקומען די זעלבסטשטענדיקייט אין זייער אַלט מו־טערלאַנד. אָבער עס איז קלאָר, אַז דער דאָזיקער פּראָצעס פון עליה קיין מדינת ישראל וועט נישט אָפּשאַפן דעם גרויסן פּראָבלעם פון אונדזער לעבן אין אַ סך לענדער און, אַז מיליאָנען פון ייִדן וועלן טראָץ דער עליה לעבן אין דער גאָרער וועלט. דאָס איז אַן אמת וועלכן קיין שום טעאָריע אָדער אָנשטרענגונג קאָן נישט ענדערן אין דער נעכסטער תּקופה פון אונדזער גע־שיכטע. אויב מיר שטיין אויף דעם שטאַנדפּונקט — און מיר שטייען אויף דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט, און עס איז אַ ציוניסטישער שטאַנדפּונקט — אַז דאָס ייִדישע פאָלק איז איינס, דאַן איז פון דעם געדרונגען די לאָגישע, פּאָ־ליטישע און סאָציאַלע נויטווענדיקייט אַרומצונעמען מיט אונדזער זאָרג און קאַמף ביידע פּראָבלעמען, מדינת ישראל און גלות, אַלס אומצעטיילבאַרע עלעמענטן פון איין גאַנצקייט. דער כּמות פון די דאָזיקע צוויי עלעמענטן וועט זיך ענדערן, דער ערשטער וועט וואַקסן און דער צווייטער וועט ווערן קלענער, אָבער ביידע וועלן באַשטיין. און דאָס איז דער שטאַנדפּונקט פונם ייִדישן וועלט קאָנגרעס.

דאַן שטעלט זיך די פראַגע: וואָס איז בעסער? איז עס בעסער, אַז די צעזייטע טיילן פון אונדזער פאָלק אויף דעם ווייטן מהלך פון גלות זאָלן זיך גיין יעדער זיין אייגענעם וועג, איינער פון זיי אין רחבות און אַנדע־רע אין דחקות, איינער פון זיי אין געפאַר און ווידער אַנדערער אין וואויל־

טאָג, איינער אָן מיטל צו אַנטוויקלען זיין יידישקייט, און אַ צווייטער באַ־גליקט מיט מיטלען ביז גאָר, אָדער צי איז עס בעסער, פאַר דעם קיום פון אונדזער פאָלק, אַז עס זאָל זיין אַ צענטער, וואָס זאָל קאָאָרדינירן די ציר־קולאַציע פון אונדזערע פאָלקס־כוחות פון דעם אָרט, וווּ די כוחות זענען פאַראַנען צו דעם אָרט, וווּ מען נויטיקט זיך אין זיי. איך מיין, אַז דער פראָסטער שכל, דער נאַטירלעכער דראַנג צו דערהאַלטן אונדזער פאָלק דיק־טירט, אַז דאָס צווייטע איז בעסער. דאָס האָט פאַרשטאַנען דער יידישער וועלט־קאָנגרעס.

עס זענען פאַראַן פאַרשידענע יידישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס פאַרנעמען זיך מיט ענינים פון אונדזער לעבן אין גלות, אָפּטמאָל מאַכט אונדז די דאָזיקע צעשפּליטערונג לעכערלעך אין די אויגן פון די אומות העולם ווי צום ביישפּיל, ביי דער טרויעריק באַרימטער קאָנפערענץ אין עוויאַן אין יאָרן 1938, ווען 21 יידישע אָרגאַניזאַציעס זענען געקומען און האָבן מיט דער בעסטער כוונה פאָרגעלייגט באַזונדערע פּלענער ווי צו אָרגאַניזירן יידישע מיגראַציע אין פאַרשידענע לענדער. עס זענען אויך פאַראַן עטלעכע אָרגאַניזאַציעס, וואָס פאַרנעמען זיך מיט פּאָליטישער טעטיקייט לטובת די באַדראָטע יידישע ישובים. יעדעס פאָלק האָט פאַר די זעלבע צוועקן מערערע פּריוואַטע אָרגאַניזאַציעס. מיר טאָרן דערפאַר נישט איבערטרייבן די חסרו־נות פון דעם פאַקט, אַז עס זענען דאָ אויך ביי אונדז מערערע אָרגאַניזאַציעס.

אָבער איך גלויב פעסט, אַז צווישן אַלע די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס איז דער וועלט קאָנגרעס דער אַמייסטן צוגעפּאַסטער צו פירן אין איצטיקן מאָמענט די וויכטיקסטע ראָלע אין אונדזערע גלות ענינים. פאַר וואָס? וואָס איז דער אונטערשיד צווישן דעם יידישן וועלט קאָנגרעס און געוויסע אַנדערע יידישע אָרגאַניזאַציעס? אָט די זענען די אונטערשידן:

ראשית כל איז דער יידישער וועלט קאָנגרעס די איינציקע אָרגאַניזאַ־ציע פון אָט דעם מין, וועלכע אָנערקענט דעם פּרינציפּ פון דער אייניקייט פון אונדזער פאָלק און פון דעם זענען ממילא געדרונגען אַ סך פּראַקטישע מסקנות. צווייטנס איז דער וועלט קאָנגרעס די איינציקע אָרגאַניזאַציע, אין וועלכער עס איז פּראַקטיש אַדורכגעפירט דער פּרינציפּ פון גלייכהייט פון אַלע טיילן פון אונדזער פאָלק. עס איז נישט פאַראַן אין יידישן וועלט קאָנ־גרעס דער באַגריף פון פּראָטעקטאָרס און פּראָטעזשירטע. אין דער עקזעקו־טיווע פונם יידישן וועלט קאָנגרעס געפינען זיך ווי גלייכבאַרעכטיקטע ברידער פאַרטרעטער פון אַמעריקאַנישן, בריטישן, פראַנצויזישן, אַרגענטי־

גישן, קאַנאַדישן, מעקסיקאַנישן, שוועדישן, אַלדזשעריש, טוניזיש, איטאַ־ליענישן ישוב און ראשית כל אויך אַ פאַרטרעטער פון אונדזער פאָלק אין מדינת־ישראל. און אויך פאַר אַנדערע ישובים זענען פּלעצער נאָך פריי און אין דעם גענעראַל ראַט פונם יידישן וועלט־קאָנגרעס געפינען זיך פאַרטרעטער פון אַ סך ווייטערע לענדער. און אַזוי אַרום האָבן כמעט אַלע טיילן פון אונד־זער פאָלק אַ דעה איבער אַלע פראַגן פון אונדזער פאָלק. איך מיין, אַז דער דאָ־זיקער אונטערשיד האָט אַ טיפע באַדייטונג, אפשר ניט תמיד אַ פּראַקטישע, אָבער זיכער אַ דערציערישע און אַ מאָראַלישע. דריטנס: עס איז נישטאָ פאַ־ראַן קיין שום אַנדערע גלות אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט רעלאַטיוו אַזאַ גרוי־סן פאַרנעם ווי דער יידישער וועלט קאָנגרעס, ווייל ער האָט זיינע אַפילירטע אין 64 לענדער און אַחוץ דעם קאָנטאַקטן מיט אינערע ישובים אין ווײַ־טערע 14 לענדער. עס איז נאָך געווים פאַראַן זייער פיל אויפצוטאָן אויף דעם געביט, אָבער דער קאָנגרעס איז היינט די רעלאַטיוו גרעסטע אָרגאַניזאַציע אין יידישן פאָלק. און צוליב אַלע די דאָזיקע סיבות האָט ער די מעלות צו זיין ווייטער דער קאָאָרדינאַטאָר פון אונדזערע צעשפּליטערטע כוחות אין גלות.

אָבער די צייטן האָבן זיך געענדערט און דערפאַר גלויב איך, אַז עס מוז אונטערגענומען ווערן אַ פּרוּוו מצד דעם יידישן וועלט קאָנגרעס צו ברענגען, אַזוי ווייט ווי מעגלעך, צו אַ געמיינזאַמער טעטיקייט מיט מאַנכע אַנדערע גלות אָרגאַניזאַציעס. וואָס עס איז נעכטן געווען אוממעגלעך, קאָן מאָרגן ווערן מעגלעך. צענדליקער יאָרן לאַנג האָט דער „אַמעריקען דזשואיש קאָמיטי״ און די „אַנגלאָ־דזשואיש אַסאָסיעשאָן״ און אַפילו די „אגודת יש־ראל״ זיך אַנטקעגנגעשטעלט דער אידייע פון אַ יידישער מלוכה און אין די אַנטשיידנדיקע לעצטע צוויי יאָר האָבן די דאָזיקע קעגנער אָנגענומען אַ פּאָ־זיטיווע און געוויסע אַפילו אַן אַקטיוו פּאָזיטיווע שטעלונג צו דער יידישער מלוכה. און אויך היינט זענען זיי אַלע דריי פאַר דער יידישער מלוכה און אַר־בעטן אָפט צוזאַמען מיט דער יידישער אַגענטור און מיט דער רעגירונג פון מדינת ישראל. אַן ענלעכע אַנטוויקלונג קאָן אויך געשען אויף דעם געביט פון גלות אַרבעט צווישן דעם יידישן וועלט קאָנגרעס און אַנדערע יידישע אָרגאַניזאַציעס מיט אַ סך אַ קלענערן פאַרנעם אָבער מאַנכעסמאָל אויך פון וויכטיקייט. אין דער צייט פון דעם „קאָמיטעט פון יידישע דעלעגאַציעס״ אין פּאַריז אין 1919 האָבן מיר געמאַכט אַ געלונגענעם פּרוּוו פון אייניקייט.

די אויפגאַבן פונם יידישן וועלט קאָנגרעס זענען נאָך ווייטער גרויסע. נישט אָרגאַניזירטע ישובים מוזן זיך אָרגאַניזירן. טיילווייז אָרגאַניזירטע

ישובים מוזן פארברייטערן זייער באזע. די גרויסע ישובים, ווי צום ביישפיל, דער ישוב אין די פאראייניקטע שטאטן אין אמעריקע, מוזן אן ערך מער פארשטארקן זיין טעטיקייט פארן גאנצן פאלק. דער פאליטישער פרעסטיזש פון א וועלט ארגאניזאציע, ווי דער יידישער וועלט קאנגרעס, ענגט אפ פון זיין ברייטער באזע און דערפאר איז עס אן אויפגאבע פונם יידישן וועלט קאנגרעס צו איבערצייגן, אויך יענע ישובים, וועלכע זענען גליקלעך און דארפן נישט קיין הילף, אז אנדערע טיילן פון אונדזער פאלק דארפן יא האבן הילף. בקיצור, דער דריטער כוח, מיט וועלכן מיר קאנען שטארקן די צו־קונפט פון אונדזער פאלק, מוז ווערן א פארברייטערטער יידישער וועלט קאנ־גרעס — דער נאמען איז נישט וויכטיק — וועלכער וועט זיין אימשטאנד מיט א שטענדיקער גרויסער, פינאנציעלער הילף מצד זיינע אפיליאירטע צו דערפילן זיינע היסטארישע פליכטן. א סך איז דא נאך אויפצוטאן אויף דעם דאזיקן געביט און איך בין זיכער, אז עס וועט געטאן ווערן. מיר טארן נאטירלעך נישט פארגעסן, אז אונדזער פאליטישע טעטיקייט אין גלות הענגט אפ פון ארומיקע פאקטארן אין אן אומגעהייער גרויסער מאס און דאס באדייט אין פראקטישן לעבן, אז מיר מוזן אינוועסטירן אין אונדזער טעטיקייט א סך ענערגיעס, כדי צו דערגרייכן עטלעכע נצחונות. און דאס באדייט, ווייטער אז די קאארדינירנדיקע ארגאניזאציע מוז זיין א פערמא־נענטע, ווייל נאר דורך א שטענדיקער טעטיקייט קאנען מיר דערגרייכן דעם מאקסימום פון גוטע באציונגען מיט די אומות העולם, פון וועלכע מיר זענען אפענגיק און דאס איז אויך געווען די אידייע ביים גרינדן פון קאנ־גרעס אין יאר 1936. דאס באדייט זיכער נישט, אז דער קאנגרעס זאל ווערן אן ארגאניזאציע, וואס גיט באפעלן יידישע ישובים אין דער וועלט. פארקערט, דער פרינציפ פון פולער אויטאנאמיע פון די ישובים איז אנערקענט אין דער קאנסטיטוציע פונם יידישן וועלט קאנגרעס קלאר און אומצווייידייטיק, און די קאארדינירונג איז אויך אין דער פראקטיק תמיד א פרייוויליקע. דאס מאכט אין גאנצן צונישט דעם ביזוויליקן ארגומענט, אז דער יידישער וועלט־קאנגרעס איז אן ארגאניזאציע, וועלכע שטייט איבער די ישובים.

כדי די דאזיקע מיסיע פון א יידישן וועלט קאנגרעס זאל קאנען דער־פאלגרייך דורכגעפירט ווערן, איז נייטיק א קלארע פארשטענדיקונג מיט דער ציוניסטישער וועלט ארגאניזאציע. נאך דער גרינדונג פון מדינת ישראל איז די הויפט אויפגאבע פון דער ציוניסטישער ארגאניזאציע אריבער אין גלות

ווייל אין ישראל גופא געהערט איצט די גאַנצע טעטיקייטס־פּראַקטיק צו דער רעגירונג. עס איז נייטיק אַ קלאָרע פאַרשטענדיקונג אין דער פאָרמירונג פון דער טעטיקייט צווישן דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און דעם יידישן וועלט קאָנגרעס. די קעגנזייטיקע באַציונג נויטיקן זיך ממש אין אַ פאַרשטאַרקונג. אַ פאַרשטענדיקונג איז מעגלעך — אַזוי גלויב איך — אויפן פאָלגנדן פּרינציפּ: די פּאָליטישע טעטיקייט פאַר אינטערעסן פון די ישו־בים אין גלות בלייבט ביים יידישן וועלט קאָנגרעס. די גאַנצע טעטיקייט אין די גלות־ישובים אויף די געביטן, וועלכע זענען דירעקט פאַרבונדן מיט מדינת ישראל, ווי עליה, הכשרה און פינאַנציעלע הילף פאַר ישראל, בלייבן ביי דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. די קולטור טעטיקייט, אַזוי ווייט ווי זי וועט נישט סיי ווי סיי דורכגעפירט דורך די ישובים אַליין מיט זייערע אייגענע כוחות, דאַרף פונאַנדערגעטיילט ווערן צווישןביידע אָרגאַניזאַציעס אויף דער באַזע, אַז די קולטור טעטיקייט אין דער העברעישער שפּראַך בלייבט אין פּרינציפּ ביי דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און די קולטור טעטיקייט אין דער יידישער און אין דער לאַנדעס שפּראַך בלייבט ביים יידישן וועלט קאָנגרעס. אינם אינטערעס פון אונדזער פאָלק איז נויטיק אַ שטענדיקער געמיינזאַמער קאָמיטעט פון ביידע אָרגאַניזאַציעס, כדי פון צייט צו צייט אויסצוגלייכן חלוקי דעות, צו פאַרטיפן די קאָאָפּעראַציע און צו פאַרמיידן קאָנקורענץ, וואָס שייך צייט און געביט פון דער טעטיקייט. די ביידע אָרגאַניזאַציעס מוזן שפּילן די ראָלע, וועלכע עס שפּילט די רעכטע און לינקע האַנט פון איין גוף: צוויי הענט פון איין גוף שטערן זיך נישט, נאָר העלפן זיך קעגנזייטיק.

און אַט קומען מיר צו דעם פערטן פאַקטאָר, אין וועלכן איך זע איי־נעם פון די פיר וויכטיקסטע טרייבנדע כוחות אין אונדזער באַנייאונג.

דאָס איז די פּראָבלעם פון צונויפשמידן אונדזער פאָלק מיט יידישן קולטור־אינהאַלט, מיט פולסירנדיקן, לעבעדיקן, אינהאַלט וואָס פאַר־בינדט די צוקונפט מיט דער קעגנוואַרט, די צענדליקער אַלטע דורות מיט דעם איצטיקן דור, כדי צוצוגרייטן אונדזער ווייטערדיקן מאַרש צו דער צוקונפט. אָרגאַניזאַציע אַליין איז נישט גענוג. פּאָליטישע טעטיקייט און קולטורעלער אינהאַלט זענען נויטיק כדי צו שאַפן דאָס באַוווסטזיין פון איינהייט און געמיינזאַמען אינטערעס פאַר דער צוקונפט. אָבער ראשית כל מוז געשאַפן ווערן די קולטורעלע צונויפגעבונדנקייט פון די צעריסענע טיילן פון אונדזער פאָלק. עס איז אַ שווערער פּראָבלעם, ווייל מיר מוזן זיך אויף

דעם ווייטן פעלד פון גלות זעלבסטפארשטענדלעך פארבינדן און פארקניפּן מיט פארשידענע שפּראכן און קולטורן פון די לענדער, אין וועלכן מיר לעבן. דאָס מוזן מיר טאָן נישט נאָר, ווייל די דאָזיקע פארבינדונג איז אַן אינסטרומענט פאר אונדזער לעבנס־קאַמף, נאָר ווייל דאָס איז דער אומפאַר־מיידלעכער כאַראַקטער פון אונדזער אייגנציקאַרטיקער געשיכטע, וואָס מיר מוזן פארבינדן די קולטורן פון פארשידענע פעלקער מיט אונדזער אייגע־נער קולטור. אין דער איצטיקער צייט מוז זיך אונדזער גאַנץ גלות־לעבן פארוואַנדלען אין אַ מין יבנה, אויב מיר ווילן באמת אָנהאַלטן אונדזער קיום און נישט־פארשווינדן אַלס יידן. יבנה מוז היינט דאָפּלט שטאַרקער זיין ווייל די נאַטירלעכע סכנה פון קולטורעלער איינזייטיקער אַסימילאַציע איז היינט, ווען די פראַגמענטן פון אונדזער פאָלק לעבן צונויפגעמישט מיט גרויסע מאַיאָריטעטן־פעלקער, אַ סך גרעסער ווי פריער. די שול איז נישט גענוג. אַ נישט־יידיש פאַמיליע־לעבן איז אַ נאָך גרעסערע סכנה ווי דער מאַנגל פון אַ שול. ביידע מוזן זיך דערגענצן. אונדזער קולטור לעבן אין יעדן לאַנד מוז זיך שטאַרקן אין צייכן פון יבנה און יעדע יידישע משפחה מוז ווערן אַ פעסטונג פון יבנה.

איך חזר איבער: יעדער פון אונדז ווייס, אַז עס איז אַ סך לייכטער צו שטעלן אַזאַ פאָדערונג ווי זי דורכצופירן. אָבער זי מוז דורכגעפירט ווערן, סיסטעמאַטיש, מיט געמיינזאַמע כוחות און אָפּט וועלן מיר מוזן איבער־געבן מיטלען און כוחות פון לענדער, ווו אונדזערע קולטור מיטלען זענען שטאַרקער, צו אונדזערע ישובים אין לענדער, ווו יידן קאָנען נישט אַליין, מיט אייגענע כוחות, אַנטוויקלען יידישקייט. עס זענען דאָ שוין היינט לענדער, אין וועלכע די קולטור טעטיקייט איז שטאַרק און מאַכט פאָרשריטן, אָבער עס זענען אויך דאָ לענדער, ווו דער דאָזיקער צושטאַנד איז ווייט פון זיין צופרידנשטעלנדיק. אין דעם גרויסן יידישן רעזערוואואַר פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע באַ־קומען נאָר אַרום 10 פּראָצענט יידישע קינדער אַ יידישע דערציונג, און אויך די דאָזיקע 10 פּראָצענט זענען מער סטאַטיסטיק ווי אַ צאַפּלדיקעווירקלעכקייט. אין אַ רייע פון לענדער איז דער יידישער עם־הארצ׳ות אומ־געהייער גרויס. געמישטע חתונות, שמד און גלייכגילטיקייט גראָבן אונטער די יסודות פון אונדזער פאָלק סיי פיזיש, ווי אויך גייסטיק. מיר מוזן זיך פאַרטיידיקן, תמיד פאַרטיידיקן, קעגן דער גרויסער סכנה פון אויטאָמאַטישער אַסימילאַציע. דאָס קאָן מען אָבער טאָן ניט מיט רעזאָלוציעס, ניט מיט גוטן

ווילן אליין, נאָר מיט מעשים, דאָס הייסט, דורך יידישקייט אין דער פאַמי־ליע און דער יידישער שול. פון זיי ביידע וועט ממילא ארויסקומען יידישע וויסנשאַפט, יידישע ליטעראַטור, יידישע קונסט, בקיצור, יידישער אינ־האַלט, יידישער המשך, יידישע אמתדיקע אחדות.

אָט דאָס קאָן ווערן דער גרויסער, פערטער כוח אין אונדזער אויפלע־בונג אלס א פאָלק.

די האַרמאָנישע צוזאַמענאַרבעט פון אלע די פיר פאַקטאָרן — דאָס איז די פאָדערונג פון דער היינטיקער תקופה.

עס איז באמת שווער צו זיין א ייד! אָבער עס איז א גרויסער כבוד צו זיין א ייד! מיר האָבן דער וועלט געגעבן א סך גרויסע ווערטן און מיר שאַפן זיי כסדר.

מיר טרעטן ווידער אריין אין א תקופה מיט א גרויסער היסטאָרישער שאַנס! מיר וועלן קאָנען ווייטער באַרייכערן די מענטשהייט און ווערן אליין גליקלעכער אלס פאָלק, גליקלעכער, פרייער ווי מיר זענען געווען כמעט צוויי טויזנטער יאָרן לאַנג.

דאָס בילד פון אונדזער פאָלק אין אונדזער תקופה איז פול מיט מניעות, אָבער עס איז אויך פול מיט באַנייטע, קאָנסטרוקטיווע פאָזיציעס. אמונה און אָפּטימיזם שטראַלן ווידער אויף אין אונדזערע הערצער.

מיר מאַרשירן ווידער באַרג ארויף...



# ארץ ישראל און דער יידישער וועלט־קאָנגרעס

ד״ר. אריה טאַטאַקאָווער

די פּראָבלעם וואָס ווערט באַהאַנדלט אין איצטיקן אַרטיקל, איז נישט קיין לאָקאַלער און אויך נישט קיין סתם אָרגאַניזאַטאָרישער דאָס איז אַ גורל פּראָבלעם פאַרן גאַנצן יידישן פאָלק. ליידער איז די דערקענטעניש פון זיין פאַרנעם און פון זיין באַדייטונג נישט אַריינגעדרינגען אין אַ געריקער מאָס נישט אין די פירנדע אָרגאַנען פון יידישן וועלט־קאָנגרעס און נישט אין די הערצער פון יידן אין א״י. דער יידישער וועלט־קאָנגרעס איז אודאי גאָר שטאַרק פאַראינטערעסירט אין אַ קאָאָפּעראַציע מיט יידן פון מדינת ישראל; אָבער דער עיקר פאַר אים איז ביז איצט געווען צו פאַרשטאַרקן דורך דעם זיין מאָראַלישע פּאָזיציע. און די יידן פון א״י אויב זיי קלערן וועגן אַ אידייאישן אָדער אָרגאַניזאַטאָרישן קאָנטאַקט מיט דעם יידישן וועלט־קאָנגרעס — און נאָר אַ טייל פון זיי קלערט ממשותדיק וועגן דעם אין דער איצטיקער שעה — טוען זיי דאָס צוליב אַ קאָנקרעטער טובה וואָס זיי דערוואַרטן פאַר זיך: צי צוליב דער טאַטזאַך וואָס דער יידישער וועלט־קאָנגרעס קאָן דורך זיינע פאַרבינדונגען און דורך זיין פּאָזיציע דערלייכטערן די אַרבעט פאַר א״י דאָרט, ווו צוליב די אָדער יענע סיבות איז אַ נאָרמאַלע ציוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע היינט נישט מעגלעך, צי צוליב דער הילף וואָס מען קאָן פון אים דערוואַרטן ביי דער אָרגאַניזירונג פון דער עליה, אָדער צוליב אַנדערע סיבות.

קיינער פון אונדז טאָר נישט אונטערשאַצן די באַדייטונג פון אַזעלכע האָפענונגען. אודאי דאַרף די מאָראַלישע פּאָזיציע פון קאָנגרעס געשטאַרקט ווערן און אודאי דאַרף זיין מאַשינעריע געשטעלט ווערן אין רשות פון

קאָנקרעטער א״יִדיקער אַרבעט, ווו עס איז נאָר מעגלעך. גאָר אַן אַנדער פראַגע איז אָבער, צי דאָס איז דער אמתער היסטאָרישער זין פון די באַציִנגען צווישן דעם קאָנגרעס און א״י; און דאָ דאַרף דער ענטפער זיכער זיין אַ נעגאַטיווער. אויב עס רעדט זיך וועגן אינטערעסן פון יידישן וועלט־קאָנגרעס אין א״י אַלס פאָרשטייער פון אָרגאַניזירטן יידישן פאָלק, טאָ איז זיין הויפּט־אינטערעס: אָפּצוהיטן די איינהייט פון יידישן פאָלק און נישט צולאָזן, אַז מיר זאָלן זיך צעשפּליטערן אין צוויי אָדער אפשר נאָך מער פעלקער. און ווי ווייט עס האַנדלט זיך וועגן די אינטערעסן פון יידישן ציבור אין א״י, דאַרף זיין הויפּט־אינטערעס צו מאַכן דורך זיין קאָאָפּעראַציע מיט דעם יידישן וועלט־קאָנגרעס די דערוואַכונג פון אַלע יידישע הערצער פאַר דער אידעע פון יידישער דערלייזונג אין א״י.

לאָמיר צוגעבן אַ פּאָר דערקלערנדע ווערטער צו די דאָזיקע פונדאַמענטאַלע פעסטשטעלונגען. ווי פּאַראַדאָקסאַל עס זאָל נישט קלינגען, די סכנה פון שפּאַלטונג און צעשפּליטערונג איז קיינמאָל נישט געווען אַזוי גרויס ביי אונדז, ווי **זי איז אין דער איצטיקער** שעה, די שעה פון דערלייזונג. עס דראָט אונדז קודם כל די סכנה, וועגן וועלכער דער יידישער פילאָזאָף און סאָציאָלאָג יעקב קלאַצקין, האָט געשריבן נאָך מיט דריי יאָרצענטליק צוריק: אַז די יידישע קאָלאָניזאַציע־אַרבעט אין א״י וועט דערפירן — צי מיר ווילן עס יאָ צי מיר ווילן נישט — צו אַן אַרויסקריסטאַליזירונג פון צוויי יידישע פעלקער, פאַרשידן מיט זייער דעמאָגראַפישער סטרוקטור, מיט זייער עקאָנאָמישער סיטואַציע, מיט זייער שפּראַך און מיט זייער קולטור. פון איין זייט אַ פאָלק קאָנצענטרירט אין זיין אייגן לאַנד, פול מיט יוגנט און מיט לעבנסבאַיאָהונג; פון דער אַנדערער זייט אַ צעשפּליטערט און מיד פאָלק אין די גלות־לענדער. פון איין זייט אַ פאָלק מיט אַ נאָרמאַלער עקאָנאָמישער סטרוקטור, מיט זיינע פויערים און זיינע אַרבעטס־מענטשן; פון דער אַנדערער זייט אַ פאָלק פון הענדלער און פאַרמיטלער און סתם לייִדיק־גייער. פון איין זייט אַ פאָלק מיט העברעישער שפּראַך; פון דער אַנדערער זייט אַ פאָלק מיט יידישער שפּראַך אָדער גאָר אָן אַ אייגענער שפּראַך. פון איין זייט אַ פאָלק מיט אַ שטאַרקער נאַציאָנאַלער קולטור; פון דער אַנדערער זייט אַ פאָלק, אַדורכגעפרעסן מיט אַסימילאַציע. און זייענדיק אַזוי פאַרשידן מיט זייער סיטואַציע, מיט זייערע פּראָבלעמען און מיט די שאַנסן פון זייער אַנטוויקלונג, וועלן ביידע טיילן פון

פאָלק אַלץ מער וועלן דערוויטערט איינער פון דעם אַנדערן, ביז זיי וועלן ווערן צוויי פאַרשידענע פעלקער.

אזוי איז געווען די טעאָריע פון קלאצקין. לאַנגע יאָרן האָבן מיר געמיינט, אַז זי האָט קיין פּראַקטישע באַדייטונג נישט, ווייל די געוואַלטיקע נאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט פון די א״י־דיקע יידן האָט נישט נאָר נישט פאַרגרעסערט די דיסטאַנץ צווישן זיי און אַנדערע טיילן פון פאָלק, נאָר פאַרקערט, זי האָט זיי כמעט תמיד געשטעלט אין דער סאַמער פאָדערשטער ריי פון קאַמף פאַר אַלגעמיינע פאָלקס־אינטערעסן. אנטקעגן דער פּאַטאַליסטישער קאָנצעפּציע פון קלאַצקין האָט זיך אַרויסגערוקט די רעאַליטעט פון יידישן פאָלקס־ווילן, וואָס האָט די גרעניצן צווישן א״י און גלות פונקט אַזוי נישט געוואָלט אַקצעפּטירן, ווי זי האָט אין פריערדיקע יאָרצענדליקער און יאָרהונדערטער נישט אַקצעפּטירט די גרעניצן צווישן איין לאַנד און אַ אַנדערן אין יידישן פאָלקס־לעבן. אין די לעצטע יאָרן ווייזט זיך אָבער אַרויס אַ טענדענץ וואָס איז עלול צו ענדערן די ביזאַיצטיקע אַנטוויקלונג. עס שאַפט זיך כמעט ווי אַ תהום צווישן א״י און צווישן די יידן אין אַנדערע לענדער. איינע פון אירע סיבות איז מן הסתם אַ פּשוטע ביאָלאָגישע. עס איז אַרויסגעוואָקסן אין א״י אַ צווייטער דור, אשר לא ידע את יוסף, וואָס פאַר אים איז גלות אַ פרעמדער באַגריף און די יידן אין גלות זענען — צי דאָס ווערט קלאָר געזאָגט צי נישט — פרעמדע אָדער האַלב פרעמדע מענטשן. אָבער דער דאָזיקער געפיל באַגרעניצט זיך נישט מיט דער צווייטער צי מיט דער דריטער גענעראַציע; ער הויבט אָן אַלץ מער אַריינצודרינגען אויך אין די העכערער פון יידן וואָס זיי אַליין זענען אַריינגעקומען אין לאַנד ערשט מיט אַ פּאָר יאָרן צי מיט אַ פּאָר יאָרצענדליק צוריק. אַזוי גרויס און אַזוי שטאַרק און אַזוי אינטענסיוו איז דאָס לעבן דאָ אין לאַנד, אַז ממילא שטופּט עס ביי זיי אַוועק אָן אַ זייט די זאָרג פאַר יידישע אינטערעסן אין אַנדערע לענדער; און די סיטואַציע האָט זיך נאָך אַ סך מער קאָמפּליצירט צוליב דער שאַפונג פון מדינת ישראל. ביי גרויסע שיכטן פון דער באַפעלקערונג אין לאַנד שאַפט זיך היינט ממילא אַ געפיל, אַז יידן אין אַנדערע לענדער האָבן אַ באַדייטונג נאָר צוליב צוויי טעמים: ערשטנס ווי מאַטעריאַל פאַר עליה און צווייטנס ווי אַ קוואַל פון מיטלען וואָס דאַרפן מאָביליזירט ווערן פאַר דער ווייטערדיקער אויפבוי־אַרבעט אין לאַנד. קיין ווייטערדיקע באַדייטונג האָבן זיי נישט און דער געפיל פון צונויפגעבונדנקייט מיט זיי שוואַכט זיך אָפּ כמעט ווי פון טאָג צו טאָג.

די דאָזיקע דערשיינונג איז נישט קיין איינזייטיקע. פּונקט ווי גרויסע טיילן פון דער באַפעלקערונג פון מדינת ישראל פאַרלירן אַלץ מער און מער דעם אינטערעס פאַר די געשעענישן אין יידישן לעבן מחוץ פון א"י, פּונקט אַזוי זענען דאָ טיילן פון יידן אין אַנדערע לענדער — גרויס גענוג שוין איצט און ווער ווייס צי זיי וועלן נישט נאָך מער אַרויסוואַקסן אין די ווײַטערדיקע יאָרן — וואָס די שאַפונג פון מדינת ישראל האָט שוין געגראָבן אָדער איז עלול צו גראָבן אַ תהום צווישן זיי און צווישן די יידן אין א"י. מיר וועלן שפּעטער זיך נאָך אומקערן צו דער דאָזיקער דערשיינונג; דאָ וועלן מיר זיך פאַרנעמען נאָר מיט די פּראָבלעם פון יידן דאָ אין לאַנד און לאָמיר נאָך איינמאָל אונטערשטרייכן אַז אויב זי וועט נישט געלייזט ווערן, טאָ קאָן די סכנה פון אַ דעפיניטיווער איזאָלירונג פון א"ידיקן יידישן ישוב פון אַנדערע טיילן פון פאָלק באַטראַכט ווערן ווי אַ זייער ממשותדיקע און זייער שווערע.

די לייזונג — אויב ס'איז בכלל פאַראַן אַ לייזונג פאַר אַזאַ פּראָבלעם — קאָן קומען נאָר דעמאָלט, ווען דאָס אָרגאַניזירטע יידישע פאָלק וועט זאָרגן דערפאַר אַז זיין לעבן און זיינע זאָרגן זאָלן נישט בלייבן פרעמד פאַרן יידישן ציבור אין א"י. דאָס איז די היסטאָרישע מיסיע פון יידישן וועלט־קאָנגרעס. ער דאַרף אין א"י זיך באַטראַכטן ווי דער אַמבאַסאַדאָר פון יידישן פאָלק אין די גלות־לענדער, וועמענס הויפּט־אויפגאַבע דאַרף זיין וואָס ענגער צו מאַכן דעם קאָנטאַקט צווישן יעדע טיילן פון פאָלק און ניט לאָזן זיי פאַרגעסן אַז זיי זענען איין פאָלק, וואָס עס זאָלן נישט זיין די פאַרשידנקייטן פון זייער סיטואַציע און פון זייערע טאָגטעגלעכע פּראָבלעמען. אויב דער יידישער וועלט־קאָנגרעס איז פאַראינטערעסירט און דאַרף זיין פאַראינטערעסירט אין פאַרשטאַרקן זיין פּאָזיציע אין א"י, טאָ דאַרף ער זיין פאַראינטערעסירט אין ערשטער ריי צוליב דער דאָזיקער היסטאָרישער אויפגאַבע. פון איר רעאַליזירונג הענגט אָפּ אין אַ גרויסער מאָס נישט נאָר דער גורל פון קאָנגרעס, נאָר קודם כל טאַקע דער גורל פון פאָלק.

און פּונקט ווי מיר האָבן דאָ פאָרמולירט דעם אינטערעס פון יידישן וועלט־קאָנגרעס אין זיינע באַציונגען מיט א"י אויף אַ סך אַ פונדאַמענטאַלערן אופן, ווי עס ווערט היינט געמאַכט אין די מייסטע פאַלן, פּונקט אַזוי וועלן מיר דאָס פּרווון צו טאָן מיט דעם אינטערעס, וואָס א"י האָט, אָדער דאַרף האָבן, אין אירע באַציונגען מיט דעם קאָנגרעס. די קאָנקרעטע טובות וואָס קאָנען אַרויסוואַקסן פון דעם, זענען שוין פריער דערמאָנט געוואָרן,

אָבער נישט זיי זענען דער עיקר. דער עיקר איז די פראַגע ווי ווייט די מדי־נת ישראל קאָן זיך היינט פאַרלאָזן אויף די יידן אין די גלות־לענדער און וואָס דער יידישער וועלט־קאָנגרעס קאָן טאָן כדי צו פאַריכטן דאָס וואָס דאַרף פאַריכט ווערן. די סיטואַציע איז אויף דעם דאָזיקן געביט היינט ווייט נישט קיין נאָרמאַלע. ווען עס איז געקומען דער נס פון מדינת ישראל, האָבן א סך פון אונדז געמיינט, אַז עס וועט פאַרענטפערן אַלץ און אַז קיין שונאי־ציון אָדער אפילו קיין גלייכגילטיקע מענטשן וועלן מיר צווישן זיך מער ניט האָבן, ווייל ווי קאָן מען בלייבן גלייכגילטיק זעענדיק פאַר די אייגענע אויגן די יידישע מדינה. די דערפאַרונגען פון די ערשטע חדשים נאָך דער פּראָ־קלאַמאַציע פון דער מדינת ישראל האָבן כלומרשט באַשטעטיקט די דאָזי־קע הנחה. אַ שטורעם פון באַגייסטערונג איז געגאַנגען איבער דער יידישער וועלט, די סקעפּטיקער און די שונאים זענען כמעט ווי פאַרשוואונדן, געוואַל־טיקע מיטלען זענען מאָביליזירט געוואָרן פאַר א״י, וואָס וועגן אַזעלכעס האָט מען נישט געקאָנט חלומען אין די פריערדיקע יאָרן, אָבער באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז מיר שטייען דאָ פאַר אַ נייער אילוזיע. ווי נאָר עס זענען אַוועק די ערשטע פאַר האָניג־חדשים פון באַגייסטערונג, האָט זיך די סי־טואַציע אָנגעהויבן שטאַרק צו בייטן, דאָסמאָל אין אַ פאַרקערטער ריכ־טונג.

דאָס וואָס מיר זעען היינט אין אַמעריקע, דהיינו אַ גרויסע אָפּשוואַ־כונג, כמעט ווי אַ צוזאַמענברוך פון דער פינאַנציעלער קאַמפּאַניע פאַר א״י, וואָס קאָן נישט דערגרייכן אפילו די העלפט פון דעם וואָס זי האָט גע־דאַרפט דערגרייכן, איז אַ שלעכטער, גאָר אַ שלעכטער סימן. אודאי האָבן די רייסענישן אין דער ציוניסטישער מחנה קאָמפּליצירט די סיטואַציע, אָבער נישט זיי זענען די הויפּט־סיבה והראיה אַז אויך אין אַנדערע לענדער זע־ען מיר סימנים פון דערזעלבער אָפּשוואַכונג. אָבער נישט נאָר אויפן פי־נאַנציעלן געביט שטייען מיר פאַר אַ האַלב צעבראָכענער קאַריטע; אויך פּאָליטיש הייבט זיך אָן די סיטואַציע צו קאָמפּליצירן אַלץ מער און מער. פּלוצים האָט זיך באַוויזן פאַר אונדזערע אויגן דער קאָשמאַר פון דאָפּלטער לאָיאַליטעט. פּלישתים עליך ישראל; יידן הויבן אָן צו האָבן מורא, צו קאָנען זיי זיך טאָקע אַזוי שטאַרק אַנגאַזשירן פאַר דער מדינת ישראל, צי איז דאָס נישט אַמאָל אַ סכנה פאַר זייערע בירגערלעכע פליכטן אין די לענ־די פּים פון קאָנגרעס און נישט זעלטן שאַפט זיך אַ משונהדיקע אַליאַנץ דער ווו זיי וווינען. אַלץ מער און מער שטויסן מיר זיך אָן אויף דערשיי־

נונגען וואָס אַ סך כבוד ברענגען זיי אונדז נישט. אַלץ מער ווערט אונטער־ געשטראָכן — צי מען דאַרף עס יאָ צי מען דאַרף עס נישט — אַז די ערש־ טע לאָיאַליטעט פון די יידן איז טאַקע די לאָיאַליטעט פאַר די לענדער ווו זיי וווינען איצט און ערשט דערנאָך קומען די התחייבותן לגבי דער מדינת ישראל; און עס שאַפט זיך אַ שטיקנדיקע אַטמאָספער, וואָס קאָן גאָר ווערן אַ בכיה לדורות. נישט די גויים דיסקוטירן היינט וועגן די פּראָבלעם פון דאָפּלטער לאָיאַליטעט, נאָר יידן; אָבער סוף כל סוף וועט די דאָזיקע דיסקור־ סיע פאַרסמען אויך נישט־יידישע הערצער און דער רעזולטאַט וועט זיין אַ נייע כוואַליע פון אַנטיסעמיטיזם און אַ חילול השם פון דער אידייע פון מדינת ישראל.

פון וואַנעט נעמט זיך די דאָזיקע טראַגישע דערשיינונג, וואָס איז עלול מאָראַליש צו צעברעכן די דערגרייכונגען פון די לעצטע צוויי יאָרן? זי נעמט זיך אין ערשטער ריי פון דער עובדה, וואָס גרויסע טיילן פון דער ציו־ ניסטישער פירערשאַפט און אויך גרויסע טיילן פון ישוב אין א״י, זייענדיק שיכור מיט די פּלוצימדיקע גרויסע פּאָליטישע און מיליטערישע דערגרייכונ־ גען, האָבן פאַרגעסן דעם אמת אַז נאָר אַ גרויסע און טיפע דערציערישע אַר־ בעט קאָן מאַכן מעגלעך די רעאַליזירונג פון אַ גרויסער אידייע אָדער כדי צו רעדן מיט די ווערטער פון שעפער פון פּאָליטישן ציוניזם, אַז ציוניזם הייסט אומקערן זיך צו יידישקייט אײדער מען קערט זיך אום אין יידישן לאַנד. כדי אַן אידייע זאָל דעראָבערן דאָס פאָלק, מוז קודם כל טיף אויפגע־ אַקערט ווערן די פאָלקס־נשמה, ווייל אַ נישט וועט דער מדבר טאַקע בלייבן אַ מדבר. אָט די הונדערטער טויזנטער, אפשר גאָר מיליאָנען יידן, וואָס נאָך אײערנעכטן זענען זיי געווען גלייכגילטיק און האָבן געקלערט נאָר וועגן פּרנסה אָדער אין בעסטן פאַל וועגן קאַמף קעגן „רשעות״, האָבן זיך טאַ־ קע אויף אַ מאָמענט אויפגעכאַפּט, ווען זיי האָבן זיך דערוווּסט וועגן דער שאַפונג פון אַ יידישער מלוכה; אָבער די באַגייסטערונג זייערע איז אַזוי גיך און אפשר נאָך גיכער אַוועק, ווי זי איז געקומען. אויב מדינת ישראל הייסט דאַרפן געבן כסדר אַ סך געלט און אויב פון דער אַנדערער זייט איז זי אפשר גאָר מסוגל צו קאָמפּליצירן די פּאָזיציע פון יידן אין אַנדערע לענ־ דער, טאָ צו וואָס דאַרף מען זי האָבן? אָט אַזוי איז געקומען דאָס וואָס איז געקומען אין אַמעריקע און אין אַנדערע לענדער.

עס וועט אונדז אַלזאָ נישט העלפן. דאָס פאָלק מוז דערצויגן ווע־ רן. עס מוז פאַרשטאַרקט און פאַרטיפט ווערן די דערקענטניש, אַז מיר יידן

זענען טאַקע אײן פאָלק, וואָס עס זאָלן נישט זיין די גרעניצן צווישן אונדז. עס מוז פארשטאַרקט און פארטיפט ווערן דער באַוווסטזיין אַז מיר זענען א פ אָ ל ק מיט אונדזערע אייגענע נאציאָנאַלע אינטערעסן און מיט אונדזער אייגענעם נאַציאָנאַלן כבוד, וואָס וועגן אים דאַרף מען קלערן אין ע־שטער ריי. עס מוז פארשטאַרקט ווערן דער באַוווסטזיין אַז נאָר א שטאָלצע און מוטיקע פּאָליטיק וואָס מאַכט נישט קיין סוד פון אונדזער יידישקייט און פון אונדזערע אייגענע אינטערעסן (צווישן זיי אויך דער אינטערעס פון אונדזער מלוכה אין א״י) איז עלול צו דערוועקן א געפיל פון כבוד צו אונדז מצד אַנדערע פעלקער. און עס מוז אויך געמאַכט ווערן א סוף צו דער אילוזיע, וואָס ליידער אויך זי כאַפּט זיך אַריין אין געוויסע (נישט תמיד די ערגסטע) קרייזן פון יידישן פאָלק, אַז מען קאָן בלומרשט שאַפן א לאָקאַלע יידישע קולטור, וואָס זאָל זיין סיי יידיש און סיי לאָקאַל־פּאַטריאָטיש און אויף אַזאַ אופן יוצא זיין לגבי אַלע. יידיש לעבן קאָן זיין נאָר א יי נ ס אין דער וועלט, ווייל אַז נישט וועלן מיר נאָך דערלעבן אַז אויף דער שטעל פון איין יידיש פאָלק וועלן מיר האָבן א סך פעלקער, וואָס וועלן טאַקע גיך אוועקשטאַרבן איינס נאָך דעם אַנדערן. דאָס האָט גאָר קיין שייכות נישט מיט אונדזערע התחיבותן לגבי די לענדער, אין וועלכע מיר וווינען. אוודאי דאַרף מען זיי דערפילן און מיר האָבן נישט געדאַרפט וואַרטן ביז היינט כדי דאָס צו פאַרשטיין. נאָך מיט צוויי און א האַלב טויזנט יאָרן צוריק האָט אונדז דאָס געזאָגט אונדזער נביא ירמיהו. אָבער דאָס האָט געזאָגט א מענטש, וואָס די ליבשאַפט צו זיין פאָלק האָט געברענט ווי א פייער אין זיין נשמה און וואָס האָט געזונגען דעם געוואַל־טיקסטן ליד פון טרויער צוליב דעם חורבן פון ירושלים. לאָמיר טאַקע גיין אין זיינע דרכים און מיר וועלן דעמאָלט קומען צו א ציל.

אָט דאָס איז די פּראָגראַם פון א פאָלקס־דערציִונגס־אַרבעט, וואָס נאָר זי קאָן דערפירן צו א אמתדיקער גאולת ישראל. צי קאָן נאָך זיין א ספק אַז דער יידישער וועלט־קאָנגרעס איז גאָר א וויכטיקער, אפשר טאַקע דער וויכ־טיקסטער ווערקצייג פון אַזאַ אַרבעט? דער קאָנגרעס האָט פּראָקלאַמירט די אידעע פון אחדות ישראל ווי זיין צענטראַלע אידייע, ער האָט פּראָקלאַ־מירט נישט סתם אחדות ישראל, נאָר אחדות פון א פ אָ ל ק געגליכן צו אַלע אַנדערע פעלקער. ער האָט געמאַכט פון קאַמף פאַר יידישע רעכט און יידישן כבוד דעם הויפּט־פּונקט פון זיין אַרבעט; און ער פּרוווט היינט

צו רעאַליזירן די גייסטיקע אחדות פון יידישן פאָלק, פונקט ווי ער האָט רעאַליזירט זיין פּאָליטישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע איי־ניקייט. און אָט צוליב דעם איז דער יידישער וועלט־קאָנגרעס אויך איינער פון די וויכטיקסטע ווערקצייגן פאַר אַן אנטגילטיקער לייזונג פון יידן־פּראָבלעם דורך קאָנצענטרירן דאָס יידישע פאָלק אין זיין היימלאַנד. נישט אַלע פארשטייען דאָס היינט. עס זענען דאָ לײדער א סך מענטשן סיי אין א״י און סיי מחוץ לארץ וואָס צוליב די אָדער יענע סיבות פּרווון זיי וואַרפן שטיינער פאַר אין קאַמף קעגן אים צווישן אסימילאַטאָרן און געוויסע ציוניסטישע קרייזן. אָבער דער יידישער ישוב אין א״י, אויב ער זעט אין זיך דעם אוואַנגאַרד פון פאָלק וואָס דאַרף קאָנצענטרירט ווערן אין זיין לאַנד, וועט פאַרשטיין אַז אַזאַ ציל קאָן נישט דערגרייכט ווערן אָן א גרויסער צוגרייטונגס־אַרבעט און אַז די דאָזיקע אַרבעט קאָן נישט געמאַכט ווערן אָן דעם יידישן וועלט־קאָנגרעס.

אָט דאָס איז דער שטאַרקסטער און דער טיפסטער אינטערעס וואָס יידן אין א״י האָבן, אָדער דאַרפן האָבן, אין זייער קאָאָפּעראַציע מיט דעם יידישן וועלט־קאָנגרעס. אַזאַ אינטערעס קאָן נאַטירלעך נישט דערוועקט ווערן אין איין טאָג. שריט אויף שריט דאַרף מען זיך רוקן פאָרויס. די אַרבעט פון קאָנגרעס פאַר יידן אין אַראַבישע לענדער איז געווען אַזאַ גרויסער און וויכטיקער שריט. יידן אין א״י זעען היינט וואָס א פאָלקס־אָרגאַניזאַציע קאָן אויפטאָן כדי צו פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון מענטשן וואָס געפינען זיך נאָנט צו א״י און זענען צווישן די ערשטע קאַנדידאַטן פאַר עליה. די איצטיקע אַרבעט פון קאָנגרעס כדי צו פאַרקלענערן די סכנה פון א נייער דייטשער אַגרעסיע און כדי צוריקצובאַקומען פאַרן יידישן פאָלק דאָס פאַרמעגן וואָס איז ביי אים צוגענומען און צוגערויבט געוואָרן אין די יאָרן פון נאַצישן רעזשים, איז א ווייטערדיקער וויכטיקער שריט; יידן אין א״י שאַצן אָפּ ווי געוויק די באַדייטונג פון פאָלקס־קאַפּיטאַל וואָס וועט אין דער ערשטער ריי אינוועסטירט ווערן פאַרן אויפבוי פון לאַנד און זיי זענען גרייט צו שטאַרקן די הענט פון די וואָס פאַרנעמען זיך מיט אַזעלכע אויפגאַבן. די אויפקלערונגס־אַרבעט אין לאַנד וועגן דער טעטיקייט פון קאָנגרעס איז א ווייטערדיקער וויכטיקער שריט; מען ווייס אין א״י נישט גענוג וועגן דעם וואָס דער קאָנגרעס טוט אויף טאָג איין טאָג־אויס אין זיין פּאָליטישער און אָרגאַניזאַטאָרישער אַרבעט און וואָס מער מען

וועט וויסן, אלץ שטארקער וועט מען זיין פארבונדן און אלץ שטארקער וועט ווערן דער ווילן פון קאאפעראציע. אבער ווי וויכטיק עס זאלן נישט זיין די אלע אויפגאבן — און עס ווערט א סך היינט געטאן כדי זיי צו רעאליזירן — דער עיקר פונדעסטוועגן איז באוווסטזיניק צו מאכן די יידן אין א״י וועגן דעם טיפסטן זין פון ארבעט פון קאנגרעס, וואס איז פריער דערמאנט געווארן. וועט אט דער דאזיקער זין פארשטאנען ווערן, דאן וועלן מיר דעראבערן א״י פארן יידישן וועלט־קאנגרעס אויף תמיד און אויף דעם בכבודיקסטן אופן.

די מענטשן וואס דורך דעם באשלום פון דער וועלט־קאנפערענץ אין מאנטרעע מיט אנדערהאלבן יאר צוריק זענען זיי באשטימט געווארן כדי אנצופיר׳ן מיט דער ארבעט פארן יידישן וועלט־קאנגרעס אין ארץ־ישראל, פארשטייען די דאזיקע אויפגאבן און פרווון זיי צו רעאליזירן מיט א גאנץ הארץ. זיי וועלן מצליח זיין אויב הינטער זיי וועט שטיין די יידישע עפנט־לעכע מיינונג און אויב עס וועלן צוהעלפן די געטרייע מיטארבעטער און מיטקעמפער פון דער קאנגרעס־אידייע אין די פארשידנסטע לענדער פון דער וועלט. —

BEN ZION MEÏR HAY OUZIEL
RISHON LEZION, CHIEF RABBI OF THE HOLY LAND
JERUSALEM
TEL. 5040 — P.O.B. 673

בתשובה נא להזכיר
IN REPLY PLEASE QUOTE
NO. ............ מספר

# פזורי - הגולה

כארבע רוחות השמים פרשתי אתכם נאם ה׳. חזון נבואי זה שנאמר מפי ה׳ הוא חזון הגלות של ישראל מאז גלה מארצו, שכל העמים שהשתעבדו לכובשים זרים נשארו בארצם תחת שבט מושלים זרים, או שהעתקו מארצות מגוריהם אל ארץ אויביהם ולכן נשמעו בארץ גלותם והשאירו את זכרם רק בספר תולדות האדם. לא כן עם ישראל, האויב הגלה אותו מארצו במזימה רעה לערבו בתוך עמו ולהשכיח ממנו תורתו ותרבותו, ועם זה גם את התקוה לשוב לארצו וחרותו. אולם עם ישראל -שתנרת אלקים חיים בקרבו, ושנועד להיות לאור גוים גםבגלותו- לא היה יכול מטבע הויתו הלאומית ושבועתו לתעודתו הגדולה לאחרית הימים שקבלה כהר סיני והלכה אתו כל ימי גלותו להשתעבד לעם אשר הגלה אותו ולא לארץ גלותו, אבל לקח מטה נדודיםבידו וילך לו מגוי אל גוי ממלכה לממלכה למען שמור את נצחיותו ולהתקיים בתור עם ה׳ לנצח, בהוליכו לפניו את ספרי-תורתו אשר הם חרותים בלבבו ובכל מקום העמיד לו בתי כנסת לתורה ותפלה ובתי תלמוד תורה לבניו לבל תשתכח התורה מפיהם ולשמור על ידי כך יסודות הנצח של לאומיותו תרבותו ומדעו, גם לתרום תרומתו האצילה לאנושיות כולה ויחד עם זה לשמור באהבה וגבורה את תקותו לשיבתו לארצו חרותו ומדינתו.

•

זאת היתה עצת ה׳ שומר ישראל כפי שהודיעה מפי נביא קדשו לאמר: כי כארבע רוחות השמים פרשתי אתכם בית ישראל נאם ה׳. פזור גליות זה בארבע רוחות השמים הוא תהליך להגשמת יעודו מפי נאמן ביתו רבן של ישראל ואדון הנביאים: אם יהיה נדחך בקצה השמים משם יקבצך ה׳ אלקיך ומשם יקחך, והביאך אל הארץ אשר ירשו אבותיך וירשתה והיטיבך והרבך מאבותיך.

פזורי הגולה שבארבע רוחות השמים התרכזו בדורות ראשונים בקהלות גדולות ומרוכזות שהיו קשורות ואדוקות אשה לרעותה בקשרים לאומיים ותורניים וכולם יחד לארץ ישראל ולירושלים בירתה שאליה התאחדו כל ישראל בלב ונפש בשעת תפלתם כאמור: והתפללו אליך דרך ארצם, ובשבועתם לזכור את ירושלים בכל מאורעות החיים ובראשם שמחתם: אעלה את ירושלים על ראש שמחתי.

בדורות האחרונים התרחב פזור זה בשטחים רחבים ורחוקים מאד, ולקהלות מפוזרות ככל קהלות ישראל שקמו בארצות הברית למדינותיהן, אבל בכל זאת התקיים הקשר הלאומי כבריח התיכון שהוא מאחד את כל ישראל להטיבה אחת במעשים ופעולות לבנין הארץ ולתקומת מדינת ישראל שקמה לתחיה לעינינו בחסד ה׳ ובנפלאותיו בארץ ישראל נחלת עולמים לעם עולמים.

בו בפרק נפלא זה קם גם הקונגרס היהודי העולמי אשר מחבק את כל קהלות ישראל ומאחדם לבימה עולמית אחידה שמעליה ישמיע עם ישראל את קולו להגנת זכויותיו בשויון גמור עם כל העמים והמדינות שהוא יושב ומתאזרח בהן ולארגונן התורני ולאומי גם יחד עם מדינת ישראל ועם כל קהלות ישראל בתפוצותיו.

לשמחתנו ולאשרנו מוסד יהודי עולמי זה הולך ופורש כנפיו על כל קהלות ישראל בכל הפוצותיהן.

והנני מביע את שמחתי וברכתי לכם אחים ואחיות יקרים, ואהובים קהל ישראל במקסיקו ולועד הארצי של הקונגרס היהודי על פעולתכם זאת הברוכה.

והנני מקדם בברכה את יזמתכם להוציא לאור "ספר השנה", שבו תשתקף בתמונה נכונה צורתה של קהלת מקסיקו לכל ענפיה, וביחוד בחנוך הנוער שזהו יסוד היסודות של קיומנו הנצחי ובו יזהירו כחות ספרותיים ומדעיים של קהלתכם החשובה.

ברוכים תהיו כולכם לה' דלעמו, חזקו ואמצו עשו והצליחו לבנין בית ישראל ותורתו בתפוצותיו ולבצור מדינת ישראל והרמת כבודה ותפארתה בארץ ישראל. ומהרה תעלו אל הארץ ותתאחזו בה ברנה ושמחת עולם.

בן ציון מאיר חי עזיאל

בן ציון מאיר חי עזיאל
ראשון לציון הרב הראשי
לא"י.

כארבע רוחות השמים פרשתי אתכם נאם ה׳. חזון נבואי זה שנאמר מפי ה׳ הוא חזון הגלות של ישראל מאז גלה מארצו, שכל העמים שהש־תעבדו לכובשים זרים נשארו בארצם תחת שבט מושלים זרים, או שהעת־קו מארצות מגוריהם אל ארץ אויביהם ולכן נטמעו בארץ גלותם והשאירו את זכרם רק בספר תולדות האדם. לא כן עם ישראל, האויב הגלה אותו מארצו כמזימה רעה לערבו בתוך עמו ולהשכיח ממנו תורתו ותרבותו, ועם זד גם את התקוה לשוב לארצו וחרותו. אולם עם ישראל־שתורת אלקים חיים בקרבו, ושנועד להיות לאור גוים גם בגלותו — לא היה יכול מטבע הויתו הלאומית ושבועתו לתעודתו הגדולה לאחרית הימים שקבלה מהר סיני והלכה אתו כל ימי גלותו להשתעבד לעם אשר הגלה אותו ולא לארץ גלותו, אבל לקח מטה גדודים בידו וילך לו מגוי אל גוי ממלכה לממלכה למען שמור את נצחיותו ולהתקיים בתור עם ה׳ לנצח, בהוליכו לפניו את ספרי־תורתו אשר הם חרותים בלבבו ובכל מקום העמיד לו בתי כנסת לתו־רה ותפלה ובתי תלמוד תורה לבניו לבל תשתכח התורה מפיהם ולשמור על ידי כך יסודות הנצח של לאומיותו תרבותו ומדעו, גם לתרום תרומתו האצילה לאנושיות כולה ויחד עם זה לשמור באהבה וגבורה את תקותו לשיבתו לארצו חרותו ומדינתו.

זאת היתה עצת ה׳ שומר ישראל כפי שהודיעה מפי נביא קדשו לאמר: כי כארבע רוחות השמים פרשתי אתכם בית ישראל נאם ה׳. פזור גליות זה בארבע רוחות השמים הוא תהליך להגשמת יעודו מפי נאמן ביתו רבן של ישראל ואדון הנביאים: אם יהיה נדחך בקצה השמים משם יק־בצך ה׳ אלקיך ומשם יקחך, והביאך אל הארץ אשר ירשו אבותיך וירשתה והיטיבך והרבך מאבותיך.

פזורי הגולה שבארבע רוחות השמים התרכזו בדורות ראשונים בקה־לות גדולות ומרוכזות שהיו קשורות והדוקות אשה לרעותה בקשרים לאמיים ותורניים וכולם יחד לארץ ישראל ולירושלים בירתה שאליה הת־אחדו כל ישראל בלב ונפש בשעת תפלתם כאמור: והתפללו אליך דרך ארצם, ובשבועתם לזכור את ירושלים בכל מאורעות החיים ובראשם שמחתם: אעלה את ירושלים על ראש שמחתי.

בדורות האחרונים התרחב פזור זה בשטחים רחבים ורחוקים מאד, ולקהלות מפוזרות ככל קהלות ישראל שקמו בארצות הברית למדינותיהן, אבל בכל זאת התקיים הקשר הלאומי כבריח התיכון שהוא מאחד את כל ישראל לחטיבה אחת במעשים ופעולות לבנין הארץ ולתקומת מדינת

ישראל שקמה לתחיה לעינינו בחסד ה׳ ונפלאותיו בארץ ישראל נחלת עולמים לעם עולמים.

בו בפרק נפלא זה קם גם הקונגרס היהודי העולמי אשר מחבק את כל קהלות ישראל ומאחדם לבימה עולמית אחידה שמעליה ישמיע עם ישראל את קולו להגנת זכויותיו בשויון גמור עם כל העמים והמדינות שהוא יושב ומתאזרח בהן ולארגונן התורני והלאומי גם יחד עם מדינת ישראל ועם כל קהלות ישראל בתפוצותיו.

לשמחתנו ולאשרנו מוסד יהודי עולמי זה הולך ופורש כנפיו על כל קהלות ישראל בכל תפוצותיהן.

והנני מביע את שמחתי וברכתי לכם אחים ואחיות יקרים ואהובים קהל ישראל במקסיקו ולועד הארצי של הקונגרס היהודי על פעולתכם זאת הברוכה.

והנני מקדם בברכה את יזמתכם להוציא לאור „ספר השנה", שבו תשתקף בתמונה נכונה צורתה של קהלת מקסיקו לכל ענפיה, וביחוד בח־נוך הנוער שזהו יסוד היסודות של קיומנו הנצחי ובו יזהירו כחות ספ־רותיים מדעיים של קהלתכם החשובה.

ברוכים תהיו כולכם לה׳ ולעמו, חזקו ואמצו עשו והצליחו לבין בית ישראל ותורתו בתפוצותיו ולבצור מדינה ישראל והרמת כבודה ותפארתה בארץ ישראל, ומהרה תעלו אל הארץ ותתאחזו בה ברנה ושמחת עולם.

בן ציון מאיר חי עזיאל
ראשון לציון הרב הראשי
לא״י.



# דער יידישער וועלט-קאָנגרעס

פון **וויקטאָר מיטראַני**

דער יידישער וועלט-קאָנגרעס, א וויכטיקע אינסטיטוציע און א גראַנ־דיעזע נאַציאָנאַלע רעאַליזירונג, דאָך איז זיין עקזיסטענץ געבליבן איגנאָ־רירט פון גרויסע טיילן פון יידישן פאָלק, טראָץ זיין פופצן יעריקער טעטי־קייט און זיינע אומגעהויערע רעאַליזירונגען.

פאַראַן אויך אַזעלכע טיילן אין יידנטום, וועמען די אויפטוען פון דעם וועלט־קאָנגרעס זענען לחלוטין אומבאַקאַנט, און אַנדערע, — די אַזוי גערופענע קעגנער — וואָס מיינען, אַז מיט דעם אויפקום פון מדינת יש־ראל, איז פאַרשוואונדן די נויטווענדיקייט פון דער דאָזיקער קערפּערשאַפט, וואָס פאַרטיידיקט דאָס יידנטום אין גלות.

מיר האַלטן, אַז עס איז דרינגגנד, ברייט צו אינפאָרמירן וועגן דער עקזיסטענץ און אויפטוען פונעם יידישן וועלט־קאָנגרעס. די טיילן, וואָס האַלטן, אַז צוליב דער גרינדונג פון ישראל, איז נישט באַרעכטיקט דער קיום פונעם יידישן וועלט־קאָנגרעס, דאַרף מען אַרויסנעמען פון זייער טעות־דיקע שטעלונג.

דער יידישער וועלט־קאָנגרעס, איז נישט געגרינדעט געוואָרן, ווייל אַזוי איז געווען דער פאַרלאַנג פון זיינע גרינדער. זיכער אויך נישט דערפאַר, בכדי צו שאַפן סאָציאַל־פּאָליטישע און עקאָנאָמישע גינסטיקע באַדינגונגען פאַרן גלות־יידנטום.

דער יידישער וועלט־קאָנגרעס איז אַנטשטאַנען אין אַנזיכט פון די היסטאָרישע געשעעניש, וואָס זענען פאָרגעקומען צווישן די ברייטע יידי־שע מאַסן, באַזונדער אין איירּאָפּע. די גרינדונג פון יידישן וועלט־קאָנגרעס

איז געווען אויך א פועל יוצא פון דער נייער ריכטונג, וואס די אינטערנאַ־ציאָנאַלע פּאָליטיק האָט אָנגענומען אין יאָר 1933, מיטן פאַרכאַפּן די מאַכט אין דייטשלאַנד דורך דעם נאַציזם.

דער ערשטער אויפטו פון דעם יידישן וועלט־קאָנגרעס, אגב געקרוינט מיטן גרעסטן דערפאָלג, איז געווען די רעטונג פון די יידן וואס האָבן גע־לעבט אינעם סאַאַר־געביט. דער צווייטער פּאָליטישער דערפאָלג איז געווען די רעטונג פון די יידן אין שלעזיע.

עס איז געגוג זיך אָפּצוגעבן א דין וחשבון וועגן דער קאַטאַסטראָפאַ־לער לאַגע פון די יידן אין רומעניע בעת דער הערשאַפט פונעם פּרעמיער־מיניסטער גאָיאַ, כדי צו אָנערקענען די וויכטיקייט פון דעם יידישן וועלט־קאָנגרעס. גאָיאַ האָט שוין געהאַט פאַראָרדנט דעם גרוש פון הונדערטער טויזנטער יידן פון רומעניע; ער האָט שוין געהאַט איינגעפּירט געזעצן, וואָס האָבן געזאָלט פולשטענדיק פאַרניכטן דעם דאָרטיקן גרויסן ישוב, ווען דעם יידישן וועלט־קאָנגרעס איז געלונגען אָפּצוהאַלטן דעם רומענישן פּרע־מיער־מיניסטער פון זיינע געפּלאַנטע מעשים, און אזוי אַרום בייטן דעם קורס פון די געשעענישן.

נאָכפאָלגנדיק דעם גאַנג פון דער טראַגישער עפּאָכע פון אונדזער פאָלק, וואָס האָט זיך געענדיקט מיטן פאַרלוסט פון זעקס מיליאָן לעבנס און מיט דער פולשטענדיקער פאַרניכטונג פונעם געזעלשאַפטלעכן און עקאָנאָמיש־פּאָליטישן לעבן פון אייראָפּעישן יידנטום, זען מיר, אַז דער יידישער וועלט־קאָנגרעס איז געווען די איינציקע אינסטיטוציע וועמען עס האָט זיך איינגעגעבן, מיט זיין קאַמף און אַרבעט, צו ראַטעווען די שאַ־רית הפליטה.

געוויסע אינסטיטוציעס שרייבן צו אויף זייער חשבון, דעם פאַר־דינסט פון געראַטעוועטע יידישע לעבנס. דאָס זענען אָבער בלויז באַרימע־רייען אָן שום באַשטעטיקונג.

דער יידישער וועלט־קאָנגרעס פּרעטענדירט נישט, אַז ער האָט א סך געראַטעוועט. מיר ווייסן נישט וויפל, אָבער וואָס מיר ווייסן יאָ, איז: טראָץ דער גלייכגילטיקער שטעלונג פון דער וועלט לגבי אונדזער טראַגע־דיע, האָט דער יידישער וועלט־קאָנגרעס באַוויזן די פאַראייניקטע שטאַטן און ענגלאַנד בייצוטראָגן הילף א פאָלק אָן שוץ און אָן מיטלען.

דעם יידישן וועלט־קאָנגרעס איז געלונגען דורך זיינע באַריכטן, דאָ־קומענטן און באַווייזן, פאַר די אַליאירטע, צו באַקומען א געוויסע הילף

אויפן פּאָליטישן געביט פאַר די לעבן געבליבענע פון דער היטלעריסטישער קאַטאַסטראָפע.

עס איז אוממעגלעך דאָ אויסצורעכענען אַלע אויפטוען פונעם יידישן וועלט־קאָנגרעס, אָבער עטלעכע וועלן מיר דאָ אַרויסברענגען: 45 טויזנט יידן פון בולגאַריע זענען געוואָרן באַשטימט אַרויסצופירן אין די גאַז־קאַמערן פון פּוילן. אַ דאַנק דער אינטערווענץ פונעם יידישן וועלט־קאָנגרעס אין שווייצאַריע, דורך זיין פאָרשטייער דר. ריגנער און דעם רב דר. עהרענפּרייז ע"ה אין שוועדן, זענען ניצול געוואָרן די 45 טויזנט לעבנס פונעם טויט.

נאָך אַ פאַל צווישן אַנדערע: דער פאַל פון וואַסיליק ווערקיסי פון טערקיי: טויזנטער יידן נאָכן פאַרלירן זייער עקאָנאָמישע עקזיסטענץ, זענען געשיקט געוואָרן אויף צוואַנג אַרבעט. אַ דאַנק דעם יידישן וועלט־קאָנגרעס זענען די אומגליקלעכע געראַטעוועט און צוריקגעשיקט געוואָרן אין זייערע היימען.

טויזנטער יידן פון פראַנקרייך זענען געראַטעוועט געוואָרן דורך דעם ייד. וועלט־קאָנגרעס, ווען עס האָט זיך איינגעגעבן צו פועלן, אַז טערקיי זאָל אָנערקענען די דאָזיקע יידן אַלס אירע בירגער און זיי נעמען אונטער איר שוץ. דאָס זעלבע איז פאָרגעקומען אין שפּאַניע.

דאָס זענען היסטאָרישע פאַקטן.

וועגן די פאַלן פון קאָסטאַ־ריקאַ און פּאַנאַמאַ, איז דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות, אַליין אַ עדות. אַ חוץ דעם האָט דער יידישער וועלט־קאָנגרעס געלייזט די געשאַפענע פּראָבלעמען וועגן דער יידישער שפּראַך, אין אורוגוואַי. גלייכצייטיק אויך דעם פאַל פון דער יידישער אימיגראַציע קיין באָליוויע.

נאָך דער מלחמה איז די אַרבעט פון יידישן וועלט־קאָנגרעס געוועז אַן אומגעהויערע.

דער יידישער וועלט־קאָנגרעס האָט זיך געווידמעט צו קריגן די אַדרעסן פון דער שארית הפליטה און ער האָט געבראַכט אין קאָנטאַקט טויזנטער פּערזאָנען מיט זייערע משפחות אין אַלע תפוצות — אַן אויפגאַבע אַ שווערע און פון גרויסער וויכטיקייט, וואָס דער יידישער וועלט־קאָנגרעס האָט דערפילט מיט דערפאָלג.

דער יידישער וועלט־קאָנגרעס האָט זיך פאַרנומען מיט דער רעטונג פון יידיש אייגנטום אין די לענדער, וואָס זענען געווען באַהערשט פונעם

נאַצי־פּאַשיזם: אַ דאַנק אים איז צוריקגעגעבן געוואָרן יידיש פּאַרמעגן זיינע אייגנטימער אָדער יורשים, אין פּאַל ווען די לעצטע האָבן זיך נישט געפונען, איז עס איבערגעגעבן געוואָרן די לאָקאַלע יידישע קהילות.

דער יידישער וועלט־קאָנגרעס קעמפּט קעגן דער אויפלעבונג פון נאַ־ציזם אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך.

דער יידישער וועלט־קאָנגרעס איז געשטאַנען אויף דער וואַך, אַז די נאַציישע מלחמה־פאַרברעכער זאָלן באַקומען די געהעריקע שטראָף.

דער יידישער וועלט־קאָנגרעס האָט צונויפגעזאַמלט קולטור־מאַטעריאַ־לן פון די צעשטערטע ישובים און זיי פונאַנדערגעטיילט צווישן די ישובים פון אַמעריקאַנער קאָנטינענט און פון ישראל.

דער יידישער וועלט־קאָנגרעס האָט אינטערווענירט אויף אַן ענערגישן אופן אין שיכות מיט די געשעענישן און רדיפות קעגן די יידן אין די אַראַ־בישע לענדער, ספּעציעל אין איראַק.

דער יידישער וועלט־קאָנגרעס האָט אויך דירעקט אינטערווענירט דורך זיין פּאָרשטייער דר. פּערלצווייג אין דער לייזונג פון דער פראַגע פון די איטאַליענישע קאָלאָניעס אין צפון־אַפריקע, ליביע און טריפּאָליטאַ־ניע, ברענגענדיק מיט דעם געוויסע נוצן די יידישע ישובים פון יענע ערטער.

עס איז אוממעגלעך אויסצורעכענען אַלע נאָך־מלחמהדיקע אַקטיוויטע־טן פונעם יידישן וועלט־קאָנגרעס.

דער יידישער וועלט־קאָנגרעס רעפּרעזענטירט דאָס גלות־יידנטום אין דער „אונעסקאָ"; אין דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישן קאָמיטעט פון דער „אָנו" ווי אויך אין דעם קאָמיטעט פון נישט־רעגירונג אינסטיטוציעס, וועלכער האָט אַ קאָנסולטאַטיוון סטאַטוס אין דער „אָנו" גופא.

דער יידישער וועלט־קאָנגרעס פאַרמאָגט איצט די שטיצע פון 65 ישו־בים, ווי אויך פון אַנדערע קהלות, וואָס שליסן זיך אין אים אָן, באַזונדערוויין. אַלזאָ, דאָס גאַנצע יידנטום פון חוץ לארץ האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום דעם יידישן וועלט־קאָנגרעס.

איצט עטלעכע ווערטער געווענדעט צו די, וואָס האַלטן אַז מיט דער עקזיסטענץ פון מדינת ישראל, פאַלט אָפּ די נויטווענדיקייט פונעם יידישן וועלט־קאָנגרעס.

אמת, אַז ישראל האָט געלייזט אַ סך פּראָבלעמען פון יידישן פאָלק, אָבער נישט אַלע פּראָבלעמען פון די יידן אין גלות, וואָס האָבן אומצאָליקע אָנגעלעגנהייטן, וואָס מדינת ישראל קען נישט לייזן.

ישראל אלס א מדינה, — ווי אלע שטאַטן — פאַרנעמט זיך מיט ענינים, וואָס זענען נוגע אירע בירגער, אָבער דאָס גלות־יידנטום מוז האָבן זיין פאַרשטייערשאַפט, כדי צו לייזן די לאָקאַלע פּראָבלעמען. מיט דער גרינ־דונג פון מדינת ישראל, האָט זיך דער מצב פון די יידן אין גלות נישט גע־ביטן, און עס איז נאָך נייטיק, פאַר א סך דורות, אַזאַ קערפּערשאַפט, ווי עס איז דער יידישער וועלט־קאָנגרעס. אַזאַ קערפּערשאַפט איז נישט נאָר דרינגנד צוליב פּאָליטישע טעמים, נאָר אויך צוליב נאַציאָנאַלע, גייסטיקע און רעליגיעזע מאָמענטן.

עס עקזיסטירן קליינע יידישע ישובים וואָס זענען נישט פעיק זיך אויפ־צוהאַלטן אין די גרענעצן פון אונדזערע טראַדיציעס, אָבער די פאַרבינדונ־גען מיטן יידישן וועלט־קאָנגרעס גיט זיי מעגלעכקייטן אָנצוהאַלטן א קאָנ־טאַקט מיטן וועלט־יידנטום, אַזוי אַרום ווערן די דאָזיקע קליינע, אָפּגעזונ־דערטע יידישע ישובים געראַטעוועט פון נאַציאָנאַלן אונטערגאַנג.

פאַרן פאַרענדיקן וויל איך דערמאָנען מיינע לייענער, איינעם פון די אָנגעזעענסטע פּערזענלעכקייטן פון יידנטום אין אונדזער צייט: דעם גרינדער פון יידישן וועלט־קאָנגרעס און זיין פירער, רב סטעפן ווייז. כבוד זיין אָנדענק. אויב מיר ווילן אויסדריקן אונדזער דאַנקבאַרקייט וואָס מיר זענען שולדיק דעם וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן געווידמעט אונדזער אַלעמענס זאַך, לאָמיר קאָאָפּערירן מיטן יידישן וועלט־קאָנגרעס, אים העל־פן אין זיין נוצלעכער ארבעט.

# קאָנסטיטוציע פון דעם
# יידישן וועלט-קאָנגרעס

## צילן און צוזאַמענשטעלן

### קאַפּיטל 1

ארטיקל 1

דער יידישער וועלט-קאָנגרעס איז אַ פּריוואַטע פאַרייניקונג פון יידישע רעפּרעזענטאַטיווע קערפּערשאַפטן, ישובים און אָרגאַניזאַציעס אין דער גאַנצער וועלט, וואָס זיינען אין אים אַנגעשלאָסן אויפן סמך פון דער דאָזיקער קאָנסטיטוציע.

ארטיקל 2

דער יידישער וועלט-קאָנגרעס איז באַשאַפן צו פאַרזיכערן דעם קיום און צו פלעגן די איינהייט פונם יידישן פאָלק. כדי דאָס צו דערגרייכן שטרעבט ער: א. צו קאָאָרדינירן די טעטיקייט פון זיינע אָנגעשלאָסענע אָרגאַניזאַציעס בנוגע די פּאָליטישע, עקאָנאָמישע, סאָציאַלע און קולטורעלע פּראָבלעמען מיט וועלכע דאָס יידישע פאָלק האָט צו טאָן.

ב. צו פאַרזיכערן די רעכט, דעם סטאַטוס און די אינטערעסן פון יידן און יידישע ישובים, און צו באַשיצן זיי אומעטום וואו זיי ווערן נישט אָפּגעהיט, ווערן פאַרלעצט, אָדער געשטעלט אין סכנה.

ג. צו העלפן און אונטערשטיצן די שעפערישע אַנטוויקלונג פונם יידישן געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן אין דער גאַנצער וועלט.

ד. צו רעפּרעזענטירן און זיין טעטיק אין נאָמען פון די אָנגעשלאָסענע

אָרגאַניזאַציעס ביי די מלוכהשע, צווישן־מלוכהשע און אַנדערע אינטערנאַ־ציאָנאַלע איינסטאַנצן ווענן אַלץ וואָס איז נוגע דאָס יידישע פאָלק אַלס אַ גאַנצע.

דער יידישער וועלט־קאָנגרעס שטרעבט צו דער צוזאַמענאַרבעט מיט אַלע פעלקער אויפן יסוד פון די געמיינזאַמע אַלמענטשלעכע אידעאַלן פון שלום, פרייהייט און גערעכטיקייט.

## אַרטיקל 3

די אָנגעהעריקייט צום יידישן וועלט־קאָנגרעס האָט קיין שום ווירקונג אויף דער אויטאָנאָמיע פון די אָנגעשלאָסענע אָרגאַניזאַציעס בנוגע די אי־נערלעכע און רעליגיעזע ענינים פון זייערע אַנטשפּרעכנדע יידישע ישובים, און באַפולמעכטיקייט נישט דעם יידישן וועלט־קאָנגרעס צו אָנטיילן נעמען אין אַרטיקע פּאָליטישע אָנגעלעגנהייטן פון געגעבענעם לאַנד.

## אַרטיקל 4

1. יידישע קערפּערשאַפטן, קהילות און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, געבוי־טע אויף אַ דעמאָקראַטישן יסוד און האַנדלענדיקע לויט דעמאָקראַטישע פּרינציפּן, וועלכע אַקצעפּטירן די צילן פון יידישן וועלט־קאָנגרעס און זיי־נען מסכים אָפּצוהיטן די באַשטימונגען פון דער דאָזיקער קאָנסטיטוציע, קענען זיך אָנשליסן אָן דעם יידישן וועלט־קאָנגרעס אַלע קאָנסטיטואירנדיקע אָדער אַסאָצירטע מיטגלידער מיט אַ צושטימונג פון דעם עקזעקוטיוו קאָ־מיטעט.

א. אין יעדן געגעבענעם לאַנד קען זיין נאָר איין קאָנסטיטואירנדיקער מיטגליד: אַ יידישע לאַנדעס־קערפּערשאַפט, קהילות פאַרבאַנד אָדער אָרגאַ־ניזאַציע.

ב. דער קאָנסטיטואירנדיקער מיטגליד דאַרף זיין די אַלגעמיין אַנערקענטע אָדער באַקאַנטע רעפּרעזענטאַטיווע יידישע קערפּערשאַפט פונם לאַנד. אין פאַל ווען אַזאַ קערפּערשאַפט עקזיסטירט נישט אָדער אַזאַ מין קערפּער־שאַפט שליסט זיך נישט אָן, אָדער אַנטשפּרעכט נישט די פעסטגעשטעלטע באַדינגונגען, קען דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט אָננעמען אַלס אַ קאָנסטיטו־אירנדיקן מיטגליד פונם דאָזיקן לאַנד — אַ קערפּערשאַפט וועלכע איז, לויט זיין מיינונג צוגעפּאַסט אַמבעסטן אַלס מיטגליד.

ג. אין ספּעציעלע אומשטענדן קען דער עקזעקוטיוו קאָמיטעט מיט אַ

צוויי־דריטל מערהייט צושטימען אַ קאָנסטיטוּאירנדיקע מיטגלידערשאַפט צו אַן אַנדער אָדער אַנדערע קערפּערשאַפטן אונטער באַדינגונגען וועלכע דער עקזעקוטיוו קאָמיטעט וועט געפינען פאַר נויטיק צו באַשטימען.

3. אַלס אַסאָציִרטע מיטגלידער קענען אָנגענומען ווערן אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס דורך אַ מערהייט פון צוויי־דריטל פון עקזעקוטיוו קאָמיטעט אונטער באַדינגונגען וועלכע ער וועט געפינען פאַר נויטיק צו באַשטימען.

## קאַפּיטל 2

# אָרגאַנען

### אַרטיקל 5

די אָרגאַנען פון יידישן וועלט־קאָנגרעס זיינען: די פּלענאַר פאַרזאַמלונג; דער גענעראַל־ראַט; דער עקזעקוטיוו קאָמיטעט; און אַנדערע הילפס אָרגאַנען וועלכע דער עקזעקוטיוו קאָמיטעט געפינט פאַר נויטיק צו שאַפן.

## קאַפּיטל 3

# די פּלענאַר פאַרזאַמלונג

### אַרטיקל 6

די פּלענאַר פאַרזאַמלונג איז די העכסטע אינסטאַנץ פון יידישן וועלט־קאָנגרעס אין אַלע ענינים.

### אַרטיקל 7

1. דער עקזעקוטיוו קאָמיטעט דאַרף צוזאַמענרופן די פּלענאַר פאַרזאַמלונג צו אַ געוויינלעכער סעסיע יעדע צוויי יאָר.

2. ווען נויטיק קען דער עקזעקוטיוו קאָמיטעט באַשטימען דורך אַ מערהייט פון צוויי־דריטל מיטגלידער אָפּצולייגן די געוויינלעכע סעסיע פון דער פּלענאַר פאַרזאַמלונג, נישט מער אויף איין יאָר, וויטערע אָפּלייגונגען מוזן האָבן די הסכמה פון צוויי־דריטל אָנוועזנדיקע און שטימענדיקע מיטגלידער פון גענעראַל־ראַט.

## אַרטיקל 8

1. אויף דעם פאָרשלאָג פון דריי־פערטל פון זיינע מיטגלידער דאַרף דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט צוזאַמענרופן אַן אויסערגעוויינלעכע סעסיע פון דער פלענאַר־פאַרזאַמלונג. מיטגלידער וועלכע זיינען אַפּוועזנד דאַרפן צוש־טעלן זייערע שטימען שריפטלעך. דער סדר־היום פון אַזאַ סעסיע דאַרף זיין באַגרענעצט צו די ענינים וואָס ווערן פאָרגעלייגט דורכן עקזעקוטיוו קאָ־מיטעט .

2. אויפן סמך פון אַ שריפטלעכן פאַרלאַנג פון אַ צוויי־דריטל מער־הייט פון מיטגלידער פונם גענעראַל־ראַט דאַרף דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט פאַררופן אַן אויסערגעוויינלעכע סעסיע צו באַהאַנדלען דעם טאָג־אָרדנונג פאָרגעשלאָגן אין דעם אויבנדערמאָנטן פאַרלאַנג. אַזאַ סעסיע דאַרף צוזאַ־מענגערופן ווערן אין משך פון 6 וואָכן נאָכן דערהאַלטן די אויפפאָדערונג און מוז פאָרקומען נישט שפּעטער ווי צוויי חדשים פון דער דאַטע פון צו־זאַמענרופן.

## אַרטיקל 9

1. די פלענאַר־פאַרזאַמלונג באַשטייט פון דעלעגאַטן געוויילטע דורך די מיטגליד אָרגאַניזאַציעס. דער צוזאַמענשטעל פון די דעלעגאַציעס דאַרף זיין אַזאַ, עס זאָל טריי אָפּשפּיגלען דעם צוזאַמענשטעל פון די געגעבענע ישובים.

2. די צאָל דעלעגאַטן פון יעדן קאָנסטיטואירנדיקן מיטגליד וועט באַש־טימט ווערן דורכן גענעראַל־ראַט נעמענדיק אין באַטראַכט די גרויס פון יידישן ישוב. קיין לאַנד קען נישט האָבן קיין פאַרטרעטונג, וואָס זאָל באַ־טרעפן מער ווי צוויי־פינפטל פון דער אַלגעמיינער צאָל דעלעגאַטן.

3. די צאָל דעלעגאַטן פון די אַסאָצירטע מיטגלידער דאַרף באַשטימט ווערן דורכן עקזעקוטיוו־קאָמיטעט, אָבער קען נישט זיין גרעסער ווי 5 פון יעדער איינצלנער אָרגאַניזאַציע.

4. די גילטיקייט פון די וואַלן אָדער באַשטימונג פון דעלעגאַטן ווערט באַשטעטיקט דורך דער מאַנדאַטן קאָמיסיע.

5. די מיטגלידער פונם עקזעקוטיוו־קאָמיטעט און פון גענעראַל־ראַט באַטייליקן זיך אין די זיצונגען פון דער פלענאַר־פאַרזאַמלונג אָן שטימרעכט, סיידן זיי זיינען גלייכצייטיק געוויילטע דעלעגאַטן.

אַרטיקל 10

1. די זיצונגען פון דער פּלענאַר־פאַרזאַמלונג ווערן געפירט דורך אַ פּרעזידיום אויסגעוויילט דורך איר פאַר דער גאַנצער סעסיע.

2. די זיצונגען פון דער פּלענאַר־פאַרזאַמלונג ווערן געפירט לויט די פּראָצעדור נאָרמעס, פאָרגעלייגטע דורכן עקזעקוטיוו־קאָמיטעט און באַשטע־טיקטע דורך דער פּלענאַר־פאַרזאַמלונג.

3. יעדער דעלעגאַט האָט נאָר איין שטימע אין דער פּלענאַר פאַרזאַמ־לונג.

4. באַשלוסן פון דער פּלענאַר פאַרזאַמלונג ווערן אָנגענומען דורך אַ געוויינלעכע מערהייט פון די אָנוועזנדיקע און שטימענדיקע דעלעגאַטן, אויס־סער פאַלן וואָס ווערן לויט דער קאָנסטיטוציע אַנדערש פאָראויסגעזען.

## קאַפּיטל 4

# דער אַלגעמיינער ראַט

ארטיקל 11

1. דער אַלגעמיינער ראַט באַשטייט פון:

א. פאַרטרעטער פון קאָנסטיטואירנדיקע מיטגליד־אָרגאַניזאַציעס נאָמי־נירט דורך זיי און געוויילט דורך דער פּלענאַר פאַרזאַמלונג לויט אַ שליסל, וואָס וועט באַשטימט ווערן דורך דער פּלענאַר פאַרזאַמלונג. וואַקאַנטע פּלעצער פאַראורזאַכט דורך טויט, דעמיסיע אָדער אַנדערע סיבות, ווערן באַזעצט דורך די אַנטשפּרעכנדע נאָמינירנדע אָרגאַניזאַציעס.

ב. נישט מער ווי 10 מיטגלידער געוויילט אַד פּערסאָנאַם דורך דער פּלענאַר פאַרזאַמלונג.

ג. נישט מער ווי 15 מיטגלידער קאָאָפּטירט דורכן גענעראַל ראַט גופא.

ד. די מיטגלידער פונם עקזעקוטיוו קאָמיטעט.

די פונקציעס פונם גענעראַל ראַט זענען אויסצוהערן און באַשטעטיקן די באַריכטן פון דעם עקזעקוטיוו קאָמיטעט און פעסטשטעלן זיין פּאָליטיק, פּראָגראַם און פינאַנציעלע ענינים בהסכם מיט די באַשלוסן פון דער פּלע־נאַר פאַרזאַמלונג.

אַרטיקל 13

1. דער אַלגעמיינער ראַט קומט זיך צוזאַמען אויף אַ געוויינלעכער סעסיע לכל הפּחות יעדן יאָר.

2. אויף אַ שריפטלעכן פאַרלאַנג צום פאָרזיצער פון גענעראַל ראַט פון נישט ווייניקער ווי צוויי־דריטל פון זיינע מיטגלידער, דאַרף גערופן ווערן אַן אויסערגעוויינלעכע סעסיע אין משך פון איין חודש נאָכן באַקומען די אויפפאָדערונג און דאַרף פאָרקומען נישט שפּעטער ווי אַ חודש נאָך דעם ווי זי ווערט גערופן.

## קאַפּיטל 5

# דער עקזעקוטיוו קאָמיטעט

אַרטיקל 14

דער עקזעקוטיוו קאָמיטעט פירט אָן מיט די ענינים האַנדלט אין נאָמען פון יידישן וועלט־קאָנגרעס בהסכם מיט די באַשלוסן פון דער פּלענאַר פאַרזאַמלונג און פון גענעראַל ראַט.

אַרטיקל 15

1. די פּלענאַר פאַרזאַמלונג וויילט אויס דעם עקזעקוטיוו קאָמיטעט.

2. דער עקזעקוטיוו קאָמיטעט האָט דאָס רעכט צו באַזעצן וואַקאַנטע פּלעצער פאַראורזאַכט דורך טויט אָדער דעמיסיע און צו קאָאָפּטירן מיט דער באַשטעטיקונג פונם אַלגעמיינעם ראַט צוגאָב מיטגלידער, נישט מער ווי איין פינפטל פון דער צאָל מיטגלידער וואָס איז געוויילט געוואָרן אויף דער פּלענאַר פאַרזאַמלונג.

## קאַפּיטל 6

# אַמטן

אַרטיקל 16

1. די פּלענאַר פאַרזאַמלונג וויילט אויס דעם פּרעזידענט פון יידישן

וועלט־קאָנגרעס, דעם פּאָרזיצער פון עקזעקוטיוו קאָמיטעט און דעם פּאָר־זיצער פון גענעראַל־ראַט.

2. דער פּרעזידענט איז אַ מיטגליד פון עקזעקוטיוו קאָמיטעט מיט פולע רעכט.

3. אויב דער פּרעזידענט אַמט ווערט לײדיק, וועט דער פּאָרזיצער פון עקזעקוטיוו קאָמיטעט אַמטירן ווי אַ פּרעזידענט ביז דער קומענדיקער זי־צונג פון גענעראַל ראַט, וועלכע וועט וויילן אַ פּרעזידענט ביז דער נאָענטס־טער געוויינלעכער סעסיע פון דער פּלענאַר פאַרזאַמלונג.

ארטיקל 17

1. דער גענעראַל ראַט באַזעצט דעם עווענטועלן וואַקאַנטן פּלאַץ פון זיין פּאָרזיצער און באַשטימט זיינע אַנדערע אַמטן.

2. דער פּאָרזיצער פון אַלגעמיינעם ראַט רופט צונויף און פירט אָן די זיצונגען פון דעם זעלבן.

ארטיקל 18

דער עקזעקוטיווער קאָמיטעט באַזעצט דעם עווענטועלן וואַקאַנטן פּלאַץ פון זיין פּאָרזיצער, זיינע אַנדערע אַמטן, ווי אויך זיין אַדמיניסטראַטיוון און טעכנישן אַפּאַראַט.

## קאַפּיטל ז

# מאַנדאַטן קאָמיסיע

ארטיקל 19

1. דער גענעראַל ראַט וויילט אויס אַ מאַנדאַטן־קאָמיסיע צו אונטער־זוכן און פעסטשטעלן די גילטיקייט פון די מאַנדאַטן פון די דעלעגירטע, און באַריכטעט זיינע אויספירן פאַר דער פּלענאַר פאַרזאַמלונג.

2. קעגן די באַשלוסן פון דער מאַנדאַטן־קאָמיסיע קען מען אַפּעלירן צום פּרעזידענט פון דער פּלענאַר פאַרזאַמלונג.

## קאַפּיטל 8

# פ י נ אַ נ צ ן

### אַרטיקל 20

די הכנסות פון יידישן וועלט־קאָנגרעס באַשטייען פון:

א.ביישטייערונגען פון מיטגליד אָרגאַניזאַציעס לויט אַ שליסל, וואָס וועט אָנגענומען ווערן דורך דער פּלענאַר פאַרזאַמלונג אָדער דורכן גע־נעראַל ראַט.

ב. אַנדערע בייטראָגן פון אָרגאַניזאַציעס און יחידים.

## קאַפּיטל 9

# ענדערונגען אין דער קאָנסטיטוציע

### קאַפּיטל 21

די דאָזיקע קאָנסטיטוציע קען געענדערט ווערן נאָר אויפן סמך פון אַ באַשלוס פון דער פּלענאַר פאַרזאַמלונג אויף וועלכער עס זענען רעפּרעזענ־טירט נישט ווייניקער ווי דריי־פערטל פון די קאָנסטיטואירנדיקע מיטגליד אָר־גאַניזאַציעס. אַזעלכע ענדערונגען פאָדערן אַ צוויי־דריטל מערהייט פון די אָנוועזנדיקע און שטימענדיקע מיטגלידער.

## קאַפּיטל 10

# שלום באַשטימונגען

### אַרטיקל 22

אויב ס'איז נויטיק פאַר דער ווירקזאַמער טעטיקייט און אָנפירונג פון דעם יידישן וועלט־קאָנגרעס און זיינע טעטיקייטן, איז דער עקזעקוטיוו קאָ־מיטעט באַפולמעכטיקט אָנצונעמען די נויטיקע מיטלען בכדי צו רעגיסטרירן דעם יידישן וועלט־קאָנגרעס אין יעדן לאַנד אָדער לענדער און ביי יעדער אינסטאַנץ אָדער אָרגאַניזאַציע וואו ס'וועט נאָר נויטיק זיין.

אַרטיקל 23

## די דאָזיקע קאָנסטיטוציע גייט תיכף אריין אין קראפט.

---

די דאָזיקע קאָנסטיטוציע פון דעם יידישן וועלט־קאָנגרעס איז אָנגענומען געוואָרן אין יולי 1948 אין מאנטרע, שווייץ.


טוביה פושקאר

# דער אידייאישער וועג פון מעקסיקאנער יידנטום

## אין דעם ווייטן אמאל

ווען מיר רעדן וועגן קולטור־לעבן פון די יידן אין מעקסיקע, זייער פארם פון אויסלעבן זיך אלס יידן, זייער אידעאישן וועג, זייער ראנגלען זיך מיט דער פרעמדער סביבה און זייער זוכן א וועג צום יידישן שטייגער לעבן, צום יידישן מקור, האבן מיר פאר זיך זייער א קורצע תקופה, אינ־גאנצן עפעס מער ווי דרייסיק יאר, אנהויבנדיק פון די צוואנציקער יארן פון דעם יארהונדערט ביז היינט.

אמת, די געשיכטע פון די יידן אין מעקסיקע איז א פיל עלטערע. אויב מיר זאלן אריינרעכענען אויך די אנוסים, וואס האבן אין געהיים אפגעהיט די יידישע מנהגים און רעליגיעזע לעבנס פארמען, אויב מיר זאלן נאך צורעכענען די אפשטאמיקע פון די אנוסים, וואס זייער אפשטאם האט זיי פארפאלגט אויפן וועג פון שפאניע צו דער נייער וועלט, כאטש ביי זיי איז שוין גארנישט געבליבן פון יידישן שטייגער, אפילו נישט פון יידישע רעליגיעזע פארמען, אויב מען זאל זיי אלע צורעכענען צו דער געשיכטע פון יידן אין מעקסיקע, איז די יידישע מעקסיקע אזוי אלט ווי די געשיכטע פון דער דעראבערונג פון מעקסיקע דורך די שפאניער.

געוויס, איז די געשיכטע פון די אנוסים אין מעקסיקע, פון די האלב און פערטל יידן צווישן די דעראבערער, יידישע געשיכטע. ס'איז די גע־שיכטע פון יידישן ראנגלען זיך, יידישן מארטירערטום צוליב געטריישאפט צום יידישן מקור. אבער יענע גאנצע תקופה פון שפאנישער קאלאניזא־ציע מיט איר תקופה פון דער אינקוויזיציע, זענען מער אפקלאנגען פון יידישן לעבן אין שפאניע, ווי די געשיכטע פון א נייעם יידישן ישוב. דאס

זענען שפּליטערן פון גרויסן גערានגל פון שפּאַנישן יידנטום פאַר זייער יידישער נשמה, וואָס זיי האָבן אריבערגעטראָגן אין דער נייער וועלט, וועלכ־דיק ראַטעווען זייער יידישן ניצוץ, אַנטלויפנדיק פון, דורך דער קירכע באַהערשטער, אייראָפּע.

אגב, עקזיסטירט, צווישן דער אַנוסים תקופה אין מעקסיקע און דער כוואַליע פון יידישער אימיגראַציע, אַ ריזיקער צייטלעכער בלויז פון עט־לעכע הונדערט יאָר, וואָס האָט אָפּגעמעקט כמעט יעטוועדע השפּעה פונם אַמאָל אויף דער פאַרמירונג פון נייעם יידישן ישוב אין מעקסיקע.

אין משך פון די פּאָר הונדערט יאָר טרעפן מיר יידן אין מעקסיקע, אַלס צופעליקע דורכפאָרער, אַלס שליחים פון רעגירונגען און אַלס פאַר־שטייער פון האַנדלס־פירמעס. זייער באַוויזן זיך אָדער קורצער זיין אין מעקסיקע איז געווען עפּיזאָדיש און האָט קיינמאָל נישט געטראָגן אין זיך, אפילו קיין שפּור פון קאָמונאַלן לעבן.

### יידישע יחידים אין מעקסיקע

ביים אָנהויב פון 20־טן יאָרהונדערט, ווען די כוואַליע פון יידישער עמיגראַציע פון אייראָפּע האָט אָנגענומען מאַסן פאָרמען און האָט זיך אויסגעשפּרייט, איבער כמעט אַלע לענדער פון אַמעריקאַנעם קאָנטינענט, האָט אַ קליינער שטראָם פון יידישער עמיגראַציע זיך אָפּגעטיילט און דער־גרייכט דעם מעקסיקאַנער ברעג.

צוויי גרויסע שטראָמען פון יידישער עמיגראַציע זענען אין יענער צייט געגאַנגען צוביידע שפּיצן פון אַמעריקאַנער קאָנטינענט, די פאַראייניקטע שטאַטן און אַרגענטינע. דער הויפּט קוואַל פון דער עמיגראַציע איז געווען מזרח אייראָפּע. די כוואַליע פון דער עמיגראַציע האָט מיטגעריסן טיילן פון יידישע ישובים אין אַנדערע לענדער, דער אָפּקלאַנג פון „יש שבר במכסיקו" האָט דערגרייכט אויך די ווייטע לענדער אין קליין אַזיע, צפון אַפריקע און די באַלקאַנען. די יידישע עמיגראַציע כוואַליעס זענען, אוי־סער פון קליינע אויסנאַמען, געווען סטיכישע נויט־כוואַליעס. פאַראָרעמטע און אַרויסגעשטויסענע מאַסן האָבן געזוכט אַ נייעם גליקלעכן ברעג, וווּ מען זאָל קענען לעבן און אָטעמען. דאָס אָנקומען אינם נייעם לאַנד, האָט נאָך נישט געהייסן, אַז די נייע עמיגראַנטן האָבן דערגרייכט זייער ציל און קע־נען שוין אויספּאַקן זייערע „טשעמאַדאַנען". נאָר די שוואַכערע האָבן זיך געקלאַמערט אָן זייערע משפּחה מיטגלידער אינם נייעם לאַנד, אָדער אָן די אָרטיקע יידישע געמיינדעס, אויפגעבנדיק די ווייטערע זוכונגען. די שטאַר־

קערע און אינגערע האָבן אין נייעם לאַנד זיך אָנגעהויבן ארומקוקן און זוכן א בעסערע איינאָרדענונג. די זוכעניש האָט געבראַכט קליינע גרופּן אין נייע לענדער, צווישן עקסטרעמען צפון און ווייטן דרום פון אַמעריקאַנער קאָנטינענט. אָט די קליינע גרופּן האָבן עס געשאַפן די קערנער פאַר נייע יידישע ישובים אין אַלע לענדער פון ביידע אַמעריקעס.

אַזאַ גרופּע איז אויך אָנגעקומען קיין מעקסיקע, אין די ערשטע יאָרן פון דעם יאָרהונדערט. די גרופּע איז באַשטאַנען, אין איר איבערוויגנדער מערהייט, פון ספרדים. זיי זענען געווען אָפּשטאַמיקע פון די באַלקאַנען־לענדער, צפון־אַפריקע, סיריע און פראַנקרייך. טייל ווידער זענען געקומען פון די פאַראייניקטע שטאַטן אין פּראָצעס פון זייער ווייטערדיקן וואַנדערן.

די ערשטע גרופּע פון די יידישע עמיגראַנטן אין מעקסיקע, איז גע־ווען אַ יידיש־רעליגיעזער אָבער נאַציאָנאַל אָפּגעפרעמדעטער. זיי זענען געקומען פון לענדער, ווו דער אָפּקלאַנג פון יידישן רענעסאַנס איז געווען גאָר אַ שוואַכער. זיי זענען געווען ווייט פון די יידישע קולטורעלע צענ־טערן, זיי איז געווען אינגאַנצן פרעמד די יידישע שפּראַך.

די ערשטע גרופּע פון די יידישע עמיגראַנטן אין מעקסיקע, איז גע־ווען אַ יידיש־רעליגיעזער אָבער נאַציאָנאַל אָפּגעפרעמדעטער. זיי זענען געקומען פון לענדער, ווו דער אָפּקלאַנג פון יידישן רענעסאַנס איז געווען גאָר אַ שוואַכער. זיי זענען געווען ווייט פון די יידישע קולטורעלע צענ־טערן, זיי איז געווען אינגאַנצן פרעמד די יידישע שפּראַך.

דער שאַפונגס־צענטער פון יידישן לעבן האָט זיך געפונען אין דאַ־מאָלדיקן רוסלאַנד. דאָרט זענען אויפגעקומען נייע יידישע קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע כוחות, וואָס האָבן זיך געראַנגלט איינער מיטן צווייטן זוכנדיק דעם נייעם נאַציאָנאַלן יידישן וועג. דאָרט איז אויסגעבראָכן דער קאַמף צווישן דעם אַלט־רעליגיעזן שטייגער און נייעם וועלטלעכן וועג, דאָרט איז אויסגעפירט געוואָרן דער קאַמף צווישן יידיש־נאַציאָנאַלן וועג און דעם יידיש סאָציאַליסטישן. אין רוסלאַנד האָט זיך פונאַנדערגעבליט די נייע העברעאישע און די יידיש וועלטלעכע ליטעראַטור. אין רוסלאַנד איז פאָרגעקומען די גרויסע רעוואָלוציע אין יידישן לעבן.

אין די לענדער, פונוואַנען ס'איז געקומען די ערשטע גרופּע יידישע עמיגראַנטן אין מעקסיקע, איז דער אָפּקלאַנג פון אָט דער גרויסער רעוואָ־לוציע אין יידישן לעבן גאָר אַ שוואַכער. צו זיי איז נאָך ערשט דערגאַנגען די השפּעה פון דער השכלה, וואָס האָט צוגענומען ביי זיי דאָס פאַנאַטיש־רעליגיעזע, עפּענענדיק פאַר זיי דעם וועג צו דער מאָדערנער

וועלט. דער נייער יידישער קולטורעלער און נאַציאָנאַלער גייסט האָט נאָך נישט אויסגעפילט די בלויז, וואָס די השכלה רעוואָלוציע האָט איבערגע־לאָזן אין זייער יידישן לעבן.

די ערשטע גרופּן עמיגראַנטן זענען געווען, אין זייער רוב, אַ יידן־טרייער עלעמענט, אָבער אויף זייער שטייגער. יידישע רעליגיעזע מנהגים (אין אַ מינימאַלער פאָרם), יידישע תפילות, אַ יידיש־רעליגיעזע שול איז געווען גענוג אויסצופילן זייער יידישקייט. דער וועג פון רעפאָרם יידנטום איז געווען דער פאַסיקסטער פאַר זיי. די השפּעה פון די פּאָר אַמעריקאַנער יידן אין מעקסיקע, וואָס האָבן געהערט צום אַסימילירטן טייל האָט אויך געהאַט אַ דעציזידירנדן איינפלוס.

די ערשטע יידישע עמיגראַציע אין מעקסיקע איז אַזוי אַרום אַוועק אויפן וועג פון יידיש־רעליגיעזער טריישאַפט אין רעפאָרם סטיל (כאָטש קיין רעפאָרם טעמפּל, אָדער רעפאָרם געמיינדע האָבן זיי קיינמאָל נישט געשאַפן). און צו יידיש נאַציאָנאַלער אָפּגעפרעמדקייט.

אין 1909 טרעפן מיר שוין אָרגאַניזירטע יידישע תפילות בצבור אין וועלכע ס'באַטייליקן זיך ביי צוואַנציק פּערזאָן.

אין 1912, ווען דער יידישער ישוב ווערט שוין גרעסער, גרינדעט זיך די ערשטע שול אין מעקסיקע די „מאָנטע־סיני"־שול.

אין 1913 גרינדעט מען דעם ערשטן בית־החיים אין מעקסיקע.

דער עמיגראַנטן עלעמענט איז נאָך אַ יונגער, אין זיין גרויסער מער־הייט נישט קיין פאַרהייראַטער (לויטן אָפיציעל צענז פון 1910 זענען בלויז 28 פּראָצ. פון די יידישע איינוווינער געווען פרויען) און נאָך נישט איינ־געוואָרצלט אין לאַנד, האָבן די געגרינדעטע אינסטיטוציעס באַפרידיקט כמעט פולשטענדיק זיינע יידישע נויטן: אַ שול פאַר תפילות אין שבתים און ספּעציעל ימים־טובים און אַ בית־החיים אין אַן אומגליקס־פאַל.

ביסלעכווייז האָט זיך אָנגעהויבן פילן אַ מאַנגל אין נייע אינסטיטו־ציעס. דער עמיגראַנטן עלעמענט האָט זיך אָנגעהויבן איינבירגערן אין לאַנד און האָט געמאַכט פון מעקסיקע זיין דירת־קבע. ער האָט חתונה געהאַט, ס'איז געבוירן געוואָרן אַ נייער יידישער דור. מען האָט געבראַכט צו זיך קרו־בים, וואָס זענען פאַראָרעמט געוואָרן אָדער אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון דער עקאָנאָמיק אין זייערע ווייַן ערטער. מען האָט געבראַכט עלטערן, כלות און פריינט. ס'איז נויטיק געוואָרן יידישע הילף־אינסטיטוציעס און מען האָט געדאַרפט לייזן די פּראָבלעמען פון די ניי־געבוירענע.

אין 1918 ווערט געבויט די ערשטע שול־געביידע אויף כוסטאַ־סיעראַ 83 און אַ יאָר שפּעטער ווערט געגרינדעט די ערשטע תּלמוד־תּורה.

די פּראָבלעמען פון קליינעם יידישן, האַלב אָפּגעפרעמדעטן, ישוב אין מעקסיקע וואָלט געווען געלייזט אויף אַ לאַנגער צייט, ווען אין יענער צייט וואָלט זיך נישט אָנגעהויבן די יידישע עמיגראַציע נאָך מעקסיקע פון רוס־לאַנד, פּוילן, ליטע און אַנדערע מזרח אייראָפּעאישע לענדער. דער פּאָל־בלוטיקער נאַציאָנאַל־יידישער עלעמענט האָט זיך נישט געקענט באַפרי־דיקן מיטן ראַכיטישן יידיש געזעלשאַפטלעכן לעבן אין לאַנד. זיינע יידיש־קולטורעלע און יידיש־נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס זענען געווען פיל גרע־סערע, יידיש לעבן איז ביי אים געווען אַ פיל ברייטערער באַגריף. די יידישע עמיגראַציע פון מזרח אייראָפּע איז עס געווען די וואָס האָט אַריינגע־בראַכט אַ רעוואָלוציע אינם לעבן פון קליינעם יידישן קבוץ און האָט אוועקגעפירט דאָס יידישע לעבן אין מעקסיקע אויף נייע וועגן.

יידישע עלנט

פון 1918 ביז 1937 איז אין מעקסיקע געווען די צייט פון דער גרעס־טער יידישער אימיגראַציע. דאָס זענען אויך געווען די יאָרן, אין וועלכע די עמיגראַציע פון מזרח אייראָפּע האָט געבילדעט די איבערוויגנדע מער־הייט פון דעם שטראָם יידן וואָס זענען געגאַנגען אין לאַנד.

די אָפיציעלע צענזן, האָבן קיינמאָל נישט געוויזן די ריכטיקע צאָל יידן אין לאַנד, צוליב די דעפעקטן אין דעם אָרגאַניזירונג און צוליבן פעלן פון געניגנדע באַצייכענונגען צום קענען אויסטיילן דעם יידישן עלעמענט. פיל יידן זענען פאַרעכנט געוואָרן לויט זייער בירגערשאַפט אַלס רוסן, פּאָ־ליאַקן, דייטשן אָדער אַמעריקאַנער. דאָך באַווייזן די אָפיציעלע צענזן אַן אינטערעסאַנטן שטייגן אין די יאָרן. אין 1910 זענען לויטן אָפיציעלן צענז געווען אין מעקסיקע 254 יידן (פון 1921 פעלט די גענויע צאָל, ווייל זי איז נישט אויסגעטיילט געוואָרן) אין 1930 באַווייזט שוין די פאָלקס ציילונג 9.071 יידן און אין 1940 — 14.167 יידן אין מעקסיקע.

פיל זענען געווען די סיבות פאַר אָט דער פאַרגרעסערטער אימיגראַציע:

די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד האָט געצוווּנגען גרעסערע יידישע מאַסן צו זוכן גליק אין אומבאַקאַנטע לענדער. די עמיגראַציע גזירות אין די פאַראייניקטע שטאַטן אין 1921 האָט אָפּגעלענקט אַ טייל פון דער יידישער עמיגראַציע צו אַנדערע לענדער און מעקסיקע האָט געצויגן צוליב איר נאָענטקייט צו די פאַר. שטאַטן, פלעגנדיק אַזוי די האָפענונג, דאָס מיט דער

צייט וועט דאָך געלינגען אריינצוקומען אין צפון אַמעריקע. אין יענער צייט איז אויך איינגעפירט געוואָרן דער סערטיפיקאַטן סיסטעם אין ארץ־יש־ראל. כאָטש ארץ־ישראל אין 1921 איז געווען אַן ענין נאָר פאַר ציוניס־טישער אידעאַליסטישער עליה און האָט נישט געווירקט אויפן סטיכישן פּראָצעס פון יידישער עמיגראַציע, האָט אָבער דער סערטיפיקאַטן סיסטעם געשטערט אויפצונעמען אַ טייל פון דער נויט עמיגראַציע, וואָס האָט גע־קלאַפּט אין יעדער אָפענער טיר.

צוליב זיינע אינערלעכע סיבות האָט דער עמיגראַנטן שטראָם אָנגעהויבן פליסן נאָך מעקסיקע, צו דעם איז נאָך צוגעקומען אין 1924 די אָפיציע־לע איינלאַדונג צו די יידן מצד פּרעזידענט קאַיעס און די אָרגאַניזירונג פון „האיאס־"ביוראָ אין 1925, וועלכע האָט נישט נאָר אויפגענומען די עמי־גראַנטן אין מעקסיקע נאָר האָט אויך געגעבן אינפאָרמאַציע וועגן מעקסיקע אין אַלע עמיגראַנטן צענטערן אין איראָפּע.

די עמיגראַציע פון די יידן אין מעקסיקע אין די אויבן דערמאָנטע יאָרן, איז געקומען פון די שטאַרקסטע יידישע קולטור צענטערן אין מזרח אייראָ־פּע. רוסלאַנד, פּוילן און ליטע האָט געגעבן דעם גרעסטן טייל פון דער עמי־גראַציע. זיי זענען געקומען פון דאָרט, ווו יידיש לעבן איז געווען פולבלו־טיק, ווו דאָס יידישע אויסלעבן זיך איז געווען אַלזייטיק. דאָס יידישע שטעטל מיט זיין רעליגיעזן פּרצוף געפורעמט דורך דורות, יידישע יוגנט מיט איר רעוואָלוציאָנערן גייסט אין זיין ציוניסטישער פאָרם אָדער אינ־טערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם מיט יידישער באַפּאַרבונג, יידישע פּאָליטיק אין די נייע אויפגעשטאַנענע מלוכות ווי פּוילן און ליטע, יידישע סאָציאַ־ליסטן אין די רעגירונגס שפּיצן פון דער רוסישער רעוואָלוציע.

זיי, די נייע עמיגראַנטן זענען געקומען פון די חדרים, ישיבות, מאָ־דערנע „תרבות" שולעס אָדער יידיש וועלטלעכע שולן, ווו זיי האָבן אריינ־געזויגן אין זיך יידישקייט אין אַ מאָס וואָס איז געוואָרן אַ טייל פון זייער איך אָן וועלכן זיי האָבן נישט געקענט לעבן.

זיי זענען געקומען פון אַ יידישער גאַס, ווו ס'האָבן געבליט די יידי־שע און העברעאישע ליטעראַטור, מיט יידישע און העברעאישע צייטונגען און פּעריאָדישע אויסגאַבן. יידישע געזעלשאַפטלעכע ביבליאָטעקן, יידישע אָרגאַניזאַציעס מיט זייערע אידעאישע קאַמפן, יידישער און העברעאישער טעאַטער און יידישע חלומות וועגן נאַציאָנאַלער און אוניווערסאַלער באַ־פרייאונג.

כאָטש דער ערשטער עמיגראַנטן עלעמענטן איז אין זיין מערהייט

נישט געווען דער קולטורעל רייכסטער און געזעלשאַפטלעך אַקטיווסטער, האָט ער אָבער מיט זיך מיטגעבראַכט אַ בענקשאַפט נאָך דער וואַרעמקייט און היימישקייט פון דער יידישער סביבה.

די דאָמאָלסטדיקע צוריקגעשטאַנענע מעקסיקע האָט נאָך נישט גע־צווינגען מיט איר גלאַנץ. זי האָט נאָך בכלל ווייניק געגלאַנצט קולטורעל, גע־זעלשאַפטלעך און אויפן פאַרווײַלונגס געביט איז די נשמה פון נייעם עמיגראַנט פול געווען מיט בענקשאַפט צום נאָענטן אַמאָל. ס'האָט נאָך פאַר־גרעסערט די פוסטקייט, די פרעמדקייט פון דער שפּראַך און די אַנדערש־קייט פונם לעבנס־שטייגער פון פאָלק צווישן וועלכן מען האָט געלעבט.

ערגעץ ווו איז געבליבן אַ פאַמיליע, עלטערן, ברידער, פרײַנט, אַ כלה און באַקאַנטע. דער „ערגעץ" פלעגט שרייבן בריוו און דערציילן וועגן אַ שפּרודלדיקן יידישן לעבן און האָט פאַרגרעסערט די בענקשאַפט. דער גע־וועב פון יידישן לעבן פון וועלכן מען האָט זיך אַרויסגעריסן האָט אויס־געזען פיל שענער. דער אַלגעמיינער אויסזען פונם נאָענטן אַמאָל איז באַריי־בערט געוואָרן מיט בילדער: אַ בילד פון אַ היים ווו מען האָט פאַרבראַכט די קינדער יאָרן און עס לעבן נאָך טייערע טאַטע מאַמע, אַ בילד פון אַ געליבטע מיט וועלכער מען האָט געטרוימט וועגן אייביקן גליק, אַ בילד פון אַ שטעט־טעלע מיט אירע ליבע ווינקעלאַך ווו מען האָט דורכגעלעבט די ערשטע יוגנט אַוואַנטורעס דאָס אַלעס האָט פאַרגרעסערט די בענקשאַפט און האָט שאַרפער געמאַכט דעם געפיל פון עלנט וואָס האָט באַהערשט יעדן נייעם עמיגראַנט.

האָט זיך איין עמיגראַנט געטוליעט צום צווייטן. געזוכט אַ חבר לצרה, געזוכט טרייסט און פאַרשטענדניש. מען האָט זיך געחברט פריי־וואַט און מען האָט זיך געזוכט געזעלשאַפטלעך.

דער „יאַנג מען היברו אַסאָסיישן" וואָס האָט זיך געגרינדעט 1918, האָט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אַלס זאַמל פונקט פאַר די נייע עמיגראַנטן. ס'איז געווען אַ יידישער צוזאַמענטרעף־פּונקט. ער האָט אָבער נישט באַ־פרידיקט. ער איז געווען ענגליש־אַמעריקאַניש און האַלב אַסימילאַטאָריש. ער האָט געצווינגען ווייל ער איז געווען יידיש, ווייל נאָך אַ טאָג שווערע אַר־בעט און זאָרג, ווייל נאָך אַ טאָג פון דערנידעריקנדער אַרבעט ביי פּעדלעריי און שווערן קאַמף פאַרן שטיקל ברויט, האָט מען דאָרט געטראָפן אַ באַ־קאַנטן פון זעלבן שטעטל אָדער פון דער זעלבער געגנט, אַ שיפס־ברודער אָדער פרײַנט און מען האָט געקענט כאַפּן אַ שמועס פון אַמאָל, אָבער

„יאנג־מען" (ווי מען האָט איר גערופן פּאַרקירצט) איז נישט געווען יידיש־לעך, האָט נישט געוואָרעמט.

אין 1922 ווערט געגרינדעט „נדחי ישראל". דער נאָמען אַליין־סימבאָליזירט דעם געפיל פון די יידישע עמיגראַנטן אין מעקסיקע.

די איינזאַמקייט און עלנט, די פרעמדקייט פון שפּראַך און סביבה, דער געפיל פון אָפּגעריסנקייט פון יידן און יידישקייט, דאָס פילן זיך פאַר־שטויסן פון פאָלק ערגעץ ווו אין אַ פרעמד לאַנד מיט אַ פרעמד פאָלק האָט געטריבן די „נדחי ישראל" אין מעקסיקע צו די יידישע אינסטיטוציעס און האָט זיי געצווונגען צו שאַפן נייע, וועלכע זאָלן בעסער קענען באַפרידיקן זייער גייסטיקע נויטן. די יידישע עלנט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קוואַל פון יידישער שעפערישקייט קולטורעל און געזעלשאַפטלעך.

### בענקשאַפט נאָך יידישע אויסלעבונג

די מזרח אייראָפּעאישע עמיגראַציע, האָט מיטגעבראַכט מיט זיך די דיפערענצירונג פון דער אַלטער היים, וואָס האָט שפּעטער געשפּילט אַ דע־צידירנדע ראָלע אויף דער גייסטיקער פאָרמירונג פון ישוב און וואָס אירע צייכנס זענען גאַנץ בולט שוין באַלד ביי די ערשטע שריט פון אַ ברייטערן יידיש קולטורעלן לעבן.

דאָמינירט האָט דער ציוניסטישער עלעמענט אָבער באַלד האָט זיך געלאָזט פילן אויך די טעטיקייט פון נישט ציוניסטישן יידיש סאָציאַליס־טישן עלעמענט.

אין 1918 ווערט אין מעקסיקע אָרגאַניזירט די ערשטע ציוניסטישע פּייערונג, אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם פאַרעפנטלעכן די באַלפור דע־קלאַראַציע.

אין 1923 קומט פאָר די ערשטע זאַמלונג פאַרן קרן־היסוד. אין זעלבן יאָר באַווייזט זיך אין דער עפנטלעכקייט די פּועלי־ציון גרופּע, וועלכע גיט אַרוים די ערשטע יידישע צייטונג אין מעקסיקע „אונדזער וואָרט", זי ווערט אַרויסגעגעבן אין אַ מימיאָגראַף, ווייל קיין יידישע שריפט צום דרוקן איז נאָך דאַן אין מעקסיקע נישט געווען.

אין 1925 ווערט געגרינדעט די פאַראייניקטע ציוניסטישע אָרגאַניזאַ־ציע און אַ יאָר שפּעטער קומט דער ערשטער דעלעגאַט פון קרן־היסוד.

אין דער זעלבער צייט ווערט אויך געגרינדעט דער קלוב אויף טאַקו־באַ 15, ווו ס'הויבט אָן איר טעטיקייט דער י. ל. פּרץ פאַראיין, וואָס האָט זיך שפּעטער אויסגעקריסטאַליזירט אַלס די בונדישע גרופּע אין מעקסיקע.

כאָטש די אידעאישע דיפערענצירונג האָט שוין דאַן עקזיסטירט אינם קליינעם יידישן ישוב איז די טענדענץ געווען, זוכן אַ מעגלעכקייט פון צו־זאַמען זיין, זוכן דאָס וואָס פאַראייניקט, דאָס וואָס איז דער אַלגעמיינער באַגער און נישט דאָס וואָס צוטיילט און צושייד, אַזוי זעען מיר דעם וועג פון אַ פועלי־ציון גרופּע צו אַ פאַראייניקטער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, מיר זעען דעם קלוב טאַקובאַ 15 אַלס אומפּאַרטייאישן יידישן קלוב און קאָמונאַלע פאַראייניקונג אינם פאָרשלאָג צו גרינדן אַ קהילה אין 1927.

די נויט, עלנט און אומבאַהאָלפנקייט אין דער נייער סביבה האָט גע־טריבן צו קעגנזייטיקער הילף דורך געגרינדעטע סאָציאַלע הילפס־אינסטי־טוציעס און דער דראַנג נאָך יידישער אויסלעבונג האָט געשטויסן צו גרינדן יידישע קולטור געזעלשאַפטן און ווייל דער ישוב איז געווען קליין האָט מען שטענדיק געזוכט דאָס אַלגעמיינע, עיקרדיקע — דאָס יידישע כדי יעדן געבן כאָטש אַ מינימאַלן גייסטיקן געניוס.

די הילף און סאָציאַלע אינסטיטוציעס זענען שטענדיק געקומען פריער. זיי זענען דאָך געווען די, וואָס האָבן אַרויסגעהאָלפן דעם עמיגראַנט מאַ־טעריעל, זיי האָבן אים אַרויסגעהאָלפן אין אַ פאַל פון קראַנקהייט און זיי האָבן אים געהאָלפן צו דורכברעכן אַ וועג אין די עקאָנאָמישע באַדינגונגען אין לאַנד, וואָס זענען געווען פרעמד פאַר דעם ניי־געקומענעם.

פאַר די אַלע אינסטיטוציעס האָט דער „יאַנג־מען" נאָך געקענט נוצן אַלס ראַם, איז די ראַם טאַקע אויסגענוצט געוואָרן דורך דעם נייעם דינאַמישן עלעמענט און עס ווערן געגרינדעט הילף־אינסטיטוציעס, אַ קראַנקן־קאַסע, אַ לייַ־קאַסע, אַן אַרבעטס־ביוראָ און שפּעטער אַ האַנדלס קאַמער.

פאַר די אינסטיטוציעס איז דער „יאַנג־מען" אָנגענומען געוואָרן אַלס ראַם, אויך צוליב דעם, וואָס דער „יאַנג־מען" האָט געהאַט די הילף פון די „בני־ברית" און זיי האָבן דעריבער געהאַט די עקאָנאָמישע מעג־לעכקייט צו גרינדן, אויסצוהאַלטן און אַנטוויקלען די אינסטיטוציעס.

ווען ס'איז אָבער געקומען צו דער גייסטיקער אויסלעבונג האָט די ראַם פון „יאַנג־מען" נישט געפּאַסט מער. דער ענגלישער האַלב אַסימילירטער „יאהודים" גייסט פון דער אינסטיטוציע אין יענער צייט, האָט נישט געפּאַסט צום גייסט פון מזרח אייראָפּעאישן עמיגראַנט. ער האָט געזוכט קודם כל די יידישע שפּראַך, אין וועלכער ער האָט זיך געקענט אויסלעבן, אין וועלכער ער האָט געחלומט און געבענקט און ער האָט געוואָלט יידישן אינהאַלט.

דער קלוב אויף טאַקובאַ 15, איז געוואָרן דער גייסטיקער צענטער־

פון דער נייער עמיגראַציע. כאָטש אָפיציעל איז טאָקובאַ 15 געווען דער לאָקאַל פון „יאַנג־מען" איז די קולטור אַרבעט שוין אַרויס פון אונטער זיין השפעה. דאָרט ווערט געגרינדעט אַ יידישע ביבליאָטעק, אַ יידישער לייען־צימער און אַפילו דער יידישער רעסטאָראַן האָט געהאַט זיין באַדייטונג, דער־געגנצנדיק די היימישקייט פון אָט דער יידישער סביבה.

דאָס איז געווען די צייט ווען ס'זענען געזוכט געוואָרן פאָרמען פאַר יידיש גייסטיקן לעבן פאַר די ניי געקומענע און ס'איז געזאָגט געוואָרן פאַר דער צוקונפט פונם נייעם דור וואָס האָט אָנגעהויבן וואַקסן אין מעקסיקע. דאָס איז געווען די צייט ווען יידיש גייסטיקער לעבן האָט געזוכט אַלגעמיינע ראַמען, זוכנדיק שטענדיק אַ קאָמפּראָמיס צווישן די אידעאישע מיינונגס פאַרשידנהייטן פון די פאַרשידענע גרופּעס.

זייער אָפּט הערן מיר פון די ערשטע אימיגראַנטן אין מעקסיקע, אַ באַקלאָגן זיך אויף דער אָרגאַניזאַציאָנעלער צעשפּליטערונג פון היינטיקן ישוב און דערמאָנען מיט בענקשאַפט יענע ערשטע עמיגראַציע יאָרן, ווען זיי איצט אויס ווי אַ אידיליע, ווען פאַרשידענע אידעאישע גרופּן האָבן זיך געקענט זעצן ביי איין טיש און זיך צוזאַמענרעדן, האָבן זיך פאַרשטאַנען און האָבן געקענט צוזאַמען אַרבעטן.

זיי פאַרגעסן, אַז אין יענע יאָרן, ווען דער יידישער ישוב איז געווען קליין, אָרעם אין מעגלעכקייטן און אָרעם אין כוחות, ווען עקאָנאָמיש איז דער עמיגראַנטן עלעמענט נאָך נישט געווען סטאַביל, ווען דער שווערער עקאָנאָמישער קאַמף האָט ביי אים צוגענומען אַזויפיל ענערגיע, אַז זייער ווייניק איז אים געבליבן פאַר געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, אין יענע יאָרן איז קיין אַנדער וועג נישט געווען: אָדער ס'איז געשאַפן געוואָרן די אַלגע־מיינע ראַם אויפן סמך פון מעגלעכע און אוממעגלעכע קאָמפּראָמיסן אָדער די קולטור אינסטיטוציע איז אינגאַנצן נישט געשאַפן געוואָרן.

דער דראַנג נאָך יידישער אויסלעבונג האָט געטריבן די נדחי־ישראל אויפן וועג פון קאָמפּראָמיס.

אַזוי ווערט אין 1924 געשאַפן אַ יידישע שולע, וואו ציוניסטן, בונדיס־טן און רעליגיעזע יידן האָבן צוזאַמען מיטגעאַרבעט, אויך דער לערן־פּראָ־גראַם איז געווען אַ געצוווּנגענער קאָמפּראָמיס צווישן יידיש, העברעאיש און רעליגיעזע דערציאונג. געוויס האָט פון אַזאַ געצוווּנגענעם קאָמפּראָמיס נישט געקענט אַרויסקומען קיין אידעאַלער, פּעדאַגאָגיש אויסגעהאַלטענער פּראָגראַם, אָבער דאָס איז געווען די איינציקע מעגלעכקייט דאַן. געוויס ווערן קריטיקירט די דאַמאָלסדיקע דערציער פאַר די פּריוואַטע דערציונגס

פֿאָרמען פֿון דער דאַמאָלסדיקער שולע, זיי זענען אָבער געווען די פּיאָ־נערן און גרונד־שטיין לייגער פֿאַר דעם שפּעטערדיקן פּילפּאַרביקן און פֿאַרצווייגטן יידישן שול־סיסטעם אין מעקסיקע.

אביסל שפּעטער ווערט געגרינדעט דער ספּאָרט־קלוב און די קולטור געזעלשאַפֿט און מיטן באַזוך פֿון אַרגענטינער יידישן טעאַטער אין 1927, הויבט זיך אָן וועבן דער חלום פֿון אַן אייגענעם יידישן אַמאַטאָרן טעאַטער.

דאָס יידישע גייסטיקע לעבן האָט אָנגעהויבן פּולסירן פֿיל שטאַרקער און האָט געזוכט איר אויסדרוק נישט נאָר אין וואָרט, ביי פֿאַרזאַמלונגען און לעקציעס, נאָר אויך אין שריפֿט און אין 1927 ווערט געבראַכט קיין מעקסיקע דער ערשטער דרוק זאַץ אין יידיש, וועלכער גיט אַ מעגלעכקייט פֿאַר אַ שפּריטלעכן אויסדרוק צו דער אידעאישער ראַנגלעניש פֿון דעם יידישן ישוב אין מעקסיקע. די צייטשריפֿט „מעקסיקאַנער יידיש לעבן" פּרובירט געבן אַן אויסדרוק אָט דער ראַנגלעניש.

צוזאַמען מיט יידישן געדרוקטן וואָרט אין מעקסיקע, באַווייזן זיך אויך די ערשטע ליטעראַרישע שאַפֿונגען פֿון יונגע דיכטער אין זייער אויסגאַבע „דריי וועגן". שפּעטער דערשיינען שוין ביכער פֿון פֿאַרשי־דענע שרייבער אויף מעקסיקאַנישע, יידישע און יידיש־מעקסיקאַנישע טע־מעס און לידער, פּאָעמען און דערציילונגען.

ביסלעכווייז, נעמט אָן דאָס געזעלשאַפֿטלעכע, סאָציאַלע און קולטור־רעלע לעבן אין מעקסיקע אייגענע פֿאָרמען, צוגעפּאַסט צו דער מעקסיקאַ־נער ווירקלעכקייט און נייעם יידישן ישוב אין לאַנד. פֿון דער בענקשאַפֿט נאָך אַ יידיש וואָרט אין וואָרט און שריפֿט, וואָס האָט געדאַרפֿט זיין אַ גרוס פֿון דער אַלטער היים, פֿון דער שטרעבונג נאָך אביסל היימישקייט אין דער קאַלטער פּרעמד איז דער ישוב געגאַנגען אויפֿן וועג פֿון איינאָרדענען זיך קולטורעל, לייגנדיק יסודות פֿאַר אַ פֿולבלוטיקן, סטאַבילן און איינג־אַרטיקן יידישן לעבן, אַלס אַ זעלבסטשטענדיקער לעבעדיקער און וואַקסנדי־קער ישוב. נאָך אַ יידישער ישוב איז געשאַפֿן געוואָרן אויף דער מאַפּע פֿון דער יידישער צעשפּרייטקייט.

## סישאַפֿט זיך אַ ישוב

די דרייסיקער יאָרן קענען פֿאַרעכנט ווערן אַלס צייט־אָפּשניט, ווען ס'האָט זיך פֿאָרמירט דער ישוב אין מעקסיקע אַלס זעלבשטענדיקער און איינגאַרטיקער קבוץ.

אַ גרויסע ווירקונג אויף דער פֿאָרמירונג האָט געהאַט די ציוניסטי־

שע באַוועגונג. די ציוניסטישע טעטיקייט אין מעקסיקע, האָט זיך אָנגע־הויבן, באַלד מיטן אָנקום פון דער ערשטער עמיגראַציע פון מזרח־אייראָ־פּע. ביים אָנהויב איז זי געווען אַ געלעגנהייטס־טעטיקייט, שפּעטער שוין אָרגאַניזירט, אָבער שוואַך. אַן אויפלעבונג אין ציוניזם איז געקומען אין 1927, מיטן באַזוך פון בן־צבי, איינער פון די פירער פון דער הסתדרות אין ארץ־ישראל. דאָס איז געווען די צייט, ווען די ציוניסטישע באַוועגונג האָט אָנגעהויבן אַ סיסטעמאַטישע, ברייטערע און דערציערישע אַרבעט. ס'ווערט אַרויסגעגעבן דער ביולעטין פון קרן־קימת־לישראל און אַ יאָר שפּע־טער ווערט געגרינדעט די ערשטע ציוניסטישע יוגנט אָרגאַניזאַציע „בני־יהודה".

די אַזוי גערופענע אשכנזישע עמיגראַציע אין מעקסיקע איז געקומען פון רוסלאַנד, פּוילן, ליטע און מזרח אייראָפּע בכלל, ווו דער ציוניזם האָט אין זיין דערציאונג און אויפקלערונג, ספּעציעל אין זיינע חלוצישע קעמער־לאַך, דורכגעפירט אַ שאַרפן אומבערחמנותדיקן אַנאַליז פון דער יידישער גלות ווירקלעכקייט. אַנדערע ציוניסטישע גרופּירונגען זענען געקומען צום געדאַנק פון שלילת־הגולה, אַנדערע זענען מיט אומרעכט באַשולדיקט גע־וואָרן אַלס נעגירער פון גלות אָבער די גאַנצע ציוניסטישע משפּחה אין מזרח אייראָפּע איז געווען דורכגעדרונגען מיט דער איבערצייגונג, דאָס אין דעם גרויסן יידישן גלות איז נישטאָ קיין איין פּונקט וואָס אַ ייד קען אָנרופן „היים".

די ציוניסטישע באַוועגונג אין מערב־אייראָפּע און די פאַראייניקטע שטאַטן, טיילווייז אונטער דער השפּעה פון די יאהודים, טיילווייז צוליב זייערע סאָציאַלע און עקאָנאָמישע באַדינגונגען, האָט נישט געקענט מאַכן דעם אַנאַליז פון גלות אַזוי שאַרף. זייער גלייכבארעכטיקונג און בירגער־שאַפט וואָס זיי האָבן געהאַלטן אַלס דאָס העכסטע צו וואָס אַ ייד קען דערגרייכן, די דאַנקבאַרקייט צום לאַנד, וואָס האָט זיי געגעבן די אַלע רעכט פון אַ בירגער, האָט זיך געפּלאָנטערט אין דעם יידישן חשבון הנפש און האָט צוגענומען די דרייסטקייט אַריינצוקוקן אין אמת פון יידיש לעבן.

די ציוניסטישע באַוועגונג אין מעקסיקע, האָט זיך געשפּייזט מיטן יידישן חשבון־הנפש וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין מזרח אייראָפּע פון צייטווייליקער היים און אייביקער היימלאָזיקייט, פון בירגער רעכט אַלס נאַציאָנאַלע מינדערהייט, וועלכע מוז שטיין אויף דער וואַך פון אירע רעכט און זוכן די אונטערשטיצונג פון אינטערנאַציאָנאַלן יושר. די ציוניסטישע באַוועגונג אין מעקסיקע האָט זיך געשפּייזט מיט דער איבערצייגונג פון

מזרח אייראָפּעאישן יידנטום, אַז אונדז פּאַראייניקט נישט קיין לאַנד אין גלות, נישט קיין מלוכה, וואָס היינט איז זי רוסלאַנד אָדער עסטרייך און מאָרגן איז זי צעטיילט אויף צען קליינע מלוכהלעך. די איבערצייגונג איז געווען, אַז אונדז פאַראייניקט קודם כל איין גורל, דער גורל פון דער היימלאָזער מינדערהייט אין אַמאָליקן רוסלאַנד און עסטרייך און שפּעטער אין די פיל קליינע אָפּגעטיילטע רעפּובליקן. די באַוועגונג האָט געלעבט מיטן געפיל, אַז יידישער שיכזאַל געבויט אויף דער תורה און אַלץ וואָס זי רעפּרעזענטירט, אויף דער יידישער קולטור געשאַפן דורך דורות אין אַלע שפּראַכן, וואָס דאָס פאָלק האָט גערעדט, דער וועג וואָס די יידן זענען דורך צוזאַמען אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט און אפשר אויך אַ מיסיע וואָס ליגט אויף די פּלייצעס פון יידנטום, דאָס איז יידיש פאָלק און דאָס איז וואָס פאַראייניקט אונדז. יבנה וחכמיה איז דערוייל דער איינציקער יש. אַ היים — דאָס איז נאָך אַ זאַך פון דער צוקונפט, אַ זאַך וואָס מען דאַרף שאַפן, אויסבויען און אויסקעמפן.

אַלטע־היים אָדער נייע־היים, דאָס זענען אפשר ווערטער, וואָס זענען פאַרבונדן מיט די אַסאָציאַציעס פון די קינדער יאָרן און פּערזענלעכע איבערלעבונגען פון יעדן יחיד אין זיין סביבה, אָבער דאָס זענען נישט קיין נאַציאָנאַלע באַגריפן. פון נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט איז פאַר יעדן פון אונדז גלייך וואַרשע און קאָוונע ווי ניו־יאָרק און מעקסיקע. ס'איז בלויז אַ פראַגע פון איינלעבן זיך, צופּאַסן זיך, אַקלימאַטיזירן און איינאָרדענען דאָס אייגענע לעבן אויפן אייגענעם שטייגער.

די תורה, וואָס די מזרח אייראָפּעאישע עמיגראַציע האָט מיטגעבראַכט קיין מעקסיקע, האָט געהאָלפן פאַרוואַנדלען די פאַרשטויסענע פון ישראל אין אַ יידישן זעלבשטענדיקן קבוץ. אַזוי שנעל ווי די עמיגראַנטן אין מעקסיקע האָבן זיך צוגעפּאַסט צו דער סביבה, זענען אַריין אין דער עקאָנאָמיק פון לאַנד אַלס סטאַבילער שעפערישער עלעמענט און האָבן אויסגעבויט זייער הויז אינם נייעם לאַנד אַלס דירת־קבע, האָט די ציוניסטישע לעבנס פילאָזאָפיע אָנגעהויבן ווירקן און פאַרמירן דעם נייעם יידישן ישוב. דאָס איז אויך, אין אַ געוויסער מאָס, געווען די טיפע סיבה פאַרן אויפשטייג און אויפלעבונג פון ציוניזם אין די יאָרן.

אין צוויי ריכטונגען איז געגאַנגען די יידישע געזעלשאַפטלעכקייט אין מעקסיקע:

א. צוברעכן די אומנאַטירלעכע, קינסטלעך צונויפגעשטוקעוועטע און

אויף צופיל קאָמפּראָמיסן געבויטע אַלגעמיינע ראַמען, שאַפנדיקע אידעאיש פּאַסיקערע קעמערלאַך.

ב. שאַפן רעפּרעזענטאַטיווע, אַלגעמיין־יידישע אינסטאַנצן פאַר כלל ענינים, ווו ס'זאָלן מיטאַרבעטן אַלע אָרגאַניזאַציעס און גרופּירונגען.

די פּאַראַגווייער ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אַריינגענומען אַלע ריכטונגען אין ציוניזם פון פּועלי־ציון ביז די רעוויזיאָניסטן, האָט אָנגעהויבן פאַרלירן איר אַלגעמיינקייט נאָך אין 1928, ווען דער קפּא"י קאָמיטעט, פון וועלכן ס'איז שפּעטער ארויס די „ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל" האָט זיך אָפּגעטיילט, כדי באַזונדער פירן איר ספּעציפישע ציוניסטישע טעטיקייט. אין 1930 טרעט אַרויס פון דער פּאַראַגווייער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע די פּועלי־ציון גרופּע, וועלכע איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער קפּא"י אַרבעט. אין 1935 ווערט געגרינדעט די ערשטע ציוניסטישע פּראָווינץ־אָרגאַניזאַציע די „פּראָווינץ־פּיאָנערן" און דאָס דערגאַנצט די אָפּטיילונג פון דעם ציוניסטיש־סאָציאַליסטישן פליגל פון דער אַלגעמיינער קאָמפּראָמיספולער ציוניסטישער ראַם.

פון דאַן און ווייטער, גייט די אידעאישע אויסטיילונג מיט אַ שנעלן טעמפּאָ:

אין 1935 ווערט געשאַפן די ליגע פאַרן אַרבעטנדיקע א"י וועלכע גיט אַרויס אַן אייגענע צייטשריפט „לאַנד און אַרבעט".

אין 1936 גרינדעט זיך די רעוויזיאָניסטישע אָרגאַניזאַציע אין זעלבן יאָר אויך די ספרדישע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע.

אין 1938 ווערט געגרינדעט די „וויצאָ" אין 1940 דער השומר־הצעיר און אין 1941 די מזרחי אָרגאַניזאַציע.

די פּאַראַגווייער ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, האָט אויך ווייטער אָנגעהאַלטן איר נאָמען, כאָטש פון דער פּאַראַגווייקונג איז כמעט גאָרנישט געבליבן. וואָס ס'האָט באמת רעפּרעזענטירט די פּאַראַגווייקונג פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, זענען געווען די קאָמיטעטן פון קרן־קימת און קרן־היסוד, ווו אַלע גרופּירונגען האָבן באַהאַנדלט ציוניסטישע ענינים פון אַלגעמיינער כאַראַקטער.

טאַקובאַ 15, וואָס איז געווען אַן אַלגעמיינע יידישע אינסטיטוציע פאַר זיך, אַ קרעפטיקע אַלגעמיין־יידישע קולטורעלע און סאָציאַלע געזעלשאַפט, האָט אויך פאַרלאָרן איר כוח און ווירקונג אַלס אַזעלכע און איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ דירה פאַר אַלע יידישע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס, וואָס האָבן געפירט זייער באַזונדער אַרבעט דאָרט.

אויך דאָס געדרוקטע וואָרט האָט דורכגעמאַכט דעם זעלבן וועג. יעדע גרופּע האָט זיך געניוטיקט אין זיין אויסדרוק און דאָס האָט געצוווּנגען אַרויסגעבן אַלץ נייע און נייע צייטשריפטן.

אין 1932 האָט משה ראָזענבערג אָנגעהויבן אַרויסגעבן די צייטונג „דער וועג", וואָס האָט געהאַט אַ ציוניסטישע אָריענטאַציע, אָבער האָט פּרע־טענדירט צו זיין אַן אַלגעמיינע ראַם און געבן אַן אויסדרוק צו אַלע ריכטונ־גען אין מעקסיקע, אָבער באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויך די אַלגעמיינע ראַם איז ניט. גענוג. יעדע אָרגאַניזאַציע האָט געזוכט אַ מער פּאַרטייאישערן אויסדרוק פאַר אירע אידעען און כאָטש זיי האָבן נישט געקענט אַרויסגעבן סטאַביל אַ צייטשריפט האָט דאָך יעדע גרופּירונג אַרויסגעגעבן אירע אויסגאַבן אַפילו ווען בלויז געציילטע נומערן.

אַזוי האָט די ציונ. אָרגאַנ. אָנגעהויבן אַרויסגעבן אין 1934 „פאַרן פאָלק", אין 36־1935 האָט פּו"צ אַרויסגעגעבן „לאַנד און אַרבעט", די רע־וויזיאָניסטן אין 1936 — „אונדזער שטים" אין 1937 האָט פּו"צ אַרויס־געגעבן אַן ערשטן מאַי נומער און אין 1939 האָט דער „בונד" אַרויסגע־געבן די „טריבונע", וואָס האָט שפּעטער געביטן איר נאָמען אויף „פאַרויס".

צוזאַמען מיט דער אָרגאַניזאַציאָנעלער צעשפּליטערונג, אָדער אי־דעאישער אויסקריסטאַליזירונג און פאָרמירונג איז ווידער אויפגעשווומען דער געדאַנק פון אַ רעפּרעזענטאַטיווע קערפּערשאַפט פאַרן ישוב.

די נישט פאַרווירקלעכטע אידעע פון אַ קהילה (1927) האָט ווידער אויפגעלעבט אין אַ נייע פאָרם און אין 1932 ווערט געגרינדעט די פעדע־ראַציע פון יידישע געזעלשאַפטן אין וועלכער ס'זענען פאַרטראָטן צוואַנ־ציק פרעזידענטן פון צוואַנציק אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס. ווען זי ווערט אין 1934 אויפגעלייזט, לאָזט דאָך דער געדאַנק נישט אָפּ, ווייל די נויטווענדיקייט פון אַ צענטראַלער אינסטיטוציע האָט זיך געלאָזט פילן און אין 1938 ווערט זי ווידער פאַרווירקלעכט אין דער פאָרם פון דער גרינדונג פון צענטראַל־קאָמיטעט.

אין דער זעלבער צייט ווערט געזוכט אויך אַ וועג פון מיטאַרבעט מיט דעם ספרדישן סעקטאָר. אויך דאָ ווייזט זיך אַרויס, אַז דער פּראָ־צעס פון צעטיילן איז נישט געווען קיין פּראָצעס פון צעברעכן נאָר פון פאָרמירונג.

אַ געוויסע דערגרייכונג אויפן געביט פון קאָאָרדינירן די אַרבעט אין די פאַרשידענע יידישע סעקטאָרן איז געווען די גרינדונג פון דער ספרדי־שער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע (1936). זי איז עס געווען די פאַרמיט־

לערן פאַר דער מיטאַרבעט, וואָס האָט אָנגענומען קאָנקרעטערע פאָרמען אין 1937 ביז זייער איינגלידערונג אין צענטראַל־קאָמיטעט אין 1938.

אַזוי האָט זיך ביסלעכווייז געשאַפן אַ נייער יידישער ישוב, פאַר־מירנדיק זיך אין זיין פאַרשידנקייט און זוכנדיק אַ וועג פון צענטראַליזאַ־ציע פאַר זיינע אַלגעמיינע ענינים.

## אידעאישע אויסקריסטאַליזירונג

די לעצטע צען יאָר פון מעקסיקאַנער יידישן ישוב האָבן געבראַכט ראַדיקאַלע ענדערונגען. זיי זענען געשטאַנען, ווי ביים וועלט יידנטום, אונ־טערן צייכן פון מלחמה, אונטערן צייכן פון דער גרויסער פאָלקס טראַ־געדיע, וואָס איז געשען מיטן אייראָפּעאישן יידנטום, דעם קאַמף אין ישראל און די גרינדונג פון מדינת ישראל.

די וועלט מלחמה האָט געטראָפן דעם מעקסיקאַנעם ישוב, שוין נישט ווי אַ עמיגראַנטן קבוץ, נאָר ווי אַ סטאַבילן איינגעפונדעוועטן קבוץ. יידן האָבן פאַרנומען וויכטיקע פּאָזיציעס אין האַנדל און דער אינדוסטרי פון לאַנד. לויטן אינדוסטריעלן צענז, זיינען אין 1940 אויסגעאַרבעט געוואָרן אין יידישע פאַבריקן (אין געשלאָסענע ציפערן) 29 פּראָצענט פאַרטיקע קליידער, אין יידישע וועבערייען און שפּינערייען 47 פּראָצ, העמדער 31 פּראָצע. און זאָקן 30 פּראָצ. יידן האָבן געשאַפן שלייפערייען פון ברי־ליאַנטן, פאַבריקן פון מעבל, פּלאַסטיק, צעלולאָידע, מעטאַל אויסאַרבע־טונגען, צוקער, שפּייז טאַשן און אַנדערע. יידן האָבן געשאַפן לאַבאָראַטאָ־ריעס פאַר פאַרשידענע צוועקן און געווען שטאַרק באַטייליקט אין דער נייער פילם אינדוסטריע וואָס האָט זיך געשאַפן אין לאַנד. ס'איז איבעריק צו זאָגן, דאָס אין האַנדל זענען די יידן געווען שטאַרק באַטייליקט און זיי האָבן געעפנט נייע מערק פון מעקסיקאַנער פּראָדוקטן אויסאַרבעטונגען.

דאָס זענען שוין נים געווען די עמיגראַנטן, וואָס האָבן געזוכט זיך צו־פּאַסן צו דער נייער עקאָנאָמיק, זיי זענען געווען מיטשעפער פון דער מעק־סיקאַנער ווירטשאַפט, האָבן איר באַאיינפלוסט און מיט זייער דינאַמישן כוח האָבן זיי איר געשטויסן פאָראויס, צוגעבנדיק צו די קענטעניש פון דער מעקסיקאַנער עקאָנאָמיע, זייערע דערפאַרונגען פון אַנדערע לענדער.

דער יונגער דור האָט אָנגעהויבן זיך אַריינלעבן אין דער מעקסיקאַ־נער סביבה. און האָט אָנגעהויבן שפּראַכלעך פאַרפרעמד צו ווערן. די מער־הייט פון דער יוגנט האָט געקראָגן איר דערציאונג אין רעגירונגס שולן אָדער פּריוואַטע שפּאַנישע אָדער ענגלישע שולן. לויט די ציפערן פון 1942

האָבן 25 פּראָצ. פון די יידישע קינדער באַזוכט רעגירונגס־פאָלקס שולן, 32 פּראָצ. פּריוואַטע פאָלקס שולן און בלויז 43 פּראָצ. יידישע שולן. אין די מיטל־שולן איז די לאַגע געווען ערגער: אין רעגירונגס שולן 49 פּראָצ. אין פּריוואַטע 28 פּראָצ. און אין יידישע בלויז 23 פּראָצ.

דער יונגער דור איז געוואַקסן מעקסיקאַניש און דאָס איז געווען די זאָרג פון די יידישע עלטערן. מען האָט געזוכט מיטלען צו אויסמיידן געמישטע הייראַטן דורך יונגע חתונה מאַכן די קינדער, איידער זיי האָבן געקענט האָבן ערנסטע פאַרבינדונגען מיט זייערע מעקסיקאַנער חברים און כל זמן די השפּעה פון די עלטערן איז נאָך געווען אַ גרעסערע.

צום גוטן האָט געווירקט דעם פאַקט, וואָס נישט געקוקט וואָס די יידישע יוגנט האָט דערגרייכט אַ הויכע מדרגה אין בילדונג און וויסנשאַפט אין די מעקסיקאַנער לערן אַנשטאַלטן און האָבן פאַרמאָגט זייער פעאיקע עלעמענטן צווישן זיי, זענען אָבער אַלע מלוכה ביוראָען טעכנישע און פּאָליטישע געווען הערמעטיש פאַרמאַכט און אַ ייד האָט קיין צוטריט צו זיי נישט געהאַט.

ס'איז נישט געווען קיין ספּעציעל אַנטי יידישע מלוכה פּאָליטיק. ס'איז געווען דער אייפער פון מעקסיקע זיך אָפּצוהיטן פון אויסלענדישער השפּעה, פון וועלכע זיי האָבן פיל געגאָסן אָבער נאָך מער געליטן אין דער גאַנצער מעקסיקאַנער געשיכטע. דאָס פּאָליטישע לעבן אין מעקסיקע איז נאָך ביז היינט די עקסקלוסיוויטעט פון הונדערט פּראָצענטיקע מעקסיקאַנער און דאָס זעלבע געשעט מיט אַלע רעגירונגס־פּאָסטנס. דער ייד ווי אַלע אַנדערע אויסלענדער איז צו זיי נישט צוגעלאָזט געוואָרן, כאָטש ער האָט גענאָסן פון גלייכבאַרעכטיקונג לויטן געזעץ.

אויך לויטן געזעץ איז דאָ אַ גרויסער אונטערשיד צווישן די רעכט פון מעקסיקאַנער געבוירענע בירגער און די מעקסיקאַנער געוואָרענע. אָבער אויך די מעקסיקאַנער געבוירענע דאַרפן האָבן פיל דורות פון מעקסיקאַנער אַסי־מילאַציע הינטער זיך, אַזוי אַז יעדע שפּור פון דער פאַרגאַנגענהייט זאָל פאַרשווינדן, כדי צום קענען ווערן כאָטש אַ קליין שרייפעלע אין דער מלו־כה מאַשין.

די באַציאונג צום אויסלענדער און ייד, האָט פיל מיטגעווירקט אָפּ־צוהאַלטן דעם פּראָצעס פון אַסימילאַציע ביי דער יוגנט, כאָטש שפּראַכ־לעך איז זי שוין געווען שפּאַניש.

די מלחמה האָט געבראַכט אין יידישן ישוב, ווי אין אַלע יידישע ישו־בים, די טיפע זאָרג פאַרן גורל פון אייראָפּעאישן יידנטום. די זאָרג אין מעק־

סיקע איז געווען פיל טיפער ווייל דער ישוב אין זיין איבערוויגנדער מער־הייט איז נאָך באַשטאַנען פון ערשטן דור עמיגראַציע, וואָס איז נאָך גע־ווען זייער שטאַרק געבונדן מיט די יידישע אייראָפּעאישע צענטערן.

א צווייטע סיבה פאַר דער טיפערער זאָרג פון דעם ישוב מיטן גורל פון אייראָפּע איז געווען דאָס, וואָס דאָס מעקסיקאַנער יידנטום איז געווען פריי פון אַנדערע מלחמה זאָרגן. ענגלאַנד איז געווען דירעקט אונטערן פייער. אַמעריקע, אַפריקע און אויסטראַליע האָבן געהאַט גרויסע מאָביליזירטע אַרמייען אין דער מלחמה. יעדע יידישע שטוב האָט עמיצן געהאַט אין קאַמף און האָט געזאָרגט פאַר זיין גורל. אָפיציעל איז אויך מעקסיקע געווען אין מלחמה, אָבער צו קיין אַלגעמיינע מאָביליזאַציע איז נישט געקומען אַזוי אַרום, איז אין מעקסיקע נישט געווען די סכנה פון לעבנס פאַר־לוסטן צוליב דער מלחמה. די זאָרג פאַרן גורל פון אייראָפּעאישן יידנטום, פאַרן גורל פון פאַמיליע, פריינט און באַקאַנטע איז געווען די איינציקע און דעריבער פיל שאַרפער. דאָס האָט געצוווּנגען דעם עלטערן ישוב צו פאַר־טראַכטן זיך און ווידער אַמאָל מאַכן זיין יידישן חשבון אויך אין זיין גו־טער עקאָנאָמישער לאַגע.

אויך די יוגנט איז דערפון באַווירקט געוואָרן. צו דער אַנטי היטלע־ריסטישער אַגיטאַציע פון די אָפיציעלע אינסטאַנצן און דער זאָרג פאַר דער אייגענער שטוב איז צוגעקומען דער געפיל פון א טאָלערירטן בירגער. די עלטערן, וואָס זענען געקומען קיין מעקסיקע אַלס עמיגראַנטן האָבן גערעדט פון דער „אַלטער־היים״. די יוגנט וואָס איז געבוירן געוואָרן אין מעקסיקע האָט קיין אַנדער היים ווי מעקסיקע נישט געהאַט און אויך דאָ זענען זיי פאַרעכנט געוואָרן אַלס אויסלענדער. אויב ביי די עלטערן האָט דער נאָמען אויסלענדער נאָך געקענט האָבן א פאַרבינדונג מיט א געוויסן לאַנד פון וואַנען זיי זענען געקומען, האָט עס ביים מעקסיקאַנער געבוירענעם יידישן יוגנט־לעכן נישט געקענט האָבן קיין אַנדער פאַרבינדונג ווי מיט זיין יידישן אָפּ־שטאַם. דאָס האָט אים געצוווּנגען זיך צו פאַרטראַכטן און מאַכן זיין חשבון הנפש.

ווען נאָך דער מלחמה איז אַנטפּלעקט געוואָרן די יידישע טראַגעדיע, מיט איר גאַנצער שווידערלעכקייט און ס׳איז אויסגעבראָכן דער גרויסער יאָמער אין אַלע יידישע הייזער צוליבן פאַרלוסט פון עלטערן, ברידער, שוועסטער און פריינט, ווען ס׳האָבן אָנגעהויבן אָנקומען די ערשטע פליכט־לינגען פון די קאָנצענטראַציע און פאַרניכטונגס־לאַגערן, ווען אַט די ני־סים־יידן האָבן דערמעגלעכט באַקענען זיך מיט דער טראַגעדיע פון די זעקס

מיליאָן קדושים, איז געקומען אַ גאַנצע איבערקערעניש אין לעבן פון יידישן ישוב אין מעקסיקע. דער פּראָצעס פון אַסימילאַציע איז מיט אַ מאָל אי־בערגעריסן געוואָרן און די דערוואַקסענע האָבן צוריק זיך געטוליעט צום יידישן לעבן ווי וויט מעגלעך.

אויף אַ צוגעגרייטן באָדן, ביי אַלע שיכטן פון יידישן ישוב אין מעק־סיקע זענען געפאַלן די ידיעות וועגן קאַמף אין ארץ־ישראל. דער געראנגל פון קליינעם ישוב אין ארץ־ישראל קעגן דער מעכטיקער זיגערישער ענג־לאַנד און דער גרויסער אַראַבישער מערהייט, האָט אָנגעשטעקט יעדן יידן. דער מוט פון ארץ־ישראל אין קאַמף פאַר דעם פּרינציפּ פון עליה האָט מיטגעריסן און האָט פאַראייניקט אַלע שיכטן פון מעקסיקאַנער יידנטום. די עלטערע האָבן געשלונגען די ידיעות פון ארץ־ישראל און די יוגנט האָט זיך געריסן עפּעס צו טאָן. ס'איז געקומען אַ יידיש נאַציאָנאַלער אויפ־שטייג, וואָס האָט אַרומגענומען כמעט אַלע יידן אין לאַנד.

דאָס אַלץ האָט גורם געווען, אַז יידיש לעבן אין מעקסיקע, האָט אין די צען יאָר אויפגעבויט דאָס וואָס די גרעסטע אָפּטימיסטן האָבן וועגן דעם אפילו נישט געחלומט:

ס'האָבן זיך געגרינדעט יידישע שולן פון אַלע טיפּן אין אשכנזישן סעקטאָר ווי אויך אין ספרדישן, וואָס האָבן אַריינגענומען (ווי מען שאַצט) מער ווי 75 פּראָצ. יידישע קינדער אין שול עלטער. ס'זענען געגרינדעט גע־וואָרן יידישע יוגנט אָרגאַניזאַציעס פון אַלע ריכטונגען, וואָס נעמען אַריין טויזנטער יידישע יוגנטלעכע און קינדער. ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ חלו־צישע יוגנט באַוועגונג פון די חברים פון „השומר־הצעיר" וואָס האָט גע־שיקט אירע ערשטע גרופּן נאָך אין דער צייט פון דער מלחמה אין ישראל.

יידישע ביכער, יידישע צייטונגען און צייטשריפטן, אַרויסגעגעבענע אין מעקסיקע און געבראַכטע פון אַנדערע לענדער האָבן פאַרפלייצט די יידישע הייזער. דאָס יידיש געזעלשאַפטלעכע לעבן האָט אַריינגעצויגן אַלע שיכטן, אַלנפאַלס איז עס געווען דער אינטערעס פון אַלע שיכטן. יידישער באַוווסטזיין איז געוואָרן דער קנין פון יונג און אַלט. די יוגנט, די שפּאַניש רעדנדע, די פריער דערוואַקסענע האָט פאַרשטאַנען פלוצים דעם באַדייט פון „איך בין אַ ייד", עס האָט אים פאַרענטפערט אַלע „פאַרוואָסן"!

די פּראָקלאַמירונג פון מדינת ישראל און די ענדערונג פון דער יידי־שער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע, האָט באַהויכט די אידעאישע אויפלעבונג מיט שטאָלץ, מיט יידישן שטאָלץ און האָט דערגענצט און צוגעהאָלפן צו דער אידעאישער אויסקריסטאַליזירונג.

דאָס יידישע מעקסיקע האָט זיך אויסגעקריסטאַליזירט ציוניסטיש, בעסער געזאָגט ישראל׳דיק.

זי האָט דערפילט אַ בענקשאַפט נאָך אַ היים פאַרן פאָלק, נאָך אַ זיכערן יידישן ברעג. געוויס זענען געבליבן שפּליטערן נישט ציוניסטישע און אַנטי ציוניסטישע. זיי זענען באמת שפּליטערן בלויז אין יידישן מעקסיקאַנער לעבן.

די מאַסן באַזוכן אין ישראל, באַווייזן די זוכעניש פון אַט דעם ברעג, וואָס האָט נישט אָנגענומען דערוויייל קיין פאָרמען פון מאַסן עליה, צוליב די עקאָנאָמישע שוועריקייטן פון ישראל. אָבער אינם ישוב צאַפּלט אַט די מעגלעכקייט פון אַזאַ עליה, וועלכע קען אויפכוואַליען ביי דער ערשטער אָביעקטיוו מעגלעכער געלעגנהייט, אפשר דורך אַן אינערלעכער שטוים קראַפט אפשר דורך דער ישראלדיקער צוציאונגס קראַפט ביי געענדערטע באַדינגונגען. אַלנפאַלס איז די מעגלעכקייט פיל גרעסער אין מעקסיקע ווי אין אַנדערע גרויסע יידישע ישובים.

דערוויייל איז אַט דער אידעאישער ליכט לעבט און שאַפט אַ ישוב מיט אַ פולבלוטיק אַלזייטיק יידיש נאַציאָנאַלן לעבן.



פּראָפ. טאַלאָמאָן קאהאַן

# ליכט און שאָטן אין אונזער ישוב

(שטריכן צו א כאראקטעריסטיק)

לאָמיר גלייך פון אָנהויב דעפינירן די טעמע. ס׳האנדלט זיך דאָ נישט וועגן א היסטאָרישן איבערבליק פון גוטע און, פאַרהעלטניסמעסיק, שלעכטע צייטן אין מער ווי א פאַרטליאָרהונדערטדיקער עקזיסטענץ פון אונדזע ישוב, נאָר וועגן אַ פּרווו פון אַ קווערשניט דורך עטלעכע כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון דעם יידישן מעקסיקע אין 1951, ווי איך זע עס.

אין איצטיקן מאָמענט זע איך דעם מעקסיקאַנער ישוב, ווי א קיבוץ וואָס איז דעפיניטיוו ארויס פון דעם אימיגראנטישן פּעראָד, און פון דער מיט אָט דעם פּעריאָד, ענג פאַרבונדענער אימיגראַנטישער דינאַמיק פון „זיך ארויפאַרבעטן״, אין פּערזענלעכן לעבן, און פון פּיאָנערנטום אין געזעלשאפטלעכן אויפבוי.

פון דער „בעזוס־מאריא״ גאס פון די יאָרן 1921-22 און דער פּרימיטיווסטער פּעדלעריי אויף די אַרומיקע און צענטער־גאסן פון דער הויפטשטאָט, ביז די פּאַלאַץ־מעקסיקע רעזידענצן אַרום און א ביסל ווייטער פון דעם „טשאַפּולטעפּעק״־פּאַרק, אין דער פּערזענלעכער „קאַריערע״, אזוי צו זאָגן; און פון די ענגע צימערלעך פון „קאָלאָמביא 24״ ביז דעם אימפּאַזאנטן, פּרעכטיקן בנין פון דער יידישער שול מיט איר „פּרעפּאַראַטאָריע״ און לערער־סעמינאַר, אויפן געביט פון געזעלשאפטלעכן אויפבוי; — אין א ריזיקער מהלך.

אויף דעם אינדיווידועלן, פּונקט אזוי ווי אויף דעם געזעלשאפטלעכ

געביט, הויבן מיר זיך אָן „אויסצופיקן" ווי א ישוב מיט אַן אייגענער געשטאַלט, מיט אייגענע כאַראַקטעריסטישע שטריכן. זיי שאַפן אים אַן אייגנאַרטיקייט, וועלכע, אומאָפּהענגיק פון די אַלגעמיין נאַציאָנאַלע שטריכן פונעם ישוב, ווי א יידישן ישוב, גיט זי אים אַן אייגנטימלעכע באַפאַרבונג, וואָס האָט, פון איין זייט, צו טאָן מיט די ספּעציפישע סאָציאַל־עקאָנאָמישע באַדינגונגען פון זיין אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג, און, פון דער צווייטער, מיט איינפלוסן פון דער מעקסיקאַנישער סביבה.

צו דעם אָנהויב פון דער אויספורעמונג פון אונדזער ישובס אייגענער געשטאַלט איז א פונדאַמענטאַלער צושטייער דער באַוווסטזיין, וואָס קומט צום אויסדרוק אויף פאַרשידענע אופנים, אַז אומאָפּהענגיק פון אונדזערע נאַציאָנאַלע אידעאַלן וועגן יידישער מלוכה־עקזיסטענץ אין ארץ־ישראל, בלייבן מיר, יעדנפאַלס דער ווייט גרעסטער טייל פון אונדזער היגן קיבוץ, דאָ אין לאַנד, און מיר פאַרוואָרצלען זיך דאָ: מיר און אונדזערע קינדער.

דער בעסטער באַווייז פון אָט דעם פּראָצעס פון אונדזער פאַרוואָרצלען זיך אין מעקסיקע, איז דאָס דערשיינען פון דעם צווייטן יידישן דור אויף דער סצענע פון אונדזער עקאָנאָמישן לעבן, ווי א פאַרזעצנדיקער פאַקטאָר פון דער מעקסיקאַניש יידישער עקאָנאָמישער סטרוקטור. (איך נעם נישט דעם צווייטן דור, ווי א פאָרזעצער פון דער קולטור־טראַדיציע פון דעם אימיגראַנטן דור)

נאָך א סימן פון אונדזער איינוואָרצלונג אין דעם מעקסיקאַנער באָדן, איז דאָס באַווייזן זיך פון יוגנטלעכע פּראָפעסיאָנאַלן פון צווייטן דור אויף פאַרשידענע פאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס אין דעם מעקסיקאַנישן רעגירונגס־אַפּאַראַט, ווי אויך אין די ראַמען פון דער אַלגעמיין מעקסיקאַנישער געזעלשאַפטלעכקייט און אינטעלעקטועלער וועלט.

אָט דער באַוווסטזיין פון איינוואָרצלונג, וואָס גייט האַנט אין האַנט מיט דעם באַוווסטזיין פון דער געמיינשאַפטלעכקייט מיט דעם וווילזיין פונם לאַנד האָט לעצטנס געקראָגן זיין אויסדרוק אין דעם מאָנומענטאַלן ווערק פון אונדזער ישוב: די פּרעכטיקע „אַלבערט־איינשטיין"־שול־געביידע, מיט וועלכער מיר האָבן בייגעשטייערט צו דעם קולטורעלן פּראָגרעס פונם לאַנד.

מיט איין וואָרט: דער יידישער ישוב אין מעקסיקע דאַרף שוין נישט מער באַטראַכט ווערן, ווי א ישוב אין דער סטאַדיע פון אימיגראַנטישקייט, נאָר ווי א ישוב, וועלכער איז פון אָט דעם עטאַפּ שוין אַרויס, און אין וועלכן די פאַרשידענע אימיגראַנטישע עלעמענטן האָבן שוין אויך דורכ־

געמאכט רעם, אזוי צו זאָגן, „שמעלץ טאָפּ"־פּעריאָד. דאָס יידישע מעקסי־קע פון 1951 יוירט אין אַ נייעם פּראָצעס: אין דעם פּראָצעס פון קריגן גייע פאָרמען, וואָס זאָלן אנטשפּרעכן דעם נייעם עטאַפּ פון זיין אנט־וויקלונג, וועלכער איז דער עטאַפּ פון אָנהויב פון פאַרוואָרצלטקייט.

—2—

וועלכע זענען די מער וועזנטלעכע שטריכן פון אונדזער ישוב, ווען ער טרעט אריין אין דעם נייעם קאַפּיטל פון זיין עקזיסטענץ?

כדי צו קענען ענטפערן אויף אָט דער פראגע, מוזן מיר גלייך פון אָנהויב אָפּטיילן דעם ערשטן, אימיגראַנטישן דור פון דעם צווייטן, הי גע־בוירענעם אָדער דערצויגענעם, ווייל דער צווייטער דור איז גישט קיין פולע פאָרזעצונג פון דעם יידישן טאָן און טראַכטן פון דעם ערשטן, אימי־גראַנטישן דור.

וועלן מיר די פראגע באַגרעניצן און איר שטעלן אזוי:

וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אין איצטיקן מאָמענט דער אין מעקסיקע שוין פאַרוואָרצלטער ערשטער, אימיגראַנטישער דור?

אין אַלגעמיין, איז עס אַ קיבוץ, וואָס פון שטאַנדפּונקט פון שעפעריש־קייט אויפן געביט פון יידיש לעבן און זיך אויסלעבן, איז ער נאָך גענוג ענערגיש און שעפעריש, כאָטש דאָ און דאָרט הויבן זיך שוין אָן צו באַוויי־זן סימנים פון מידקייט און אַפּאַטיע. מ'דאַרף נעמען אין אכט, אז ס'האַנ־דלט זיך ווענן אַ קאָלעקטיוו, וואָס דער דורכשניטס עלטער פון זיינע מיט־גלידער איז ארום פופציק יאָר, און ס'וועט אפשר נאָך ריכטיקער זיין צו זאָגן, אז ער געפינט זיך ערגיץ צווישן פופציק און פינף און פופציק.

דאָס איז (איך רעד דאָ אַלץ וועגן דעם יידיש רעדנדיקן ישוב) אַ קיבוץ, וואָס פּרעגלט זיך נאָך אַלץ, אזוי צו זאָגן, אין דער זאפט פון מזרח־אייראָ־פּעישער, „היימישער" יידישקייט.

זיין שפּראַך איז, אין אַלגעמיין, נאָך אַלץ יידיש, כאָטש זיין ווייט־גרעסטער טייל האָט זיך ארויסגעוויזן נישט גענוג שטאַרק אין אָט דער הינ־זיכט, און האָט קאַפּיטולירט פאַר אייגענע קינדער, אנשטאָט זיי, די קינ־דער, אריינצוברענגען אין דער שפּראַך־אַטמאָספערע פון יידיש. אין די נישט צו אָפטע מאָלן, וואָס דער מעקסיקאַנער ייד גייט אין שול אָדער בית־מדרש, ווי אויך ווען ער קומט צו עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען און אונטערנעמונגען,

הערט מען נאָך אַלץ דעם ווייל קלינגענדיקן יידיש פון מזרח־אייראָפּע. נישט אין אַזאַ פולער מאָס האָט זיך יידיש אויפגעהיט אין דעם מויל פון היגע יידישע פרויען, וועלכע מ׳הערט אַלץ מער און מער רעדן שפּאַניש אויך אויף עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען און אונטערנעמונגען. אַ טייל פון זיי זעגען עס אויך אַ פאַקטאָר, אפשר דער וויכטיקסטער, פון שפּראַכלעכער אַסימילאַציע אין די היימען.

צוויי וויכטיקע פאַקטאָרן האָבן נישט דערלאָזן, אַז יידיש זאָל פאַרלירן אינם יידישן מעקסיקע זיינע פּאָזיציעס אין אַ גרעסערן מאָסשטאַב, ווי דאָס געשעט. דאָס איז, ערשטנס, דער פיל שטאַרקערער אונטערשייד צווישן דער מעקסיקאַנער סביבה און דער יידישער, ווי צום ביישפּיל, צווישן דער נישט יידישער סביבה און דער יידישער אין די פאַראייניקטע שטאַטן. מ׳דאַרף אונטערשטרייכן, אַז אין דעם עפּעס מער, ווי אַ פערטל יאָרהונדערט פון יידישן לעבן אין מעקסיקע, איז דער קאָנטאַקט פון דער יידישער באַפעלקערונג מיט דער מעקסיקאַנישער, אין זיין ווייט גרעסטן טייל, געווען אַ ריין עקאָנאָמישער: קיין סאָציאַלער קאָנטאַקט האָט כמעט, ווי נישט עקזיסטירט, שוין צוליב דעם אליין, וואָס דער לעבנס סטאַנדאַרד פון דעם יידישן אימיגראַנטנטום איז גלייך נאָך די ערשטע עטלעכע יאָר געוואָרן אומפאַרגלייכלעך העכער. פון דעם עקאָנאָמישן ניוואָ פון די מעקסיקאַנער פּאָלקסמאַסן, און, פון דער צווייטער זייט, האָט דער מעקסיקאַנישער מיטל־און העכערער האַנדלס און אינדוסטריעלער קלאַס געקוקט אויף זיין נייעם און זייער טיכטיקן קאָנקורענט מיט גרויס אומצוטרוי, און מיט שטאַרקער קנאה, וואָס האָט זיך מער ווי איינמאָל אויסגעדריקט אין אַנטי־יידישע אַרויסטרעטונגען. אָט דער צושטאַנד האָט זיך, אין גרונט גענומען, נישט געענדערט אויך אין די לעצטע יאָרן, ספּעציעל אין די מלחמה־יאָרן, ווען דער עקאָנאָמישער אויפשטייג פון דעם סוחר און אינדוסטריאַל איז געווען אַ שנעלער און אַ שטאַרקער.

ערשט מיטן אויפקום פון דער היגער יידישער שטודירנדיקער יוגנט און מיט איר דערשיינען אין די הויכשולן, קען ערנסט גערעדט ווערן וועגן אַ נענטערן סאָציאַלן קאָנטאַקט צווישן יידן און מעקסיקאַנער.

געוויס איז אויך פריער געווען אַ געוויסע צאָל מעקסיקאַנער יידן, וואָס האָט נישט נאָר אויפן עקאָנאָמישן געביט, נאָר אויך געזעלשאַפטלעך פאַרקערט מיט מעקסיקאַנער; אָבער דאָס איז אַ זייער באַגרעניצטע

גרופּע פון עקאָנאָמיש ה ו י ך שטייענדיקע יידן, וואָס זייער פינאַנ־סיעלער בונד מיט דער העכסטער מעקסיקאַנישער בורזשואַזיע האָט זיי געבראַכט צו די אויפנאַמעס און די סאַלאָנען פון דער „בעסטער געזעל־שאַפט". אָבער, ווי געזאָגט, זייער צאָל איז אַ נישטיקע.

דער צווייטער וויכטיקער פאַקטאָר, וואָס האָט פאַרלאַנגזאַמט דאָס שוואַכער ווערן פון די יידיש־פּאָזיציע אינעם יידישן מעקסיקע, איז די גע־אָגראַפישע נאָענטקייט פון דעם אַצטעקן־לאַנד צו די פאַראייניקטע שטאַ־טן. אָט דער פאַקט האָט מעגליך געמאַכט, אַז גלייך פון אָנהויב זאָלן יידישע אימיגראַנטן אינטענסיוו פאַרזעצן דאָס לייענען יידישע פּרעסע, וועלכע איז זיי די ערשטע צייט צוגעשיקט געוואָרן דורך קרובים פון יע־נער זייט גרעניץ, און אַ ביסל שפּעטער איז זי שוין אויסגעשריבן געוואָרן דורך די, עקאָנמאָיש, אינצווישן אַ ביסל צו זיך געקומענע אימיגראַנ־טן. אַזוי אַרום האָט די יידישע פּרעסע פון די פאַראייניקטע שטאַטן גע־דינט אַלס בריק צווישן דעם מעקסיקאַנער יידן און דער יידישער וועלט. מ'דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז די ערשטע צ יי ט ו נ ג אויף יידיש איז דאָ דערשינען ערשט אין 1930, צען יאָר נאָכדעם, ווי די אימיגראַציע פון מזרח־אייראָפּעישע יידן האָט זיך דאָ אָנגעהויבן, און אַז דער ערשטער שליח פון דער יידיש־יידישער מזרח־אייראָפּע איז אַהערגעקומען ערשט אין 1934. דער קאָנטאַקט, וואָס די יידישע אימיגראַנטן קיין מעקסיקע האָבן געהאַט אין די ערשטע צען־צוועלף יאָר מיט דעם יידנטום פון די פאַראייניקטע שטאַטן, איז, אין געזעלשאַפטלעכן זין, געווען כמעט אויס־שליסלעך אַ פילאַנטראָפּישער, מצד די „שטאַטן" בנוגע די אַריבערגעקו־מענע „גרינע" אין מעקסיקע.

איז, ווי געזאָגט, די טענדענץ צו שפּראַכלעכער אַסימילאַציע ביים עלטערן דור, געגאַנגען ביז איצט אין אַ לאַנגזאַמען „טעמפּאָ": אָבער זי א י ז ד אָ , און אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט לאָזט זי זיך לעצטנס שטאַרקער מערקן, ווי אַ רעזולטאַט פון דעם שדוך מיט די נישט יידיש רעדנדיקע גרופּן פון ישוב, צו פּאַראַלגעמיינען און בעסער צו אָרגאַניזירן דאָס קהלשע לעבן אין מעקסיקע. אָט דער שדוך מיט די ספרדים, דייטשע, אונגאַרישע, און אַראַבישע יידן, איז אַ טויט־געפאַר פאַר דער יידישער שפּראַך אויף יעדער זיצונג, פאַרזאַמלונג אָדער אַנדערער עפנטלעכער אונ־טערנעמונג, וואָס ווערט איינגעאָרדנט געמיינזאַם מיט זיי. ס'פּאַסירט, אַז

ווען ס׳איז אפילו דאָ בלויז איין פאָרשטייער פון די נישט יידיש רעדנדי־קע טיילן פון דעם ישוב, איז אָנשטאָט צו פירן די זיצונג אויף יידיש און געבן דעם נישט יידיש רעדנדיקן ייד אַן עקסטראַקט־איבערזעצונג פון דעם נעגעבענעם פונקט, פאַרוואַנדלען זיך מיט אַמאָל אַלע מאַמע לשון רע־דנדיקע יידן אין שפּאַניש־רעדנדיקע. וואָל נישט ערגעץ ווו, טיף אין הינטערבאַוווסטזיין, געווען צוגעגרייט דער באָדן צו אָט דעם איבערגאַנג, וואָלט אָט די „האָקוס פּאָקוס״ אומוואַנדלונג נישט געקענט אַזוי לייכט פּאַרקומען.

איז דען א וואונדער, וואָס, ווען ס׳פּאַסירט (איינמאָל אין א יובל), אַז א יידישער רעדנער וואגט צו רעדן אויף יידיש צו א פאַרזאַמלונג פון יידישע יוגנטלעכע, וואָס באַשטייט פון פינף און ניינציק פּראָצענט פון יידיש פאַרשטייענדיקע, און בלויז פ י נ ף פּראָצענט פון יידיש נישט פאַרשטייענדיקע (לאָמיר זאָגן ספרדים אָדער אראבישע בחורים און מיידלעך) הויבן אָט די פינף פּראָצענט זיך אויף און מאכן א סקאַנדאַל; און טאָמער בלייבט דער רעדנער איינגעשפּאַרט און רעדט אויך ווייטער יידיש, פאַרלאָזן זיי, אויס פּראָטעסט, דעם זאַל...

—3—

ווי זעט, נעזעלשאפטלעך, אויס, דער עלטערער דור ביים אָנהויב פון דעם „פאַרוואָרצלטקייט״ קאפּיטל?

דאָס געזעלשאפטלעך לעבן דאָ מאכט דעם איינדרוק פון א געביידע וואָס האלט זיך אין בויען: די פונדאמענטן זענען שוין לאנג געלייגט, און פון דער סטרוקטור גופא איז שוין א טייל כמעט אין גאנצן פארטיק: נישט נאָר איז דער שטאָלענער סקעלעט שוין געמאכט און צוזאמענגעשמאָלצן, נאָר ווו־נישט־ווו זענען שוין אין אָט דעם סקעלעט אריינגעבויט די ווענט. דאקעגן, איז א צווייטער טייל קוים האלב פארטיק, און א דריטער זעט זיך ווי נאָר וואָס אָנגעהויבן, נאָך גאנץ נידריק, הארט איבער דער אויבערפלאַך פון באָדן.

ס׳רעדט גוט וועגן דער געזעלשאפטלעכער רייפקייט פון דעם מעק־סיקאנער ישוב דאָס, וואָס ער האָט „בשלום״ דורכגעמאכט די איבער־נאַנגס צייט צווישן דעם סוף פון דער אבנאָרמאלער מלחמה־„פּראָספּע־ריטי״ און דעם אָנהויב פון דער, עקאָנאָמיש, מער נאָרמאלער נאָך־מלח־

מה צייט. ס'זענען געווען צייכנס פון אן אויפטרייסלונג: עטלעכע באַדייטנדיקע באַנקראָטן, וואָס האָבן פאראורזאכט, ווי א קאָנסעקווענץ, עטלעכע קלענערע, איין זעלבסטמאָרד צוליב דער ענדערונג אין דער עקאָנאָמישער סיטואַציע; אין געוויסע פאמיליעס האָט מען אָנגעהויבן צו רעדן וועגן לערנען קינדער א מ ל אָ כ ה, עפּעס אזוינס, וועגן וועלכן ס'איז גאָר אפילו אויפן געדאַנק נישט געקומען דאָ קיינעם אין די „פּראָספּעריטי" יאָרן. מ'האָט שוין אפילו אָנגעהויבן רעדן וועגן גרינדן דאָ אן „אָרט" שול, א זאַך, וואָס איז דאָ לעצטנס רעאַליזירט געוואָרן ביי דער „יבנה"-שולע.

איז דעריבער וויכטיק אונטערצושטרייכן דעם פאַקט, אז נישט געקוקט אויף דעם פּסיכאָלאָגישן איבערברוך, וואָס איז געווען אומפאַרמיידלעך ביי אָט דעם איבערגאַנג פון „מלחמה פּראָספּעריטי" צו א מער ווייניקער נאָרמאַלער צייט, וועלכעס האָט גאָר א סך מעקסיקאַנער יידן געמאַכט גלויבן, אז דער הימל פאַלט שוין אַראָפּ אויף דער ערד, — איז אָבער דאָך דאָס אויפהאַלטן די געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס נישט פאַרמינערט געוואָרן אויף א האָר, און איז ווייטער אָנגעגאַנגען אין דעם זעלבן „טעמפּאָ" וואָס פריער. געזעלשאַפטלעך, איז דאָס יידישע מעקסיקע אַרויס פון אָט דער שווערער איבערגאַנגס-צייט מיט כבוד.

צו די העלסטע ליכט זייטן פון דעם מעקסיקאַניש יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן געהערט אויפן ערשטן פּלאַץ די וואָס א מאָל קלאָרערע טענדענץ צו אן אָרגאַניזירטן קהילה-לעבן. די דעמאָקראַטישע פאָלקס-וואַלן צום צענטראַל-קאָמיטעט, וואָס זענען דאָ פאָרגעקומען שוין צוויי מאָל, זענען דער איבערציינגנדיקסטער עדות, אז די ברייטסטע קרייזן פון היגן ישוב, וועלכע האָבן אין אזא אומדערוואַרטעט גרויסער צאָל אָנטייל גענומען אין אָט די וואַלן באַגערן עס.

אָט די בענקשאַפט צו געזעלשאַפטלעכער קאָאָרדינאַציע און צענטראַליזאַציע האָט אויך געקראָגן אן אנדער קאָנקרעטן און ביז גאָר איבערציינגנדיקן אויסדרוק. דאָס איז דער „פאַראייניקטער קאַמפּיין", דער „יונייטעד דזשואיש אפּיל" פון דעם מעקסיקאַנער ישוב. ס'איז געמאַכט געוואָרן א פּרווו פון א געמיינזאַמער אָנשטרענגונג, וואָס האָט באַצוועקט א סוף צו מאַכן צו דער אנאַרכיע, וואָס האָט געהערשט אויף דעם „קאַמ-

פֿיין״־געביט, און וואָס איז מיט יעדן יאָר געוואָרן אַלץ גרעסער. דער פּרווו האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אַ גרויסער דערפֿאָלג. די אידייע וועגן צענ־טראַליזירן יידישע געזעלשאַפֿטלעכע טעטיקייט דאָהי, האָט אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן זיג.

און מ׳רעדט אויך גוט וועגן דער געזעלשאַפֿטלעכער רייפֿקייט פֿון דעם מעקסיקאַנער ישוב דער פּאַקט, וואָס די דיפֿערענצירטע געזעלשאַפֿט־לעכע מיינונג האָט לעצטנס געקראָגן איר אויסדרוק דורך דעם דערשיי־נען פֿון אַ רייע פּאַרטייאיש־געזעלשאַפֿטלעכע פּרעסע־אָרגאַנען. דער באַ־דויערלעכער פּאַקט, וואָס נישט אַלע שטייען זיי אויף דער געעריקער הויך, פּאַרמינערט נישט דעם פּאָזיטיוון ווערט פֿון דער דערשיינונג גופֿא.

און ווען מ׳רעדט וועגן די העלע שטריכן פֿון דער געזעלשאַפֿטלעכ־קייט פֿונעם עלטערן דור, טאָר מען נישט אונטערשאַצן זיין פֿרייגעביקייט, וואָס איז ווייט און ברייט באַקאַנט אין דער יידישער וועלט, און וועלכע האָט, צום ביישפּיל, אויפֿן געביט פֿון שטיצן דעם קרן קימת, באַרימט געמאַכט אונדזער ישוב, ווי דעם ביישטייערער, פּראָפּאָרציאָנעל, נומער איינס. אָט די פּאָזיציע האָט דאָס יידישע מעקסיקע געהאַלטן ביז דאָ נישט לאַנג צוריק.

— 4 —

ס׳איז אָבער נישטאָ קיין ליכט אָן קיין שאָטן. טאָ לאָמיר פּרוּוון געבן עטלעכע שאָטן־זייטן פֿון דער געזעלשאַפֿטלעכקייט פֿון דעם ערשטן דור.

דער שוואַכסטער פּונקט אין דעם יידישן לעבן אין מעקסיקע איז דאָס געזעלשאַפֿטלעך־קולטורעלע אויסלעבן זיך. מיט קליינע אויסנאַמען איז עס רעדוצירט געוואָרן צו „יאָרצייט״ און „יאָרטאָג״־קולטור. אַזוי צום ביי־שפּיל, איז דער „הערצל־ביאַליק״ יאָרצייט דערהויבן געוואָרן צו אַן אינסטי־טוציע. יאָר איין, יאָר אויס ווערט ער דאָ געפּייערט, אַ מאָל דורך דער, אַמאָל דורך יענער אָרגאַניזאַציע; און אַ מאָל אויך דורך עטלעכע. אָבער אפֿילו פּרץ און שלום עליכם זענען שוין נישט זוכה, אַז זייערע יאָרצייטן זאָלן דאָ געפּראַוועט ווערן בציבור און מיט אַ געוויסן פּאַרנעם.

ס׳איז אַ פּאַקט, אַז דאָס יידישע מעקסיקע קען זיך גאַנץ גוט באַגיין אָן ליטעראַריש־קינסטלערישע אונטערנעמונגען. וועגן אַ קליינער גרופּע, וואָס איז דער אויסנאַם פֿון דעם כּלל, איז דאָ נישט די רייד, נאָר וועגן דעם רוב בנין ומנין. די אַפּאַטיע איז אין אָט דער הינזיכט אַזוי גרויס, אַז דער „שרייבער פֿאַריין״, די אינסטיטוציע, וואָס האָט געדאַרפֿט וועקן און סטי־

מולירן אין אָט דער הינזיכט, קען אויך נישט באַווייזן ארויסצווייזן אַ מי־נימום ענערגיע, און אויסער א צופעליקן „גלעזל טיי" פאר זיינע מיטגלי־דער לכבוד אַ גאַסט פון ניו יאָרק, לאָזט ער פון זיך נישט הערן.

מ'קען יאָ טרעפן יידן פאַרזאַמלט אין גרויסע צאָלן צו עפנטלעכע אונטערנעמונגען; אָבער דאָס מוזן זיין פאַרזאַמלונגען פון אַן אויסגעשפּראָ־כן נאַציאָנאַלן אָדער פּאָליטישן כאַראַקטער ווי צום ביישפּיל, פּאַראַנשטאַל־טונגען, וואָס זענען פאַרבונדן מיט דער יידישער מלוכה און מיט דער ישראל־אַרמיי, אָדער געדענק־אָוונטן נאָך די העלדן פון וואַרשעווער געטאָ, אָדער גרוסן פון די אייראָפּעישע לאַגערן. ליטעראַריש קינסטלערישע אָוונטן זע־נען, בדרך כלל, דאָ שוין אַ זאַך פון דער פאַרגאַנגענהייט.

און פּונקט אַזוי געהערט דאָ, מיט געוויסע אויסנאַמען, אויך יידיש טעאַטער צו דער געשיכטע. שוין אַ היפּשע עטלעכע יאָר, ווי דאָ איז נישט פאָרגעקומען קיין יידישע טעאַטער פאָרשטעלונג, וואָס קען אַזוי אָנגערופן ווערן, אַנוועגנדיק אַ נישט טריוויאַלע מאָס.

ס'איז אפשר נישט אויסערן פּלאַץ צו דערמאָנען ביי אָט דער געלעגנ־הייט, אַז דער אינטערעס צו יידישן טעאַטער איז דאָ מיט דער צייט אַזוי אָפּגעשוואַכט געוואָרן, אַז ווען ס'איז אַנטשטאַנען די מעגלעכקייט, אַז אונ־דזער ישוב זאָל געניסן פון דער גאָט געבענטשטער, געלייטערטער קונסט פון דער תל אביבער „הבימה", אַ דאַנק אירע גאַסטשפּילן אין די שכנותדיקע פּאַראייניקטע שטאַטן, ווי אויך אַ דאַנק איר ווילן „אַראָפּ־צוכאַפּן זיך" קיין מעקסיקע אויף איר דורכרייזע פון ניו־יאָרק קיין לאָס אַנדזשעלעס, — האָט אונדזער ישוב וועמען ס'איז אין אָט דעם זין גע־מאַכט געוואָרן אַ קאָנקרעטער פאָרשלאַג, מיט אַנטשפּרעכנדיקע, באמת נישט קיין צו שווערע באַדינגונגען, — האָבן די, וואָס האָבן געדאַרפט וועגן דעם באַשליסן, די גאַנצע זאַך מיט אַ לייכטן האַרצן געלאָזט פאַלן...

פּונקט אַזוי דאַרף דער מעקסיקאַנער ישוב נישט האָבן קיין צענ־טראַלע יידישע ביבליאָטעק. אַ סימן, זי עקזיסטירט נישט.

און ס'עקזיסטירט אויך נישט אין מעקסיקע קיין איין איינציקער פאָלקס־כאָר, עפּעס אַזוינס, וואָס קלענערע, אין צאָל, ישובים אין דער אַלמער היים, האָבן פאַרמאָגט, און פאַר וועלכע זינגען, ווי אַ פאָרם פון גע־זעלשאַפטלעכן אויסלעבן זיך, איז געווען אַן עלעמענטאַרע נויטווענדיקייט.

אַ פּשיטאָ שוין אַן אָרקעסטער, זאָל זיין אַ מאַנדאָלין אָרקעסטער. דאָס געהערט דאָ געוויס צום געביט פון אוטאָפּיע.

— 5 —

עטלעכע ווערטער וועגן שאָטן זייטן פון דער פּרעסע, בעסער געזאָגט, וועגן די באַדינגונגען אין וועלכע זי עקזיסטירט.

מיטן אונטערשטרייכן, אַז די פּאַרטייאיש־געזעלשאַפטלעכע פּרעסע אָר־גאַנען קומען דאָ נישט אין באַטראַכט, ווייל זיי ווערן ארויסגעגעבן פאר ספּעציעלע צוועקן, ציען זייער עקאָנאָמישע יניקה, בדרך כלל, פון באַ־שטימטע גרופּן, און זענען געווענדעט צו אַ ספּעציפישן קרייז לייענער, קע־נען מיר גלייך איבערגיין צו דער אייגנטלעכער טעמע: די עקזיסטענץ באַ־דינגונגען פון דער אַלגעמיינער יידישער פּרעסע.

ס'איז אַ וווילבאַקאַנטער פאַקט, אַז פּריוואַטע פּרעסע־אָרגאַנען זענען, עקאָנאָמיש אָפּהענגיק, אַ סך מער ווי פון אבאָנענטן, פון דעם אַנאָנסן טייל.

איז אָבער די מעשה, אַז אין מעקסיקע לעבט דער יידישער תושב, נישט פון יידן, נאָר פון מעקסיקאנער (דער איינציקער אויסנאַם זענען די יידישע שפּייז־קרעמער וועמענס גרעסטער טייל קליענטן זענען יידן).

האָט דעריבער די אַלגעמיינע היגע פּרעסע כמעט קיין איינציקן אַנאָנס נישט פון יידישע סוחרים אָדער אינדוסטריאַלן.

איז זי דעריבער אָנגעוויזן הויפּטזעכלעך אויף די אַנאָנסן פון אַ געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער, ווי אויך, פון חתונה, תנאים, און געבורטן.

איז טאַקע אָט דער פאַקט פון אַ באַזונדערער וויכטיקייט, ווייל ער דעצידירט אָפּטמאָל וועגן דעם וואָס עס זאָל אין דער אַלגעמיינער פּרעסע נ י ש ט דערשיינען.

ס'פעלן נישט אין מעקסיקע קיין געזעלשאַפטלעכע טוער, וואָס זענען זעלבסט־געקרוינטע צענזאָרן, אַרויסגייענדיק פון דעם שטאַנדפּונקט, אַז ווי מ'זאָגט עס אין דעם לאַנד פון אונדזער „גוטן שכן", דער קליענט איז שטענדיק גערעכט.

קומט אויס דער היגער אַלגעמיינער פּרעסע צו ליידן פון צוויי מינים צענזור: אַ פאָר־צענזור און אַ נאָך־צענזור. אין ערשטן פאַל קומט אָן פון דעם אָדער יענעם געזעלשאַפטלעכן טוער אַ קאַטעגאָרישער פאַרבאָט צו דרוקן עפּעס וועגן דעם אָדער יענעם מיט דעם סטראַשונאַק, אַז טאָמער וועט זיין ווילן אָדער דער ווילן פון זיין אָרגאַניזאַציע נישט געטאָן ווערן, איז אוים מיט די אַנאָנסן!...

אַ נאָך־צענזור איז דאַן, ווען אין אַ שיינעם העלן טאָג קלינגט אין

רעדאקציע דער טעלעפאָן, און א געזעלשאפטלעכער עסקן צעשריים זיך מיט א ירגזון אויף דער אנדערער זייט פון דער פארבינדונג, פארוואָס האָט מען געוואגט צו דרוקן דעם אָדער יענעם ארטיקל, די אָדער יענע נאָטיץ, און דער „אָבליגאטאָ" סוף איז „מיר וועלן צוריקציען די אנאָנסן".

ס'האָט שוין אויך פּאסירט, אז מיטגלידער פון א געוויסער היגער אָר־גאניזאציע האָבן, אוים נקמה פאר א געוויסער שטעלונג פון א געוויסער צייטונג, זיך פאַרגענומען נישט צו דערלאָזן, אז ס'זאָלן אויף שמחות גע־געבן ווערן אנאָנסן פאר דעם פּרעסע־אָרגאַן, וואָס האָט זיך פארזינדיקט.

איז דאָס אויך א פאָרם פון נאָך־צענזור, און נאָך א בלימעלע פון „פּרעסע־פרייהייט", וואָס די אלגעמיינע יידישע פּרעסע גענימט אין יידישן מעקסיקע...

— 6 —

צו דעם ביז איצט געבראכטן ליכט און שאָטן פון מעקסיקאנער יידי־שער געזעלשאפטלעכקייט, וואָלט מען געדארפט צוגעבן דעם ליכט און שאָטן פון דעם צ ו ו י ט ן דור, וועלכער איז, וואָס שייך צוקונפט־פּערס־פּעקטיוון, א גרויסער פראגע־צייכן.

איז עס אָבער א צו גרויסע און צו קאָמפּליצירטע טעמע, אז זי זאָל קע־נען אויסגעשעפּט ווערן אין די ראמען פון מיינע איצטיקע באטראכטונגען. וועלן מיר עס לאָזן, ווי די טעמע פאר מיין ארבעט פאר דעם צווייטן „יאָרבוך".



א. ו. בענעב׳טשען

# מעקסיקע און מעקסיקאנער יידן

מעקסיקע, ווי מיר זאָגן אין יידיש, אָדער „מעכיקאָ” ווי מען רעדט אַרויס אין שפּאַניש (זאָל שטאַמען פונם אַצטעקישן וואָרט מעכיטלי, דער גאָט פון מלחמה), צו וועמענס ברעגן מיר זענען צוגעקומען מיט אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק, — איז איינע פון די גאָט־געבענטשטע לענדער אויף דער וועלט, הן אין נאַטור — אין לאַנדשאַפט־שיינקייט הן אין רייכטימער. די בראַזיליאַנער האָבן אַ ווערטל, וואָס זאָגט: „דיאָס עס בראַזילערא”: „גאָט איז אַ בראַזיליאַנער”. דער מעקסיקאַנער קען דאָס זעלבע זאָגן: „גאָט איז אַ מעקסיקאַנער”. ווייל אויף מעקסיקע האָט דער אַלמעכטיקער אויסגעגאָסן אַ גרויסן טייל פון זיינע הימלשע אוצרות.

מיט יאָרן צוריק, ווען מיר האָבן דערגרייכט די מעקסיקאַנער ברעגן, איז אונדז ווייניק געלעגן אין זינען זיך צו באַקענען מיטן לאַנד אירע אוצרות און אירע איינוווינער: אונדז איז געלעגן מער אין זינען ווי אַזוי אָנצוהייבן פאַרדינען אַ פּאָר פּעזעס, זיך צו איינאָרדענען, אַראָפּברענגען משפחה, שאַפן אַ סביבה, וווּ זיך אָנצוואַרעמען, און זיך אויסלעבן. און אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען אויך שפּעטער. ס׳זאָל אונדז צו גנאַי נישט זיין, ווען מיר וועלן זאָגן, אַז אַ סך פון אונדז האָבן אַ שוואַכן באַגריף פון לאַנד, וואו מיר האָבן געמאַכט אונדזערע היימען שוין אויף שטענדיק. גלויבן מיר דעריבער, אַז ס׳וועט נישט זיין איבעריק אָנצומערקן אייניקע פּרטים וועגן מעקסיקע.

מעקסיקע פאַרנעמט אַ שטח פון קרוב 2 מיליאָן קוואַדראַט קילאָמעטער און זי איז דעריבער פאַרעכנט צווישן די 4 גרעסטע לענדער פון אַמעריקאַנער קאָנטינענט. זי ציילט ביי 26 מיליאָן איינוווינער (20 מיליאָן,

לויט דער פאָלקס־ציילונג פון 1940 און 26 מיליאָן לויט דער לעצטער פאָלקסציילונג פון יאָר 1950). בערך א דריטל פון דער באַפעלקערונג רעכנט מען זענען די אינדיאַנער, פון די אַלטע איינוווינער פון לאַנד, דער גרעסטער טייל איז געמישטע, מעטיסן, און בערך א קליינע צאָל ווייסע.

דער מעקסיקאַנער איז בטבע א גוטער און א פריינטלעכער מענטש. מיט גוטן קען מען ביי אים אַלץ פועלן. זאָל אָבער דער בורא זיך מרחם זיין, אויב מען ברענגט אים אריין אין כעס. די בלוטן פון די אַלטע קרי־גערישע אַצטעקן צעקאָכן זיך און דאָס לעבן שפּילט ביי אים דאַן א קליינע ראָלע. טראָצדעם וואָס מעקסיקע איז א רייך לאַנד, לעבט — דער מעקסי־קאַנער — דאָס הייסט די גרויסע מאַסן פּויערים און אַרבעטער — אין אָרעמקייט. די ציפער פון אַנאַלפאַבעטן איז ריזיק. מען איז זיך משער, אַז מער ווי א העלפט פון דער באַפעלקערונג נוצט נישט קיין שיך; פאַ־מיליעס לעבן אָפּטמאָל מיט א פּאָר פלעצלאַך („טאָרטיאַס" בלעז), און א ביסל טונקעלע בעבלאַך; דאָס באַאַמטענטום איז שלעכט באַצאָלט און דע־ריבער — דער אַלץ מער וואַקסנדער שוחד־סיסטעם: דאָס לערערטום, איבערהויפּט פון די פּראָווינציעלע פאָלקס־שולן לעבט ממש אין דחקות.

דערפאַר אָבער הערשט אין מעקסיקע פרייהייט פון וואָרט. אַט דאָ נישט לאַנג האָט מען טאַקע געוואָלט פאַרמאַכן א טעאַטער פאַר נישט פאַ־סיקע אויסדרוקן לגבי דער רעגירונג, איז געוואָרן א גרויסער סקאַנדאַל און מען האָט טאַקע אויסגעפירט. פאַרשטייט זיך אַז אין דער פּראָווינץ, איז די סיטואַציע אביסל אַנדערש. וואָס ווייטער פון צענטער אַלץ מער תקיף איז דער גובערנאַטאָר, דער שטאָט פּרעזידענט, דער פּאָליציי־שעף און בכלל „דער קנעפּל". דאָס לאַנד באַשטייט פון 28 שטאַטן, איין דיס־טריקט (מעקסיקע שטאָט) און 3 טעריטאָריעס (צפון און דרום נידער קאַ־ליפאָרניע און קינטאַנאַראָאָ). ס'איז א פעדעראַטיווער סיסטעם און פון דאַנען דער נאָמען „פאַראייניקטע־שטאַטן פון מעקסיקע". פאַרשטענדלעך אַז אין פיל ענינים זענען די שטאַטן טאַקע זעלבסטשטענדיק און דאָרטן פירט די גראַנדע דער גובערנאַטאָר לויט זיין איינזען.

דער קלימאַט אין מעקסיקע איז א פאַרשידנאַרטיקער, פון טראָפּישן און ביז דעם גאַנץ קאַלטן. אין דער שטאָט טשיהוּאַהוּא שנייט, און אין דער שטאָט וועראַקרוז האָט מען אין לעבן קיין שניי נישט אָנגעזען. אין דער הויפּט שטאָט מעקסיקע איז כמעט נישטאָ קיין הייץ־סיסטעם פאַר די ווינ־טער־חדשים: אין יאַנואַר איז טאַקע אביסל קאַלט, אָבער ס'איז צו דער־ליידן. דער אַגריקולטור שטח איז לערך א קליינער, ווייל דאָס לאַנד איז

בארגיק. מעקסיקע האָט אַ גרויסן פּראָבלעם מיט באוואסערונג. דער וואַ־סער מאנגל איז נישט נאָר אין פעלד נאָך אויך אין די שטעט און דערפער, אפילו די הויפּט שטאָט האָט אַ גרויסן מאנגל אין וואסער. די נאַטור אוצ־רות אין מעקסיקע באשטייען פון מינעראַלן און אויל. אין די בערג פון מעקסיקע ליגן פארבאהאלטן ריזיקע מיליאָנען טאָן גאָלד, זילבער, אייזן, קופּער, צין, קוועקזילבער, ביסמוט א. א. ווי אויך ריזיקע פּעטראָל־אוצ־רות. לעצטנס האָט זיך די פּראָדוקציע פיל פארקלענערט. פונדעסטוועגן האָט מעקסיקע עקספּאָרטירט אין 1940, וואָס איז געווען אַ נאָרמאַלער יאָר פאר דער עקאָנאָמיק פון לאנד, פאר 185 מיליאָן דאָלאר פּעטראָל, און פאר 645 מיליאָן דאָלאר מינעראַלן.

צוליב דעם „קלאָס פון צפון״, ווי מען זאָגט אין מעקסיקע קען זי זיך רעכט נישט אינדוסטריאַליזירן, און די עקאָנאָמיק פון לאנד איז ממש אָנגעבונדן אָן דער עקאָנאָמיק פון די פאראייניקטע שטאטן: דער „קלאָס״ האָט אין מעקסיקע אַ גאַנץ פיינעם קונה פאר אַלע ארטיקלען און איז נישט פאראינטערעסירט, אַז מעקסיקע זאָל די ארטיקלען אַליין פּראָדוצירן. גלייכצייטיק איז ביים מעקסיקאנער עולם פארבליבן די אַלטע געוווינהייט, אַז אַלץ וואָס קומט פון אויסלאנד איז גוט און אַז די היגע פאבריקאַנטן זענען פון דער צווייטער מדרגה. ס׳געפינען זיך אָבער אין לאנד גוטע פא־בריקאַנטן פון דער היימישער אינדוסטריע, איז אָבער דאָ כמעט אַ שטענדי־קער קריזיס אין דער פרעמדער בראַנזשע, שיך, באקליידונג, מעבל, א. א. וו., ווייל אַ „לייטישער״ מענטש נוצט אַ העמד פון די שטאטן, אַ זייגער פון דער שווייץ, אָן אָנצוג פון ענגלישע שטאָף, שיך, אַ נאָז־טיכל אַ צאָן בערשטל אַ מאנטל א. א. וו. אימפּאָרטירט פון די שטאטן, פון ענג־לאנד, פון פראנקרייך. איינע פון די גרעסטע אינדוסטריעס איז די בראָנפן אינדוסטריע, אָבער דער „לייטישער״ מענטש טרינקט וויסקי פון קאנאדא, פאראייניקטע שטאטן און פון ענגלאנד. די אָרימע „טעקילאַ״ נעבעך, איז פאר עמך.

דער מעקסיקאנער באלאנס איז אַ צרה׳דיקער, ווייל דער גוט שטייענ־דער קלאס פארלאנגט אַלץ אימפּאָרטירטע ארטיקלען און גיט אויס אַ סך אויף לוקסוס. אַזוי צום ביישפּיל איז אונדזער אויסלענדישער האנדל פאַרן יאָר 1940 געווען אַזוי: אימפּאָרט 670 מיליאָן פּעזעס, עקספּאָרט 960 מי־ליאָן (אין רונדע ציפערן), אַן עודף לטובת מעקסיקע. דערפאר אָבער, אין יאָר 1941, ווען דער עולם האָט גענומען פארדינען אַ ביסל בעסער, צוליב

דער מלחמה, און כאַטש מען האָט אונדזערע אַרטיקלען געריסן פון די הענט — איז דער מעקסיקאַנער באַלאַנס פון אויסערלעכן האַנדל געווען:

אימפּאָרט 915 מיליאָן
עקספּאָרט 730 מיליאָן

דאָס הייסט אַז דאָס וואָס מיר האָבן פאַרדינט אין 1940, האָבן מיר צוגעלייגט אין 1941, און פון דאַמאָלסט הייבט זיך אָן דער באַרג־אַראָפּ פונם מעקסיקאַנער אויסערלעכן האַנדל, וואָס האָט גורם געווען די דעוואַלואַציע פון דער מעקסיקאַנער פּעזאָ, וואָס איז געשטאַנען ביז יולי 1948, 4.85 אַ דאָלאַר און איצט אַראָפּגעפאַלן ביז 8.65 די רעגירונג האָט געמוזט דעוואַלואירן די פּעזאָ, כדי פּשוט זיך צו ראַטעווען פון באַנקראָט.

דאַן קומט אויך צו אונדזער נישט גוט פּלאַנירטער בודזשעט. אַזוי צום ביישפּיל האָבן מיר אין 1940 געהאַט אַ הכנסה פון 577 מיליאָן פּעזעס בעת די הוצאה האָט אַריינגעטריבן אין 631 מיליאָן (אין רונדע ציפערן) און אַזוי גייט עס ווייטער. די פריערדיקע אַדמיניסטראַציעס האָבן נישט געהאַלטן פון „עוסקין בצרכי צבור באמונה”. אַ סך מיליאָנען זענען פאַרטאַכלעוועט געוואָרן. מען האָט אויסגעגעבן, למשל ריזיקע מיליאָנען אויף צו באַזאָרגן די שטאָט מעקסיקע מיט וואַסער און ווען די אַדמיניסטראַציע איז אַוועק האָט מען אויסגעפונען, אַז ס'איז געבליבן אַ גרויסער לאָך אין דעם מלוכה אוצר און דאָס וואַסער ליגט נאָך עד היום טיף אין דער ערד.

דער דורכשניטלעכער מעקסיקאַנער, דער וועלכער באַקומט אַ קליינעם געהאַלט און דאַרף אויסהאַלטן אַ גרויסע פאַמיליע, — דער אַרבעטער, דער קליינער פאַרדינער — באַקלאָגן זיך זייער אויף די פריערדיקע אַדמיניסטראַציעס. דאָס לעבן ווערט אַלץ שווערער, דער יקרות שטייגט, און ער קען פּשוט נישט דורכקומען מיט פּרנסה, דערביי זעט ער זיך אַרום, אַז דער גרויסער פאָלקס־פאַרזאָרגער, וואָס איז ערשט נעכטן געשטאַנען ביים רודער, און האָט גערעדט אַזעלכע שיינע רייד וועגן פאָלקס־פאַרזאָרגונג, וועגן העלפן דעם „פאַרגעסענעם מענטשן”, וועגן אַדמיניסטראַטיווער ערלעכקייט, און נאָך אַזעלכע דבורים, פאַרט אַרום איז די טייערסטע אויטאָמאָבילן לעבט אין פּאַלאַצן און האָט זיך איינגעהאַנדלט אַ „ביזנעסל” פאַר פערציק מיליאָן פּעזעס. און ביים רודער זענען געשטאַנען אַ שיין ביסל מענטשן, שטאָט פּרעזידענטן, מיניסטאָרן, גובערנאַטאָרס, א. א. וו. מאַכט זיך טאַקע דער דורכשניטלעכער מעקסיקאַנער אַ חשבון־הנפש פון וועלכן ער קומט צו גאַנץ אומעטיקע מסקנות.

דאָס קולטור־לעבן איז צו דערליידן, די רעגירונג מאכט גרויסע אָנ־שטרענגונגען, צו אַלפאַבעטיזירן דאָס פאָלק, בויען שולן, צוגרייטן לערער. די הויך שולן זענען אָפן פאַר אַלעמען און דער אָפּצאָל איז אַ קליינער (ביי אַ 200 פעזאָס אַ יאָר אין אוניווערסיטעט), און אויב דער סטודענט קען נישט צאָלן, באַקומט ער הנחות, אָפּצוצאָלן שפּעטער ווען ער וועט שוין פאַרדינען פון זיין פּראָפעסיע. די לעצטע 50 יאָר האָט מעק־סיקע אַרויסגעגעבן באַדייטנדע דענקער און שריפטשטעלער, כדי צו דער־מאָנען די נעמען פון דיאַז מיראָן, אַמאַדאָ נערוואָ, אורבינאַ, אַברעגאָן, אַל־טאַמיראַנאָ, כוסטאַ סיעראַ, אַזועלאַ, וואַסקאָנסעלאָס און נאָך אַ סך אַנ־דערע, באַרימטע מוזיקער, וועלט אָנערקענטע מאָלער און סקולפּטאָרן, טע־אַטער אַרטיסטן און לעצטנס אויך קינאָ־אַרטיסטן, מעדיקער, פיזיקער, און אַזוי אויף אַלע אַנדערע קולטור־געביטן. אַ סך אַנדערע לאַטיין אַמע־ריקאַנער לענדער פאַר וועמען מעקסיקע איז דער עלטסטער ברודער, שעפּן מיט פולע עמערס פון דער מעקסיקאַנער קולטור און קומען זיך דאָ לערנען.

אין די לעצטע יאָרן האָבן זיך אין מעקסיקע געגרינדעט צענדליקער פאַרלאַגן וועלכע גיבן אַרויס ביכער אויף אַלע טעמעס פון מענטשלעכן וויסן. אָט דאָ גאָרנישט לאַנג צוריק האָט מען געלערנט פון דייטשע, פראַנ־צויזישע און ענגלישע טעקסט־ביכער, היינט ווערן אַרויסגעגעבן ווערק פון היגע מחברים און זיי זענען נישט נאָר נישט הינטערשטעליק, נאָר אפילו פיל בעסער ווי די אַמאָליקע פרעמד־שפּראַכיקע.

מעקסיקע פּראָגרעסירט. מיר, די אַלטע אימיגראַנטן פון אַ פּאָר צענדליק יאָר צוריק דערקענען נישט מעקסיקע פון אַמאָל. גאַסן גאַנצע זענען אַרונ־טערגעריסן געוואָרן, נייע גאַסן זענען געעפנט געוואָרן, די אַלטע הייזער פאַרשווינדן און עס קומען צו נייע „וואָלקן־קראַצערס". מיר זאָגן וואָלקן־קראַצערס אָביסל איראָניש ווייל אַ 15 שטאָקיקע געביידע איז אין מעקסי־קע אַ וואָלקן־קראַצער, מחמת דעם וואָס מעקסיקע שטאָט שטייט אויף אַ בלאָטיקן באָדן און דערלויבט נישט קיין צו שווערע געביידעס. בעלי־חשבון רעכענען אויס וויפל סענטימעטער מעקסיקע זינקט איין יעדן יאָר. ס'ווערט אויך גענומען אין אכט וואָס מעקסיקע געפינט זיך אין דער זאָנע פון ערד־ציטערנישן, ס'האָט שוין געטראָפן אַמאָל אַז אַ פופצן שטאָקיקע געביידע איז צושפּאָלטן געוואָרן.

מעקסיקע פּראָגרעסירט אין אַלע פּרטים, וועגן ווערן געבויט, נייע אינדוסטריעס שטעלן זיך איין, דער אַמעריקאַנער קאַפּיטאַל געפינט אין

מעקסיקע א קריק בתולה און ס'ווערן אריינגעלייגט שווערע צענדליקער מיליאָנען אין פאַרשידענע אינדוסטריעס. מעקסיקע איז בכוח צו עקספּאָרטירן אַ סך אַרטיקלען וועלכע נאָך נעכטן האָט מען זיי אימפּאָרטירט. דער בילדונגס־סיסטעם ווערט אַלץ פאַרברייטערט און מערער קינדער, באַ־קומען אַ מעגלעכקייט צו באַזוכן אַ שולע.

ס'איז דאָ אַ פּאָעמע אין שפּאַניש פון אַ מעקסיקאַנער דיכטער וועלכע דריקט אויס דעם נשמה צושטאַנד פון מעקסיקאַנער און זיין ליבע צו מעק־סיקע. דאָרטן ווערט פילמאָל איבערגעחזרט און ווערט פאַרענדיקט מיט די ווערטער „מעכיקאָ קרעאָ ען טי", מעקסיקע, כ'גלייב אין דיר. מיר יידן גלויבן אין מעקסיקע אין איר צוקונפט, אין איר רעוואָלוציאָנערער פאַר־גאַנגענהייט, מיר זעען די צרות פון מעקסיקע, אונדז רייסט דאָס האַרץ אויפן שווערן גורל פון מעקסיקאַנער פאָלקס־מענטש, מיר זעען די אומגע־רעכטיקייטן דעם געוויין פון די באַרויבטע און אונטערדריקטע, די דמעות העשוקים, אָט די אַלע שלעק און פורעניות, מיר שאַצן אויך אָפּ די מעלות, די מענטשלעכקייט, די נשמה פון מעקסיקאַנער פאָלק און מיר, די נעכטיקע אימיגראַנטן, היינטיקע בירגער, פון מעקסיקע זאָגן נאָך די ווערטער פון דער דערמאָנטער פּאָעמע: מעכיקאָ קרעאָ ען טי.

⁂

יידן זענען געקומען קיין מעקסיקע צוזאַמען מיטן קאָנקיסטאַדאָר, הערנאַן קאָרטעס. אין די אַנאַלן פון די אַרכיוון וואָס די רעגירונג האָט אַרויסגעגעבן אונטערן נאָמען „די יידן אין ניי שפּאַניע" (אין די צייטן פון שפּאַנישער הערשאַפט האָט מעקסיקע געהייסן ניי שפּאַניע), געפינען מיר אַזוי פרי ווי אין די צוואַנציקער יאָרן פון 16־טן יאָרהונדערט, משפּ־טים, קעגן אידן און „כודאַאיזאַנטעס". די געשיכטעס פון דער קאַרוואַכאַל פאַמיליע, וועלכע האָט דעראָבערט און באַזעצט די שטאָטן פון סאַן לואיס פּאָטאָסי, גואַנאַכואַטאָ, נועוואָ לעאָן, און אַנדערע, זענען ברייט באַשריבן געוואָרן. אין די לעצטע יאָרן האָבן זיך באַוויזן גרופּן מעקסיקאַנער יידן אין פאַרשידענע שטאָטן פון דער רעפּובליק וואָס דערציילן אַז זיי זענען עם די אייניקלעך פון די אַמאָליקע מאַראַנען.

אונדזער יידישער ישוב אין מעקסיקע איז קוים אַלט אַ 25־30 יאָר. אין די צוואַנציקער יאָרן פון היינטיקן אומגליקלעכן יאָרהונדערט האָט זיך אָנגעהויבן די יידישע אימיגראַציע קיין מעקסיקע, בפרט פאַרן פּרעזידענט קאַיעסעס צייטן וועלכער האָט אין יענע יאָרן דערקלערט, אַז יידן קענען

געפינען אַ היים אין מעקסיקע. איז טאַקע ביז אָנפאַנג די דרייסיקער יאָרן, די אימיגראַציע געווען פולשטענדיק פריי. לויטן געזעץ האָט מען געדאַרפט באַווייזן הונדערט דאָלאַר אָבער מען האָט ווייניק מקפיד געווען אויף דעם. מעקסיקאַנער קאָנסולאַטן האָבן געגעבן וויזעס פאַר אַ שיבוש אָן קיין שום באַגרעניצונגען און יידן האָבן אָפּגעריזיקירט, געפאָרן אין מעקסיקע עפּעס אַ „ווילד לאַנד" אונטער די הרי חושך.

געקומען אין מעקסיקע איז מען ממש במקלו ותרמילו, מיטן שטעקן און מיט דער טאָרבע (אַ סברא אַז די טאָרבע איז געקומען נאָך פריער) און די ערשטע מלאכה איז געווען פּעדלען. קיין קרובים האָט מען נישט געהאַט ס'איז אַפילו געווען אַ גרופּע שפּאַניש און אַראַביש רײדנדיקע יידן, אָבער מען האָט זיך געטוליעט בעסער צו די „אייגענע" מיט וועלכע מען האָט זיך געקענט צוזאַמענריידן.

די ערשטע האָבן געמאַכט גאַנץ נישקשה. געלט אין מעקסיקע איז גע־ווען געגנוג, האָט מען געקויפט ביים „אַלעמאַן" וואָס ער האָט נאָר געהאַט, קראַוואַטן, מעננער זאָקן, ראַזיר מעסערלעך, א. ד. ג. צו אונדזער חרפּה מוזן מיר מודה זיין אַז דער ווייט גרעסטער טייל פון די נייע אימיגראַנטן האָבן זיך אָנגעגעבן פאַר דייטשן און אַנדערע האָבן אויסגעזאָגט דעם „אמת", אַז זיי זענען „רוסאָס" אָדער „פּאָלאַקאָס" און גאָר גאָר ווייניקע האָבן זיך אָנגעגעבן פאַר יידן. אַז די צאָל פּעדלער האָט גענומען וואַקסן האָבן עטלעכע גענומען עפענען „דעספּאַטשאָס" אנגרא קראָמען, ווו די פּעדלער זענען געקומען איינצוקויפן. די וועלכע האָבן געהאַלטן פּעדלעריי פאַר אַ פּרנסה בזויה, האָבן געקויפט „פּועסטאָס" קלייטלעך אין די מערק. פּעדלעריי, ווי גוט ס'איז אַנדערע נישט געגאַנגען, האָט נישט אַפּעלירט צו די נייע יידישע אימיגראַנטן, וועלכע האָבן אַזוינס אין זייערע לענדער נישט געזען. די אימיגראַציע איז אין דער ווייט גרעסטער מערהייט באַשטאַנען פון יונגע לייט, געוועזענע ישיבה בחורים, בעלי־ביתישע קינדער וועלכע זענען „אוועק פון פּריזיוו", אָנגעשטעלטע, אַרבעטער און אינטעליגענטן. פּעדלעריי איז נישט געווען קיין תכלית, און ביסלעכווייז האָט מען זיך גענומען איינאָרדענען אין די בראַנזשעס וועלכע זענען געווען נאָנט צום פאַך פון אימיגראַנט: שוסטער האָבן געעפנט שוך קראָמען, שניידער האָבן אָנגעפאַנגען האַנדלען מיט פאַרטיקע קליידער, געעפנט פאַבריקלעך פון אונטערוועש העמדער, מאַנטלען א. א. וו. ווער ס'האָט זיך גענומען צו מעבל, צו דער אייזן אָדער שטאָף בראַנזשע. אַזוי זענען יידן אַריין כמעט אין אַלע צווייגן פון האַנדל און אינדוסטריע אין מעקסיקע. יידן האָבן

געשאַפֿן נייע אינדוסטריעס און פֿאַרבעסערט די שוין עקזיסטירנדע, די סוועטערס וואָס די פֿראַנצויזישע הייזער פֿלעגן אימפּאָרטירן פֿון אייראָפּע און זענען געווען לויטן פּרייז צוגענגלעך נאָר פֿאַר די „אויבערשטע פֿיר הונדערט" זענען פֿון יידישע אימיגראַנטן פֿאַבריצירט געוואָרן שוין אין מעקסיקע און פֿאַרשפּרייט געוואָרן צווישן די מעקסיקאַנער מאַסן צו גאָר ביליקע פּרייזן. אַזוי איז אויך געווען מיט היטלען, אונטערוועש, העמדער, אָנצוגן און נאָך צענדליקער אַרטיקלען. ווען מיר נעמען למשל פֿאַרגלייכן די נוצן וואָס דער דורכשניטלעכער שפּאַניער, פֿראַנצויז און אַראַבישער אימיגראַנט האָבן צוגעטראָגן צו דער אינדוסטריאַליזאַציע פֿון מעקסיקע, מיט דעם יידישן בייטראָג, איז קיין שום ספק נישט אַז די יידישע אימיגראַציע האָט פֿיל פֿיל מער בייגעטראָגן צום פּראָגרעס פֿון לאַנד, אין פֿאַרגלייך צו אַלע איבעריקע אימיגראַנטן גרופּעס. מיר ווילן דערביי באַמערקן, אַז ערשטנס, לויט אונדזער מיינונג פֿילן אויס כמעט אַלע אימיגראַנטן אַ געזעלשאַפֿטלעכע און ספּעציעל עקאָנאָמישע פֿונקציעס אין מעקסיקע און דעריבער זענען אַלע גלייך, אחד המרבה אחד הממעיט, און צווייטנס, זענען די לייסטונגען פֿון אונדזער אימיגראַציע סיי ווי נישט אָנערקענט געוואָרן מצד דער מאַכט, און ביי יעדער געלעגנהייט וואַרפֿט מען אונדז פֿאָר אַז יידן זענען אַריינגעקומען אַלס אַגריקולטאָרן, אַ זאַך, וואָס שטימט נישט מיט דערווירקלעכקייט.

אומקערנדיק זיך צום ענין, האָט דער שפּאַניער זיך גענומען צו „אַבאַרראָטעס", שפּייז געוועלבן, מילך־געוועלבלאַך, תבואה האַנדל וכדומה, דער פֿראַנצויזישער אימיגראַנט איז געוואָרן אַן אָנגעשטעלטער אין די גרויסע וואַרן־הייזער פֿון זיינע לאַנדסלייט אָדער אין די גרויסע טעקסטיל פֿאַבריקן.ביידע גרופּן האָבן אויך אימפּאָרטירט פֿון זייערע לענדער און פּראָדוצירט אין לאַנד גאָר ווינציק. די אַראַבער זענען געוואָרן אַבאָנערן די פֿאַרקויפֿער פֿון אַרטיקלען אויף אויסצאָלן, און זייער שם אַלס געשעפֿטסלייט איז גוט באַקאַנט אין מעקסיקע.

דאַקעגן דער יידישער אימיגראַנט האָט געשאַפֿן, פֿאַרברייטערט, און אַריינגעפֿירט נייע סיסטעמען אין דער היטל אינדוסטריע, סוועטערס, העמדער, אונטערוועש, שיך, אַלטע אייזן, מעבל, טעקסטיל, גאַלאַנטעריי, טריקאָטאַזש און נאָך אַנדערע צענדליקער אונטערנעמונגען. אמת איז אַז אין דער שווערער אינדוסטריע פֿאַרנעמען יידן היינט נאָך אויך, זייער אַ קליינעם פּלאַץ ווייל צו דעם דאַרף מען האָבן גרויסע קאַפּיטאַלן. היינט פֿאַרנעמען יידן אַ חשובֿן פּלאַץ אין דער מילך אינדוסטריע, אין דער באַוול

אינדוסטריע, אין דרוקערייען, בוכהאַנדלונגען, פאָטאָגראַפיע, אייזן אויס־אַרבעטונגען, געשיר, א. א. וו.

מען קען מיט זיכערקייט זאָגן אַז יידן האָבן אין אַ געוויסער מאָס „רעוואָלוציאָנירט" סיי דעם האַנדל און סיי די אינדוסטריע אין מעקסיקע און אין אייניקע פאַרנעמען זיי גאָר אָנגעזעענע פּלעצער. נעמען מיר למשל די זאַקן אינדוסטריע האָבן איר יידן אַזוי אַנטוויקלט, אַז מען האָט גאָר אין מעקסיקע פריער נישט געחלומט וועגן אַזאַ פאַרנעם. דאָס גלייכן אין דער קונסט־זייד פאַבריקאַציע און אַנדערע וויכטיקע צווייגן. צום טויזנסטן מאָל מוזן מיר איבערחזרן: די יידישע אימיגראַציע האָט געבראַכט אַ ריזיקן פּראָגרעס אין לאַנד אויף אַלע געביטן.

און לאָמיר נישט פאַרגעסן אַז אונדזער צאָל אין מעקסיקע איז זייער אַ קליינע. יידן שאַצן אַז אין מעקסיקע זאָלן זיך געפינען ביי 20—22 טויזנט יידישע נפשות (און נישט 35 טויזנט ווי ה' פּעטרושקאַ גיט אָן אין זיין ענציקלאָפּעדיע). קיין ריכטיקע ציפערן זיינען נישטאָ. מיט אַ קורצער צייט צוריק האָבן די קאַטאָליקן וואָס זענען דער רוב מנין געוואָלט באַווייזן זייער מאַכט אין לאַנד און אָנגעגעבן, אַז לויט דער לעצטער סטאַטיסטיק זענען געווען אין לאַנד כך וכך פּראָטעסטאַנטן און עפּעס מער ווי 14 טויזנט יידן. מעגלעך אַז געוויסע גרופּן האָבן נישט אָנגעגעבן זייער ריכטיקן סטאַטוס בנוגע רעליגיע, אָבער גאַנץ ווייט פון אמת איז די ציפער נישט.

נעמען מיר למשל אונדזערע חינוך אַנשטאַלטן. אין די פיר אַשכנזישע שולן אין מעקסיקע (יידישע שול, תרבות, יבנה און די נייע יידישע שול), לערנען זיך ביי העכער צוויי טויזנט תלמידים, כן ירבו. יודעי־חן האָבן אויסגערעכנט אַז דאָס זאָל זיין 65 פּראָצענט פון יידישע קינדער, אין שול עלטער, לאָמיר אָננעמען, אַז די צוויי טויזנט תלמידים שטעלן פאָר נאָר אַ העלפט פון די קינדער אין שול עלטער, וועט אויסקומען אַז דער אַשכנזישער קבוץ פאַרמאָגט עפּעס מער ווי 3000 קינדער. אויב מיר זאָלן אָננעמען, אַז די דורכשניטלעכע יידישע פאַמיליע אין מעקסיקע באַשטייט פון 4—5 פּערזאָן, קומט אויס אַז דער אַשכנזישער קבוץ באַשטייט פון אַ 13—14 טויזנט נפשות. און צוזאַמען מיט די אַראַביש ריידנדע, ספרדים און די פּראָווינץ ישובים, וועט אויסמאַכן אין מעקסיקע אַזוי גרויס ווי 18 טויזנט יידישע נפשות, און די גרעסטע אָפּטימיסטן וועלן נישט קענען אָנגעבן מער ווי 20 טויזנט.

די 20 טויזנט נפשות, אין אַ באַפעלקערונג פון 6 מיליאָן, פאַרנע־

מען זייער חשובֿע פּאָזיציעס אין דער עקאָנאָמיע פֿון לאַנד. יידן האָבן ארויסגעוויזן אין מעקסיקע אויסערגעוויינלעכע פֿעאיקייטן. קיין אימיגראַנטן גרופּע האָט נישט געמאַכט אַזאַ ביישטייער צום פּראָגרעס פֿון מעקסיקע ווי די יידישע. אָבער אונזער באַלאַנס איז נאָר אַ איין שאַליקע. אונדזער גאַנצע געוויכט ליגט אויף איין זייט פֿון וואָג שאָל. מיר האָבן נישט קיין ערד אַרבעטער און זייער ווינציק אַרבעטער. אונדזער עקאָנאָמיש נידעריקע שיכט הויבט זיך אָן מיטן אָנגעשטעלטן, בעלי־מלאכות און רייזנדע, אַ גאַנץ אָנגעזעענע שיכט פֿון פּראָפֿעסיאָנאַלן דאָקטוירים, אינזשיניערן, כעמיקער, בוכהאַלטער, עטלעכע אַדוואָקאַטן, א. א. אַ ברייטע שיכט מיטלקלאַס, קרעמער, קליינע באַפּריקאַנטן, אימפּאָרטערן און עקספּאָרטערן א. א. וו. און אַ גאַנץ אָנגעזעענער שיכט גבירים אין אַ סך אַ העכערער פּראָפּאָרץ ווי פֿאַר אונדזער קליינעם ישוב.

בכלל קענען מיר זאָגן, אַז דער היינטיקער עקאָנאָמישער צושטאַנד פֿון אונדזער ישוב איז אַ גוטער, דער בעסטער באַווייז איז אַז באַנקראָטן זענען זעלטן און די באַנקראָטן וואָס קומען יאָ פֿאָר פֿון צייט צו צייט קומען נישט מחמת נויט, נאָר כמעט אַלע צוליב אומפֿייאיקייט צו פֿירן געשעפֿטן. באַנקראָטן קומען אויך פֿון וועלן אָץ להעשיר זיין, רייך ווערן איבער נאַכט, פֿאַרנעמען אַ שיין ביסל פֿעזעס און נאָכדעם דורכקומען מיט די אַקרעדיטאָרן פֿאַר אַ קליינעם פּראָצענט און בלייבן מיט דער אַפּוטיקה. אָט די בייזוויליקע באַנקראָטן פֿאַרשווארצן אונדז דעם פּנים, און זענען בשום אופֿן נישט באַרעכטיקט, און צום ווערן אַ פּרעזידענט פֿון אַן אינסטיטוציע העלפֿט שוין דאָס היינט אויך נישט.

מיטן וואוקס פֿונם ווויליזיין זענען אויך געוואַקסן די קולטורעלע טעטיקייטן אין מעקסיקע, אונדזערע אינסטיטוציעס און געזעלשאַפֿטן זענען ווייט נישט אין פּראָפּאָרץ לויט אונדזער קליינער צאָל. די לערך 14 טויזנט אשכנזישע יידן פֿאַרמאָגן 4 שולעס אין אייגענע רחבותדיקע געביידעס, מיט שפּיל פּלעצער, טאַנקען צום שווימען, מיט אייגענע אויטאָבוסן אָפּצופֿירן די קינדער און אַלץ אויפֿן בעל־ביתישן פֿאַרנעם. עטלעכע שולן צום דאַוונען מיט דער שול פֿון „נדחי ישראל" בראש מיט אַ גרויסן, שוין צו גרויסן, ספּאָרט פּלאַץ, מיט קרוב 60 חברות און אָרגאַניזאַציעס, מיט 5 צייטונגען וועכנטלעכע, („דער וועג" גייט אַרויס 3 מאָל אַ וואָך און „די שטימע" 2 מאָל אַ וואָך), מיט אַ צבי־קעסעל פֿאָנד און צבי קעסעל פּרעמיע פֿאָנד (ביים צענטראַל־קאָמיטעט) אַרויסצוגעבן יידישע, העברעאישע און שפּאַנישע ביכער( אויף יידישע טעמעס), פֿון מחברים, היגע און אויס־

לענדישע, און צו פּרעמירן ביכער, 3 פּרעמיעס יעדן יאָר, אָן דיפערענץ צי דער מחבר איז פון מעקסיקע אָדער פון אן אנדער לאנד. די זאמלונגען פאר ישראל שטייען זייער הויך, און אַלע אידעאָלאָגישע ריכטונגען פירן אָן קולטור ארבעט לטובת זייער פּארטיי און דעם ישוב בכלל.

כדי נישט אריינגיין אין פּרטים וועגן דער קולטור ארבעט אין מעקסיקע, וואָס וואָלט פארנומען א סך קאַפּיטלען, ווילן מיר נאָר אונטערשטרייכן, אז מיט אַלץ און אַלעמען „זאָל אונדז נאָך צוקומען וואָס עס פעלט אונדז". מיר האָבן נאָך גאָר פיל צו טאָן כדי ברענגען אונדזער יוגנט נענטער צו אונדזערע אָרגאַניזאַציעס, צו אונדזערע צוויי שפּראַכן, העברעיש און יידיש, צו אונדזער קולטור לעבן בכלל. זייענדיק בכלל אָפּטימיסטיש געשטימט, שרייבן מיר אין דעם זעלבן טאָן וועגן אונדזערע קולטור־דערגרייכונגען, אָבער אונדז פעלט נאָך א סך, גאָר א סך. מיר טרייסטן זיך מיט דעם וואָס לויט אונדזערע כוחות טוען מיר עפּעס אויף; מיר ווילן נישט מינימיזירן אונדזערע אויפטוען אויפן קולטורעלן געביט און לויט ווי ביי לייטן איז נאָך ביי אונדז גאַנץ נשקשהדיק. אזוי למשל האָבן מיר אין מעקסיקע א לערער סעמינאַר צוצוגרייטן קאַדרן יינגערע לערער פאר אונדזערע שולן, און א פּרעפּאַראַטאָריע וואָס איז אין 1948 געשאַפן געוואָרן ביי דער יידישער שול אין מעקסיקע וועלכע איז די גרעסטע אויף איר געביט אין גאַנץ לאַטיין אמעריקע. אין 1951 האָבן זיך דאָרט געלערנט 967 קינדער, כן ירבו און, מיר אַלע האָפן אז אין די קומענדע יאָרן וועט זי נאָך שטייגן העכער.

ס'איז כדאי צו דערמאָנען די קאַטעדרע אויף העברעאיש וואָס איז געשאַפן געוואָרן ביי היגן נאַציאָנאַלן אוניווערזיטעט און ווערט אָנגעפירט פון דירעקטאָר פון דער „יבנה" שול אין מעקסיקע ה' זעליק שיפּמאַנאָוויטש. יידן האָבן דאָ די בעסטע געלעגנהייט אז זייערע קינדער זאָלן זיך אויסלערנען העברעאיש, די שפּראַך וועלכע מיר האָבן שטענדיק אזוי ליב געהאַט און איז היינט נויטיקער אין לעבן ווי ווען ס'איז אין אונדזער טויזנטיאָריקער־געשיכטע, מיטן אויפקום פון מדינת ישראל.

מיר ווילן זיך אָפּשטעלן אויף דעם יידישן צענטראַל־קאָמיטעט אין מעקסיקע וועלכע איז אונדזער רעפּרעזענטאַנץ און וועגן די אויפטוען אינם ענין אָרגאַניזאַציע און צענטראַליזאַציע וואָס דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט דורכגעפירט אין די לעצטע יאָרן.

דער ערשטער גרויסער אויפטו פון צענטראַל־קאָמיטעט איז געווען

דאָס שאַפֿן דעם אַלגעמיינעם קאַמפּיין פֿאַר ארץ־ישראל, הילף און לאָקאַ־לע הצטרכותן. ס'איז אַ אויפֿטו פֿון גאָר גרויסן פֿאַרנעם, אַנשטאָט 50 פֿאַר־שידענע קאַמפּיינען און קאַמפּיינלעך, האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט, נאָך פֿיל אונטערהאַנדלונגען געשאַפֿן דעם פֿאַראייניקטן קאַמפּיין.

דער צווייטער גרויסער אויפֿטו אין אונדזער ישוב איז די דעמאָקראַ־טישע וואַלן, וועלכער דער צ. ק. האָט דורכגעפֿירט צום ערשטן מאָל דעם 8־טן פֿעברואַר 1948. ס'איז געווען דער ערשטער פּרואוו נישט נאָר אין מעקסיקע, נאָר אין גאַנץ אַמעריקע צו דעמאָקראַטיזירן אונדזער געזעל־שאַפֿטלעכן לעבן.

אַזוי אַרום קען דער צענטראַל־קאָמיטעט ריידן אין נאָמען פֿון גאַנצן ישוב, און טאַקע דעריבער האָט זיך דער נייער צ. ק. פֿאַרנומען אויף ברייטע וועגן פֿון שאַפֿן אַן אָרגאַניזירטן יידישן קיבוץ אין מעקסיקע, קאָאָרדי־נירן די קהלה־טעטיקייטן, אַ קהלה ארכיוו, אַ קהילה פּנקס, א. א. און ענד־לעך דערפֿירן צו אַן אָרגאַניזירט יידישן לעבן אין מעקסיקע.

אויפֿן גורל פֿון צ. ק. איז אויך אויסגעקומען איבערצוגעבן די „אַלבערט איינשטיין" שול וועלכע דער ישוב האָט געבויט געגויע 3 יאָר כּדי איבערצוגעבן דער מעקסיקאַנער רעגירונג אַלס בייטראַג פֿון יידישן ישוב צום בילדונגס פּראָגראַם, פֿון דער רעגירונג, וועלכע נויטיקט זיך אַזוי שטאַרק אין שול בנינים. דער בנין איז אַ ריזיקער און איז געבויט מיט פֿיל געשמאַק. די בנינים זענען ווערט 2 מיליאָן פּעזעס. אָבער זייער אמתער ווערט פֿאַר אונדזער ישוב איז ממש נישט אָפּצושאַצן.

צום סוף ווילן מיר אונטערשטרייכן דעם צבי־קעסעל פֿאַרלאַג־פֿאָנד און דעם צבי קעסעל פּרעמיע־פֿאָנד ביים צענטראַל־קאָמיטעט. דער ערש־טער גיט אַרויס יידישע, העברעאישע און שפּאַנישע ביכער (אויף יידישע טעמעס) און דער צווייטער פֿאָנד פּרעמירט אַלע יאָר, מיט דריי פּרעמיעס, מחברים נישט נעמענדיק אין אַכט צי פֿון מעקסיקע אָדער פֿון אַנדערע פּלע־צער פֿון תּפֿוצות ישראל. אויך אין קולטור ענינים זענען מיר פּיאָנערן אין לאַטיין אַמעריקע, און דאָס באַווייזט נאָך אַמאָל אַז אונדזער ישוב איז נישט אָפּגעשטאַנען, אַז ער האָט אַ אינטערעס פֿאַר אַלץ וואָס איז יידיש, אַז מיר פֿאַרמאָגן מענטשן מיט ליבע פֿאַר אונדזער קולטור פֿאַרן יידישן לעבן און פֿאַר אודנזער ישוב בכלל.

זייער פֿיל פּלאַץ וואָלט אונדז פֿאַרנומען צו געבן אַ געגויע אָפּשאַ־צונג פֿון אונדזער ליבן יידישן ישוב אין מעקסיקע, וואָס, כאָטש קוים אַ 25—30 יאָר אַלט, פֿאַרנעמט ער זיך אויף נייע וועגן. אין אויסלאַנד לייגט

מען נישט פיל אכט אויף מעקסיקע. אין א ליאדע א שטעטל פון די פּאַראיי־ניקטע שטאַטן זענען דאָ מער יידן ווי אין גאַנץ מעקסיקע, אָבער מעקסי־קאַנער יידן זענען דינאַמיש, אַקטיוו, יידיש געשטימט, אַטריבוטן מיט וועלכע ישובים זענען געבויט געוואָרן און זיך געשאַפן א נאָמען אין אונד־זער היסטאָריע. שוין היינט האָט דער קליינער קיבוץ אין מעקסיקע באַוויזן צו פאַרנעמען אן אָנגעזעענעם פּלאַץ אין אונדזער פאָלקס־לעבן. מיר האָפן, אז לעתיד, וועט דער מעקסיקאַנער יידישער ישוב, שטייגן אין זיינע דער־גרייכונגען, און אזוי אַרום ווערן א מוסטער ישוב אין לאַטיין אַמעריקע.



רענעע גאָלדפּײַן

# יידישע ליטעראַטור אין מעקסיקע

אין די אַרכיוון פון דער אינקוויזיציע אין מעקסיקע, זענען פאַראַן דאָקומענטן וואָס ווייזן אָן, אַז יידן האָבן שוין געוווינט אין לאַנד פון דער צייט פון דער שפּאַנישער הערשאַפט. געוויסע פּראָצעסן פון דער אינקוויזיציע זענען געפירט געוואָרן קעגן „כודאיסאַנטעס", מענטשן וואָס האָבן אין געהיים אָפּגעהיט יידישע ימים־טובים, אָדער יידישע מנהגים. כמעט שטענדיק, זענען די באַווייזן פון דער אינקוויזיציע געווען שוואַכע, אָבער עס זענען דאָך געווען עטלעכע פאַלן, וועלכע מען קען אָננעמען, אַז עס האָט זיך באמת געהאַנדלט וועגן „מאַראַנען", וועלכע האָבן זיך סוף כל סוף מקריב געווען פאַר זייער גלויבן. אַזוי לאַנג ווי שפּאַניע האָט געשיקט אירע „וויצע־קעניגן" אין דער קאָלאָניע פון מעקסיקע, האָבן יידן נישט געקענט אָפן אַרויסקומען מיט זייער אָפּשטאַם און ווען אפילו דער שטודיום פון די אינקוויזיציע־פּראָצעסן און זייערע קרבנות איז אַן אינטערעסאַנטער, פון אַ מענטשלעכן און יידישן שטאַנדפּונקט, קען מען דאָך נישט רעדן וועגן אַ יידיש לעבן אין די דאַמאָלדיקע צייטן.

אויך שפּעטער, ווען מעקסיקע האָט זיך שוין געהאַט באַפרייט פון דער שפּאַנישער הערשאַפט, האָבן יידן זיך נישט באַזעצט אין לאַנד. די ערשטע יידישע קהילה האָט זיך געגרינדעט דאָהי אין 1908.

די ערשטע גרויסע כוואַליע פון יידישער אימיגראַציע פון מזרח־אייראָפּע, האָט זיך אָנגעהויבן מיט 28 יאָר צוריק. זי איז געוואָרן זייער אינטענסיוו אין די יאָרן 1930 ביז 1938 און האָט זיך כמעט אינגאַנצן אָפּגעשטעלט זינט דעם אָנהייב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

ספרדישע יידן, אַזוי פון טערקיי ווי אויך פון אַנדערע מוסולמענישע

לענדער, האָבן זיך אויך באַזעצט אין מעקסיקע. זיי לעבן זיך קולטורעל אויס אין דער שפּאַנישער שפּראַך, און האָבן נישט באַוויזן צו שאַפן וויכטיקע יידישע קולטור־ווערטן. מיר קענען בלויז פאַרצייכענען עטלעכע איבערזעצונגען פון וויכטיקע יידישע ווערק אין שפּאַניש (ווי די גרעץ געשיכטע א. א. וו.), די יידישע ענציקלאָפּעדיע אויף שפּאַניש (רעדאַקטירט פון עדוּאַרדאָ וויינפעלד), א יידישע צייטונג אויף שפּאַניש, אַרויסגעגעבן נישט פון די ספרדים נאָר פון די אשכנזישע אַלגעמיינע ציוניסטן, רעדאַקטירט פון דעם פעאיקן זשורנאַליסט סערגיאָ נודעלשטעכער (אויטאָר פון אייניקע געלונגענע פּאָעמעס) און א בולעטין, מיט נייעס פון דער ציוניסטישער און יידישער וועלט, „על עבא ספרדי" ווו וויקטאָר מיטראַני פאַרעפנטלעכט רעגלמעסיק גוט דאָקומענטירטע אַרטיקלען. א קליינער זשורנאַל ווערט נאָך אַרויסגעגעבן אין שפּאַניש פון האַלאַבע, א חודשלעכע אויסגאַבע, מיט א ספּעציפיש יידישן אינהאַלט, אָבער ציילענדיק בלויז מיט א קליינעם יידישן לייענער־קרייז פון אַראַבישן אָפּשטאַם.

די אשכנזישע יידן, איינגעוואַנדערט פון מזרח־אייראָפּע, פירן אָן מיטן יידישן קולטור־לעבן אין מעקסיקע און דאָס בלויז אויף יידיש: זיי פאַרמאָגן א צענטליק יידישע צייטונגען, עטלעכע ביכער־פאַרלאַגן און א גרעסערע צאָל שרייבער און זשורנאַליסטן.

דער בעסטער באַווייז פאַרן אינטערעס אין דער יידישער שפּראַך, וואָס ווערט גערעדט פון אַלע אימיגראַנטן פון ערשטן דור און פון א געוויסער צאָל יוגנטלעכע פון צווייטן דור, זענען די יידישע צייטונגען. יעדע פּאַרטיי. יעדע גרופּע, וויל רעדן צום עולם און געפינט בלויז איין וועג: א יידישע צייטונג, אָדער חודשלעכע אויסגאַבע. לויט מיין מיינונג ווערן אויך די היגע יידישע שרייבער אינספּירירט פון דער יידישלעכער אַטמאָספערע וואָס הערשט אין דער היגער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט, ווו זיצונגען ווערן געפירט כמעט שטענדיק אויף יידיש, געשעפטן ווערן אויסגעהאַנדלט אויף יידיש און ווו קינדער לערנען יידיש אין די שולעס פון אונדזער ישוב.

די גרעסטע צייטונגען זענען די צוויי קאָמערציעלע אונטערנעמונגען, „דער וועג" און „די שטימע". די ערשטע גייט אַרויס דריי מאָל א וואָך און די צווייטע, צוויי מאָל. עטלעכע צייטונגען פון גרופּעס און פּאַרטייען גייען אַרויס איינמאָל א חודש אָדער פּעריאָדיש, עטלעכע מאָל אין יאָר.

איידער מיר גייען צו אַנאַליזירן די זשורנאַליסטישע שאַפונג אויף יידיש אין מעקסיקע, ווילן מיר דאָ פאַרצייכענען, אַז דער פאַרשטאָרבע־

נער משה ראָזענבערג איז געווען פון די ערשטע וועלכע האָבן אין אַצטעקן־לאַנד געקלערט וועגן יידישער קולטור און ספּעציעל וועגן אַ יידישער צייטונג. ער האָט געגרינדעט טאַקע די צייטונג „דער וועג", וועלכע ווערט היינט אַדמיניסטרירט דורך זיין אַלמנה, פרוי סאָניאַ ראָזענבערג. דאָס ערשטע יידישע בוך, געדרוקט אין מעקסיקע, איז געווען אַ זאַמלונג פון פּאָעמעס פון די דריי שרייבער: משה גליקאָווסקי, יצחק בערלינער און יעקב גלאַנץ. דער ערשטער לעבט היינט אין ניו־יאָרק און די צוויי אַנדערע זענען באַקאַנטע שרייבער און פּאָעטן היינט אין מעקסיקע.

די יידישע צייטונגען האָבן אַ דאָפּלטן כאַראַקטער: זיי זענען אין דער ערשטער ריי אינפאָרמאַטיוו אַלע מיט אַ פּאָזיטיוון צוגאַנג צו מדינת ישראל און אָנגעפילט מיט לאָקאַלע יידיש־געזעלשאַפטלעכע נאָטיצן. זיי פאַרנעמען זיך אויך מיט פּאָליטישע פראַגעס און, אויף אַ גאַר קליינעם מאָסשטאַב, מיט אַלגעמיין מעקסיקאַנער פראַגעס. פאַרשטייט זיך אַז אַלע יידן לייענען די טעגלעכע שפּאַנישע פּרעסע און דעריבער פאַרנעמט, אין די יידישע צייטונגען, די נישט־יידישע מעקסיקע זייער אַ קליינעם פּלאַץ.

די צייטונגען האָבן אָבער נאָך זייער אַ וויכטיקן כאַראַקטעריסטישן שטריך: זיי זענען אַלע אַ טריבונע פאַר יידישער קולטור זיי גיבן אָפּ פּלאַץ דעם כראָניקער און דעם פּעלעטאָניסט, דעם שרייבער און דעם פּאָעט. זייער געשמאַקפולע געשריבן זענען די לייט־אַרטיקלען פון חיים לאַזדייסקי אין „דער וועג", באַלערנד און מוסר־זאָגנדיק די לייט־אַרטיקלען פון משה רובינשטיין אין „די שטימע", אינטערעסאַנט איז אויך די וועכנטלעכע כראָניק פון מעקסיקאַנער יידישן לעבן און אַלגעמיינע יידישע פראַגעס פון א. ז. בערעביטשעז, די פּאָליטישע איבערבליקן פון עליאָט, און די ליטעראַרישע נאָטיצן פון יצחק בערלינער. קלמן לאַנדוי און צמח פּאַרטנאָי שרייבן גוטע אַרטיקלען אין זייערע פּאַרטיי־צייטונגען (דער ערשטער אין דער פּועלי־ציון צייטונג און דער צווייטער אין דער צייטונג פון די אַלגעמיינע ציוניסטן) און כמעט אַלע מחברים פון ביכער זענען אויך מיטאַרבעטער אין דער פּרעסע: די פּעלעטאָניסטן אברהם ווייסבוים און מאיר קאַראָנאַ, די שרייבער דר. ישעיהו אויסטרי־דן און י. וויניעצקי א. א. די רשימה פון די מיטאַרבעטער פון די פאַרשידענע צייטונגען איז נישט קיין פולשטענדיקע, אָבער מיר ווילן דאָ אונטערשטרייכן דעם פאַקט אַז די פּעריאָדישע יידישע אויסגאַבעס אין מעקסיקע שטייען אויף אַ הויכן ניוואָ, סיי מיט זייער פּובליציסטיק ווי אויך מיט דער ליטעראַרישער הויך. דאָס יידי־

שע מעקסיקע קען זיך באַרימען מיט שרייבער פון אַלע זשאַנרן: פּאָעטן און ראָמאַן־שרייבער, הומאָריסטן קריטיקער און נאָוועלן־שרייבער.

דעם ערשטן אָרט פאַרנעמען די פּאָעטן: ליריקער און עפּיקער. יצחק בערלינער איז זייער אַ באַגאַבטער פּאָעט, מיט אַ נאַטירלעכער באַגאַבונג פאַר קלאַנג און רייכקייט פון שפּראַך. ער איז דורכגעדרונגען מיט געדאַנקען פון סאָציאַלער גערעכטיקייט וועלכע ער האָט נאָך מיטגעבראַכט פון לאָדזש (זיין געבוירן־שטאָט) און פון דעם קאַמף פון די יידישע אַרבעטער־מאַסן אין דער דאָזיקער גרויסער אינדוסטריעלער שטאָט. ער שפּירט טיף אָפּ דעם גורל פון אָרעמען מעקסיקאַנער און זיינע שענסטע לידער זענען די, וועלכע באַהאַנדלען מעקסיקאַנער טעמעס. אונדזער גרויסע טראַגעדיע אין אייראָפּע האָט אים געוואַלדיק אויפגעטרייסלט און ער האָט עס געגעבן אויסדרוק אין עטלעכע ביכער לידער.

יעקב גלאַנץ איז אַ באַגאַבטער פּאָעט, וואָס פאַרלאָזט זיך נישט בלויז אויף דער פּאָעטישער אינספּיראַציע, נאָר שעפּט פון אַ קוואַל פון בילדונג וועלכע ער האָט אויך מיטגעבראַכט פון אייראָפּע. זיינע ווערק זענען באַקאַנט און באַליבט און אויך ער האָט באַהאַנדלט מיט דערפאָלג מעקסיקאַנישע טעמעס אין זיינע ביכער: זיין ווערק וועגן הערנאַן קאָרטעס, דער שפּאַנישער דעראָבערער פון מעקסיקע, איז פול מיט ליכטיקע און פאַרביקע בילדער. זיינע ליטעראַרישע קריטיקן זענען טיף, אַנאַליטיש־רייך און אָנגעשריבן אין אַ קלאָרער און רייכער שפּראַך.

דר׳ ישעיהו אויסטריאַק אונטער זיין פען־נאָמען, ישעיהו אוס־טרי־דן דער רעדאַקטאָר פון אונדזער יאָרבוך איז נאָך אַ יונגער שרייבער, וואָס האָט אָבער שוין באַוויזן אַרויסצוגעבן זעקס ביכער: (איינס אין שפּאַניש. אַ גרעסערע שטודיע וועגן דער יידן־פראַגע און ציוניזם) פּאָעמעס, צוויי בענדער עסייען און אַן איבערזעצונג פון באַקאַנטן לאַטיין־אַמעריקאַנער פּאָעט: פּאַבלאָ נערודאַ. מעקסיקע שפּילט נאָך נישט קיין גרויסע ראָל אין זיינע ווערק, אָבער די אייראָפּעאישע טראַגעדיע האָט טיף געווירקט אויף אים און לעצטנס איז דערשינען זיין גרויסע פּאָעמע פון אַ שטעטלדיקן אונטערגרונט אונטער די נאַציס מיטן נאָמען „נישט אומזיסט". זיין שפּראַך איז אַ נייע. ער זוכט כסדר מאָדערנע אויסדרוקס־פאָרמען און אַ נייע בילדערישקייט. מיר גלויבן, ווען אַפילו זיין לעצטער, אויבן דערמאָנטער בוך, ווייזט שוין אַרויס מער רייפקייט, האָט ער נאָך נישט דערגרייכט די העכסטע שטופע פון זיינע מעגלעכקייטן. ער איז אַ באַוווסטער פּעדאַגאָג און לערער און

שרייבט רעגלמעסיק אַרטיקלען אין דער צייטונג „דער וועג" אויף פּעדאַ־גאָגישע און אַלגעמיינע טעמעס.

יאַני פּיין איז נאָך א „גרינער" אין מעקסיקע. א חוץ דעם וואָס ער איז א פּאָעט, איז ער אויך א מאָלער און אן אויסגעצייכנטער און רייפער אַרטיסט אויף דעם געביט. זיין פּאָעזיע האָט דעם כאַראַקטער־שטריך פון דעם „זעענדיקן" שאַפער און איז מאָלעריש ווי אויך פּלאַסטיש. זיין מוזע איז אַן אויסשליסלעך יידישע און זיין זאַמלונג פון פּאָעמעס „א תליה אונ־טער די שטערן" באַהאַנדלט דעם יידישן אומקום אין אייראָפּע.

דער ראָמאַן־שרייבער איז פּאַרטראָטן, ביי מעקסיקאַנער יידישע שריי־בער, דורך משה גליקאָווסקי, וועלכער וווינט היינט אין ניו־יאָרק, אָבער ער האָט געשאַפן אויסשליסלעך דאָ אין מעקסיקע, און יוסף וויניעצקי. זיי גיבן ביידע בילדער פון יידישן לעבן אין מעקסיקע און זיי קענען גוט „זייע־רע יידן"! זיי געהערן נישט אפשר צו די גרעסטע ראָמאַן־שרייבער וואָס מיר פאַרמאָגן, אָבער זייערע ווערק זענען ערלעך און שפּיגלען אָפּ געטריי די מענטשן און פּראָבלעמען פון אונדזער ישוב ווי אויך פון יידישן לעבן אין אייראָפּע.

אברהם וויסבוים איז א פעלעטאָניסט מיט טאַלאַנט. זיין בוך פון קורצע סקיצן און איראָנישע סצענעס שפּיגלט אָפּ א וויכטיקן טייל פון דער יידישער געזעלשאַפט אין מעקסיקע. זיינע בילדער זענען אָבער אוני־ווערסאַל און זיינע טיפּן קענען אידענטיפיצירט ווערן אין אַלע לאַטיין־אַמעריקאַנער ישובים און אפשר גאָר אין א ברייטערן זין, אין יעדן ישוב פון ערשטן דור אימיגראַנטן, וואָס ווילן פאַרגעסן זייער קליין־שטעטלשן אָפּשטאַם און די אַלטע טראַדיציעס, אָבער קענען דאָס נישט באַווייזן און דערגרייכן בלויז, אין זייערע נייע היימען מיט די גוטע „ביזנעס", צו שפּילן די ראָל פון אַרויפגעאַרבעטע און „ניי־רייכע" מיט א שטילן צער אין האַרצן און א טיפער בענקשאַפט נאָך דער וואַרעמער אַטמאָספערע פון דער אַלטער היים. זיין בוך האָט דעריבער געהאַט א גרויסן דערפאָלג אין מעקסיקע און אויך אין אַנדערע לענדער פון די אַמעריקעס.

מאיר קאָראָנאַ איז אין א געוויסן זין א פעלעטאָניסט. ער שרייבט גאַנץ רעגלמעסיק אין דער צייטונג „דער וועג" איראָנישע אַרטיקלען וועגן דעם מעקסיקאַנער יידן און עס געלונגט אים זייער אָפט צו געבן א קלאָרן בילד אין עטלעכע ווערטער, וועגן אונדזערע גוטע יידן אין מעקסיקע און זייער שטייגער לעבן. ער שרייבט אויך נאָוועלן און האָט שוין באַוויזן

ארויסגעבן דריי בענדער קורצע דערציילונגען. ער איז אַ באַליבטער שרייַ־בער וואָס פּרווּוט אָפּטמאָל צו אַנאַליזירן פּסיכאָלאָגיש די פּערסאָנאַזשן פון זיינע דערציילונגען.

משה רובינשטיין איז אַ גוטער זשורנאַליסט, אָבער ער האָט אויך געפּרווּוט אָנשרייבן נאָוועלן. ער האָט אָפּגעדרוקט, שוין מיט עטלעכע יאָר צוריק, אַ בוך מיט עטלעכע קורצע נאָוועלן און קריטיק. ער דערלויבט זיך צו זיין זייער אָפנהאַרציק מיט זיינע כאַראַקטערן און מען קען זיכער געפינען אומעטום אַזעלכע מענטשן ווי ער באַשרייבט זיי, אָבער דאָך זע־נען נאָך פאַראַן אין מעקסיקע און אין אַנדערע אַמעריקאַנער לענדער, יידן, גרויסע אידעאַליסטן, יידן, ריינע מענטשן, אינטעלעקטואַלן און ליי־דער געפינט מען זיי נישט ביי משה רובינשטיין. דאָס איז אַ שאָד, ווייל דאָס בילד קומט אַרויס איינזייטיק. פאַרשטייט זיך אַז ער באַשרייבט די גאַר מיטלמעקסיקע מענטשן זייער גוט און זיי זענען טאַקע די מאַיאָריטעט אין יעדער געזעלשאַפט, אָבער... פאַרוואָס בלויז מאָלן די שוואַרצע זייט פון לעבן און נישט געפינען כאָטש איין גוטן מענטש? אפשר איז רובינ־שטיין אַ פּעסימיסט און האַלט אַז קיין מענטש איז נישט אינגאַנצן גוט. דאָס איז נאַטירלעך זיין רעכט אַזוי צו דענקען.

סאַלאָמאָן קאַהאַן איז הויפּטזעכלעך אַ מוזיק־קריטיקער. ער איז דער איינציקער יידישער שרייבער אין מעקסיקע, וועלכער האָט אויך אָנגעשריבן באַוווסטע ווערק אין שפּאַניש: צוויי ביכער וועגן מוזיק. אָבער אין יידיש האָט ער אויך פּובליצירט צוויי ווערק: דאָס איינע איז אַן אַנאַליז פון דער יידישער מעקסיקע און אויב מען וויל זיך טאַקע באַקענען מיט דער טעמע, איז זיין בוך דאָס בעסטע ווערק וואָס איז ביז היינט דערשינען אויף דעם געביט. זיין טאָן איז ערנסט, זיין קריטיק שאַרף אָבער פּאָזיטיוו. די טעג איז דערשינען זיין צווייטער בוך וועלכער וועט זיכער אויפגענומען ווערן פּאָזיטיוו דורך די יידישע לייענער אין מעקסיקע.

אברהם גאָלאָמב איז אַ באַוווסטער פּעדאַגאָג. זיין נאָמען איז נישט בלויז פאַרבונדן מיט מעקסיקע, נאָר איז אויך באַקאַנט אין דער יידישער וועלט אויסער מעקסיקע. ער שרייבט כסדר אין זשורנאַלן און זיינע גע־זאַמלטע ווערק זענען געוואָרן געדרוקט דאָהי. ער איז אַ קריטיקער און דערציער און זיין אַרבעט האָט ספּעציעל אַן אינטערעס פאַר פּאַכקרייזן. אברהם אייזען, איז מיט איניקע יאָרן צוריק געקומען קיין מעקסיקע. ער האָט מיטגעאַרבעט אין איוו״אָ פון ווילנע און שרייבט דערציילונגען

וועלכע צייכענען זיך אויס מיט זייער שיינעם סטיל און ווייכן אינהאַלט. ער אַרבעט מיט אין „דער וועג" און שרייבט אויך עסייען.

יידן אין מעקסיקע לייענען נאָך יידישע צייטונגען, ווייל זיי זוכן נאָך דאָס, וואָס מען וואָלט געקענט אָנרופן: „די אַטמאָספער פון דער אַלטער היים". דער ייד אין מעקסיקע האָט זיך נישט אַסימילירט און נישט געוואָנדן זיך צו דער קולטור פון לאַנד. ער רעדט שפּאַניש, ווייל ער מוז און נישט ווייל ער האָט עס ליב. ער איז געבליבן אויפן ראַנד פון מעקסיקאַנער סאָציאַלן און פּאָליטישן לעבן (און נישט בלויז דער ערשטער דור, נאָך אויך, אין אַ געוויסער מאָס, דער צווייטער דור פון דאָ געבוירענע קינדער). ער פּרוווט, געבנדיק אַ יידישע דערציונג זיין קינד, אויסצומיידן אַסימילאַציע און ווייל אַז דאָס קינד זאָל וויסן וועגן יידן און יידישקייט, וועגן יידישע צרות און יידישער צוקונפט, וועגן דעם אמאָליקן פּוילן און דער היינטיקער מדינת ישראל.

די יידישע ליטעראַטור אין מעקסיקע איז זיכער נישט קיין גאָר וויכטיקער צווייג פון דער יידישער קולטור אויף דער גאָרער וועלט, און ווען מיר ריידן אַפילו פון לאַטיין־אַמעריקע, פאַרמאָגט אַרגענטינע גרעסערע און צאָלרייכערע כוחות, אָבער מערקווירדיק איז דער אינטערעס ביי דער יידישער מעקסיקאַנער מאַסע פאַר יידיש און יידישקייט און דאָס שאַפט די מעגלעכקייט פאַר אַ גרעסערער גרופּע שרייבער און זשורנאַליסטן צו געפינען אַן אָפּקלאַנג פאַר זייערע שאַפונגען און גיט אַן אמת יידישן כאַראַקטער דעם קליינעם יידישן ישוב אין אור־אַלטן אַצטעקן־לאַנד.



דר. ישעיוו אוטשריידן

# די שפּראַכן-פראַגע און אונדזער דערציאונג אין לאַטיין-אַמעריקע

מיט דער אַנטשטייונג פון מדינת ישראל, האָט די פראַגע פון דער דערציערישער פונקציע אין די גלות־לענדער געמוזט אַרויפשווימען, ווי פון זיך אַליין, פאַר דער יידישער עפנטלעכקייט אויף גאַר דער וועלט. די פּראָבלעם פון געפינען נייע וועגן פאַר דער יידישער דערציונג, ווי אויך פאַר דער יידישער שפּראַכן־פּאָליטיק, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ נאַציאָנאַל־קולטורעלער נויטווענדיקייט.

ביי אַ נאָרמאַל פאָלק, וואָס לעבט אין נאָרמאַלע באַדינגונגען, דאַרף נישט גענוצט ווערן דער באַגריף „שפּראַכן־פּאָליטיק". די שפּראַך איז אַזאַ שפּרודלדיקער איינס פון גאַנצן נאַציאָנאַלן לעבן, — ווי אַלע אַנדערע ערשטראַנגיקע פאָלקס־עלעמענטן, — אַז עס פאָדערט זיך נישט דערצו קיין ספּעציעלע שטעלונג.

אַנדערש איז אָבער די לאַגע ביים יידישן פאָלק. מיר לעבן אין אַ נייער סאָציאַל־עקאָנאָמישער און קולטורעלער ווירקלעכקייט. מיר לעבן ביים אָנהויב פון אַ נייער תקופה מיט צוויי הויפּט־טענדענצן, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר אַ מזיגה פון דער גאַנצער נאַציאָנאַלער ווירקלעכקייט פון יידישן פאָלק, פון זיין אַנטשטייונג און ביז דעם היינטיקן טאָג.

עס איז גענוג באַקאַנט די געשיכטלעך־היסטאָריאָזאָפישע פעסטשטע־לונג וועגן די קאָנטינענטאַלע וווין־ענדערונגען, און זייערע אַלגעמיינע קאָנסעקווענצן, וועלכע זענען געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר אונדזער פאָלק. אין די ערשטע צוויי טויזנט יאָר פון אונדזער געשיכטע, — אָנהויבנדיק פון דער אָרגאַניזירונג פון דער מלוכהשאַפט, 1.000 יאָר בערך פאַר אונדז־זער צייט רעכענונג, און ביז דער פאַרענדיקונג פון דער בבלישער תקו־

פה ביים שוועל פון ערשטן יאָרטויזנט פון דער היינטיקער צייט־רעכענונג, — זענען מיר געווען אַ פאָלק וואָס איז אַנטשטאַנען, האָט געלעבט און גע־שאַפן אויפן אַזיאַטישן קאָנטינענט. פון ערשטן יאָרטויזנט ביז דעם סוף פון צווייטן יאָרטויזנט, — בעסער געזעגט, ביז דעם יאָר 1945, — זענען מיר געווען אַ פאָלק וואָס איז געווען צוגעבונדן צום אייראָפּעאישן קאָנטינענט.

מיר זענען היינט אַרײַן אין דער דריטער גרויסער קאָנטינענטאַלער תקופה אין דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק. מיר זענען היינט אַ מזיגה־פּראָצעס אין אונדזער קאָנטינענטאַלער וואַנדערונג. פון איין זייט, זענען מיר פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַמעריקאַניש פאָלק, ווייל די גרעסטע טייל פון אונדזער פאָלק לעבט אויפן מערב־קאָנטינענט פון אונדזער ערד־קוגל; פון דער צווייטער זייט, האָט זיך אָנגעהויבן אַ צוריקוואַנדערונג פון יידישן פאָלק קיין אַזיע, פון וואַנען מיר זענען אַרויס מיט טויזנט יאָר צוריק בערך. מיר זענען איבערגעגאַנגען צו אַ נייעם, דריטן, קאָנטינענט, זוכנדיק בעסערע באַדינגונגען פאַר אונדזער עקזיסטענץ אין נייע געגנטן; די זעלבע טענדענץ פון גאַראַנטירן גוטע באַדינגונגען פאַר אונדזער נאַ־ציאָנאַלער עקזיסטענץ, פירט צוריק הונדערטער טויזנטער, און שפּעטער געוויס אויך מיליאָנען יידן, צו די ברעגן פון מיטללענדישן ים, צום אבות־לאַנד פון עם ישראל.

יעדע קאָנטינענטאַלע תקופה איז געווען כאַראַקטעריסטיש מיט ענדע־רונגען וועלכע זענען פאָרגעקומען אין סאָציאַלן געבוי פון פאָלק. מיר קענען פעסטשטעלן, אַז ערד אַרבעט איז געווען אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך פון דער עקאָנאָמישער טעטיקייט פון די יידישע מאַסן אין דער ערשטער ישראל־און־בבל־תקופה, אין דער צייט ווען אַ מאַנגל אין אַ פּויע־רים קלאַס איז געווען דער כאַראַקטעריסטישער מאָמענט אין דער אייראָ־פּעאישער תקופה פון יידישן פאָלקס־לעבן.

דאָס זעלבע איז געשען מיט די שפּראַכן פון פאָלק. פאַר דער ערשטער תקופה פון ארץ ישראל און בבל זענען כאַראַקטעריסטיש די העברעאיש־אַראַמישע שפּראַכן אין דער צייט ווען אין דער אייראָפּעאישער תקופה וועלן זיין כאַראַקטעריסטיש די העברעאיש־אַראַביש־יידישע שפּראַכן.

אין דער נייער קאָנטינענטאַלער ווירקלעכקייט, וואָס הויבט זיך היינט אָן אין לעבן פון אונדזער פאָלק, וועלן זיין כאַראַקטעריסטיש פאַרן ענגליש־רעדנדיקן טייל פון אונדזער קאָנטינענט די העברעאיש־ענגלישע־יידישע שפּראַכן, אין דער צייט ווען פאַר דעם לאַטייניש טייל פון קאָנטינענט,

וועלן נאָך אָנהאַלטן אַ דור צייט די העברעאיש־יידישע־שפּאַנישע שפּראַכן כדי איבערצוגיין, נאָך אַ נעוויסער קורצער תּקופה פון אייניקע יאָרצענד־ליקער, צו דער נייער שפּראַכן־אָרדנונג, די זעלבע וועלכע עקזיסטירט שוין היינט אין די פאַראייניקטע שטאַטן, נעמלעך, די העברעאיש־שפּאַנישע־יידי־שע שפּראַכן.

אויף וואָס איז געבויט די חנחה? פאַרוואָס איז דאָ אָוועקגעשטעלט געוואָרן די העברעאישע שפּראַך כסדר אין אויבן־אָן, צוגעבנדיק צו איר די אַנדערע שפּראַכן פון די יידישע וואַנדערונגען? פאַרוואָס איז יידיש אַוועק־געשטעלט געוואָרן אין דער פּאָזיציע פון אַ צוגאָב־שפּראַך? פאַרוואָס ווערט צוגעגעבן אַזוי פיל וויכטיקייט די אָרטיקע שפּראַכן אויפן נייעם לאַנטי־נענט פון דער יידישער אימיגראַציע?

מיר נעמען נאָר די געשיכטלעכע פאַקטן און מיר אַנאַליזירן זיי ווי זיי זענען אין דער ווירקלעכקייט. די העברעאישע שפּראַך איז קיינמאָל נישט רעדוצירט געוואָרן צו אַ מצב פון וועגעטירונג אין דעם זין ווי די רעליגיעזע שפּראַך פון קאַטאָליציזם: — לאַטיין. די העברעאישע שפּראַך איז געווען אַ פּערמאַנענטער מיטל פון וויסנשאַפטלעכן אַנאַליז, פון רעכטלעכע נייע חנחות, פון ווייטערדיקער אינטערפּרעטאַציע פון די גרויסע ווערק פון דער פאַרגאַנ־גענהייט אין לויף פון אַלע דורות און ביז דעם היינטיקן טאָג. די תּפילה איז תּמיד געווען אַ לעבעדיקע ווירקלעכקייט אין מויל פון גאַנצן פאָלק, און העברעאיש־לשון איז געווען אַ צאַפּלדיקע רעאַליטעט ביי דער יידישער אינ־טעליגענץ פון אַלע דורות, אויב מען קען זיך דאָ באַנוצן, מוטאַטיס מוטאַנ־דיס, מיט דעם באַגריף „אינטעליגענץ".

לאָמיר נאָך אָנוואַרפן צוויי וויכטיקע עלעמענטן, איינער אַ געשיכט־לעך־קולטורעלער און דער צווייטער אַ פילאָלאָגישער, וועלכע פאַרשטאַרקן די דאָ אַרויסגעבראַכטע מיינונג: ראשית איז נישט ריכטיק די הנחה פון די יידיש־פּאַרטיידיקער, אַז יידיש לעבט שוין טויזנט יאָר (?) ביים פאָלק, און אַז דער יידישער לשון פון אליהו בחור, איז שוין לכל הפּחות געווען אַן אומגאַנגס־שפּראַך ביים גרעסטן טייל יידן אין איטאַליע, פראַנקרייך, דייטש־לאַנד, און פּוילן. ווען דאָס וואָלט געווען ריכטיק, וואָלט דער ערשטער אויפבּרויז פון דער השכלה ליטעראַטור לכל הדעות זיך נישט קאָנצענ־טרירט בלויז און אויסשליסלעך אויף עברית. געוויס דאַרף מען אָננעמען אַז די השכלה איז פאָרגעקומען אין איר ערשטער און אפילו אַנטוויקלטער סטאַדיע, נאָר צווישן די אינטעליגענטערע שיכטן פון פאָלק, צווישן די לומדים און ישיבה־בחורים. דאָס איז ווידער אַ באַקרעפטיקונג פון באַ־

ווייז, אַז עברית איז פון תמיד אָן פאַרבליבן די איינציקע וויסנשאַפטלעכע, ליטעראַרישע, און אין זייער אַ גרויסער מאָס אויך גערעדטע, שפּראַך ביי די געלערנטע שיכטן פון פאָלק. אָבער די השכלה האָט דאָך געזוכט דורכברע־כן די וואַנט פון דער אָרטאָדאָקסישער קענגערשאַפט, און זי האָט גע־זוכט אַלע מיטלען כדי דאָס צו דערגרייכן, פרעגט זיך: אויב עס זאָל טאַקע אמת זיין, אַז די יידישע שפּראַך איז שוין געווען אַזוי פאַרשפּרייט און פאַר־וואָרצלט אין סוף פון אַכצענטן און אָנהויב ניינצענטן יאָרהונדערטער, פאַרוואָס טרעפן מיר אינגאַנצן נישט אָן קיין השכלה־ליטעראַטור אין יידיש אין יענער צייט?

השנית, זעען מיר אין דער יידישער שפּראַך אַ גרויסע צאָל העברעי־שע ווערטער און אויסדריקן. פונוואַנען זענען זיי געקומען? פון די ספרים אַליין האָט מען די העברעאיזמען נישט געקענט אַרויסנעמען און זיי איבער־פלאַנצן מיט אַזאַ נאַטירלעכער לייכטקייט אין מויל פון פאָלק. אַנדערש נישט, ווי מיר דאַרפן אָננעמען, אַז די העברעאיזמען קומען פון אַ לעבעדיקער סבי־בה אין וועלכער מען האָט זיי גענוצט און גערעדט מיט זיי אין דער גע־זעלשאַפט. די העברעאישע ווערטער, — און דאָ איז נישט וויכטיק צי עס זענען דאָ נאָר פופצן פּראָצענט, ווי איינע ווילן עס, אָדער גאַנצע דרייסיק פּראָצענט, ווי אַנדערע ווילן עס, אין דער יידישער שפּראַך, — זענען אַ יסו־דות'דיקער עלעמענט פון איר געבוי און פון איר אינהאַלטלעכן ווערטער־באַגאַזש. דאָס האָט נישט געקענט קומען פון אַ שפּראַך מיט אַ „לאַטיין־כאַראַקטער" אין לעבן פון אונדזער פאָלק. דאָס איז געקומען פון אַ שפּראַך וואָס האָט געלעבט און געדינט גרויסע יידישע פאָלקס־מאַסן אין אַ קייטל־דיקן לויף פון די גאַנצע דורות.

אַלס אַ טעכנישער באַווייז פאַר דער ריכטיקייט פון דער הנחה קען דינען דער אופן, ווי אַזוי עס ווערט באַוויזן, אַז יידן האָבן געלעבט אין קאָמפּאַקטע מאַסן אין הונדערטער שטעט און דערפער אין ארץ־ישראל ביז דעם זעקסטן יאָרהונדערט פון אונדזער צייט־רעכענונג.

זאָל דאָ צוגעגעבן ווערן אין קלאַמערן, אַז די הנחה באַקרעפטיקט די פעסטשטעלונג פון דער נייער שיטה אין דער פאָרשונג פון דער יידישער געשיכטע, (זע, דינאַבורג), אַז מיר טאָרן נישט אָנהויבן די גלות־געשיכטע פון יידישן פאָלק פון דעם מאָמענט ווען מיר האָבן פאַרלוירן אונדזער פּאָ־ליטישע אומאָפּהענגיקייט מיטן חורבן פון צווייטן בית־המקדש. אַזוי לאַנג ווי עס האָבן געלעבט אין ארץ־ישראל קאָמפּאַקטע יידישע מאַסן, אַזוי לאַנג ווי עס זענען געשריבן געוואָרן אַזעלכע גיגאַנטישע יצירות, ווי די

משנה און דער תלמוד ירושלמי, אַזוי לאַנג ווי עס האָט עקזיסטירט די אינ־סטיטוציע פון נשיאות, וועלכע האָט געהאַט רעכטלעכע און הערשערישע פּרעראָגאַטיוון איבערן יידישן כלל נישט נאָר אין ישראל נאָר אויך אין בבל און אין אַלע אַנדערע יידישע ישובים אויף דער דאַמאָלסדיקער באַ־קאַנטער וועלט, — טאָרן מיר נישט באַשליסן, אַז די יידישע געשיכטע, אין די ערשטע זעקס־הונדערט יאָר נאָכן חורבן בית־שני, איז אַ גלות־געשיכ־טע. זי פאַרבלייבט נאָך אַלץ אַ ארץ ישראלדיקע יידישע געשיכטע.

דאָס דעקט זיך אַגב, אין זייער אַן אינטערעסאַנטער פּאַראַדאָקסאַלער פאָרם, מיטן צוגאַנג און אינהאַלט פון די וואָס פאַרטיידיקן די אויבער־האַנט פון דער גלות־געשיכטע אויף יידישער קולטור־שאַפונג און פעאיקייט אָנצוהאַלטן אייגענע נאַציאָנאַלע כאַראַקטער־שטריכן, און אין אַלגעמיין, אויך שפּראַך־אייגנאַרט. פאַרוואָס זאָל מען נישט אָננעמען די זעלבע הנחה פאַר די זעקס הונדערט יאָר ארץ ישראל געשיכטע נאָכן חורבן פון בית־שני? לכל הדעות איז דאָך דאָרט געשאַפן געוואָרן פיל וויכטיקערע יצירות ווי די וועלכע מיר האָבן געהאַט פאַר דעם גלות צייט. די אָריגינעלסטע יידי־שע קולטורעלע שאַפונגען, נאָך די תורה, נביאים און כתובים, זענען דאָך געשריבן געוואָרן דווקא אין ארץ־ישראל. אויב מיר וואָלטן דעפינירט די גרונט־כאַראַקטער שטריכן פון דער ארץ־ישראל־יצירה און פון דער גלות־יצירה ביז דער צייט פון דער השכלה, קען מען זאָגן, אַז די ארץ־ישראל קולטור איז געווען אויסשליסלעך אַן אָריגינעלע און אייגנאַרטיקע, אין דער צייט ווען די גאַנצע שפּעטערדיקע קולטורעלע שאַפונגען, — די שפּאַ־נישע פּאָעזיע אַרויסגערעכנט, — זענען געווען אינגאַנצן פון אינטערפּרע־טירנדיקן כאַראַקטער. זיי האָבן געלעבט נאָר פון מויל פון די גרויסע גייס־טער וועלכע האָבן געשאַפן דאָס וועזנטלעכסטע פון יידישקייט און יידישן גייסט אין ארץ־ישראל.

פאַרמאַכנדיק די קלאַמערן, זעען מיר אין ארץ־ישראל, אַז עס זענען פאַרבליבן אַ גאַנצע ריי העברעאישע נעמען פון יידישע שטעטלעך און דערפער, אין אַן אַראַבישער דענאָמינאַציע, וואָס האָבן זיך אויפגעהאַלטן ביזן היינטיקן טאָג. דאָס ווייזט אָן, אַז די אַראַבער, ווען זיי זענען אריין קיין ארץ־ישראל, און פאַרטריבן פון דאָרט די ביזאַנטינער, האָבן אָנגע־טראָפן קאָמפּאַקטע יידישע מאַסן־איינוווינער אין אַ גאַנצע ריי דערפער און שטעטלעך, (זע, פּראָפיסור שמואל קליין: „תולדות הישוב היהודי בא״י זייט 84־85). דאָס באַקרעפטיקט די הנחה, אַז נאָר אַ לעבעדיקע שפּראַך און אַ באַפעלקערונג וואָס באַנוצט די שפּראַך, קענען אויפצווינגען

אין פאַרשידענע פאָרמען, אַ פּראָצעס פון פאַרפלעכטונג אין אן אנדערער שפּראַך און אַ פרעמדער ווירקלעכקייט. מה־דאַך, וואָס דאָס אנטשטיין פון דער יידישער שפּראַך איז ווייט נישט געווען אַ פּראָצעס פון אַ פרעמדער שפּראַך פון אַ פרעמד פאָלק וואָס פלעכט זיך אריין אין יידישן לעבן. עס איז געווען אַן אויסקריסטאַליזירונג פון אַ פאַרגרייזטן לשון־דיבור, געוואַל־דיק פאַרבראָקט מיט עברית, וואָס האָט אָנגעהאַלטן אַ לענגערע צייט אין זיין פּרימיטיווער פאָרם און זיך נישט אנטוויקלט אין לויף פון דורות. ערשט מיט דער באַנייונג פון יידישן לעבן און מיט דער אויפלעבונג פון נייע פאָרמען אין דער העברעאישער שפּראַך אין שייכות מיטן קולטור־קאַמף און סאָציאַלן־קאַמף אין יידישן לעבן אין דער השכלה־תקופה, האָט באַקומען אויך יידיש אַ שטורם־פאָרויס אויפן וועג פון פילאָלאָגישער אנטוויקלונג און אויסקריסטאַליזירונג פון אייגענע אָריגינעלע שפּראַך־פאָרמען.

עברית האָט מיטגעמאַכט אַ פּראָצעס פון עליות און ירידות, אָבער איז קיינמאָל נישט אַריינגעפאַלן אין אַ צושטאַנד פון סטאַגנאַציע. דער באַווייז, אַז דער „לאַדינאָ" פון די ספרדישע יידן, האָט איבערגענומען אין גאָר אַ נאַטירלעכער פאָרם די שריפט פון עברית איז אַ געוואונדיקער ביישטרג דערצו, אַז עברית איז נאָך אַפילו אין די שפּעטערע יאָרן, נאָכן גירוש ספרד, געווען אַ לעבעדיקע שפּראַך ביים דעם טייל פון יידישן פאָלק. ווי אַזוי זאָלן מיר אַנדערש פאַרשטיין דאָס איבערנעמען פון העברעאישן אַלף־בית דורך דער יידישער שפּראַך, אויב נישט דורך דער טיפער פאַרוואָרצלט־קייט פון עברית אין דער מויל פון פאָלק.

ווען מיר קוקן זיך צו צום לעבן אויפן אַמעריקאַנעם קאָנטינענט, זען מיר ווי עס הזרט זיך איבער דאָס זעלבע ווי אין אַלע אַנדערע יידישע ישו־בים. די העברעאישע שפּראַך איז ווייט נישט פאַרשוווּנדן געוואָרן און האַלט נאָך אַלץ אָן איר גרויסע ראָל אין לעבן פון ישוב. די רעליגיעזע מאָמענ־טן שפּילן דאָ אַ דעצידירנדיקע ראָל. דער ביישפּיל פון לאַטיין־אַמעריקע איז דאָ נישט אַזוי דעצידירנדיק, ווי דער פון די פאַראייניקטע שטאַטן. דאָרטן זענען מיר שוין אין דריטן און אָנהויב פון פערטן דור פון דער גרוי־סער יידישער אימיגראַציע. דער יידיש איז כמעט פאַרגעסן געוואָרן פון גרעסטן טייל פון דער יידישער־אַמעריקאַנער יוגנט. עברית האָט נישט געקענט פאַרגעסן ווערן, ווייל זיי האָבן עס נישט גערעדט און נישט באַ־נוצט. אָבער אַלס אַ פונקציאָנעלער כוח אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, אין רעליגיעזן און קולטורעלן אינהאַלט פון אַמעריקאַנער יידישן לעבן, האָט עברית נישט אויפגעהערט קיין איינמאָל צו שפּילן אַ וויכטיקע ראָל.

פיל בעסער איז די לאַגע אין די לענדער פון לאַטיין־אַמעריקע, ווו די אימיגראַציע איז אין דער איבערוויגנדסטער טייל א נייע און עס לעבט נאָך אַן די לענדער דער ערשטער דור פון די אימיגראַנטן. דאָס רע־ליגיעז־העברעאישע לעבן איז נאָך זייער פאַרוואָרצלט, און מיט דער אַנט־שטייונג פון מדינת ישראל וועט אין די לענדער זיין פיל לייכטער די פאַר־וואָרצלונג און צעמענטירונג פון דער העברעאישער שפּראַך.

עס איז דעריבער ריכטיק געשיכטלעך אָנצונעמען די פּערמאַנענץ פון דער העברעאישער שפּראַך אין לעבן פון פאָלק אין אַלע דורות און אין אַלע לענדער און קאָנטינענטן.

וואָס פאַר א פונקציע האָבן אויסגעפילט די אַרטיקע שפּראַכן אויף דער שאַפונג און קולטור־אַנטוויקלונג פון יידישן פאָלק? —

אין אור־אַלטערטום איז געווען די אַראַמישע שפּראַך די באַגלייטערין פון עברית. זי איז אָבער נישט געווען א פונקציאָנעלע שפּראַך נאָר ביי יידן אַליין. דאָ ליגט באַהאַלטן דער טיפער גרייז פון אַלע יידיש־פּאַרטיידי־קער, וועלכע נוצן אויס די אַראַמישע שפּראַך פאַר א באַווייז, אַז עברית איז קיינמאָל נישט געווען די אַליינהערשערין אין יידישן פאָלקס־לעבן. די אַראַמישע שפּראַך איז געווען א געמיינזאַם לשון פאַר אַלע פעלקער און שבטים וועלכע האָבן געלעבט און געשאַפן אין אור־און־קלאַסישן אַלטערטום אין נאָענטן מזרח. דאָס איז געווען א מין אוניווערסאַלע אומ־גאַנגס־שפּראַך. ארץ־ישראל איז געאָגראַפיש דעמאָלט, און אין א געוויסער מאָס אויך היינט, געלעגן אין „צענטער" פון דער וועלט. דורך איר זענען כסדר געגאַנגען הין־און־קריק מחנות פון וואַנדערנדיקע שבטים, קאַראַוואַ־נען פון סוחרים ווי אויך גרויסע ארמייען פון אשורישן־בבלישן־פּערסישן מזרח־צפון צום מצרישן דרום־מערב. ווי אַזוי זאָל נישט באַאיינפלוסן די גרויסע אינטערנאַציאָנאַלע אַראַמישע שפּראַך דאָס לעבן פון די יידן? די פונקציע פון אַראַמיש אַלס יידן שפּראַך איז נישט געקומען אויס אַן אינער־לעכע נויטווענדיקייט, נאָר איז געוואָרן אויפגעצוווּנגען פון געוויסע עקאָ־נאָמישע און פּאָליטישע אויסערלעכע באַדינגונגען. באַווייזן דערפאַר זע־נען איבעריק. דאָ חזרט זיך איבער דאָס זעלבע, — אָבער שוין אין א פיל שטאַרקער און איבערצייגנדיקער מאָס — וואָס מיר האָבן געזען קאַרגע דריי טויזנט יאָר שפּעטער אין דער השכלה־תקופה. ווען עס זאָל אמת־זיין, אַז אַראַמיש איז געווען אַזאַ געוואַלדיקער פאַקטאָר אין לעבן פון יידישן פאָלק אין דער מלכות־תקופה און אין דער צייט פון צווייטן בית־המקדש און נאָך זיין חורבן, — פאַרוואָס זענען אַנטשטאַנען די געוואַלדיקע יצירות

פון תורה, נביאים , כתובים און משנה אין עברית? די חכמים אין יענע תקופות זענען געווען גאונים, וועלכע האָבן פאַרשטאַנען ווי אַזוי צו בויען אַ פאָלק און שאַפן אַ רעכטלעכן סיסטעם וואָס זאָל דינען די לעבנס־אינטערעסן פון די פאָלקס־מאַסן. זיי האָבן זיך נישט אָפּגעהאַלטן פון איבערפּרעטירן די תורה, אַזוי ווי דאָס לעבן האָט געפאָדערט, און ווי די תורה האָט עס געשריבן און טאַקע געמיינט. אַ תורה ווערט נישט געשריבן אין אַ שפּראַכן־חלל. די ווערטער פון די נביאים, זענען נישט געזאָגט און פאַרצייכנט געוואָרן לדורות נאָר ווייל אַזוי האָט זיך פאַרגלוסט אַ קליינער צאָל גרויסע וואָרט־זאָגער פון פאָלק. נישט די תורה, און נישט די ווערטער פון די נביאים וואָלטן נישט געהאַט קיין קיום, אפילו קיין פּאָר געציילטע דורות נישט, ווען די העברעאישע שפּראַך וואָלט נישט געווען אַ וואָרצלדיקע און אייגנאַרטיקע דערשיינונג פון יידישן פאָלק, ווי עס זענען עס שפּעטער געווען די גריכישע און לאַטיינישע שפּראַכן אין קלאַסישן אַלטערטום.

אַ פילאָלאָגישער באַווייז פאַר דער וואָרצלדיקייט פון דער העברעאישער שפּראַך אין דער צייט פון דער אַראַמישער באַגלייטערין, אין די געוואַלדיקע רייכקייט, אַלזייטיקייט און גראַמאַטיקאַלע פּערפעקטקייט וואָס זי פאַרמאָגט שוין אין דער תנ"ך־תקופה. נאָר אַ לעבעדיקע שפּראַך, נאָר אַ צאַפּלדיק פאָלק, נאָר באַוווסטזיניקע און הויך אַנטוויקלטע פאָלקס־שיכטן, האָבן געקענט אויסטראָגן און שאַפן אַזאַ געוואַלדיקע פילאָלאָגיש־גאונישע יצירה. באַווייזן? איז דען נישט גענוג די פעסטשטעלונג, אַז קיין איין שפּראַך פון אור־אַלטערטום, קיין איין שפּראַך פון קלאַסישן אַלטערטום, איז נישט פאַרבליבן אין מויל פון דער מענטשהייט, און נאָר די העברעאישע שפּראַך אין די איינאַונאייניציקע וועלכע לעבט און האָט זיך אין לעצטן ציון־דור אַנטוויקלט צו אַ געוואַלדיקער הויך און פאַלט נישט אָפּ מיט גאָרנישט נישט, פון די שענסטע און אַנטוויקלסטע אייראָפּעישע שפּראַכן.

די געשיכטע־ און־קולטור־פאָרשער ווילן עס דווקא, — און אין אַ געוויסער מאָס זענען זיי נישט אומגערעכט, אָבער זיי נעמען עס אָן פון אַ פאַרגרייזטן אויסגאַנגס־פונקט, — אַז די יידישע תורה, די נביאים און כתובים, זענען געשריבן און רעדאַקטירט געוואָרן אין דער צייט פון עזרא און די שפּעטערדיקע אנשי כנסת הגדולה. דער היסטאָרישער אמת איז אַ ביסל אַן אַנדערער. די אנשי כנסת הגדולה האָבן געהאַט פאַר זיך דעם אינהאַלט, סטיל און אַפילו די גאַנצע צאָל ווערטער פון דער תורה און נביאים, און אפשר אויך אַ טייל פון כתובים, פאַרצייכנט אין באַזונדערע מגילות. זיי אַליין האָבן נאָר אויסגעפירט די גאָר וויכטיקע פונקציע פון סעלעק־

ציע און רעדאַקציע. דאָס מיינט, אַז אין דער תקופה פון מלכות יהודה און ישראל, זענען שוין געווען געניי פאַרצייכנט די תורה און די ווערטער פון די נביאים. דאָס איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש פון אָנגענומענעם „אמת". דאָס באַווייזט, אַז דער יידישער גייסט איז געווען אָריגינעל אין זיין יצירה־אויסדרוק און איז נישט „באַפּרוכפּערט" געוואָרן, — ווי עס ווילן עס די תנ"ך־פאַרשער, — דורכן בבלישן גייסט.

אָבער לאָמיר אָננעמען די צוויי הנחות: די פאַלשע און די ריכטיקע. ביידע זענען גוטע באַווייזן פאַר אונדזער טענה. די פאַלשע — זאָגט, אַז די תורה איז נישט נאָר רעדאַקטירט נאָר טאַקע אָנגעשריבן געוואָרן, פשוטו כמשמעו, דורך עזרא און די אנשי כנסת הגדולה. ווען מיר נעמען אָן, אַז דאָס איז ריכטיק, זענען געצוווּנגען די אָנהענגער פון דער הנחה אָנצונעמען אויך דעם ווייטערדיקן אויספיר, אַז אין לויף פון די אַנדערהאַלבן דורות פון גלות בבל, איז דאָרט געשען אַ משונהדיק מערקווירדיקע זאַך: דעם גייסט פון בבל האָט מען אַסימילירט, נאָר די שפּראַך פון יידישן פאָלק איז פאַרבליבן עברית. ווייל ווי וואָלט דען מעגלעך געווען צו שאַפן די גאונישע לינגוויסטישע יצירה פון תנ"ך ווען דאָס פאָלק, וואָס איז געווען אין בבל, וואָלט נישט געהאַט אויפגעהאַלטן די העברעישע שפּראַך אין איר פולער רייכקייט און פילפאַרביקייט פון אויסדרוק?

די ריכטיקע — זאָגט, אַז די יצירות זענען געשריבן געוואָרן אין דער אומאָהפּענגיקייטס־תקופה פון ביידע מלוכות, און אַז פון די מגילות האָבן עזרא הסופר און די אנשי כנסת הגדולה צענויפגעשטעלט, דורך כסדרדיקער סעלעקציע און זאָרגפעלטיקער רעדאַקציע, די הייליקע ספרים ווי מיר האָבן זיי באַקומען אין זייער דעפיניטיווער פאָרם ביז דעם היינטיקן טאָג. רעדאַגירן, איבערשרייבן און געווים אויך סטיליזירן אַזאַ געוואַלדיקע צאָל פון מקורות, — פון וועלכע זייער אַ גרויסע צאָל שריפטן זענען בלי ספק דערווייטערט געוואָרן, — און עס ברענגען ביז דער מדרגה פון איין שלמותדיק ווערק, האָבן געקענט טאָן נאָר געלערנטע, — און דאָס, אין זייער אַ גרויסע צאָל, — וואָס האָבן געקענט פּערפעקט די העברעישע שפּראַך. די געלערנטע האָבן זיכער די שפּראַך נישט געקענט בלויז פון די מגילות, נאָר זי איז לכל הדעות געווען אויך אַן אומגאַנגסשפּראַך אין יענער צייט. אין יענער תקופה פון אור־אַלטערטום איז נים געווען מעגלעך צו לערנען און אַנטוויקלען אַ שפּראַך דורך בלויז אַן אינטעלעק־

טועלן פאַרמעסט. די שפּראַך האָט פריער געמוזט זיין אַ ווירקלעכע אומ־גאַנגס־שפּראַך, כדי געלערנטע זאָלן קענען איר פּערפעקציאָנירן און פאַר־וואַנדלען, — אין פאַל פון דער העברעיִשער שפּראַך, — אין איינער פון די גאונישסטע פילאָלאָגישע דערגרייכונגען פון מענטשלעכן גייסט.

ביידע הנחות ברענגען אונדז צום זעלבן רעזולטאַט. אַרמית איז געווען די שפּראַך פון דער דאַמאָלסדיקער קולטורעלער וועלט, און האָט נישט געהאַט קיין שום ספּעציפישע נאַציאָנאַלע שייכות מיטן יידישן פאָלק. די איינציקע נאַציאָנאַלע שפּראַך איז געווען עברית, און אויסשליסלעך עברית, אין דער גאַנצער תקופה ווען יידן האָבן געלעבט אין ארץ־ישראל ביזן אָנהויב פון דריטן יאָרהונדערט פון דער היינטיקער צייט־רעכענונג (220 יאָר בערך), ווען עס איז פאַרענדיקט געוואָרן די דעפיניטיווע רע־דאַגירונג פון דער „משנה" דורך רבי יהודה הנשיא.

אַרמית ווערט דערהויבן צו אַ העכערער מדרגה אין בבל ערשט אין דער צייט ווען דאָרטן האָבן געלעבט קאָמפּאַקטע יידישע מאַסן. דאָרט ווערט אויך געשאַפן דער תלמוד אין אַ ספּעציפישן אַרמית, וואָס אונדזערע חכמים האָבן זייער געשמאַק פאַרבראָקט מיט עברית. עס איז שווער צו פאַרזיכערן וואָס די בבלישע און שפּעטער פּערסישע מאַסן האָבן גערעדט, אָבער דאָס איז זיכער געווען אַן אַנטוויקלטע כאַלדעיִש־סאַנסקריטיש־אַראַמישע שפּראַך. די יידן האָבן געשאַפן זייער ספּעציפישן אַרמית וואָס איז געווען געמישט מיט עברית. די יידיש־בבלישע פאָלקס־מאַסן האָבן זיכער גערעדט אָט דעם אַראַמיש וואָס די חכמים האָבן אין אים געשריבן דעם תלמוד. אָבער די העברעיִשע שפּראַך איז פאַרבליבן סיי ביי די חכמים, סיי ביים פאָלק, אַזוי צוליב דעם לימוד אַליין, וואָס האָט געפאָדערט טיפע ידי־עות אין תנ"ך, ווי אויך צוליב די פאַרבינדונגען מיט אַנדערע יידישע ישו־בים, וועלכע זענען פאָרגעקומען אויסשליסלעך אין עברית.

אַז דער אַראַמיש איז נישט געווען קיין וועזנטלעכע שפּראַך פון יידישן פאָלק, אפילו נאָך דער שאַפונג פון תלמוד בבלי, וועט זיין גענוג אָנצוווייזן, מיט וואָס פאַר אַ שנעלקייט די יידישע מאַסן זענען איבערגעגאַנגען צו דער אַראַבישער שפּראַך, נאָך די נצחונות פון איסלאַם אין נאָענטן מזרח,

אין צפון אפריקע און שפּאַניע.*) דאָס באַקרעפטיקט אונדזער הנחה, אַז ארמית איז גערעדט געוואָרן נאָר ווי אַ שפּראַך פון די פעלקער צווישן וועלכע מען האָט געוווינט, און נישט דערפאַר ווייל עברית איז פאַרשווענקט און ארויסגעשטויסן געוואָרן דורכן ארמית פון דער מויל פון די יידישע מאַסן.

מיטן אריינדרינגען פון אַראַביש אין יידישן פאָלק בליט אויף, פּאַראַ־לעל, די העברעישע שפּראַך. דאָ ווידער, איז שווער אָנצונעמען, אַז דאָס איז געשען נאָר דערפאַר, ווייל אַ געוויסע צאָל דיכטער און וויסנשאַפטלייט האָ־בן עס געוואָלט אַזוי. דאָס איז זיכער געווען אַ פּראָדוקט פון אַ באַפרוכפּע־רונג מצד דער אַראַבישער פּאָעזיע און וויסנשאַפט אויף אַ צווייטן פאָלק, וועלכער האָט געוווינט צוזאַמען מיט זיי, און האָט פאַרמאָגט זיין אייגענע שפּראַך. די שפּראַך איז שוין לאַנג נישט געווען ארמית. זי איז געווען עברית. עס איז איבעריק צו ברענגען ביישפּילן דאָ, צו וועלכער הויך עס האָט זיך דערהויבן אין דער ספרדישער תקופה די העברעישע שפּראַך. זי איז ווידער אַמאָל דערשינען מיט איר פולער שלמות'דיקייט צופּאַסנדיק, זיך אַזוי אומגעריכטערהייט, צו די נייע באַדינגונגען אין שפּאַניע.

מיר קענען פעסטשטעלן איין וויכטיקע זאַך: ארמית, טראָץ דעם וואָס זי איז פאַרבליבן די גרויסע שטודיום שפּראַך פון יידישן פאָלק פאַר לאַנגע יאָרהונדערטער, דורך דער שפּאַנישער תקופה און דורך די אַלע יאָרהונדערטער ביז היינטיקן טאָג, איז זי דאָך גלייך אַראָפּ פון דער אַרענע ווי אַ גערעדטע שפּראַך. נישטאָ קיין איין וויסנשאַפטלער, וועלכער זאָל באַווייזן, אַז יידן האָבן גערעדט ארמית אין שפּאַניע, אָדער אין אייראָפּע. מיר האָבן נישט קיין ספּעציעלע באַווייזן, און אפילו נישט קיין מאַטע־ריאַלן צו באַווייזן, וואָס פאַר אַ שפּראַך האָבן גערעדט די יידן פון שפּאַניע אין דער תקופה פון די ערשטע יאָרהונדערטער פון היינטיקער צייט־רעכע־נונג אין דער צייט פון דער ממשלה פון די מערב־גאָטן ביז דעם אָנקום פון די אַראַבער אויפן שפּאַנישן האַלב־אינדזל (711). איינס איז אָבער קלאָר, אַז די יידן האָבן נישט גערעדט קיין ארמית, געוויס נישט דעם

*) אַ גענוגנדיקער באַווייז דערפאַר, איז דער פאַקט וואָס דער גרויסער ר׳ סעדיה גאון, האָט שוין אין יאָר 933 אָנגעשריבן זיין עפּאָכע־מאַכנדיקע יצירה „אמונות ודעות“ אין אַראַביש און נישט אין תלמודישן אַראַמיש.

בבלישן, ווייל זיי זענען מיט אים געשיכטלעך נישט געווען פארבונדן. זיי האָבן זיכער גערעדט עברית מיט א צומיש פון א אָרטיקן דיאַלעקט, מסתמא אויך געמישט מיט א פעניקיש־סעמיטישן דיאַלעקט, ווייל די צורים און צידונים זענען געווען די הויפט־קאָלאָניזאַטאָרן פון די פּאָרטשטעט אופן שפּאַנישן האַלב־אינדזל.

מיר מוזן דערפון קומען צו דער הנחה, אז די העברעישע שפּראַך איז זיכער מיטגעבראַכט געוואָרן קיין שפּאַניע דורך די יידישע פאָלקסמאַסן וועלכע האָבן געוואַנדערט דורך צפון־אַפריקע אין טראָט פון די אַראַבישע נצחונות און זענען אָנגעקומען קיין שפּאַניע. דער היסטאָרישער פאַקט האָט זיכער באַקומען זיין באַקרעפטיקונג דורך דעם געוואַלדיקן אויפטו פון רבי חסדאי אבן־שפּרוט, וועלכער האָט איבערגעפירט אזוי פיל חכמים קיין שפּאַניע און געלעגט דאָרט דעם יסוד פאַר דער ספרדישער העגעמאָניע אין יידישן נאַציאָנאַלן לעבן פאַר די קומענדיקע יאָרהונדערטער.

די אַראַבישע שפּראַך האָט זיכער געהאַט זייער א טיפן איינפלוס אויפן יידישן לעבן, נישט ווייניקער ווי דער ארמית אין בבל. מיר טאָרן ניט פאַרגעסן, אז די גרעסטע יידישע יצירות („מורה נבוכים" פון רבנו משה בן־מימון; „הכוזרי" פון רבי יהודה הלוי; „תורת חובות הלבבות" פון רבנו יוסף בחיי אבן פקודה, נאָר אויסצורעכענען פון די רעפּרעזענטאַטיווסטע יצירות!) זענען געשריבן געוואָרן אין אַראַביש. די יידישע גאוניש גראַמאַטיקער (יהודה בן־דוד חיוג' און יונה אבן ג'נאח) האָבן פאַרפאַסט זייערע ווערק אין אַראַביש. גאָר וויכטיק איז אָבער די פעסטשטעלונג פון צינבערגן (זע דעם ערשטן באַנד, ערשטער קאַפּיטל), אז די ווערק פון די צוויי באַרימטע גראַמאַטיקער האָבן נישט געדינט פאַר דער גרויסער יידישער וועלט, ווייל זיי זענען געשריבן געוואָרן אין אַראַביש, און דאָס איז גאָר געווען די נישט־פּערפעקטע, אין וויסנשאַפטלעך אונטערשטעליקע „מחברת" פון מנחם בן־סרוק וואָס איז געווען דער קוואַל פאַר לערנען עברית אין גאַנצן מיטלאַלטער און אויך אין דער מאָדערנער געשיכטלעכער עפּאָכע ביז דער השכלה־תקופה בערך. דאָס באַווייזט צו וויפלטן מאָל, אז עברית איז געווען די שפּראַך פון די יידישע מאַסן און נישט ארמית. עברית איז פאַרבליבן די שפּראַך פון פאָלק און נישט גריכיש (טראָץ פילון האַלכסנדרוני'ס יצירות) נישט אראמיש, (טראָץ דעם תלמוד) און נישט אַראַביש. ווען מען האָט מורא געהאַט אין 14־טן יאָרהונדערט און שפּע־

טער, אז די גרויסע ווערק פון די ספרדישע גאונישע גייסטער זאָלן חלילה נישט גיין לאיבוד פון פאָלקס זכרון, איז געקומען די גרויסע איבערזעצונגס־ארבעט פון דער פאמיליע אבן־תבון, וועלכע האָט אונדז געגעבן אין א קלאָרן עברית די קאָמפּליצירסטע פילאָזאָפישע ווערק פון יענער גרויסער יידיש־אראבישער תקופה.

אויף דער ארענע פון דער יידישער געשיכטע איז אויפגעקומען יידיש ערשט אין אָנהויב פון 19־טן יאָרהונדערט. מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן די איבערגעטריבענע התלהבות פאר אָנהענגען די יידישע שפּראך היסטאָרישע כתרים וועלכע געהערן איר נישט. די גרויסע אנטוויקלונג פון דער יידישער שפּראך, שטייט זיכער נישט אויף א העכערער מדרגה ווי די אנטוויקלונג פון דער אראמישער שפּראך אינערהאלב דעם יידישן פאָלק. די יצירות וועלכע זענען געשאפן געוואָרן אין יידיש, זענען לכל הדעות נישט וויכטיקער ווי די וועלכע זענען געשאפן געוואָרן אין ארמית אָדער אין אראביש. געוויס האָט זיך אנטוויקלט א גרויסע ליטעראטור, א רייכע פּאָעזיע, א גרויסע פּרעסע, אָבער עס זענען געווען פיל גרויסע געביטן פון וויסנשאפט, וואָס יידיש האָט זיי נישט אָנגערירט. מיר האָבן נישט געהאט קיין אנטוויקלונג אין יידיש אויפן געביט פון פילאָזאָפיע, פון חכמת היהדות, פון רעכט, פון גענויע וויסנשאפטן, געביטן וואָס אין דער העברעישער שפּראך זענען זייער בארבעט געוואָרן אין דער זעלבער אויפבלי־תקופה פון יידיש. עס אונטערליגט נישט קיין שום ספק, אז יידיש האָט געשפּילט, און אין א טייל לענדער שפּילט זי נאך היינט־צו־טאָג, א וויכטיקע ראָל, אָבער מען קען איר בשום אופן נישט אויסשטעלן אויף דער זעלבער מדרגה ווי עברית און אָפּגעבן איר דעם זעלבן פּלאץ וואָס עברית האָט פארנומען, אין דער זעלבער צייט, אין לעבן פון יידישן פאָלק.

ווי פּאראדאָקסאל עס זאָל נישט קלינגען, איז היסטאָריש גענומען די אנטוויקלונג פון דער יידישער שפּראך א דירעקטער רעזולטאט פון דער אנטוויקלונג פון דער מאָדערנער השכלה־ליטעראטור אין עברית. נאָר די געוואלדיקע אנטוויקלונג פון דער העברעישער פּרעסע אין סוף פון 18־טן און אין גאנצן 19־טן יאָרהונדערטער איז געווען א פאָרבאדינג פאר דער שפּעטערדיקער אנטשטייונג פון א יידישער פּרעסע. פון דער ערשטער וואָכן־אויסגאבע פון משה מענדלסאָן און זיין חבר טוביה באָם („קהלת

מוסר") ביז דער ערשטער יידישער צייטונג, איז געווען אַ מהלך פון דורות.

נאָכמער. די יידישע שפּראַך אַנטוויקלט זיך ביים שוועל פון דער תקופה וואָס דער ציוניזם האָט אויפגעעפנט און אַזוי זיגרייך איצט דער־בראַכט צו אַ פּאָזיטיווער רעזולטאַט אין לעבן פון יידישן פאָלק. די וואָס האָבן געוואָלט, און ווילן נאָך הייַנט, אַוועקשטעלן די יידישע שפּראַך ווי אַן אייינאַונאַיינציקע נאַציאָנאַלע שפּראַך, ווייזן אַרויס אַ שלעכטן ווילן גע־נוי צו באַהאַנדלען היסטאָרישע פאַקטן און אַרויסציען פון זיי די נויט־ווענדיקע מסקנות. יידיש איז אַן אויסדרוק פון אַן אינעווייניקסטן אויס־שטראַל פון יידישער גייסטיקער יצירה. דאָס איז אַ גרויסע, איך וואָלט געזאָגט גאָונישע, דערגרייכונג אין לעבן פון אונדזער פאָלק. אָבער מיר איז זייער און זייער נאָנט די דעפיניציע פון „יידיש־קודש" וואָס מיר האָבן געהערט אין מעקסיקע פון דיכטער זישע וויינפּער. „יידיש, האָט ער מיר געזאָגט, וועט ווערן אַ קודש לשון, ווי עברית איז געווען ביז הייַנט (לויט אים נאָך!). צוויי מוטערס, וואָס וועלן אַמאָל זיצן ביים ברעג ים אין תל־אביב וועלן זיך באַרימען דערמיט, וואָס זייערע זין קענען יידיש, די אַלטע גלות שפּראַך פון די יידישע מאַסן". דאָס זענען געווען זיינע ווערטער, וועל־כע שמעלן מיט זיך פאַר אַ ריכטיקע אָפּשאַצונג פון דער היסטאָרישער צוקונפט פון דער יידישער שפּראַך.

ווען מיר וואָלטן נישט מיטגעמאַכט דעם שוידערלעכן חורבן־אייראָ־פּע, זאָגן אייניקע, אַז יידיש וואָלט נאָך פאַר לאַנגע יאָרהונדערטער געהאַט אַ קיום און וואָלט ווייט נישט איבערגעלאָזט דעם פּלאַץ פאַר עברית. איך מיין גאָר פאַרקערט. ווען די יאָדערדיקע פּוילישע און ליטווישע יידנטומס וואָלטן געלעבט הייַנט־צו־טאָג, וואָלט די העברעישע שפּראַך זייער גיך, מיט גיגאַנטישע טריט ממש, פאַרנומען דעם אויבנאָן אין יידישן פאָלקס־לעבן. די אַנטשטייאונג פון אונדזער מדינה וואָלט בייגעטראָגן דערצו אין אַ פיל גרעסערער מאָס.

מיר באַזירן עס אויף דער פשוטער הנחה, אַז אין פּוילן, דאָס וויגעלע פון דער יידישער שפּראַך, דאָס וויגעלע פון דער „פילאָזאָפיע", אַז יידיש איז די איינציקע נאַציאָנאַלע שפּראַך, דער פּלאַץ פון אַנטוויקלסטן יידישן שול־וועזן, אין דעם זעלבן פּוילן איז געווען פיל אַנטוויקלטער די העברעישע

שפראַך, די העברעישע ליטעראַטור און אַ פּשיטא שווין דער העברעישער שול־וועזן.

עס איז גענוג צו נעמען נאָר דאָס בוך פון ח. ש. קאַזדאַן, „די געשיכטע פון יידישן שול־וועזן אין אומאָפּהענגיקן פּוילן" — וואָס עס איז איבעריק אונטערצושטרייכן, אַז עס איז אַ טענדענציעז בוך, און באַמיט זיך בעיקר איבערצוגעבן די יידישע שול־באַוועגונג ווי דער יסוד פון דער גאַנצער יידישער דערציִונג אין פּוילן, — און נאָכקוקן נאָר די ציפערן פון די שולעס און צאָלן פון שילער, כדי איבערצייגן זיך אין דער ריכטיקייט פון דער דאָ אַרויסגעבראַכטער הנחה, אַז אין דעם „יידישסיטישן" כלומרשט פּוילן, האָט דאָך עברית געהאַט די אויבערהאַנט.

ווען מיר נעמען די יאָרן 1934-1935 אַלס באַזע פאַר דעם פּוילישן שול־וועזן, באַקומען מיר פאָלגנדיקע רעזולטאַטן:

| | טיפּ-שולע | „תרבות" | ציש"א |
|---|---|---|---|
| 1. | קינדערגערטנער | 72 | 11 |
| 2. | פאָלקסשולן | 188 | 86 |
| 3. | גימנאַזיעס | 8 | 2 |
| 4. | לערער־סעמינאַרן | 4 | 0 |

מען דאַרף נישט זיין קיין גרויסער סטאַטיסטיקער כדי זען דעם וועזנטלעכן אונטערשיד צווישן דעם העברעישן און יידישן שול־וועזן אין פּוילן. עס איז אָבער אויך וויכטיק אונטערצושטרייכן דעם אויסערגעוויינלעך וויכטיקן פאַקט, אַז דער העברעישער שול־וועזן איז געשטאַנען אויף זייער פיל מדרגות העכער, נישט נאָר קוואַנטיטאַטיוו, נאָר אויך קוואַליטאַטיוו ווי דער דער יידישער שול־וועזן. איך האָב דאָ ווייניק פּלאַץ צו באַווייזן די פעסטשטעלונג וועגן דער קוואַליטאַטיווער העכערקייט פון העברעישן שול־וועזן. עס וועט נאָר גענוגן אָנצווייזן אויף אייניקע עלעמענטן, וועלכע וועלן פעסטשטעלן די העכערקייט פון העברעישן שול־וועזן איבער דעם יידישן:

1. דער העברעישער שול־וועזן איז געווען אַ המשך פון לערנען אויף אַ סך געביטן אין די פריערדיקע דורות (תורה, נביאים, כתובים, משנה) אין ישיבות און אין חדרים, אין דער צייט ווען דער יידישער שול־וועזן האָט אָנגעהויבן אָן קיין שום טראַדיציע און האָט געמוזט זיך דורכברעכן אַ

וועג דורך זוכענישן און באַנייאונגען, וואָס האָבן זיך אָפּגערופן שווער אויף די דערציערישע דערגרייכונגען אין דער שולע.

2. די יידישע שפּראַך איז געווען זייער צוריקגעשטאַנען לגבי דער העברעישער. זי האָט נישט פאַרמאָגט קיין ריכטיקע גראַמאַטיק, אין דער צייט ווען די העברעישע שפּראַך האָט געהאַט איר לאַנגע גראַמאַטיקאַלע געשיכטע פון מנחם בן־סרוק און דונש בן־לברט ביז די נייסטע פאָרשונגען פון „וועד הלשון" אין ארץ־ישראל. עס איז איבעריק אונטערצושטרייכן די אונטערשטעליקייט פון אַ דערציונג אין דער נייער יידישער שפּראַך לגבי דער דריי־טויזנטיאָריקער העברעישער שפּראַך.

3. די ליטעראַטור וועלכע איז געשטאַנען צו דער דיספּאָזיציע פון די קינדער און די לערער איז געווען זייער אַ באַגרענעצטע און אַן אָרעמע אין דער יידישער שפּראַך און איז געווען אויסערגעוויינלעך רייך אין דער העברעאישער. יידיש האָט נישט געהאַט, און נישט געקענט האָבן די מינדעסטע פּרעטענזיע זיך צו פאַרגלייכן מיט עברית אויף די געביטן. די רעזולטאַטן אין די שטחים זענען בלי ספק געווען קוואַליטאַטיוו פיל העכערע און בעסערע אין העברעאישן שול־וועזן ווי אין יידישן.

4. די שול־ביכער זענען געווען בעסערע, פילצאָליקערע און זענען געשטאַנען אויף אַן העכערער מדרגה ווי די יידישע. די העברעישע לערן־ביכער האָבן געהאַט אונטער זיך אַ לאַנגע טראַדיציע, פון די ערשטע השכלה־צייטן, אין דער צייט ווען דער „פּאַך" פון שאַפן יידישע לערן־ביכער איז געווען אַ נייער און אָן קיין שום טראַדיציע.

5. דער העברעישער שול־וועזן אין פּוילן האָט געהאַט דעם גרויסן אָנשפּאַר פון ארץ־ישראלדיקן יידנטום און זיין שול־וועזן, מיט זיינע שול־ביכער, וועלכע זענען גלייך אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף אַזאַ הויכער מדרגה, פון וועלכער די יידישע שולעס אין פּוילן האָבן גאָרנישט געוואַגט צו חלומען. דאָס אַלץ האָט זיכער ביינעטראָגן צו דער קוואַליטאַטיווער הויך פון העברעישן שולוועזן לגבי דעם יידישן אין פּוילן.

6. דער העברעישער שול־וועזן האָט געהאַט אַ געוואַלדיקע באַזע און אָנשפּאַר אין רעליגיעזן יידנטום. דער חדר און די ישיבה זענען געווען נאָך אַלץ וויכטיקע טיילן פון דער יידישער דערציונג און די געוואַלדיקסטע ציילן פאַר דער געביידע פון דעם העברעישן שול־וועזן. יידיש האָט דעם אָנשפּאַר נישט געהאַט.

די פּאָר אַנגעוואָרפענע מאָמענטן גענוגן צו באַווייזן די ריכטיקייט פון דער פריערדיקער פעסטשטעלונג, אַז קוואַליטאַטיוו האָט דער יידישער שולוועזן אין פּוילן כּלל נישט געקענט זיך פאַרגלייכן מיטן העברעישן.

אָבער עס וועט זיין אינטערעסאַנט אונטערצושטרייכן, אַז „תרבות" האָט נישט אויסגעשעפּט דעם גאַנצן כּלל פון העברעישער דערציונג. עס וועט גענוגן, צו נעמען פון דעם זעלבן בוך פון קאַזדאַן די סטאַטיסטיק פון די חדרים און ישיבות, יבנה שולעס און בית־יעקב שולעס און אַנדערע טיפּן דערציונגס־אינסטיטוציעס, כּדי צו זען וואָס פאַר אַ קליינעם פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג עס האָט אַרומגענומען די דערציונג אין גייסט און אידעאָלאָגיע פון יידיש־לשון אין פּוילן. די דאָ געבראַכטע סטאַטיסטיק איז פון „דזשאָינט" באַריכט, פאַרן יאָרן 1936, און ווערט געבראַכט דאָ מיט אַ קליינעם שינוי וואָס פאַרפולקאָמט דעם באַריכט:

| אָרגאַניזאַציעס | צאָל שולעס | צאָל קינדער |
|---|---|---|
| ציש"א | 169 | 16.486 |
| „תרבות" | 269 | 44.780 |
| מזרחי־יבנה | 229 | 15.923 |
| חורב | 177 | 27.605 |
| חורב־ווילנע | 190 | 21.518 |
| ישיבות | 103 | 10.217 |
| ועד הישיבות | 64 | 5.724 |
| בית יעקב | 248 | 35.585 |
| „שול־קולט" | 16 | 2.343 |
| חדרים | 1500 | 40.000 |
| גמינע־שולן | 58 | 10.000 |
| ס"ה | 2023 | 180.481 |

דערפון לערנען מיר אַרויס זייער פיל, וועגן דעם קליינעם פּלאַץ וואָס די יידישע דערציונג האָט פאַרנומען אין פּוילן. די רעליגיעזע דערציונג האָט געהאַט די אויבערהאַנט. זי איז אָבער געווען אין תוך אַ העברעישע דערציונג. זאָלן נישט קומען די יידיש־אידעאָלאָגן, און אָנהענ־

נען די ישיבות א „יאָדערדיקן" יידיש. עס וואָלט געווען לעבערלעך אָנצו־ נעמען, אז די ישיבות, וועלכע האָבן געטייטשט אין יידיש, אזוי ווי אונד־ זערע זיידעס, מיט העכער פופציק פראָצענט העברעישע ווערטער, זאָלן עס זיין א „מקור" פאר יידיש־לשון. ווען מיר נעמען דעריבער צענויף דעם העברעיש־וועלטלעכן („תרבות"), דעם העברעיש־רעליגיעזן („יבנה") און דעם העברעיש ישיבות־הדרים שול־וועזן, זען מיר די ריכטיקייט פון דער הנחה, אז דאָס פוילישע יידנטום איז געווען אַן אומאויסשעפּבאַרער קוואַל פאר העברעישער דערציונג און איז געשטאַנען אידייאיש אויף דער באַזע פון שיבת־ציון און איז געווען כרחוק מזרח ממערב פון אויפנעמען די טעאָריע פון „נצח יידיש לא ישקר".



נאָך דעם קורצן היסטאָרישן איבערבליק, וועט זיין גרינגער צוגיין צו דער דערציאונגס־פראַגע אין די לענדער פון גלות, און גאָר ספּעציעל אין די לענדער פון לאַטיין־אַמעריקע, א זאַך וואָס אינטערעסירט אונדז דאָ אין דער ערשטער ריי. מיר דאַרפן געוויס נעמען אין באַטראַכט געוויסע באַזונדע־ רע אומשטענדן אין די פאַרשידענע לענער פון לאַטיין־אַמעריקע, אָבער טראָץ די פאַרשידענע כאַראַקטער־עלעמענטן, איז דאָס לאַטיין־אַמעריקאַ־ נער יידנטום איין געשיכטלעך־סאָציאַלע שלמות.

די אימיגראַציע איז אין לאַטיין אַמעריקע מיטן אויסנאַם פון אַרגענ־ טינע און טשילע, כמעט פון ערשטן דור. מעקסיקע, קובא, ווענעזועלאַ, קאָלאָמביע און עקוואַדאָר זענען גאָר נייע ישובים, וועלכע ווערן אָנגעפירט דורך געזעלשאַפטלעכע עסקנים וואָס זענען שוין געווען טעטיק אין דער אַלטער היים אויף פאַרשידענע געביטן פון יידישן לעבן. דער צווייטער דור וואַקסט איצט אונטער. אין בראַזיל האָט דער צווייטער דור פיל גיכער פאַר־ וואָרפן די יידישע שפּראַך. אין מעקסיקע און אַלע אַנדערע לענדער גייט עס צו א ביסל שווערער. אין מעקסיקע פירן מיר נאָך א ביטערן קאַמף אויפ־ צוהאַלטן דעם יידיש אין די מיילער פון אונדזערע קינדער, אָבער עס איז שווער צו זאָגן, אז מיר גייען אויף א זיגרייכן וועג.

וועלכע זענען די סיבות פון דער לאַגע? מען קען אויסרעכענען זייער פיל פּרטים, ווען מיר וואָלטן נאָר זיך געוואָלט גריבלען אין דריט־און־ פערט־ראַנגיקע עלעמענטן. דאָס רופט מען זייער אָפט אַן „וויסנשאַפטלע־ כער אַנאַליז", אָבער דאָס איז גיכער „וויסנשאַפטלעכע פאַרטומלונג" און

אַ רעדעריי אָן אַ סוף. דאָס געזונטסטע איז, אין סאָציאַלע פראַגן, אָננעמען די פּראָבלעם ביי די הערנער.

אין די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער וועט זיך נישט איבערחזרן דער שפּאַנישער פּראָצעס פון טויזנט יאָר צוריק. אונדזער יינגער דור איז אָפּ־געריסן פון לעבעדיקן קולטור־קוואַל פון אונדזער פאָלק. דאָס קולטור־לעבן אַרום אונז די געוואַלדיקע לייכטקייט פון דער אַרומיקער ציוויליזאַציע, וואָס מאַכט אַזוי גרינג דאָס לעבן און ווישט אַוועק אַלע פּראָבלעמען וואָס פאַר־אומערן דעם געמיט, נעמען צו ביי אונדז בזרוע נטויה די קינדער. נישט אומזיסט האָבן אונדזערע קינדער פיינט מענדעלע מוכר־ספרים. ווי האָט מיר אַמאָל איבערגעגעבן אַ זייער אינטעליגענטער לערער דאָהי אין מעקסי־קע, אַז די קינדער וואָס האָבן געלערנט ביי אים אין אַ העכערן קלאַס, האָבן אים געזאָגט, אַז דאָס וואָס מענדעלע שילדערט אין זיינע ווערק איז „ריינער אַנטיסעמיטיזם". די קינדער קען מען נישט חושד־זיין, אַז זיי ווילן נישט וויסן פון אַמאָליקע יידישע צרות. די פראַגע איז ביי זיי פיל טיפער און גלייכצייטיק פיל פּשוטער: זיי באַנעמען עס נישט. דאָס אַמאָליקע יידיש לעבן אין די שטעט און שטעטלעך פון פּוילן און רוסלאַנד אין 19־טן יאָרהונדערט, געפינט זיך פאַר זיי אויף דעם זעלבן היסטאָרישן שטח ווי דאָס שפּאַנישע יידנטום אין 11־טן אָדער 12־טן יאָרהונדערט. עס איז אַ פאַרגאַנגענהייט וואָס האָט לחלוטין גאָרנישט נישט צו טאָן מיט זייער הייניטיקן לעבן און דענקען. דאָס קען און דאַרף געלערנט ווערן ווי געשיכטע, אָבער פאַרוואַנדלען עס איז אַ וויזיע פון אַ היינט פאַר זייער לעבן, קוקט ביי זיי אויס משונהדיק און ווילד. עס וואָלט געווען דאָס זעלבע, ווען מען וואָלט געהייסן דעם על־טערן יידישן דור, זיך צוריקקערן צום שטייגער לעבן פון פּראָג אין מהר"לס צייטן, וווינען אין די זעלבע הייזער און דענקען מיט די זעלבע טערמי־נען ווי זיי דאַמאָלסט.

וואָס גיבן מיר דען די קינדער אין דער יידישער ליטעראַטור? גיבן מיר זיי דען אַ צוקונפטס־וויזיע? ניין! מיר פאַרהאַמערן פאַר זיי די וועלט און עפענען אויף אַ שמאָל טירל צום שטעטל פון סוף 19־טן און אָנהויב 20־טן יאָרהונדערטער און זאָגן צו די קינדערלעך: כזה ראה — וקדש!" איז טאַקע דאָס שטעטל געווען אַזאַ אידעאַלער יידישער פּלאַץ? זענען מיר דען אַלע אַזוי געווען פאַרקניפּט און פאַרשלייערט מיט אונדזערע שטעטלעך אַז מיר האָבן כלל נישט געוואָלט פון זיי אַרויס? פאַרוואָס ווילן מיר אַריינ־שטופּן דאָרט פּסיכיש אונדזערע קינדערלעך? און וואָס איז די אַלטע יידי־

שע ליטעראַטור, אויב נישט קיין גלאָריפיצירונג פון יענעם יידישן שטייגער, יענע יידן אין יענעם אָרט לעבן און דענקען!

געוויס, איז דער איינציקער גאון פון דער יידישער ליטעראַטור שלום־עליכם. ער איז דער אָריגינעלסטער, דער איינציקער, דער אומפאַרגלייכבאַרער מיט שיטות, שולעס און טענדענצן אין דער יידישער און אייראָפּעאישער ליטעראַטור. די קינדער האָבן ליב צו לערנען שלום עליכם. עס איז נאַטירלעך און ריכטיק. שלום עליכם איז זייער אָריגינעל און דערצו אויך אַ הומאָריסט. קינדער האָבן ליב הומאָר. קינדער פרייען זיך מיט די שילדערונגען און די טיפּן וואָס ער ברענגט אַרויס. אָבער וואָס באַקומען מיר ביים לערנען שלום־עליכם? האָבן מיר באַמערקט ביי אונדזערע קינדער דאָס גרויסן זיך מיט זיינע העלדן? לאָכן ניט אַמאָל די קינדער צוליב די שלימזלדיקע סך־הכל׳ען פון דער גרעסטער טייל פון שלום־עליכמ׳ס אומבאַהאָלפענע יידן? איז נישט אַמאָל די אומבאַהאָלפנקייט און די לעבנס־צעטומלעניש דער גרונט־שטריך פון שלום־עליכמס וועלט? געוויס — מיר באַגרייפן איר תוכ׳יק. מיר זען אין איר דעם טיפּ־ייד פול מיט תמימות און גלויבן אין זיין כפול־שמונה־בטחון, וואָס טרייבט אים פון איין מכשול צום צווייטן און דאָך הייבט ער זיך תמיד אויף און גייט ווייטער דעם וועג מיט אַ בטחון־שמייכל אויף די ליפּן און מיט ביטול צו אַלץ אַרום וואָס „האָט זיך פאַרנומען אויף אים". מיר באַגרייפן עס אין טיפערן זין. האָבן מיר דען אָבער נישט באַמערקט, אַז אונדזערע קינדער זענען נישט ביכולת עס צו באַנעמען אין דער זעלבער פאָרם ווי מיר? געוויס האָבן מיר עס געזען און נישט איינמאָל שוין פעסטגעשטעלט.

היינט די פּראָבלעם פון דער שפּראַכן־פראַגע אין דער ליטעראַטור. דערמיט וואָס מיר האָבן זיך באַגרענעצט נאָר אויף יידיש, האָט דערפירט דערצו, אַז אינצווישנצייט האָבן מיר אונטערגעשניטן דעם צווייג אויף וועלכן מיר זענען געזעסן. ווי אומגליקלעך פילט זיך אַ לערער, ווען ער דאַרף לערנען עפּעס פון מענדעלי מוכר־ספרים, מיט זיין געוואַלדיק העברעיזירטן יידיש. ווי אומגליקלעך פילט זיך אַ דערציער, ווען ער וויל פאַרטייטשן, גלייך ביי די ערשטע שורות, די פסוקים פון „טוביה דער מילכיקער" ביי שלום־עליכם. דער יידישער שולוועזן אין פוילן האָט נישט געהאַט די פּראָבלעמען. די קינדער וועלכע זענען צו אים געקומען, האָבן געלעבט אין דער העברעישער אַטמאָספער און אין דער וועלט פון די פּסוקים וואָס טוביה דער מילכיקער „זעצט". מיר דאָ, געפינען זיך אין נייע

באַדינגונגען, וועלכע פאָדערן א נייעם צוגאַנג, א נייע אויפפאַסונג, א נייע דידאַקטיק, א נייע ליטעראַרישע קרעסטאָמאַטיע, א נייע טעמאַטיק, מיט איין וואָרט, אַלץ ניי, ספּעציפיש, צוגעפּאַסט צו די נייע ענדערונגען אין לעבן פון אונדזערע קינדער און זייער סביבה און דעריבער אויך צו די נייע פּסיכאָלאָגישע אויסבילדונגען וועלכע זענען ביי זיי פאָרגעקומען. איז נישט אמאָל פאַראַן ביי אונדזערע עלטערן, כ'מיין ביי די וועלכע שטיי־ען נאָך מיט ביידע פיס אין דער פּויליש־רוסיש־ליטוויש־רומעניש׳ער וועלט, א געפיל אז עס איז פאַראַן א מחיצה צווישן אַרט דענקען, אינטערעסן און אופן פון לעבן, צווישן זיי און זייערע אונטערגעוואַקסענע קינדער אין מעקסיקע? געוויס איז עס פאַראַן, נאָר עס איז גאָר נישט לייכט עס צו דעפינירן און אַוועקשטעלן אין קלאָרע זאַצן פאַר די אויגן. דאָס איז די פּראָבלעם, דאָס איז די גרונט־פראַגע פון אונדזער דערציאונגס־וועג. דאָ ליגט דער שליסל אויף צו געפינען נייע וועגן, בעסערע מעטאָדן, כ'וואָלט גע־זאָגט, ריכטיקערע מעטאָדן, פאַר דער נייער דערציונג וואָס דאַרף געגעבן ווערן סיי אין די לענדער פון לאַטיין־אַמעריקע, און — „מוטאַטיס מו־טאַנדיס" — אייך פאַר די יידן אין די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע. ווייל אין אן אויסגעטראָטענעם וועג איז זייער לייכט צו גיין. אין אן אויסגעטראָטענעם וועג איז זייער אָנגענעם צו גיין. מען קען אפילו פאַ־זירן ווי אן אַפּהיטער פון עבר און פון תוכ'יקער יידישקייט. דער אמת איז גאָר אן אַנדערער. מען גייט אויף אן אויסגעטראָטענעם וועג פאַרן איי־גענעם „איך", פאַר דער איינענער אויפפאַסונג פון יידישן לעבן, און מען פאַרגעסט זיך אומצוקוקן הינטער זיך צו זען אויב דער יינגער יידישער דור גייט מיט. האָבן נישט דערציער און שול־עסקנים אמאָל דעם געפיל, אז עפּעס בלייבן אונדזערע קינדער הינטערשטעליק אין דעם וועג אווו מיר פירן זיי? איז נישט לעבערלעך דער ויצעקו־מעטאָד וואָס אייניקע יידישע זשורנאַ־ליסטן אין מעקסיקע פלעגן אָנווענדן נאָך דאָ ניט לאַנג, אז בכן די יוגנט אונדזערע „טויג־ניט", „פאַרשטייט נישט" און „רייסט זיך אָפּ" פון אונ־דזער יידישן זיין? זענען נישט פאַראַן אויך גרינג־פעדערדיקע יידישע זשורנאַליסטן ביי אונדז, אין רעכטן מיטן פון יאָר 1951, וועלכע בינדן אָן אַלע געוויכטער, אַלע קייטן ביים פּוס טראָט־ פון אונדזערע קינדער, שרייבן זיי צו אַלדאָס בייז און אַלדאָס־שלעכטס. און זען אין אונדז אַליין, אין עלטערן דור פאַראַנטוואָרטלעכע יידן און עסקנים, דאָס בעסטע און

דאָס שענסטע? האָבן זיי זיך אַמאָל ניט געפרעגט, צי דער וועג אין וועלכן מיר פירן זיי איז הונדערט פּראָצענט דער ריכטיקער? האָבן זיי טאַקע ניט אַ קאַפּעטשקע מוט צו זאָגן זיך אַליין, אַז אויך מיר טראָגן די שולד פאַר געוויסע רעזולטאַטן און דערשײַנונגען? מיר זענען דאָך די וועג־ווייזער, מיר די דערציער, מיר די גייסטיקע מנהיגים פון יינגן דור — וווהין פירן מיר אים? וואָס פאַר אַן אידעאַל האָבן מיר געגעבן אונדזער שול־יוגנט אַוווּ איז דער נאַציאָנאַלער אינהאַלט וואָס מיר האָבן מיט אים געשפּייזט אונדזערע קינדערלעך?

האָבן מיר אַמאָל נישט געזינדיקט מיט צופיל נצח־יידיש? מיט צופיל נצח - גלות? מיט לאַטיין - עבר? האָבן מיר נישט צופיל גענומען פאַרעדן זיך אַליין די מוחות מיט „איינגעוואָרצלטקייט” אין די נייע לענדער פון לאַטיין־אַמעריקאַנישן קאָנטינענט?

איך וויל נישט דאָ אַריינגיין אין אַ ברייטערע אָפּהאַנדלונג, וואָס עס מיינט, איינוואָרצלען אַ ישוב, לעבן און שאַפן, וואָס איז כרחוק מזרח ממערב, פון זען אין דער איינגעזעסנקייט, אַן אידעאַל, אַ צוקונפט פאַר יידישע דורות, און פאַר יידישער קולטור ווי בכלל פאַר יידישן נאַציאָנאַלן אויפבלי. דאָ ליגט דער גרויסער טעות וואָס דערציער און שול־עסקנים האָבן געמאַכט, און דאָ ליגט די גרונט־אויפגאַבע צו זוכן די אמתע וועגן פאַר אונדזער דערציונג, זי זאָל ווערן אַ שלמותדיקע, אַן עפעקטיווע, אַ פּרוכט־טראָגנדיקע און אַ נאַציאָנאַל־געזונטע. אויב מיר האָבן געקענט דערציען יידישע דורות פון חורבן ירושלים ביז חורבן אייראָפּע, אויף פאַרשידענע קאָנטינענטן און אין באַזונדערע קולטורן, שפּראַכן און ספּעציפישע עקאָנאָמיש־פּאָליטישע באַדינגונגען, קענען מיר זיכער אויך געפינען דעם ריכטיקן וועג פאַר דער דערציונג פון אונדזער היינטיקן יינגן דור אין די נייע באַדינגונגען אין וועלכע מיר לעבן.

וואָס דאַרף זיין דער וועג פון אונדזער דערציונג?

אויף דער פראַגע וויל איך דאָ געבן קורצע ענטפערס.

מיר געפינען זיך אין די פּאָזיטיווסטע באַדינגונגען אין וועלכע עס האָבן זיך בכלל ווען עס איז געפונען יידן אין גלות אין לויף פון אונדזער נאַנצער גלות־געשיכטע. מיר האָבן מדינת ישראל. אונדזערע קינדער זענען געוואָרן פּסיכיש באַפרייט פון אַ קאָשמאַר, פון אַ מינדערווערטיקייט־געפיל. אין היינטיקער צייט, איז אַזאַ מינדערווערטיקייט געפיל אַ געפּערלעכע זאַך. אַמאָל, אין די אָפּגעשלאָסענע „יידן־גאַסן”, האָבן מיר געהאַט

נאָר פאַרקערט, אַז „אתה בחרתנו"־געפיל. מען קען זאָגן וועגן דער דער־שיינונג וואָס מען ווייל, אָבער עס איז אַ פאַקט, אַז עס איז געווען אַ גע־וואַלדיקער ביישטייער פאַר יידישער אמונה אין מאָרגנדיקן נצחון פון אייגע־נער נאַציאָנאַליטעט און יידישן אומאָפּהענגיקן און גערעכטן קיום. אין דער הייַנטיקער וועלט איז די „יידן־גאַס" פאַרשוווּנדן. די אויסערלעכע וועלט האָט צעריסן די רייפן אַרום אונדז. די פּאַס פון דער „יידן־גאַס" איז צוזאַ־מענגעפאַלן געוואָרן. אונדזערע קינדער לעבן אין אַ פרייער וועלט. זיי זען די וועלט און די צושטאַנדן מיט „נאָרמאַלע גוישע" אויגן. די אַנטשטיי־אונג פון מדינת ישראל, האָט זיי גייסטיק געשטאַרקט אין אַזאַ מאָס, וואָס מיר באַגרייפן עס אפשר נאָכנישט גענוי אין איצטיקן מאָמענט. מיר קע־נען זיך קוים פאָרשטעלן, וואָס דער פאַקט האָט געגעבן אונדזערע פאַר־שפּאַנישטע און פאַרלאַטיינישטע קינדער.

די יידישע דערציונג אין אַלע לענדער פון דער יידישער צעשפּרייטונג דאַרף זיך קאָנצענטרירן אַרום אַ געזונטער גולה־פּסיכאָלאָגיע. איך וואָלט עס דעפינירט אַזוי: אָפּשאַפן דעם „גלות־געפיל" און פאַרפעסטיקן דעם „גולה־געפיל".

דער אונטערשיד איז אַ וועזנטלעכער. דער „גלות־געפיל" איז געווען אַ וועלט־באַנעם וועלכער האָט געפּריידיקט די אויבערהאַנט פון יידישן גלות־לעבן איבער קאָנצענטרירטן נאַציאָנאַלן לעבן אין אַן אייגן לאַנד. דער גלות איז דער אייגנטלעכער זין פון אונדזער עקזיסטענץ. אין אים קומט צום אויסדרוק דער ספּעציפישער כאַראַקטער פון יידישן פאָלק.

דער „גולה־געפיל" אָבער פאַרוואַנדלט אונדזער יוגנט צוריק אין גאַנ־צע יידן. זיי זענען פּאָטענציעלע בירגער פון אַ לאַנד וואָס לעבט און שאַפט, נאָר זיי זענען דערווייל איינוווינער פון אַ צווייט לאַנד. עס איז דער חוב פון יעדן יידישן יוגנטלעכן צו קענען זיין לאַנד, זיין שפּראַך, זיין קולטור און ער דאַרף שטרעבן דאָרט צו זיין און לעבן אַ געוויסע צייט, אויב נישט בכלל דאָרט אַריבערפאָרן אויף זיך צו באַזעצן.

דאָס אַליין עפנט פאַר אונדז דעם ריכטיקן וועג פאַר דער דערציונג פון דער יידישער יוגנט אין די גולה־לענדער ואידך זיל גמור. אויב מיר שטעלן אַוועק דעם יידישן שול־וועזן אין דער ליכט, האָבן מיר פאַרענטפערט אַלע פראַגעס. די רעזולטאַטן וועלן מוזן זיין פּאָזיטיווע און די בעסטע אויף וועלכע מיר קענען נאָר האָפן אין די געגעבענע באַדינגונגען.

מדינת ישראל וועט דאן שטיין אין צענטער פון דער דערציִערישער אידעאָלאָגיע און דידאַקטיק. עברית וועט ווערן די הויפּט־שפּראַך פון אונזער דערציִונג. מיר וועלן איינפירן פאַר יעדן תלמיד און תלמידה א יאָר לעבן אין ישראל, נאָכן פאַרענדיקן די פאָלקס־שול אָדער די מיטל־שול, וואָס וועט אונדז ברענגען צוריק יאָריערלעך צענדליקער יידישע קינדער וואָס וועלן רעדן אַ גוטן און פּערפעקטן עברית, נאָך דער צוגרייטונג וואָס זיי וועלן באַקומען אין אונדזערע היגע שולעס. מיר וועלן אין גאַר א קורצער צייט קענען אוועקשטעלן דעם לימוד אויף עברית בעברית און זען דאָס וואונדער, אַז קינדערלעך וועלן רעדן אין גאַס עברית. עס איז זייער שווער צו גלויבן אַז מיר וועלן קענען באַווייזן אונדזערע קינדער זיי זאָלן רעדן מיט שטאָלץ יידיש, אָבער עס איז נישט פאַראַן ביי מיר דער מינדסטער צווייפל, אַז די קינדער וועלן רעדן עברית מיט ליבע, שטאָלץ און באַגייסטערונג אין די גאַסן פון אַלע שטעט אין לאַטיין־אַמעריקע. דער לימוד פון תנ״ך וועט באַקומען זיין תיקון. ער איז אַטראָפּירט געוואָרן אין דער יידישער איבערזעצונג פון יהואש, ווי אויך פון דאָס לערנען נאָר אגדות אין יידיש (מיט העברעישע פּסוקים) וואָס האָט אַטראָפּירט איינע פון די אָריגינעלסטע און מקור׳דיקסטע יצירות פון יידישן געניוס. תנ״ך אָבער קען מען לערנען נאָר דאַן ווען די שפּראַך וועט ווערן אַ לעבעדיקע אין דער מויל פון שילער און שילערין. דער וואָס לערנט תנ״ך אָן עברית־קענטעניש, שעפּט וואַסער מיט א זיפּ. היינט וועט אויך באַקומען זיין תיקון, ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל נישט אויסקוקן, אויך דער לימוד פון יידיש און יידישע ליטעראַטור. די קינדערלעך וועלן רעדן אַ זאַפּטיקערן, קערנדיקערן יידיש, ווען זיי וועלן קענען נוצן די ריכטיקע העברעישע אויסדרוקן ביים רעדן. אויך די יידישע ליטעראַטור וועט אויפגעבויט ווערן פון עברית. מיר וועלן און מיר דאַרפן צוהיטן אין אונדזער גולה־שולעס די יידישע שפּראַך, אַזוי לאַנג ווי זי דינט נאַציאָנאַלע אינטערעסן און שטעלט מיט זיך פאָר א נעוואַלדיקע קולטורעלע דערגרייכונג פון די יידישע ישובים אין מזרח־אייראָפּע. לעבן עברית, וועט יידיש שפּילן א וויכטיקע ראָל אין דער ווייטערדיקער אנטוויקלונג פון אונדזערע ישובים און די איינפלאַנצונג פון מקורדיקע עלעמענטן אין די הערצער און נשמות פון אונדזערע חניכים.

דער אומגליק באַשטייט נישט אין דעם, וואָס אונדזערע קינדער רעדן שפּאַניש. דאָס איז נאַטירלעך און פאַרשטענדלעך. דער אומגליק הייבט

זיך אַן נאָר דאַמאָלט, ווען שפּאַניש ווערט די עקסקלוסיווע רייד־שפּראַך פון אונדזערע קינדער. שפּאַניש וועט נישט זיין די שטערונג, ווי אַראַביש איז עס ניט געווען זיינערצייט, פאַר אונדזער נאָרמאַלער אַנטוויקלונג און אונד־זערע דערציערישע דערגרייכונגען, ווען מיר וועלן געזונט מאַכן אונדזער דער־ציערישן וועג. די געזונט־מאַכונג ליגט נאָר אויפן איינאונאיינציקן שטח פון פאַרוואַנדלען פּסיכאָלאָגיש, קולטורעל און דערציעריש אונדזער ווירקלעכקייט פון אַ גלות־אויפפאַסונג אויף אַ גולה־ווירקלעכקייט. דערגרייכן מיר דאָס, וועלן אונדזערע קינדער אויך האָבן אַן אייגענע געאָגראַפיע, דעם לימוד פון ידיעת־הארץ, מיר וועלן אויך האָבן אונדזער נאַציאָנאַלע רעוואָלוציע, דעם לימוד פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און איר געשיכטע, מיר וועלן אויך האָבן אַן אייגענע „פלאָראַ און פאונא", אַן אייגענע באָטאַניש־יידישע וועלט, אזוי צו זאָגן, וואָס וועט זיין די געוויקסן־און־חיות וועלט פון מדי־נת ישראל. עס וועט אַנטשטיין אַ נייער צוגאַנג צום יידישן זיין, צום יידישן קאַמף פאַר קיום, עס וועלן געגעבן ווערן פיל מיטלען און אָנגריף־געוועהר אין די הענט פון יידישע לערער, זיי זאָלן קענען אַרויסברענגען פאַרן יידי־שן קינד אין די גולה־לענדער אַ גייע גרויסע וויזיע פון אַ יידישער וועלט, מיט אַן אייגענעם יידישן קיום, גרויסע פּאַרמעסטן און דערגרייכונגען, וואָס וועלן אָנפילן יעדעס הערצעלע מיט גליק־געפילן. דאַן וועט אויפבליען דאָס שענסטע אויף וואָס מיר בעטן, די בלום פון טיפער ליבע צום פאָלק און צום לאַנד. דאַמאָלט וועלן מיר קענען גיין רואיק אין אונדזער וויטערדיקן געשיכטלעכן וועג ווייל מיר וועלן וויסן, אַז עס איז צוריק געשאַפן געוואָרן די שלמות צווישן עם ישראל און מדינת ישראל.

# דער גרויסער מאָלער



י. פיין

(דערציילונג)

נאָך אין פּוילן האָט ער געהערט פון דעם נאָמען. ס׳איז געווען לאַנג, מיט אַ סך יאָרן צוריק. נח איז דאַן געווען אַ סטודענט פון דער קונסט־אַקאַדעמיע. טאָג־איין, טאָג־אויס איז ער געגאַנגען צו דער גרויסער, פאַר־פרוירענער אַקאַדעמיע געביידע. גאָר אַמאָל איז דאָרטן געווען אַ קאָנוועגט און נחן האָט זיך געדאַכט, אַז אַפילו איצט, נאָך אַן אַפּפלוס פון עטלעכע צענדליק יאָר, באַוועגן זיך נאָך אַלץ איבער די שאָטנדיקע קאָרידאָרן, ביי־נערדיקע קלויסטער־ברידער. אויך די פּראָפעסאָרן האָבן, אין נחס אויגן, אויסגעזען ווי איבערגעטאָענע מאָנאַכן. שטילע, מיט פאַרגליווערטע שמייכ־לען אויף די ליפּן, האָבן זיי זיך געשאַרט איבער די זאַלן. פון צייט צו צייט פלעגן זיי צושליכן צו אַ סטודענט, אַזוי ווי ארומשמעקן זיין אַרבעט, צו־וואַרפן אַ פּאָר צופעליקע ווערטער און פאַרשווינדן. זיי האָבן קיינמאָל נישט אַריינגעקוקט קיין סטודענט אין די אויגן. זייערע שטימעס האָבן געהאַט אַ בלינדן אַפּקלאַנג און זייערע טריט האָבן דערמאָנט אין שאָרך פון אַראָפּ־געפאַלענע בלעטער.

אין דער גאַנצער געביידע האָט זיך בלויז איין צימערל אַנטקעגנגע־שטעלט דעם גייסט פון האַרבסט און אָרדענונג. דאָס דאָזיקע צימערל האָט זיך געפונען אויפן דריטן שטאָק. די לאָמפּן האָבן דאָרטן געלויכטן העלער, ווי אין אַלע זאַלן און די סטודענטישע ברילן פלעגן דאָרטן פאַרלירן זייער ווייסן, גלייכגילטיקן שימער. טייערער, ביבליאָטעק צימערל, נח האָט אים קיינמאָל, אין זיין שפּעטערדיקן וואַגל, נישט געקענט פאַרגעסן. זשורנאַלן פון דער גאַנצער וועלט, פראַגמענטן פון וואונדערלעכע גרוסן, זענען געלעגן

דאָרטן צעוואָרפן איבער די טישן. און טאַקע אין איינעם פון די זשור־נאַלן האָט נח צום ערשטן מאָל דערזען דעם נאָמען פון גרויסן מאָלער, וואָס וווינט ערגעץ ווייט, אין אַ הייס, פאַנטאַסטיש לאַנד, און מאָלט אויף זוענט פון עפנטלעכע געביידעס. אין זעלבן זשורנאַל זענען אויך געווען רעפּראָדוקציעס פון דעם מאָלערס פרעסקאָס.

פון דעמאָלט אָן האָט נח דעם אויסטערלישן קינסטלער מער נישט געקענט פאַרגעסן. נח האָט שוין פון לאַנג געפילט, אַז קונסט איז נישט קיין שטיינערנער קלויסטער, נאָר גיכער אַ ווילד צעוואַקסענער וואַלד, און כאָטש ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אין דעם דאָזיקן באַגריף איז דאָ מער בענקשאַפט נאָך עפּעס, ווי קלאָרע דערגרייכונג, איז אים דאָך גוט געווען צו טראַכטן, אַז ער איז נישט צופרידן מיט זיינע פּראָפעסאָרן, אַז ער איז יונג און, אַז ער וועט אַמאָל באַטרעטן אַ נייעם, אומבאַקאַנטן וועג...

דאַן איז געקומען די מלחמה. דער ווילד צעוואַקסענער וואַלד, וואָס נח האָט געזען אין זיינע חלומות, האָט אָנגעהויבן צו ברענען. פון צע־גרינטע בוימער זענען בלויז געבליבן פאַרקוילטע שטאַמען. פון מענטשן האָט זיך איצט געטראָגן דער ריח פון שוויס, רויך, פוילנדיקן לעדער און זויער ברויט. מענטשן זענען פאַרוואַקסן געוואָרן מיט שטעכיקע האָר, זיי האָבן אָנגעהויבן צוקוקן אויף דער וועלט מיט רויטע, דערשראָקענע און גיריקע אויגן. די וועלט איז פול געוואָרן מיט מאָרד. נח האָט אים געזען, אים אַריינגעזאַפּט אין זיין צעפּלאַצטער הויט און אים געפילט, ווי קלעפּיקן שוויים. נח האָט געטראַכט: וואָס איז דער זין פון מאָרד? וואָס מער ער האָט געקלערט, אַלץ שטאַרקער האָט ער זיך פאַר דער פראַגע געשראָקן. מאָרד האָט נישט קיין זין. אָבער אויב אַזוי, האָט נח ווייטער געצויגן, האָט אויך דאָס לעבן נישט קיין זין. די פאַרהעלטעניש פון שלום, צו מלחמה, איז אין גרונט גענומען, די פאַרהעלטעניש, פון מאָרד צעלייגט אויף ראַטעס, צו מאָרד דערלאַנגט אין אַ קאָנדענסירטער פאָרם. דאָס איז געווען אַ שרעקלעכע דערקענטניש. נחן האָט זיך געדאַכט, אַז די איינ־ציקע אויפגאַבע פון דער קונסט איז די דאָזיקע דערקענטניש צו פאַרדעקן מיט אַ דיקן שלייער. אין צייטן פון שלום איז דער שלייער רויק געהאָנגען איבערן פּנים, אָדער בעסער געזאָגט, איבער די פּנימער פון דער ווירק־לעכקייט, אָבער אין די ערשטע שעהען פון מלחמה פלעגט דער שלייער אַראָפּגעפליקט ווערן. נח האָט באַשלאָסן אין צייט פון שלום, אויב ער וועט נאָר די צייט דערלעבן, די מלחמה לעקציע נישט צו פאַרגעסן...

די מלחמה האָט זיך סוף כל סוף ערגעץ ווו איבערגעריסן און נח איז נאָך לאַנגע וואַנדערונגען אָנגעקומען צו זיין פעטער אין די שטאַטן. די וואַנדער יאָרן האָבן פאַרלאָשן זיין יוגנט. אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט שוין אַלץ געזען און אַלץ, וואָס איז מעגלעך צעטראַכט, אָן שום פאַר־גענינגן געטראַכט. די הויט פון זיין פּנים איז געוואָרן גרויליק געל. נח איז געווען מיד פון זיך אַליין. צווישן אים און דער וועלט איז אויסגעוואַקסן אַ דיקע, אומזעבאַרע וואַנט. אים האָט זיך געדאַכט, אַז אַפילו די שטימעס, וואָס ער הערט קלינגען ווי פון יענער זייט וואַנט. דער מאָרגנדיקער טאָג איז פאַר אים געווען פּונקט אַזוי אָפּגעלעבט, ווי דער נעכטיקער. דאָס לעבן האָט מער נישט געהאַט קיין שום שלייער.

נח האָט געאַרבעט אין אַ בעקעריי צוזאַמען מיט זיין פעטער, אַן אַל־טן, אָפּגעהיטן בחור. נח איז איצט געווען גוט אָנגעטאָן, זאַט און זאָרג־לאָז. די דאָזיקע זאָרגלאָזיקייט האָט איז זיך גאָרנישט געהאַט קיין פרייד, זי איז געווען וואַרעם און וואַגיק, ווי אַ וואַטענער מאַנטל. דער פעטער, אַ קליינער, אַ דיקער, מיט רויטע באַקן און גרוילעכע, אַזוי ווי פאַרמעליקטע, אויגן, האָט געהאַלטן אין איין טענהען; אַמעריקע איז אַ קיי... לערן זיך אויס די שפּראַך, לערן זיך אויס הנאה צו האָבן, לייג אָפּ אַ גראָשן, אַמע־ריקע, מיי בוי איז אַ קיי, בעליוו מי, בעליוו מי...

נח האָט אָבער וועגן אַמעריקע געטראַכט זייער ווייניק. איין מאָל, ווען ער האָט מיטן פעטער אויסגעטרונקען אַביסל מער וויסקי, ווי גע־וויינלעך, האָט ער פּשוט געזאָגט: וואָס קומט מיר אַרויס, אַז „אַמעריקע איז אַ קיי", אַז איך ווייס נישט צו וואָס איך פּלאָנטער זיך אַרום, צו וואָס איך שלעפּ די טעג, צו וואָס איך דריי אָן דעם וועק־זייגער... נח האָט ליב געהאַט דעם פעטער. ער האָט געקענט אויף אויסנווייניק יענעמס פיר הונדערט ענגלישע ווערטער, זיין הילפסלאָזן געלעכטער און די גרויע מע־ליקייט פון די גוטע אויגן, דערפאַר טאַקע האָט נח נישט מורא געהאַט צו זיין קאָמיש. דער פעטער האָט אים קינדיש־דערשראָקן באַטראַכט, אַ רגע געשוויגן רייבנדיק זיך בעת מעשה די קליינע, קיילעכדיקע אויערן, און דאַן אויסגעמורמלט; וועל, מען דאַרף קענען לעבן... דאָס הייסט, מען דאַרף קענען זיין אַ ספּאָרט... וועל... וועל... מען דאַרף קענען לעבן אָן אַן ענט־פער, אָט דאָס טאַקע הייסט ביי מיר אַ ספּאָרט...

פון דעם טאָג אָן האָט נח באַמערקט, אַז דער פעטער באַטראַכט אים פון דער זייט, פאַרזאָרגט און מאָדנע אויפמערקזאַם. פון דעם טאָג אָן האָט

אויך דער פעטער, אַזוי ווי צופעליק, אַנגעהויבן נחן ארויסצונעמען דאָ אויף אַ קאָנצערט, דאָ אויף אַ שפּאַציר, אין אַ קינאָ, אָדער סתם אין אַ שוויץ־באָד. די זאָרגלאָזיקייט, וואָס איז געווען וואָרעם וואָגיק, ווי אַ וואַטענער מאַנטל, האָט נחן איינגעבויגן. ער האָט געטראַכט: צו וואָס זיך אַנטקעגנשטעלן, מיין שטאָלץ (בידנע, אויפגעבלאָזן ווערטעלע) איז פּונקט אַזוי זינלאָז, ווי דעם פעטערס רחמנות.

איין מאָל האָט אים דער פעטער פאַרצויגן אויף אַ בילדער אויסשטעלונג. מיט דער הילף פון זיינע פאַרלוירענע שמייכלען, פיר הונדערט ענגלישע ווערטער און רירעוודיקע פינגער האָט ער פּרובירט דערקלערן די אויסגעהאָנגענע בילדער; וועל, מיי בוי, קונסט איז אַ וויכטיקער עסק. ווערי אימפּאָרטנט, ווערי... דער אַרטיסט, דער מאָלער, איז אַ מענטש, וואָס קען זאָגן דאָס אַלץ, וואָס מיר פילן בלויז.. יעס... ער איז געבענטשט... מיינע לעבלעך ברויט עסט מען אויף, מען פאַרדייט זיי און פיניש... אַ פּיינטינג, מיי בוי, וועסטו נישט אויפעסן... אַ פּיינטינג, מיי בוי, איז שטאַרקער פון דיר... מאָטש סטראָנגער. בעליווו מי, עס איז כדאי צו שטאַרבן, אַבי עפּעס צו באַשאַפן... איך האָב געוואָלט חתונה האָבן נאָר צוליב איין זאַך, כדי צו האָבן אַ קינד, אַן אַרטיסט... בעליווו מי... דער פעטער האָט געענדיקט און אַ פאַרלוירענער אַנגעהויבן צו שפּאַנען איבערן זאַל. נח האָט באַטראַכט די בילדער. ער האָט אין פוילן קיין מאָל נישט געזען אַזוי פיל באַרימטקייטן צונויפגעקליבן אין איין אָרט. ער האָט געטראַכט: אַמעריקע איז רייך, אַמעריקע קען אַלץ קויפן, בעליווו מי...

דערנאָך איז דער שמייכל פאַרשוואונדן פון זיין געמיט. ער האָט דערפילט קלאָר, אַז די וואַנט, וואָס שטייט צווישן אים און די מענטשן איז נישטאָ צווישן אים און די בילדער.

גייענדיק צוזאַמען מיטן פעטער אַ היים (זיי האָבן געלעבט אין איין באָרדינג־האַוז) האָט נח וועגן דער מאָדנער, אומגעריכטער איבערלעבונג אַ סך געטראַכט. אים האָט זיך געדאַכט, אַז די בילדער האָבן געטראָגן אין זיך צייכנס פון זיין אייגענער, שמוציקער, און דאַך מעכטיקער מלחמה־קלונגשאַפט. איבעריקנס האָט עס געקענט זיין נישט מער ווי אַ טעות. פונדעסטוועגן, און אין דעם איז שוין נח געווען אינגאַנצן זיכער, האָט אים זיין געדאַנק, צום ערשטן מאָל נאָך לאַנגע יאָרן, נישט אויסגעזען לאַנגווייליק. אויף מאָרגן האָט נח, היטנדיק זיך אַז דער פעטער זאָל גאָרנישט

זען, געקויפט פּאַפּיר און קוילן. אַזוי האָט ער אָנגעהויבן צוריק צו צייכע־
נען, און צוריק גיין אויף אויסשטעלונגען.

די צייט איז לאַנגזאַם געפלאָסן. די שטאָט האָט זיך יעדן טאָג, אויף
עטלעכע שעה, באַדעקט מיט שניי. נח האָט זיך געקויפט אַ ווינטער־מאַנטל,
דער פעטער האָט זיך צוגעקילט. נח האָט באַקומען אַ לוין־העכערונג. פון
ים האָט געבלאָזן אַן אומעטיקער ווינט. די נעכט האָבן געקרייזט, ווי פאַר־
טייעטע בוידעם־קעץ. דער פעטער איז געזונט געוואָרן. נח האָט זיך געקויפט
אייל פאַרבן, יעדן פרימאָרגן האָבן די פאַבריק ־ סירענעס געוויינט, ווי
פאַרלאָזטע קינדער. די ווייסע מעליקייט אין דעם פעטערס אויגן איז געוואָרן
געדיכטער. די צייט איז לאַנגזאַם געפלאָסן...

איין מאָל האָט נח דערזען אויף אַן אויסשטעלונג אַ בילד פון דעם
מאַלער, וואָס האָט געוווינט אין אַ ווייט, היים לאַנד און וואָס האָט מיט
זיינע פיגורן פאַרדעקט וואַנט פון עפנטלעכע געביידעס. נח האָט זיך דער־
מאָנט: פוילן, די אַקאַדעמיע, די קלויסטערדיקע פּראָפעסאָרן און דעם קליי־
נעם ביבליאָטעק־צימערל, וואָס האָט געטראָגן אין זיך אַ וועלט פון בונט
און האָפענונג...

מיט וויפיל יאָר צוריק איז דאָס אַלץ געווען רעאַל, נאָענט, אָנטאַפּלעך?

ווען נח איז געקומען אַ היים איז ער, אַנשטאָט אַריינגיין צו זיך אין
צימער, אַריין צום פעטער. ער האָט היינט געמוזט ריידן. גלייך פון דער
שוועל האָט ער אָנגעהויבן: אָנקל, איך האָב היינט געהאַט אַ גרויסן טאָג,
איך האָב געזען אַ יונגנט־חלום. שטעלט זיך פאָר: אַ קינד טרוימט צו זיין
אַ קאַפּיטאַן. ער קלייבט זיך אויס אויף דער מאַפּע אַ ווייט, ווייט אינדזעלע,
ער טראַכט שטענדיק וועגן דעם דאָזיקן אינדזעלע. ער דערציילט זיך אַליין
געשיכטעס וועגן אינדזעלע... שפּעטער ווערט דאָס ייִנגעלע גרויס. אויס
קינד. ער ווערט אַ הערינג־פאַרקויפער... אויס אינדזעלע... פּלוצלינג קומט
אַ גרויסער שטורעם, ער צעברעכט די קראָם, צעשליידערט דעם הערינג,
און דעם דערשראָקענעם, אָרעמען הערינג־קרעמער פאַרטראָגט ער צום ווייַ־
טן אינדזעלע. און דער קרעמער ווערט אויף אַ רגע צוריק אַ קינד... פאַר־
שטייט זיך אויף אַ רגע בלויז...

וועל — האָט זיך דער פעטער אָנגערופן — ביסט נאָך נישט אַזוי
אַלט, און ווי הייסט דיין אינדזעלע?

נישט וויכטיק — נח האָט זיך אָנגעהויבן דרייען איבערן צימער —

אָנקל, אפשר פאָרן מיר ארויס פון שטאָט, אפשר מאכן מיר טאקע א גרוי־סע רייזע?

דער פעטער האָט נחן פארווונדערט באטראכט. אָבער נח האָט, ווי נישט באמערקנדיק, ווייטער גערעדט: — אָנקל, פון זינט איר זענט אין די שטאָטן, זענט איר נאָך קיין מאָל נישט ארויסגעפאָרן. פארוואָס? ווען א מענטש איז צו לאנג אויף איין אָרט וואקסט ער זיך מיטן אָרט צוזאמען... כ'מיין צו זאָגן, דאָס אָרט וואקסט אין אים אריין, פארשפרייט זיך אין אים און עסט דעם מענטשן אויף, עס פארשווינדט דער מענטש און עס בלייבט בלויז א כלי, וואָס טראָגט אין זיך אלע דערשיינונגען פון דעם ארום... לאָמיר מאכן א רייזע... דער פעטער האָט געשמייכלט: א טריפ... וועל... איט איזנט בעד... באט... ווי הייסט דיין אינדזעלע?... לאָמיר וויסן וווהין איך פאָר...

נח האָט זיך א רגע געוואקלט. ער האָט געפילט, אז דאָס וואָס ער האָט געוואָלט זאָגן האָט ער נאָך אלץ נישט געזאָגט. ער האָט געוווסט, פון זיינע וואנגל און וואנדער־יאָרן, אז דעם עיקר ברענגען ארויס מיט קינ־דישער זיכערקייט בלויז הילפסלאָזע נאראנים, אָדער בלאנקנדע שטערנזעער. ער האָט נישט באלאנגט צו דעם ערשטן מין און געווים נישט צו דעם צווייטן. איינער דערשאצט נישט די וועלט, דער צווייטער — זיך. נח האָט ביי־דן דערשאָצט און ביידע, אין דער טיפעניש פון זיין וועזן, פיינט געהאַט. יאָ פיינט געהאַט, מיט דער מידער, עסיק־לאנגווייליקער פיינטשאפט פון אן הארבסטיקער פליג. מיטן נאָמען „הארבסטיקע פליג" האָט ער זיך פיל מאָל אליין אָנגערופן. פארפאלן, האָט ער געטראכט, נישט איך האָב אויס־געטראכט פליגן און נישט איך האָב אויסגעטראכט הארבסט. אָבער היינט, נאָך דער אויסשטעלונג, האָט ער ערגעץ פארלוירן דעם הארבסט, (ער האָט נישט געוואָלט וויסן אויף ווי לאנג). און היינט האָט ער אויך באשלאָסן זאָגן אלץ וואָס ליגט ביי די ווענטלעך פון דעם עיקר. ער האָט אָנגעהויבן: אָנקל, איך האָב אמאָל געגלויבט, אז יעדער מענטש האָט אן אויפגאַבע אין לעבן, זיין אויפגאַבע. איך בין געווען יונג. איך האָב געמיינט, אז איך בין א מאלער. איך האָב פרובירט זוכן מיין וועג. איך האָב געטראכט, אז אויב איך וועל דעם דאָזיקן וועג נישט געפינען, וועט די וועלט זיין אָרעמער מיט א שטריך, מיט א פינטל, וואָס זי דאַרף, וואָס זי מוז האָבן צו איר פול־קייט, צו איר פולקאָמענקייט. איך האָב די וועלט ליב געהאַט. איך האָב גע־טראכט: איך בין איר קינד, זי דאַרף מיך האָבן. איך בין געווען זיכער,

אז עס לוינט זיך אָנשטרענגען ביז צוזאַמענברעכונג אבי דערגיין צום ציל. איך האָב געוווסט; אַלץ וועט אויסגעטראָגן אין פיין און איך בין דעם פיין אנטקעגנגעגאַנגען. אין יענע טעג האָט אַ נאָמען פון אַ מאָלער פאַר מיר אויפגעשיינט... יאָ, אויפגעשיינט... פאַרוואָס זיך שעמען מיט גרויסע ווערטער?... ער האָט געוויזן דעם וועג... דאַן איז געקומען די מלחמה. עס איז געקומען דער שרעקלעכסטער פיין און איך האָב אין דעם פיין זיך אַליין פאַרלוירן. איך האָב געזען דעם געבורט פון פּאַראַט. כדי צו לעבן מוז מען פּאַראַטן. רעליגיע, קונסט, אידעאַל — דאָס אַלץ איז אַ גרים מיט וועל־כן די פּאַרעטער פאַרבן זיך צו. געווים, געווים, איינער פּאַראַט פון שוואַכ־קייט, דער צווייטער פון ליבע, איינער פון פּחדנות, דער אַנדערער פון גרויסמוטיקייט, איינער מיט אַ שמייכל, דער צווייטער ערנסט, און דער דריטער גאָר מיט אַ שפּיי. אָבער יעדער פּאַראַט, יעדער פּאַרפירט, יעדער נאַרט אָפּ. דער וואָס נעמט אָן דעם הוילן, נישט פּאַרשלייערטן אמת, קען נישט האָבן קיין אַכטונג פאַרן לעבן, קען נישט האָבן קיין אַכטונג פאַר זיך, דער ליגן איז דער איינציקער אָנשפּאַר אין דעם שרעקלעכן, זינלאָזן כאָאָס. אָט דאָס איז עס... אָבער דער מאָלער פון מיין יוגנט מאָלט נאָך אַלץ... ער גייט נאָך אַלץ אָן פאַר אַ טרעגער פון געוויסן און יושר... פאַר אַ זון פון בונט און שטורעם... ער פאַרכליאַפּעט נאָך אַלץ ווענט פון עפּנטלעכע געביידעס... אַלץ... אַלץ...

נח איז אַנטשוויגן געוואָרן. דער פעטער האָט אים נייגעריק באַטראַכט. דער אָוונט־רעגן האָט געפּייקלט אין שויב. אַרום לאָמפּ האָבן געקרייזט צוויי פליגן.

לאָמיר פאָרן, אַנקל, — האָט נח ווייטער אָנגעהויבן — ס׳איז אַ שיין לאַנד, דאָס לאַנד וו עס וווינט מיין מאָלער, היים און זוניק. איך וויל אַ קוק טאָן אויפן פּנים פון מיין נאַרישן חלום. איך וויל זען, ווי אַ מענטש קען זיך אויסכישופן אַ ליגן, וואָס זאָל זיך נישט אָפּנוצן ביז זעכציק יאָר... איך וויל זען...

ע, מיי בוי, — האָט זיך דער פעטער ענדלעך אָפּגערופן — צוליב דעם אַליין לוינט נישט צו פאָרן אַזוי ווייט. בעליוו מי.

און אפשר — האָט נח אויסגעשטאַמלט — האָט ער אָן אמת וואָס איך קען ניט, אָן אמת שטאַרקער ווי מלחמה...

וועל, — האָט דער פעטער, צושטעלנדיק אַ טעפּל קאַווע, געצויגן — עס איז אַ פּלאַן, באַט ווערי עקספּענסיוו... טייער... איך וועל טרייען... פּרו־

בירן... אויף איין פוס קען מען אזא זאך נישט באשליסן... ענִי ווײ איך זע אַלץ, דו געפעלסט מיר בוי... איך האָב שוין לאַנג געזען, אַז דו מאָלסט עפּעס אין דער שטיל... פיין, פיין... אַמעריקע האָט ליב מענטשן מיט קאַרעדזש... יעס.

אויב איר פאַרט נישט פאַר איך אַליין — האָט נח איבערגעהאַקט.

דו געפעלסט מיר, בוי... בעליוו מי, דו געפעלסט מיר, — האָט דער פעטער געמורמלט אַנגיסנדיק די קאַווע. זיינע קיילעכדיקע אויערן האָבן זיך פאַרצויגן מיט אַ גלאַנציקער רויטקייט.

אין משך פון די נאָענסטע וואָכן האָט נח פרובירט אַרויסבאַקומען ביים פעטער אַ קלאָרן ענטפער. אָבער דאָס איז אים נישט געלונגען. דער פעטער האָט אַלע מאָל צופרידן געשמייכלט, געפינטלט צווײדייטיק, מיט די גרויליקע פאַרמעליקטע אויגן און ווען אַלץ האָט שוין אָט-אָט געהאַלטן ביים אויפגעקלערט ווערן, האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער דאַרף אַוועקגיין אין שטאָט.

נח האָט איצט געציילט זייער אָפט זיין אָפּגעשפּאָרט געלט. ער איז שוין אַפילו צוויי מאָל געווען אין דער רייזע-געזעלשאַפט דערוויסן זיך וויפיל עס קאָסט אַ בילעט צו זיין מאַלערס לאַנד. ער האָט באַשלאָסן נישט צו פאַרקלערן זיך, וואָס אַנדערע קענען וועגן אים טראַכטן. ער האָט אָפט געשמייכלט; אפשר בין איך נאָך נישט קיין פאַרלוירענער ווי באַלד איך האָב כּוח צו זיין נאַריש. עס איז געקומען די צייט פון אורלויב. דער פעטער האָט נאָך אַלץ קיין ענטפער נישט געגעבן און נח האָט באַשלאָסן די רייזע צו מאַכן אַליין, נח האָט געוווּסט, אַז די בעסטע זאַך ביים דורכפירן אַ פּלאַן איז וואָס ווייניקער פון אים טראַכטן.

נח האָט ליב געהאַט ניו-יאָרק, ס'איז געווען דאָס לאַנד פון שטיין און וויילן. ער האָט אָבער דאָ זיך געפילט פרעמד. אַלע פענסטער זענען דאָ געווען בלינד. ער האָט געבענקט נאָך זון און גראָז. נאָך מער, אים האָט זיך געדאַכט, אַז ווי נאָר ער וועט אין זיך אַריינגעמען אַביסל פרייליגנס-גרינקייט און טייך-געפּלעסק וועט ער זיך דערפילן יונגער און פרייליכער.

ער האָט אין ביוראָ געבעטן מען זאָל אים פאַרלענגערן דעם אורלויב. מען איז אים אַנטקעגנגעקומען (די גרינע ווייסן דען דעם ווערט פון דאָלאַר?). נח האָט זיך געקויפט אַ נייע וואַליזע. און איצט האָט מען געדאַרפט באַשליסן; מיטנעמען עטלעכע בילדער, אָדער נישט מיטנעמען. נח האָט

געוווסט אַז ער מוז ענטפערן אַליין. ער האָט עס אָבער אָפּגעשטופּט. זיך איינגערעט, אַז עס איז, אין גרונט גענומען, מער מוח איבונג, ווי אַן אַק־טועלע פראַגע פון דער נאָענסטער צייט. אָבער ווייזט אויס, אַז אַזוי איז נישט געווען, ווייל די אומקלאָרקייט, דאָס לעבן אָן אַן ענטפער, האָט נחן אָנגעהויבן אַלץ מער און מער צו באַאומרואיקן דאַן האָט ער באַשלאָסן צום לעצטן מאָל, פאַרן אַרויספאָרן, אַ קוק טאָן אויף די בילדער. ער האָט אויסגע־שטעלט די לייוונטן ביי די ווענט און די צייכנונגען אויסגעלייגט אויפן דיל.

לאַנגזאַם איז צוגעפאַלן דער אָוונט. די זון איז געראָנען איבער די שויבן. אַ וואַנט־זייגער האָט זיך צעקלונגען לאַנג און צעצויגן. די זון איז אָפּגעפלאַסן און די שויבן האָבן געטליעט מיט אומעטיקן פיאָלעט. דער הימל, ווי אַ האַריקער, זעלנערישער שינעל, איז אַראָפּגעפאַלן אויף דער שטאָט... ערגעץ האָבן מענטשן געשפּאַנט אין אומענדלעכע רייען, ערגעץ האָבן געקלאַגט צעשפּאָלטענע גלאָקן. די מיסט־פירער האָבן פאַרריסן צו די שטערן די רויטע אויגן. פון אַ צענטן שטאָק איז אַרויסגעשפּרונגען אַ פרוי. דער פּאָליציי־מאַן אויפן ראָג האָט מיט שרעק באַטראַכט זיין רעכטע האַנט, וואָס איז פּלוצלונג שוואַרץ געוואָרן. די טרעפּ פון דער שטאָט האָבן שווער געאָטעמט...

וואָס איז דאָס?... נח האָט פון שטערן אָפּגעווישט דעם שוויים. ער האָט שטיל צונויפגעקליבן זיינע בילדער. ער האָט געטראַכט; זיי זיינען נים שלעכט, אפשר זיינען זיי אפילו גוט, אָבער טאַקע דערפאַר ווייל זיי זיינען גוט, טויגן זיי נישט. בילדער דאַרפן זיין ווי וווּנדן... זיינען דען דאָ גוטע וווּנדן? בילדער דאַרפן זיין אמת׳דיק... אָבער דאָרטן וווּ עס הויבט זיך אָן דער אמת ענדיקט זיך די קונסט. קאָנסטרוקטיוו איז בלויז דער ליגן...

וועל, בוי, איך זע, אַז דו קלייבסט זיך אין וועג, אָן מיר פאַרגעסן, אין דעם אַלטן פּלוידערזאַק, פאַרגעסן, איטס נייס, וועריי נייס... האָסט אָבער געמאַכט אַ טעות, איך בין אויך אַ ספּאָרט, איך פאָר מיט, בעליוו מי, איך וויים נישט פאַרוואָס, באַט איך פאָר...

אין דער טונקלעניש פון צימער האָט דער פעטער אויסגעזען ווי אַ געשטאַלט, וואָס איז אַרויס פון אַ בילד. אויף זיינע שמאָלע פּלייצעס איז געלעגן דער פיאָלעטער, אומעטיקער אָוונט־שיין. נח האָט צום ערשטן מאָל אַרומגענומען דעם פעטער. דער פעטער האָט געסאָפּעט, זיך געווערט און אַזוי ווי צופעליק נחן געגלעט איבער די צעשויבערטע האָר.

דאַן האָט מען זיך באַרויקט. וועל — האָט דער פעטער געמורמלט — לאָמיר נישט ווערן סענטימענטאַל. נח האָט אָנגעצונדן דאָס ליכט. ביז שפּעט אין דער נאַכט איז מען דערנאָך געזעסן און גערעדט וועגן לאַנד, וווהין מען וועט פאָרן, וועגן זון און פּאַלמעס, וועגן באַנען, און בכלל ווי גוט עס איז, אַ געווויסן טאָג, מיטאַמאָל צו פאַרלירן אַלע באַקאַנטע פּנימער... דעם טאָג, ווען זיי זיינען אַרויסגעפאָרן, האָט איבער ניו־יאָרק געשיינט די זון. דער גרויסער באַס האָט זיך לייכט געטראָגן איבער די גאַסן און, ווען ער איז אַרויס פון שטאָט, האָט זיך מיטאַמאָל צו דער וואַרעמער הימל־ווייסקייט אַ טראָג געטאָן דער צעצויגענער געוווי פון טויזנטער פאַבריקס סירענעס. דאָס אָפּשייד־ליד פון ניו־יאָרק האָט דעם פעטער גערירט ביז טרערן. ער האָט אַזש אויסגעמורמלט: אונטערן בעטאָן האָט זי, די אַלטע, אַ וואַרעם האַרץ, איים טעלינג יו, מיי סאָן... נח האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

וואָס לענגער זיי זיינען געפאָרן, אַלץ ווייניקער האָבן זיי גערעדט. דער גרין פון די פעלדער האָט זיי ווייך געמאַכט די אויגן. דער שלאָף האָט זיי, מיט בלויע פינגער, געגלעט די גערונצלטע שטערנס. וויגנדיק זיך אויף די ווייכע שטולן זיינען זיי אָן אויפהער געשלאָפן. ענדלעך זיינען זיי צו־געקומען צו דער גרענעץ. פון איצט אָן האָט זיך דער וועג גענומען דרא־פען אַרויף. די צעגרינטע פעלדער האָבן אָנגעהויבן פאַרשווינדן און אָנ־שטאָט זיי האָבן זיך באַוויזן אומעטיקע בערג. די זון איז איצט געלעגן איבערן קאָפּ. זאַמדיקע פליינען, ווי מאָגערע, פערדישע רוקנס האָבן זיך געצויגן צו אויסגעבריגעטע האָריזאָנטן. קאַקטוסן, פאַרגעסענע מנורות, האָבן געוואַרט, אַז אַ שוואַרצע, צאָרנדיקע האַנט זאָל זיי אָנצינדן. צעבראָ־כענע, דורכגעפוילטע פלויטן האָבן געהיט פוסטע, שטויביקע פעלדער. דאָ און דאָרט האָט אַ גרויער אייזל זיך געטוליעט צו זיין שאָטן. דאָ און דאָרטן האָט אַ קינד געשרעקט די ברוינע הענטלעך צו אַ פאַרטריקנטער, שווייגנ־דיקער מאַמע. אויף יעדן אָפּשטעל־פונקט האָבן זיך געשאָטנט קלויסטערס. קלויסטערס.

נח האָט זיך אָנגערופן: זאַמד, קלויסטערס און אַ ווייסער הימל... איך האָב זיך פאָרגעשטעלט גאָר עפּעס אַנדערש.

וועל. אַלץ, וואָס מיר שטעלן זיך פאָר איז אַנדערש, דערפאַר איז בע־סער, אָדער גאָרנישט פאָרשטעלן זיך, אָדער גאָרנישט קאָנטראָלירן. דעטס מיי אָפּיניען. בעליוו מי, איך האָב פאַר איר פּלענטי באַצאָלט. פּלענטי.

איך טראַכט וועגן איס, עס איז זיין לאַנד... גאָט, נויט און רעוואָלו־ציע... טראָפּיקאַלע זון... טראָפּיקאַל בלוט... ווער ווייסט, אפשר האָט ער עפּעס געפונען... זאָגט, אפשר האָט ער פאַרט עפּעס געפונען?...

האָסט געדאַרפט מיטנעמען עטלעכע בילדער, בעליוו מי, פּאָבליסיטי שאַדט קיינמאָל נישט.

אָך, אָנקל, איך בעט אייך, הערט אויף... איך פאָר נישט באַווייזן זיך. איך דאַרף... איך דאַרף עפּעס געפינען... איבעריקנס, דאָס זיינען אַלץ נאַרישקייטן.

אין דער הויפּט־שטאָט איז מען אריינגעפאָרן אָוונט־צייט.

מען האָט אויסגעזוכט אַן האָטעל. מען האָט זיך לאַנג געוואַשן, גע־קוקט אין די פענסטער, פאַרנומען די פּרעמד. צייטונגס־פאַרקויפער האָבן אויסגערופן די נייעס. אויטאָ־טראָמפּייטלעך האָבן הייזעריק געשריען. ער־געץ האָט געשפּילט א פידל און די וואָלקנס זיינען געלעגן אויף די דעכער. עס האָט געשמעקט מיט שטויב און איבערגערייפטע פרוכטן. ארום און ארום, פון אַלע זייטן, זיינען געזעסן די בערג, ווי מידע מאָנאַכן מיט אראָפּ־געהאָנגענע קאַפּטורן.

מען איז ארויס אין גאַס. דער פעטער האָט געזאָגט; איל זיך נישט... דאָס וואַרטן אויף עפּעס איז אַלע מאָל בעסער ווי דאָס באַקומען עפּעס...

נח האָט געשמייכלט: אָנקל, איר האָט געמוזט אין לעבן א סך מאָל זיך אַנטוישן, נישט אמת? דער פעטער האָט לאַנג געגלעט די קליינע, קיי־לעכדיקע אויערן — וועל — האָט ער זיך ענדלעך אָפּגערופן — קיינער הייסט אונדז נישט גלויבן, במילא איז קיינער נישט שולדיק פאַר אונדזע־רע אַנטוישונגען. ווילסט האָבן דעם פאַרגעניגן פון גלויבן, טריי צו אַקצעפּ־טירן דעם ווייטאָג פון דער אַנטוישונג.

ס'איז נישט אַזוי — האָט אים נח איבערגעהאַקט — גלויבן און אַנטוישונג זיינען נישט קיין צווילינגס־ברידער.

דער פעטער האָט געשמייכלט. וועל — האָט ער א מאַך געטאָן מיט דער האַנט — לאָמיר זיך נישט קריגן. זע ווי דער הימל ברענט. וואַנדערפול. ריעלי וואַנדערפול. ווייסט, בוי, איך האָב מיטגענומען עטלעכע דיינע ביל־דער. פאַני טהינק, איך הויב זיי נישט אָן צו פאַרשטיין, זיי מוזן זיין אויף אַן אמת גוט.

נח האָט זיך פאַרלוירן. ער האָט געשוויגן. עס איז געווען זיין מאַלערס שטאָט און עס האָט נישט געלוינט זאָגן קיין ליגן. ענדלעך האָט ער זיך אָנגערופן: איך האָב אַליין געטראַכט זיי מיטנעמען. נאָר איך האָב נישט געקענט געפינען קיין קלאָרן „צו וואָס"... איך בין מיד געוואָרן טראַכטנ־דיק... אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט... איך בין געווווינט צו דעם...

זיי האָבן זיך שווייגנדיקע אומגעקערט אין האָטעל. דער פעטער האָט זיך אויסגעטאָן און גערוישלאָז איינגעשלאָפן. נח האָט דאַן גענומען דעם טעלעפאָן־בוך. ער האָט גלייך געפונען דעם נאָמען פון גרויסן מאָלער. ער האָט עטלעכע מאָל איבערגעשריבן דעם טעלעפאָן־נומער און דעם אַדרעס. ער האָט געטראַכט; אַלץ איז דאָך אַזוי איינפאַך... אַ נאָמען, אַן אַדרעס, אַ נומער... ווילסט, גייסטו. ווילסט, קלינגסטו. דער ווינט רייסט ארויס איין פאַפּירל, האָסטו שוין פון פריער, קלוג מענטשעלע, צוגעגרייט אַ צווייט פאַפּירל, און אַ דריטס, און אַ פערטס... ווי וווּנדערלעך אַלץ איז, אָבער זאָג מיר, קלוג מענטשעלע, וואָס ווילסטו, וואָס זוכסטו?

נח האָט זיך אָנגעהויבן צו דרייען איבערן צימער. ער האָט גע־טראַכט; דער פעטער האָט געשלאָפן מיטן לעבן שלום. דער פעטער האָט רעזיגנירט שטיל און אָן פּאַטאָס. אים איבעראַשט שוין גאָרנישט. ער ווייסט וויפיל ברויטלעך ער מאַכט אַ טאָג, ער ווייסט וויפיל ברויטלעך ער מאַכט אַ יאָר. זיין לעבן מעסט זיך מיט דער מאָס אויסגעבאַקענע ברויטלעך. די ברויטלעך ווערן אויפגעגעסן, די טעג פאַרשווינדן. ער האָט מיט דעם שלום געמאַכט. די ברויטלעך זיינען גוט. דאָס איז אַ פראַגע פון רוטין נישטאָ אין דעם קיין שום אידעאַל... אָבער וואָס וויל איך... וואָס... איך וויל צעברעכן אַלע רוטינען... איך וויל דעם אמת... ווי קאָמיש... איז דען די רוטין נישט דער לעצטער אמת?...

אויף מאָרגן האָט דער פעטער געזאָגט: איך זע שוין, אַז דיר ליגט אין זינען בלויז איין זאַך. וועל, לאָמיר צו אים פאָרן. שפּעטער וועלן מיר זיין פריי... ס'איז אַ גוטע זאַך. בעליוו מי.

דער פעטער האָט זיך אָנגעטאָן אין זיין שענסטן אַנצוג, אין לאַץ האָט זיך געדרויטלט אַ נעלקע.

נח האָט געטראַכט; שוין און וואָס וועט זיין שפּעטער. ער האָט גע־זאָגט; דער הימל איז פאַרוואָלקנט. דער פעטער האָט געבעטן דעם פאַר־טיער ארויסרופן אַ טעקסי. די טעקסי איז גלייך אָנגעקומען. דער אומ־געדולדיקער שאָפער האָט אָנגעהויבן האַסטיק סיגנאַליזירן. דאָס טראַמ־

פייטל האָט געוויינט ווי אַ צעשראָקן קינד. — פאַרוואָס היילן מיר זיך אַזוי? — האָט נח אויסגעשטאַמלט. דאָס טראָמפּייטל איז זיך פאַרגאַנגען אין אַ צעצויגענעם געיאָמער. — איך נעם מיט דריי בילדער — האָט דער פעטער געזאָגט, אומטערשטופּנדיק נחן צום טיר. זיי זיינען אַרויס אויפן גאַס. די נעכטיקע פידל האָט זיך ווידער צעשפּילט. אַ בלינדער בעטלער האָט אָנגעשטעלט אויף זיי זיינע ווייסע אויגן. — און איך מאָל בילדער — האָט זיך ביי נחן דורכגעטראָגן אַ געדאַנק, איבערלאָזנדיק נאָך זיך אַ רויטן ראַיז.

זיי זיינען אַריין אין טעקסי. נח האָט דעם שאָפער דערלאַנגט דאָס פּאַפּירל מיטן אַדרעס. די גאַסן האָבן זיך שנעל אַ טראָג געטאָן. אַ וויי־סער הימל איז נאָכגעלאָפן די צוויי טוריסטן. און אַרום זיינען געזעסן די בערג, ווי מאָנאַכן מיט פאַרשטעלטע פּנימער. ענדלעך האָט זיך די טעקסי פאַרהאַלטן. נח האָט דערזען אַ לאַנגן, הילצערנעם אויף בלוי גע־מאָלטן פּלויט. פון יענער זייט פּלויט האָט גערוישט אַ סאַד. די גאַנצע געגנט איז געווען אַ שטילע און אַזוי ווי אַ פאַרגעסענע. פייגל האָבן גע־זונגען. ערגעץ האָט געלאַכט אַ קינד.

לאַמיר אַראָפּגיין — האָט געזאָגט דער פעטער. מען האָט באַצאָלט דעם שאָפער און אַראָפּ. דער פעטער האָט אָנגעקלאַפּט אין טויער. אַ הונט האָט פויל און צעצויגן אָנגעהויבן בילן. אַזוי בילן זאַטע הינט — האָט נח געטראַכט. דער פעטער האָט נאָך אַמאָל אָנגעקלאַפּט. דער הונט האָט ווי פריער געבילט פויל, גלייכגילטיק און צעצויגן. דער פעטער האָט געקלאַפּט ווידער און ווידער. ענדלעך האָבן זיך דערהערט לאַנגזאַמע, שאַרנדיקע טריט. עמיצער איז פון יענער זייט צוגעקומען צום טויער. עס האָט אַ סקריפּע געטאָן אַן אַלטער שלאָס. דער טויער האָט זיך געעפנט. נח האָט דערזען אַן אַלטע מעקסיקאַנער פרוי. זי האָט זיי עפּעס געזאָגט. דער פע־טער האָט צו איר געמאַכט מיט די הענט, געוואָלט איר געבן צו פאַר־שטיין, דאָס וואָס זי האָט גאַנץ גענוי געוווּסט, נעמלעך, אַז ער קען נישט קיין שפּאַניש. נח האָט פאַרלוירן געשמייכלט. די פרוי האָט אויך געש־מייכלט. דער פעטער האָט היינט אויסגעזען מאָדנע יונג. די ווייסע מעליקייט פון זיינע אויגן איז כמעט אינגאַנצן פאַרשוווּנדן. ער האָט עטלעכע מאָל אָנגערופן דעם נאָמען פון דעם באַרימטן מאָלער און געוויזן אויף זיך, ווי וועלנדיק זאָגן, „אויך איך בין אַ מאָלער”. די פרוי האָט גוטמוטיק גע־שאָקלט מיטן קאָפּ און געלאָזט זיך גיין מאַכנדיק מיטן האַנט זיי זאָלן

איר נאָכגיין. זיי זיינען נאָכגעגאַנגען. דער פעטער מיט אַ יונגן, אונטער־שפּרינגענדיקן טראַט, נח אַ פאַרקלערטער און אַ מאָדנע גלייכגילטיקער. די פויגל האָבן געזונגען. אין פוילן, לעבן דער אַקאַדעמיע, זיינען אויך געווען פויגל... אָבער זיי האָבן דאַכט זיך נישט געזונגען... איז דען דאָס מעגלעך?...

זיי האָבן דורכגעשניטן מיט אַ שמאָלער סטעזשקע דעם סאָד און צוגעקומען צו אַ צוויי־שטאָקיקער געביידע. די פרוי האָט געעפנט אַ טיר. זיי זיינען אַריין אין אַ קליינעם וואַרט־צימער. די פרוי האָט זיי געגעבן צו פאַרשטיין זיי זאָלן זיך צוזעצן. זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט. די פרוי איז שמייכלענדיק אַרויס. איצט זיינען זיי געבליבן אַליין.

זיי זיינען שווייגענדיקע לאַנג געזעסן. איבער זייער קאָפּ, אויפן צווייטן שטאָק, איז עמיצער געגאַנגען. עס האָט געמוזט זיין אַ שווער־לייביקער מענטש, ווייל פון זיינע טריט האָט זיך דער באַלקן אומאויפהערלעך געוויגט. שפּעטער האָט זיך נחן אויסגעוויזן, אַז ערגעץ לאַכט אַ פרוי. איר געלעכטער איז געווען טרוקן, נישט נאַטירלעך און מאָדנע באַקאַנט.

— אַלע לאַכן מיר נישט נאַטירלעך אויף איינעם און דעם זעלבן אופן — האָט נח אויסגעמורמלט.

וואָס? — האָט דער פעטער, ווי אַ דערוואַכטער פון שלאָף, אַ פרעג געטאָן.

ווי לאַנג וועלן מיר וואַרטן?, האָבן ביידע אין דער שטילקייט גע־טראַכט.

די מעקסיקאַנערין איז ווידעראַמאָל אַריינגעקומען. זי האָט געשמייכעלט און זיי גערופן מיט די הענט. זיי האָבן זיך ביידע מיטאַמאָל אויפ־געריסן און איר גענומען נאָכגיין. זי האָט זיי געפירט איבער שמאָלע, געדרייטע טרעפּ. צו זייערע אויערן האָבן זיך דערטראָגן צוויי שטימעס; אַ פרויען און אַ מענער שטים. די פרויען שטים איז געווען אַ הייזעריקע און אַזוי ווי אַ געשפּאַלטענע. עס האָבן זיך אין איר געמישט טענער פון געמאַכטער זעלבסטזיכערקייט און טיפער פאַרלוירנקייט. די צווייטע איז געווען אַ מענערישע. אַזאַ קול גיבן אַרויס קינדער, ווען זיי פאַרשטעלן זיך פאַר גרויסע, אָדער פּאַיאַצן, ווען זיי פאַרשטעלן זיך פאַר פריידיקער. די שטימעס האָבן זיך געהערט אַלץ דייטלעכער און דייטלעכער. ס'איז געווען שווער צו זאָגן, צי די צוויי מענטשן קריגן זיך, צי זיי דעקלאַמירן.

די מעקסיקאַנערין האָט די צוויי געסט אַריינגעפירט אין אַ גרויסן

דורכגאַנגס־צימער. אַ פאַרוואונדערטער איז נאָך שטיין געבליבן. אויף אַלע פּאָליצעס, וואָס זיינען געהאָנגען רונד אַרום די ווענט, זיינען געשטאַנען קליינע, ליימענע פיגורן. די פּרימאַרגן־זון האָט זיי באַלעבט. זייערע לאַנגע נעז זיינען פול געווען מיט זעלבסט־זיכערקייט, וואָס איז דערגאַנגען ביז חוזק. די גראָבע, כמעט געשוואָלענע בייכער האָבן געגלאַנצט פון געגנוס און לעבנס זעט. די הענט, לאַנגע מיט שפּיציקע פינגער, האָבן זיך געשטרעקט צו די אַריינגעקומענע. דאָס זיינען געווען הענט, וואָס קענען פלאַנצן, הרגענען, צויבערן, שניצן, וואַרעמען און שעלטן. אַן אומבאַקאַנטע וועלט האָט אויף נאָך אַן אָטעם געטאָן. אַ וועלט פון מענטשן — קרבנות, טראַפּישע פאַרלאַנגען און גרויסער, נישט געוויינלעך גרויסער, קונסט. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט. ווער האָט דאָס אַלץ געמאַכט? קען דען אין אונדזער צייט אַ קינסטלער צו דעם דערגיין? דאָס איז דאָך די שטים פון אורוואַלד, וואָס מיר האָבן אויסגעהאַקט, וואָס מיר האָבן אויסגעברענט... די קונסט פון די אַצטעקן...

וואַמאַנאָס, וואַמאַנאָס — האָט זיי די מעקסיקאַנערין אונטערגעאײַלט.

זיי זיינען אַרויס פון צימער. איצט האָט נאָך די שווערע טריט געהערט גאָר נאָענט לעבן זיך. דער דיל האָט זיך לייכט און אומויפהערלעך געוויגט. די פירערין איז שטיין געבליבן לעבן אַ ברייטער, אויף בלוי געפאַרבטער, טיר. זי האָט אָנגעקלאַפּט. די טיר האָט זיך געעפנט. אין דער טיר־ראַם איז געשטאַנען, כמעט ווי איינגעצן פאַרפילנדיק, אַ הויכער זייער לייביקער מענטש. זיינע האָר, גרויע און לאַנגע, זיינען געווען צעשויבערט. אין די גרויסע, אויסגעפּוקלטע אויגן, אונטער דעם קיילעכדיקן, פאַרעקשנטן שטערן, האָט געלויכטן פּאַיאַצישע פריינדלעכקייט מיט אַ צומיש פון חוזק. די פליישיקע ליפּן, ליפּן פון אַן עסער, אַ רעדנער און אַ שפּאַטער, האָבן קוים, קוים געציטערט... ער האָט אין דער רעכטער האַנט געהאַלטן אַ פּענדזל לייכט און גראַציעז, ווי אַ דיריגענט זיין שטעקעלע.

קומט אַריין — האָט ער געזאָגט אויף ענגליש. — ער האָט מיטאַמאָל אָנגעהויבן צו שמייכלען גוט און צוטרוילעך זיי זיינען אַריינגעגאַנגען אין סטודיאָ.

איר זענט אַ מאָלער — האָט ער געזאָגט ווייזנדיק אויף נאָך, און

איר? — האָט ער זיך פּלוצלונג אַ דריי געטאָן צום פעטער, — אויך אַ מאָלער?

מי? ווי?... אַ, נאַ, נאַ. — האָט דער פעטער מאָדנע אויפגעהייטערט אויסגעשריען און גלייך דערנאָך צעלאַכט זיך. דער מאָלער האָט מיטגע־לאַכט. נח איז אַ צעטומלטער געשטאַנען צווישן ביידן. ער האָט נישט געוווסט פון וואָס זיי לאַכן. מיטאַמאָל האָט דער פעטער, נאָך אַלץ לאַכנ־דיק, אַ קלאַפּ געטאָן דעם מאָלער איבער דער פּלייצע און אויסגעשריען: איך בין אַ בעקער, אויף מיין וואָרט, אַ בעקער.

וווּנדערבאַר — האָט דער גרויסער מאָלער אונטערגעכאַפּט — אַ בעקער, אַט דאָס הייסט אַ פאַך, פילן טייג אין די פינגער, קנעטן דאָס לעבן, פילן כוח פון פּאָלקייט, פילן שרעק פון הונגער, און וויסן, אַז איך קען מיט אַ שטיק פאַרברוינטער סקאָרינקע די קישקעס מאַכן פריידיק ברו־מען, אַט דאָס איז אַ זאַך, אַ גרויסע זאַך.

נאַט אייך מיין בלום — האָט דער פעטער אויסגעשריען אַרויסכאַפּנ־דיק פון לאַץ די נעלקע. — איי לייק יו, בעקאָז דו קענסט זיך מאַכן ניט וויסנדיק פון דעם וואָס דו ווייסט.

ווידעראַמאָל האָבן ביידע צעלאַכט זיך, ווי אַלטע, פאַרשטויבט־אַלטע פריינט.

פאַרגעסן אינגאַנצן אין אייך — האָט זיך אומגעריכט דער גרויסער מאָלער אָפּגערופן צו נחן, נעמט נישט פאַר אומגוט. איך וועל באַלד זיין פריי. אינגאַנצן פריי. האָט איר גדולד צו וואַרטן? איצט האָט ער שוין נישט געלאַכט. און אויפן גרויסן, פליישיקן, ווייסן פנים איז אפילו נישט געבליבן קיין שפּור פון דעם צעשטורעמטן געלעכטער, וואָס האָט ערשט פאַרקלונגען די גאַנצע סטודיאָ.

איך האָב, געוויס האָב איך — האָט נח אויסגעמורמלט.

דער מאָלער האָט אַוועקגעשפּאַנט צו זיין לייוונט. נח האָט זיך אָנ־געהויבן אַרומקוקן. אין מיטן סטודיאָ, אויף אַ שטול אונטערגעבעט מיט קאָלירטע קישעלעך, איז געזעסן אַ פרוי, זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ געבלימטער, ברייט דעקאָלטירטער קלייד. אויף אירע מאָגערע, אַזוי ווי, פאַרטריקנטע באַקן איז געלעגן אַ דיקער שיכט פאַרב. אירע ליפּן, שמאָלע און האַרטע זיינען געווען פאַרצויגן אין אַ גרימאַסע, וואָס האָט באַמיט זיך אויסדריקן עפּעס, וואָס ליגט צווישן לאַנגווייל און זעלבסט־רעספּעקט. די פרוי האָט געמוזט זיין אַרום פופציק יאָר. אויף די פינגער פון אירע

ביידע הענט האָבן געגלאַנצט אַ סך אויסטערליש דיקע, אַזוי ווי פּלײשיקע רינגען, אירע גרויסע זייער שווארצע און זייער מידע אויגן האָבן די גאַנצע צייט געקוקט אויף עפּעס אַ פּונקט אויפן וואַנט.

איך ענדיק באַלד — האָט זיך דער מאָלער אָפּגערופן צוטרעטנדיק צו דער אַרבעט.

נח האָט געזען אַז אַרום די ווענט שטייען, מיטן רוקן צום צימער, לייוונטן, ער האָט זיך אנטשלאָסן אַריינצוקוקן אין זיי. די לייוונטן זיינען געווען נישט פאַרמאַלט. אין אַ ווינקל פון דער סטודיאָ איז געשטאַנען אַ שפּאַניש ווענטל. נח איז צו צום ווענטל, ער האָט זיך אַרומגעקוקט; דער באַשעפטיקטער מאָלער האָט קיינעם נישט געהאַט אין זינען. זיינע דיקע ליפּן האָבן פון פרייִדיקער אָנשטרענגונג געציטערט. נח האָט שטיל אָפּגערוקט דאָס ווענטל. ער האָט דערזען אַ בעטל מיט צעוואָרפענע בעטגעוואַנט. לעבן בעטל זיינען געשטאַנען צוויי פּאָרטרעטן, צוויי מומיעס מיט בלוטיק פאַרמאָלטע ליפּן, גלעזערנע אויגן און לאַנגע טויטלעך־בליי־כע נעז. עס האָט זיך געדאַכט, אַז אָט־אָט און די מומיעס וועלן זיך צע־גענעצן. דער מאָלער אין נחן האָט געוווסט די צוויי בילדער זיינען געווען אַ פּראָדוקט פון לאַנגוויל, רוטין און עלטער. דער שטילער ליגן האָט זיך אין זיי צונויפגעגאָסן מיט אַ געלער, אומענדלעכער מידקייט. נח האָט נישט געוואָלט גלויבן זיינע אייגענע אויגן. ער האָט זיך נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל איינגעקוקט אין די פּאָרטרעטן. דער אונטערשריפט פון דעם באַרימטן מאָלער, וואָס האָט זיך געשוואַרצט אין רעכטן ווינקל פון בילד, האָט צעשטערט יעדער ספק.

געענדיקט — האָט פּלוצלונג דער מאָלער אויסגעשריען.

געענדיקט? — האָט די פרוי ביינזלעך און אין דער זעלבער צייט דערשראָקן איבערגעפרעגט — די נאָז איז נאָך אַלץ צו לאַנג, פאַרוואָס מאַכסטו מיר שטענדיק אַזאַ לאַנגע נאָז? — פאַרוואָס? — האָט דער מאָלער געשמייכלט. דאָס איז אַ פּראָדוקט פון מיין שולד־געפיל, כאַ, כאַ, כאַ, איך מאַך אייך פרויען צען מאָל שענער ווי איר זיינט... איך מאַך עס קעגן מיין ווילן. איר מאַך עס פאַר געלט. כאַ, כאַ, כאַ. די לאַנגע נאָז איז די נקמה פאַר מיין שוואַכקייט. דער אויסגלייך פון אַ חשבון. ווילסט זיין צען מאָל שענער, מוז די נאָז זיין צוויי מאָל לענגער. כאַ, כאַ, כאַ.

ער האָט געלאַכט אַזוי ווי שטיקנדיק זיך. דער געלעכטער האָט אים אַריינגעכאַפּט און אים באַהערשט. נחן האָט זיך אַ רגע אויסגעוויזן, אַז

דער מאָלער וויל זיך פון דעם געלעכטער באַפרייען, וויל אים גובר זיין, פאַרשטיקן און קען נישט.

אַלעמען איז געוואָרן אומהיימלעך. די פרוי האָט זיך האַסטיק אויפגעשטעלט. אירע אויגן האָבן בייז געפינקלט. די פאַרב פון די באַקן האָט זיך קוים געקרישלט. זי האָט געוואָלט עפּעס זאָגן. איר מויל האָט זיך צוויי מאָל ברייט געעפנט, אָבער קיין שום קלאַנג איז נישט אַרויס. אויפן הויכן שטערן האָבן זיך באַוויזן טראָפּנס שוויים. זי האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו דער טיר און אַרויס פאַרקלאַפּנדיק זי הינטער זיך.

פּלוצלונג האָט זיך דאָס געלעכטער איבערגעהאַקט. אַ שטילער, כמעט אַ שלעפּעריקער האָט דער מאָלער אַ פרעג געטאָן: זאָגט מיר, צו וואָס דאַרף זי אַ פּאָרטרעט! זאָגט! ער האָט אָנגעשטעלט זיינע גלאַנציק־אויסגעפּוקלטע אויגן אויף נחן.

נח האָט האַסטיק גענומען ריידן: ניין, ניין, איך וויל אייך עפּעס פרעגן. נישט איר, נאָר טאַקע איך וויל פרעגן... צוליב דעם בין איך געקומען פון ווייט, פון זייער ווייט... זאָגט מיר, צו וואָס דאַרף מען מאָלן, איך מיין... וואָס איז דער ציל פון מאָלן?...

דער גרויסער מאָלער האָט אַ קוק געטאָן אויפן שפּאַנישן ווענטל אין עק צימער, אויף די פּוסטע לייוונטן און אויף זיינע לאַנגע, אומבאַהאָלפענע פּיס. דאַן האָט ער זיך שטיל, ווי רײדנדיק צו זיך אַליין, אָנגערופן: יעדער טראַכט אויס אַן אַנדער מאָטיוו. יעדער... און וואָס איז דער אמת — איז נח צוגעשטאַנען.

דער אמת? — אויף יענעמס ליפּן האָט זיך צעשפּילט אַ שמייכל פון אַן איבערגעפירט קינד — אויב מיר זיינען גרייט צו שטאַרבן פאַר אַ ליגן — האָט ער לאַנגזאַם געצויגן די ווערטער — ווערט ער אַן אמת און אויב מיר האָבן מורא פאַרן אמת אַרויסצוזאָגן אין גאַס בעת אַ רעגן (אַן אַ שירעם), ווערט ער אַ ליגן.

אין וואָס גלויבט איר? — האָט נח אויסגעשריען.

איך האָב וועגן דעם געשריבן אַרטיקלען...

זאָגט מיר איין וואָרט!

אונדזער אַרבעט איז קליגער פון אונדז... דאָס איז אַלץ...

נח האָט געוווסט, אַז מער דאַרף ער גאָרנישט פרעגן, אַז ער דאַרף שווייגן און דאָך האָט ער זיך אָנגערופן: אַרבעט, אייערע פּאָרטרעטן זיינען אַרבעט?...

דורכן מאָלערס גרויס, פלייִשיק פּנים איז דורכגעלאָפן א ציטער. די אויסגעפּוקלטע אויגן זיינען געוואָרן קליין, אין די שוואַרץ־אַפּלען האָבן זיך באוויזן שפּיצן פון נאָדלען. ער האָט א רגע געשוויגן און דאן זיך, מיט א קינסטלער־שטילער שטים אָנגערופן: מיינע פּאָרטרעטן זיינען שמאַטעס. איז וואָס? ווען איך דאַרף נאָך אַמאָל געבוירן ווערן... וואָלט איך ווידעראַמאָל געוואָלט זיין א מאָלער... איך וואָלט ווידעראַמאָל מיט פּענדזל געוואָלט אַרומנעמען די גאַנצע, גרויסע וועלט. איך בין נישט יונג. איך קען זאָגן: איך האָב געוואָלט דאָס בעסטע, געגעבן האָב איך בלויז דאָס, וואָס איך האָב געקענט.

נח האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

דעטס רייט — האָט דער פעטער אויסגעשריען — איך האָב דאָס זעלבע געטאָן ביי מיין ברויט, געוואָלט דאָס בעסטע, געגעבן דאָס מעגלעכע.

ווידעראַמאָל האָט זיך דער מאָלער צעלאַכט. זיין גרויסער בויך האָט זיך געטרייסלט, ווי א זעלבסטשטענדיק וועזן, אונטערגעשפּרונגען און אויפגעבלאָזן זיך. ער האָט מיט ביידע הענט געפּאַטשט זיך אין די ברייטע, קייַלעכדיקע קני. דאן האָט ער זיך מיטאַמאָל באַרויקט. ער האָט זיך אויסגעגלייכט און א באַפעל געטאָן: ווייז די בילדער.

דער פעטער האָט אונטערטאַנצנדיק, קינסטלעך שמייכלענדיק, אויסגעשטעלט די בילדער לעבן דער וואַנט, קעגן גרויסן פענסטער. זיי זיינען געווען נישט דריי, ווי ער האָט פריער געזאָגט, נאָר פינף.

דער מאָלער האָט זיי לאַנג באַטראַכט.

וועל — האָט זיך דער פעטער צום סוף מיט א שטיל געבעט צעמורמלט זיך — מיין קאָזין האָט געוואָלט געבן דאָס בעסטע...

ניין — האָט דער מאָלער א ברום געטאָן —

נח האָט אויפגעציטערט.

דער מאָלער האָט אים איצט באַטראַכט מיט פרעמדע, גלייכגילטיקע אויגן.

ער קען מאָלן — האָט ער געזאָגט צום פעטער, אָבער... ער ווייסט נישט צוליב וואָס... אומגליקלעכער... ער ווייסט נישט...

זאָגט אים — האָט דער פעטער אויסגעשריען.

א מאָלער ווערט מען נישט פון הערן. און איצט מוז איך זיך מיט אייך געזעגענען.

די באַליידיקטע ווארט אויף מיר. מען דאַרף זי איבערבעטן.

דער מאלער האָט זיך אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער אומהיימלעכער גרויס. דער פּאַיאַצישער שמייכל האָט זיך צוריק באַוויזן אויף זיינע רויטע, גיריקע ליפּן. ער האָט געעפנט אַ טיר און מיט אַן איבערגעטריבענער העפלעכקייט זיך אָנגערופן: איר קענט גיין. דאָ איז אַן אַנדער אַרויסגאַנג. אַ בעקוועמערער. גייט, טייערע געסט, גייט. אגב איצט וועט אייך נישט אויסקומען דורכצוגיין דעם צימער מיט די געטער. בעסער אַזוי. דאָס זיינען אַלטע געטער. זיי זיינען געפערלעך.... כאַ, כאַ, כאַ, געפערלעך... זייערע שעפער האָבן זיי געמאַכט נישט ווּסנדיק פאַרוואָס... נישט ווּסנדיק... נישט ווּסנדיק... גוט לאַק — האָט דער פעטער פאַרלוירן אויסגעמורמלט.

נח איז אַ שטילער געגאַנגען צו דער טיר.

ווען ער איז מיטן פעטער אַרויס אויפן גאַס איז איבער זייערע קעפּ אויפגעגאַנגען אַ גאָלדענע זון.


יצחק בערלינער

# לידער

## די וועלט — אַ זילב

דער מענטש —
אַ מילב,
דער מענטש —
אַ מילב,
אַ מילב —
דער איד — —
מיט בלוט
דער הימל
טריפט
און טרעט — —

די וועלט —
אַ זילב
פון יאָמער ליד
מיט רויטן שריפט
אויף ערד — — —

אַ רגע בלויז,
אַ רגע בלויז —
מיין לעבן לאַנג — —
דער טאָג —

א בליץ,
די נאַכט —
און אויג־באַוועג — —
מיין ליד —
די מילב —
אין רגע־בראַנד — —

פון גאָט אַן אות
איז מיין געזאַנג, —
ס'איז אויסגעקריצט
די וועלט —
די זילב —
אויף דינעם ראַנד
פון מיינע טעג — — —

## אַ שאָטן פון דיר

איך וויל אייך נישט נעמען צוריק,
פאַרגאַנגענע יאָרן פון ׳פיין.
א גאָלדענער פונק וויל איך זיין
פון דיר, אויסגעחלומטער גליק.
איך וואָלט דיר פאַרוואָרפן א שטריך
פון זוניקע פעדים געוועבט,
וו׳א טשאַרראַ פאַרוואָרפט אינם סטעפּ
א לאַסאָ אויף האַלדז פון א ביק.
געזען כ׳האָב א שאָטן פון דיר
אין חלום אמאָל אין א נאַכט...
פון דעמאָלט האָט זוניקע טיר
מיט האַסטיקן קלאַפּ זיך פאַרמאַכט — —
און אָוונט אויף מיינע פיר ווענט,
האָט געמאָלן צעצווייגענע הענט — — —

# אזויפיל גליק אויף דיין באַלקאָן

שווארץ די נאכט און מאַנאַטאַן — —
נאָר אזויפיל שטראלן ליכט
לויכט אראָפּ פון דיין געזיכט — —
שווארץ די נאכט און מאַנאַטאַן — —
הינטער דיר א שאָטן קריכט —
קוקסט אראָפּ פון דיין באלקאָן — — —
פאלטערט נאכט — א שווארצע פאָן —
פלאטערט און דו פלאטערסט מיט — —
ערגעץ הילכן ווייטע טריט
הארט און שווער און מאַנאַטאַן — —
הערסט זיך איין, דיין פנים גליט,
קוקסט אראָפּ פון דיין באלקאָן — —
פינסטער, נאכט, — איר שווארצער צאָן
בייסט דיר אָפּ פון לייב א שטיק — —
ייייסט עס נישט, די נאכט פארוויגט
דיין שטומע זעל אויף שטערן־טראָן — —
עס קלאפט דיין הארץ, — אזויפיל גליק,
אזויפיל גליק אויף דיין באלקאָן — — —

# האָסט איבערגעריסן

גאָטס האנט האָט אין הייכן די זון אויפגעקלעפט,
די זון אויפן הימל — דעם בלווילעכן שפיגל.
דאָס הארץ דיינס פארהאמערט אויף שלאָס און אויף ריגל — —
אויף וועג צו דיין לעבן — צעפאלענע טרעפּ — —
גאָטס האנט האָט אין הייכן די זון אויפגעקלעפט
א גאָלדענעם זיגל.

אויף בארג וויל איך שטייגן, אויף גאָר לעצטן שפּיץ
און איינוויקלען ס׳לייב אין די בענדער פון שטראלן,
עס זאָלן די דונערן ברומען און שאלן,
דער שטורעם זאָל וואָיען און שטעכן דער בליץ — —

אויף בארג וויל איך שטייגן, אויף גאָר לעצטן שפּיץ
און ווערן פאַרפאַלן — —
דערפרישנדער קוואַל פון דיין ברויזנדע פרייד — —
און איך האָב פון קוואַל דיינעם טראָפּנס גענומען, —
איך האָב נישט געטרונקען, — באַנעצט נאָר מיין נומען — —
די אויגן, — געטרערט האָבן שטילינקערהייט — —
דערפרישנדער קוואַל פון דיין ברויזנדע פרייד —
אומענדלעכער ברונעם.
האָסט איבערגעריסן ס׳געזאַנג אינדערמיט,
איצט ליגט עס צעבראָכן, צעשניטן אין רינגען — —
טאָ וויל איך צעבלאָזן, דערברענען, באַצווינגען
די פלאַמיקע קופּע פון פייער — מיין ליד — —
האָסט איבערגעריסן ס׳געזאַנג אינדערמיט
און כ׳וויל עס דערזינגען — — —

## מיט זייך דיינע גלידער

מיט זייך דיינע ליכטיקע גלידער
פאַרדעקטע פון אייבן — —
און דו ביסט א הייליקער סידור,
א סידור צו לויבן
אויף וועג ווו דו גייסט אזוי שטיל איז,
אזוי שטיל איז צו טרעטן,
דו קוקסט מיט די אויגן — צוויי תפילות,
צוויי תפילות וואָס בעטן...
עס פאַלט אויף דיין שלווה א שאָטן,
א שאָטן א דינער — —
די ליפּן — צוויי בלעטלעך — מיט אָטעם,
מיט אָטעם פון שכינה — — —

## ס'איז באַנג

ס'איז באנג —
אוי ווי באנג —
נאָר ס'קען נישט כאַפּן מיין געדאַנק
נאָך וואָס — —
צי נאָך באגינענדיק געזאנג
פון גראָז,
נאָך גרין
פון פעלד,
פון וואלד
וואָס רוט,
צי נאָך וועלט
אין פריערדיק געשטאַלט
אָן שמינק
פון בלוט — —
אָן איבלדיק געשטאַנק — —
אָן שווארצע שטילקייט פון דער ערד —
דעם פאַנטעאָן — —
אוודאי איז מיר באַנג,
טאָ וואָס-זשע זאָל איך טאָן? —
דאָס בענקעניש, עס הייבט זיך אָקאָרשט אָן — — —

## לעבן, ברויז!

לעבן —
ברויז! —
דו ביסט נאָר בלויז
א צאַפּלענדיק געפיל,
א דורכבליץ פון א זונענשפּיל,
וואָס שנעל זיך טראָגט — —
טאָ טראָג אונדז, טראָג
פאַרביי

די וועלט
אָן ציל
און יאָג
אוועק
די קעלט,
די פויזנדיקע שרעק,
דעם ווײ
און וואן — — —
עס ליגט
א קאַלטער שנײ
בײ יעדן שפּאַן
אויף אונדזער לאַנגן וועג.
לעבן —
טראָג אונדז, טראָג
אין אומבאַקאַנטער ווײט
און מעסט נישט
וועג
און צײט
אין ברויזנדן געיעג
און זינג
און ברום
און וויקל אונדז ארום
מיט זונענרינג
און היל אונדז אײן
מיט שטראַלנדיקן שײן — —
וואַרף
אויף באַרג,
אין טאָל
ליכט — —
אז ס'זאָל
אויף יעדערנס געזיכט
זיך שפּרײטן העל
א לויכטנדיקע פרייד — —

אין יעדער זעל
זאָל שפּרינגענדיקערהיים
צעשאַלן ס׳ליד פון גליק —
א זילבער־קלאַנגענדיקער גלאָס —
אנטקעגן טאָג —
אנטקעגן זון
די רויטע רויז — —
— — — — — — — — — — —
לעבן —
ברויז! —

# פארן טויט



משא גרינבוים

אין באראק איז קאלט. א קעלט רייסט זיך דורך די פענצטער און דורך די דינע באראק ווענטלעך. די פרויען זיצן אויף די בעטלעך און טרייסלען זיך פון קעלט. ס׳קלאפן ציינער, ס׳טרייסלען זיך הענט, און הונגעריקע אויגן קוקן זיך איבער מיט חשד. דער אויוון איז קאלט, נישט געהייצט, און שטייט ווי אן איבעריקער אין קליינעם צימער. א טויט שטיל שוויגן הערשט אין צימער. ס׳רעדן נאר אויגן־אן אויגן שפראך. אויגן בלויע, אויגן שווארצע דרינגען אריין איינע אין די אנדערע, און איינערביים צווייטן וויל עפעס ארויסקריגן, ארויסלייענען. נאר פארשטומט זיינען הערצער, און פארנעפלט די אויגן ווי מיט א דינעם הייטל אריבערגעצויגן, שוויגן פארביסן, יעדער פארמאכט אין זיך. פון צייט צו צייט הערן זיך אייליקע טריט אין קארידאר. אין צווייטן צימער שילטן זיך מיילער, און ווערן פארשטומט.

הערצער צאפלען פון שרעק, און די שרעק פילט אן אלע צימערן מיט א געדיכטן נעפל. דער טאג ציט זיך לאנג, יעדע מינוט - א יאר. דורכן פענצטער גנבען זיך אריין די לעצטע שטראלן פון טאג און פארקריכן אין א ווינקל פון צימער. זיי באהאלטן זיך פאר דער אנקומענדער נאכט. א פארבלאנדזעטער זונען שטראל, א גאלדענער פאס, באלויכט א מאמענט דעם צימער און פארשווינד. א צווייטער זונען שטראל לויפט אים נאך און פארהאלט זיך א ווײַלע אין צימער. פון די דריי שטאקיקע בעטן קוקן אראפ בלאסע פנימער, גרינע הונגעריקע אויגן. זיי קוקן פארבענקט אויפן זונען שטראל וואס פארהאלט זיך אויפן לאנגן הילצערנעם טיש ארומגעשטעלט מיט רויטע שיסלעך און טעפלעך, שפרינגט אראפ און פארהאלט זיך אויף

די צוויי לאַנגע בענק. אַ מינוט פאַרטשעפּעט ער זיך אין שוואַרצן אויוון, און באַלויכט אַ פּאָר נאַסע שפּענדלעך.

רבקה די לאַנגע קייקלט זיך אַראָפּ פון אַן אויבערשטער נאַרע. זי רייבט איין בלויע האַנט אין דער צווייטער און שפּרינגט מיט נאַקעטע פיס אויפן קאַלטן דיל זיך צו דערוואַרעמען. ענדלעך קומט זי צו זיך און וועקט דעם צימער פון דער לאַנגזאַמער גסיסה.

„הערט פרויען! דערווייל לעבן מיר נאָך. ווער האָט קאַרטאָפל?"

קיינער ענטפערט איר נישט. אַלע ליגן פאַרפראָרן ביז די וואָרצל פון די האָר. קיינער האָט קיין מוט צו רעדן. יעדער איז פאַרנומען מיט זיינע געדאַנקען, אָדער קיינער טראַכט גאָרנישט. מען דאַרף נישט טראַכטן, מען טאָר נישט טראַכטן, צו וואָס זיך נאָך מער מוטשען, צו וואָס קאַרטשען דעם מוח און טרעפן... רבקה שאַרט זיך שטיל אַרויס פון צימער. אין שטילן קאָרידאָר הילכן אָפּ אירע שווערע הילצערנע שיך. זי לויפט שנעל.

רבקה איז שוין דאָ צוריק, איין האַנט אין מויל. זי וואַרעמט די פאַר־פראָרענע פינגער. די צווייטע האַנט דריקט צום האַרצן אַ פּאָר גלאַנציקע שוואַרצע קוילן. ראַשקע, רבקהס לאַגער שוועסטער, פרעגט איר שטיל:

„קוילן קלאַו" האָט דיר נישט געזען?"

דער נאָמען „קוילן קלאַו" איז אַ סטראַשונעק אין לאַגער. אויב צוויי צוקריגן זיך, גיבן זיי זיך אַ סטראַשע מיט „קוילן קלאַו".

אַ נידעריקע דייטשקעלע פון האַמבורג מיט אַן אומשולדיקן באַ'חנ'ט יידיש פּנימל, וועלכע האָט מיט יאָרן צוריק חתונה געהאַט מיט אַ גוי, און האָט טראָץ דעם נישט אויסגעמיטן דעם יידישן גורל, און וואַנדערט פון 1940 איבער דייטשע קאָנצענטראַציע לאַגערן און טיילט דעם גורל מיט אירע יידישע שוועסטער פון וועלכע זי האָט אַמאָל געוואָלט אַנטלויפן. נאָך אין קאָנצענטראַציע לאַגער שטוטהאָף האָט מען איר צוגעטיילט צו אונד־זער טראַנספּאָרט פון 500 פרויען, וואָס זענען געשיקט געוואָרן קיין לאַנגן־האָרן ביי האַמבורג, אַרבעטן פאַר דער דאָרטיקער געווער פאַבריק. די קליינע דייטשקעלע. האָט זיך שלעכט געפילט ביי דער אַרבעט, און זי האָט איין טאָג באַשלאָסן זיך אַרויסצודרייען פון אָט דער שווערער אַרבעט אין פאַבריק, און גאָר גיך האָט זי געפונען די פּאַסיקע אַרבעט אין לאַגער, און דאָס איז געווען מסירה.

ווען אַ פרוי האָט ביי שיילן קאַרטאָפל, גענומען אַ פּאָר פאַר זיך, איז גלייך אויפגעשטאַנען די קליינע אילזע, און מיט אַ דינע פּישטשענדיקע שטימע אויסגערופן:

„די אָסט־יודין האָט קארטאָפל גענומען",

און איז באַלד אויסגעוואַקסן אונדזער שומרת אַן ס. ס. פרוי, און די „גנבטע" גוט צושלאָגן און איר אַרויסגעטריבן פון קיך.

ווען די לאָגער־קיך האָט פאַרטיילט דאָס עסן, און איינע פון די קאַר־טאָפל־שיילערקעס איז געזעסן דערביי און נאָכן פאַרטיילן גענומען אויס־קראַצן דעם קעסל, איז גלייך אויפגעשטאַנען די קליינע אילזע און אויס־געשריען:

„די אָסט יודין נאַשט".

פאַר די איבעריקע קאַרטאָפל־שיילערינס האָט זי זיך כלומרשט פאַר־ענטפערט:

„דאָס איז דאָך נישט היגיעניש מיט שמוציקע קליידער אין עס־קעסל קריכן". און באַלד איז אויסגעוואַקסן די „בליץ"־פרוי אַזוי האָבן געהייסן די דייטשע ס. ס. פרויען, און אַרויסרייסנדיק פון די „אָסט יודין" דאָס ביסל אָנגעקליבענע עסן האָט זי איר דעם טעלער אויפן קאָפּ אָנגעטאָן, און אַזוי האָט די אומגליקלעכע פרוי געמוזט שטיין אַ גאַנצן מעת לעת, אַז אַלע פרויען זאָלן פון דעם לערנען און נעמען אַ ביישפּיל. צו לעצט האָט די קליי־נע אילזע געקראָגן אַ שטענדיקע שטעלע און דערביי אַ נייעם נאָמען מיט וועלכן דער לאָגער האָט איר געקרוינט.

די פאַבריק האָט געאַרבעט 24 שעה, און דעריבער האָט מען די 500 פרויען פאַרטיילט אין צוויי שיכטן. איין שיכט האָט געאַרבעט פון האַלב זיבן אינדערפרי ביז זעקס פאַרנאַכט, און די צווייטע שיכט פון האַלב זיבן פאַרנאַכט ביז זעקס אינדערפרי. די שיכטן האָבן זיך געביטן יעדע וואָך. קיין האָלץ און קיין קוילן האָט מען די צימערן צו הייצן נישט גע־געבן. אַזוי אַרום איז אויסגעקומען, אַז איין שיכט איז געפראָרן ביי נאַכט און דער צווייטער בייטאָג. קוילן זיינען אין לאָגער געבראַכט געוואָרן נאָר פאַר דער קיך און די ס. ס. באַראַקן, און ווינטער אין די גרויסע פרעסט, און הערבסט אין די ווינטן און רעגנס, פלעגט מען אַ גנבע טאָן פון די קוילן, וואָס האָבן זיך געפונען אין הויף. ביז די קליינע אילזע האָט זיך אַרומגעזען, אַז דאָס איז אַ פאַרברעכן לגבי דעם פירער און פאָטער־לאַנד. זי האָט אַזוי לאַנג געהיט די קוילן ביז דער לאָגער־פירער האָט איר גע־פרעגט, וואָס זי טוט שטענדיק נעבן די קוילן. און דאַן איז זי אַרויסגע־קומען מיט לשון אַז די נישט לאַיאַלע בירגער פון לאָגער, די „אָסט יודינס" גנבענען קוילן, וואָס זיינען באַשטימט פאַר דער קיך און די באַראַקן פון די „באַהערדן". גלייך דעם זעלבן טאָג איז זי באַשטימט געוואָרן אַלס אויפ־

זעערין פון די קוילן. צו ערשט האָבן די לאַגער איינוווינער נישט גע־גלויבט, אַז אילזע וועט מסרן, ווייל דער לאַגער־פירער האָט באַשטימט 25 שמיץ און אַ צוגאָב אַ גאַנצע נאַכט שטאָפּלען די קוילן, אָבער אילזע האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט און האָט געמסרט. די פרויען האָבן געקריצט מיט די ציינער און געשוויגן.

דער ערשטער נקמה־אַקט איז געווען דער נאָמען „קוילן קלאָו", אָבער מיט דעם האָט מען זיך נישט באַגנוגנט. איין טאָג איז אילזע אויפגעשטאַ־נען און אירע ביידע אויגן זיינען געווען אונטערגעהאַקט. אויף פראַגעס האָט זי געענטפערט פאַרשעמט, אַז דאָס איז אַן עקסידענט, און איז נאָך וואַכער געשטאַנען און געהיט דאָס אייגנטום פון דריטן רייך.

דעם אָוונט ווען רבקה די לאַנגע האָט געגנבעט די קוילן איז אַפילו „קוילן קלאָו" נישט געווען אויף איר פּאָסטן.

אין צימער איז אַ רויך, מען קען דערשטיקט ווערן, אָבער דעם פענצ־טער עפנט מען נישט מען טאָר נישט זען אַז ס'ברענט אין צימער.

דער רויך פילט אָן דעם צימער מיט אַ נאַסער ווארעמקייט. די פרוי־ען רירן זיך. דער צימער האָט אויפגעלעבט, שאָטנס באַוועגן זיך אויף די ווענט און דרייען זיך איינער אין צווייטן. הילצערנע שיך שאַרן זיך צום אויוון פאַרכאַפּן אַ שטיקל פּלאַץ. ס'איז אָבער קליין דער אויוון פאַר 24 פרויען. דבורהלע האָט שוין אַרויפגעשטעלט אַ טאָפּ וואַסער און פרויען־הענט שטופּן זיך כאָטש אָנהאַלטן אַ ווענטל פון טאָפּ. ראשקע כאַפּט זיך אַראָפּ די לעצטע פון דער נאַרע, אין איר גרויער לאַגער העמד, גלייך צום אויוון, שטופּנדיק זיך, שילט זי און בורטשעט, אָבער די פרויען לאָזן זיך נישט. זי פילט זיך שטאַרק, רבקה האָט דאָך איינגעהייצט דעם אויוון. נו, מעג זי זיך שטופּן און אוודאי שטיין ביים אויוון. טאָנקע די היסטעריטשקע צעשרייט זיך ווילד: „וואַרט ראשקע, מאָרגן וועסטו נישט זיין קיין יחסנטע, מאָרגן וועלן מיר שוין אַלע גלייך זיין אויף יענער וועלט".

„שווייג טאָנקע פון וואַנענט ווייסטו וואָס וועט מאָרגן זיין" — פאַר־מאַכט איר ס'מויל שרה. ראשקע שטייט שוין ביים אויוון און האַלט אים מיט ביידע הענט. רבקה פאָרעט זיך ביים שיילן קאַרטאָפל. טאָנקע איז שוין צוריק אויף איר נאַרע, אויפן דריטן שטאָק, און פון דאָרטן הערט זיך איר הייזעריקע שטימע:

„ווייל איך האָב אַזאַ כאַראַקטער, ווי אַ גלגול זיצט אין מיר,

ווייל איך האָב אַזאַ כאַראַקטער, אויף אַלץ זאָגט ער טשאָרטו פּאַ־

ביערי". דאָס לעצטע ליכט פון טאָג איז פאַרשוואונדן, אין צימער איז פינצ־טער, דורכן פענצטער רייסן זיך שטיקער טונקל בלויע הימל און אַ פולע לבנה מיט אַ רונדן פּנים, קייקלט זיך ווי אַ פויל קינד, אָט קוקט זי אַריין אין צימער און לאַכט פון די האַלב נאַקעטע פרויען וועלכע פאַרען זיך ביים אויוועלע, און אָט באַהאַלט זי זיך אין בערג פון גרוי־בלויע וואָל־קנס. אין צימער ווערט פינצטערער, ביים אויוועלע שרייט עמיץ פון וויטאָק, איינע האָט זיך אָפּגעבריט און אַ צווייטע האָט זיך פאַרברענט. טאָנקע וואַשט זיך אין אַן עמער און שפּעטער גיסט זי דאָס וואַסער אויף זיך.

אַן אַלאַרם־סיגנאַל פאַרטויבט אַ מינוט די געשרייען און קללות אין צימער. דער הימל האָט זיך אָנגעצונדן. אַ רויטער צונג באַלויכט דעם צי־מער. אַלע שפּאַרן זיך צום פענצטער. אין הימל צווישן די וואָלקנס, שלאָגן זיך צוויי מעכטיקע פויגלען. צוויי גרויע שטאָלענע קערפּערס ציטערן, פלאַ־קערן און דרייען זיך אויף אַלע זייטן. שטורקאַצן און וואַרף־ליכט יאָגן זיך איינע נאָך די אַנדערע, און צושניידן דעם הימל אויף שטיקער. אַ שטיק פייער איז אַראָפּגעפאַלן, און אַ קנאַל, אַן ערד ציטערניש האָט פאַר־קילט דאָס בלוט.

„אונדזער פאַבריק, הלואי", שעפּטשען ליפּן.

„הלואי גייט גאַנץ האַמבורג אַראָפּ מיט אַ פייער, און מיר אויך, מיר אויך. אַזאַ וועלט מעג שוין אונטערגיין.

ואם יש צדק יופע מיד!

אך אם אחרי השמדי מתחת רקיע

הצדק יופיע

ימגר נא כסאו לעד!"

שעפּטשעט מלכהלע מיט בלאַסע ליפּן.

דער הימל איז איין שטיק פייער, און די ערד איז העל באַלויכטן. פון ס. ס. באַראַק לויפן צושראָקענע אין נאַכט העמדער און כאַלאַטן, די ס. ס. פרויען אונדזערע היטער. זיי לויפן אין שויץ קעלער. וועגן אונדז האָבן זיי פאַרגעסן. מיר עקזיסטירן איצט נישט. זיי מוזן זיך ראַטעווען, זיך ראַ־טעווען פון די „פאַרפלוכטע" ענגלישע און אַמעריקאַנער עראָפּלאַנען, וואָס קומען פאַרניכטן זייער פאָטערלאַנד. די פרויען צאַפּלען זיך און קנייפּן איינס די אַנדערע. איין געבעט, איין פאַרלאַנג, פאַרפלייצט אַלעמענס מו־חות — אַ באָמבע אין ס. ס. באַראַק. קען מען זיך נישט באַהערשן, און מען שרייט:

„ג־ט, אַ באָמבע אין ס. ס. באַראַק!"

איין שטאָלענער פויגל ברענט. זיינע פליגלען ברענען און עס דוכט זיך אַז זיי זיינען אַזוי נאָענט צו אונדז, איבער אונדזערע קעפּ. אַ משונה־דיקער פאַרלאַנג באַהערשט די פרויען, אַ פאַרלאַנג צו וויסן וועמענס עראָפּלאַן ברענט. מען רייסט די אויגן צום הימל. מען וויל לייענען, זען ווער ברענט, מיר אָדער אונדזערע שונאים. דער עראָפּלאַן גיט אַ פלאַקער און ווערט איין שטיק פייער. דער פייער פאַלט אַלץ נידעריקער און ני־דעריקער, און ער פאַרשווינד פון אונדזערע אויגן. מיט קלאַפּנדיקע הער־צער פרעגט מען זיך, און מען ענטפערט זיך אַליין. אויב דער ענגלישער עראָפּלאַן איז אַראָפּגעפאַלן איז אַ שלעכטער סימן, און אויב דער דייטשער, וועלן מיר נאָך, וועלן מיר נאָך... און מען טרויט זיך נישט אַרויסצוזאָגן דאָס שרעקלעכע, גוטע, האָפענונגס וואָרט ב אַ פ ר י י ו נ ג.

דער הימל האָט זיך אויסגעלאָשן. אין דרויסן איז רואיק. דער אָפענער פענצטער האָט אַריינגערופן אַ קילן אָפּפרישנדן ווינטל. עמיץ קייט אין דער פינצטער קאַרטאָפל מיט שאָלעכץ, און דאָס זאַמד קריצט אונטער די ציי־נער. אין אַ צווייטן ווינקל טרינקט מען היים וואַסער, און אויגן גייען נאָך דאָס ווייסע רויכעלע פון די רויטע טעפּלעך.

מען פירט אונדז אַרויס. וווּ פירט מען אונדז? עס עקבערט אין מוח ווי אַ וואָרעם, און קיינער קען נישט שלאָפן. אפשר איז אמת וואָס דער מייסטער אין פאַבריק האָט געזאָגט אַז זיי ציען אָפּ, און מען נעמט אונדז מיט. און אפשר איז אמת וואָס דער צווייטער דייטש האָט געזאָגט, אַז מען וועט אונדז דאָ נישט ווייט פון לאַגער פטרן.

ווער ווייס דעם אמת? ווער ווייס? ג־ט ווייס אוודאי דעם אמת, דער לאַגער פירער ווייס אויך. אָבער אומזיסט טראַכטן, איך וויל זיך צו גאָר־נישט דערטראַכטן. ווען איך קען אָנזאָגן מיין משפחה אין ענגלאַנד אָדער אין אַמעריקע אַז איך בין דאָ אין לאַנגן־האָרן נעבן האַמבורג און האָב גע־אַרבעט אין געוווער פאַבריק! איך וואָלט זיי דערציילט אַז נאָך נעכטן האָבן מיר געקראָגן דעם לעצטן באַפעל: פּוצן די מאַשינען! און מען האָט דערביי צוגעגעבן אַז ער איז דער לעצטער טאָג.

מער וועלן מיר נישט קומען! מער וועלן מיר דאָ נישט אַרבעטן! וווּ וועלן מיר גיין? וועלן מיר נאָך לעבן? מען דאַרף זאָגן וידוי! אָבער מיין משפּחה וואָלט איך אַלץ דערציילט. זיי זיינען דאָך רייכע שטאַרקע יידן, נישט קיין שקלאַפן אַזוי ווי מיר. אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט שקלאַפּן. און פאַרוואָס? ווייל מיר זיינען יידן! יידן! ניין, ניין. די גאַנצע וועלט ווייס

אוודאי נישט וואָס מיט אונדז טוט זיך. זיי ווייסן נישט! ווען זיי וואָלטן געוווּסט, וואָלטן זיי געשטורעמט. זיי וואָלטן זיך אוודאי געאיילט אונדז צו באַפרייען! אָבער וואָס וועט זיין מיט אונדז הער סוף? און אפשר שלאָפן, שלאָפן דעם לעצטן טאָג? ניין מען טאָר נישט שלאָפן. די לעצטע נאַכט דאַרף מען אויף זיין.

די אויגן קלעפּן זיך, ס׳ברענגט דער קאָפּ. פון ווינקל הער איך חיהלעס שטימע: „אבינו מלכנו חננו כי אין בנו מעשים עשה עמנו צדקה וחסד והושיענו. אוי, אוי, אוי".

ווי א קול פון א קבר הערט זיך דבורהלעס קלינגעדיקע, ציניִשע שטי־מע: „קינדער, חיהלע רעדט מיט ג־ט. חיה די פערד. וואָס דערוואַרטסטו פון ג־ט? ער האָט דיר א סך געהאָלפן ווען מען האָט דיין טאַטע מאַמע דער־הרעגט, ווען מען האָט דיין ברודער אין שפּיטאָל פאַרברענט און דיין שוועסטער דערשאָסן. כאַ, כאַ, כאַ, זי בעט ביי ג־ט!"

„שווייג דבורה!" האָט חיהלע מיט א טיפע ברוסט שטימע געענטפערט. „נאָר צו ג־ט וועל איך בעטן. ער אַליין וועט מיר העלפן. זע, די גאַנצע וועלט, דיינע רויטע בערן, די ענגלישע דעמאָקראַטן און די אַמעריקאַנער פּעטערס, א סך האָבן זיי אונדז געהאָלפן? שוין פינף יאָר ווי מיר שמאַכטן אין די לאַגערן. מען בראָט און מען ברענט אונדז, און די גאַנצע וועלט איילט זיך נישט. זיי האָבן צייט. ביז פון אונדז וועט קיין איינציקער נישט בלייבן. איך גלויב נישט אין זיי! מיר יידן גייען זיי נישט אָן. אונדזערע צרות מאַכן זיי זיך נישט זעענדיק. ס׳איז נישטאָ וואָס צו וואַרטן אויף זייער הילף".

אָבער רבקה די לאַנגע לאָזט נישט פאַלן קיין שטויב אויף די רויטע בערן. „איר ווייסט ביידע נישט וואָס איר רעדט", שרייט זי אַראָפּ פון צווייטן שטאָק. רוסלאַנד גייט אויך אָפּ מיט בלוט. זיי האָבן זייערע דאַ־גות. אָטאַ דער לינקער מייסטער האָט מיר געזאָגט, אַז אין די רוסישע פאַרנומענע געביטן עוואַקוּאירט מען די באַפעלקערונג, און מען מאַכט מיט זיי דאָס וואָס מיט אונדז". שיינע די קאָלאָנען־פירערקע פּראָבירט עפּעס צו זאָגן, אָבער מען הערט איר שוין נישט.

די ערשטע שטראַלן פון טאָג רייסן זיך אין פענצטער אַריין. אין גרויסן לאַגער הויף ציטערן די עלעקטרישע דראָטן. זיי בלענדן די אויגן מיט זיל־בער קאָלירן. פון ס. ס. באַראַק הערט זיך א טומל. אין צימער א שטילער מורמל: „ער גייט!" און אָט גייט ער שוין צוריק, און זיינע גלאַנציקע שטיוול שפּרייזן שנעל. שרה די בלאָק עלטסטע שרייט אַריין אין יעדן צימער:

„טוט זיך אָן, און קומט ארויס אין קאָרידאָר. „ער" וויל עפּעס ריידן".
געלע אויסגעמאַטערטע פּנימער, אונטערגעהאַקטע אויגן, דאַרע גופים שאַרן זיך ווי שאָטנס ארום אין לאַנגן קאָרידאָר. ער, דער לאַגער פירער, איז געקומען. ער האָט עפּעס גערעדט, וועגן דינסט, וועגן זיין ליבע צום פירער וועגן אונדזערע פליכטן צו בויען דעם דריטן רייך, וועגן אַ לאַנגן וועג פול מיט שוועריקייטן, וועגן גאַרנישט מיטנעמען מיט זיך און וועגן אַ גרויסן לאַגער ווו מיר וועלן זיך טרעפן מיט אונדזערע נאָענטע און טייערע, וואָס מיר מיינען אַז זיי זיינען טויט. וועגן אַ שווערע שטראָף פון שטאַרבן אויף די עלעקטרישע דראָט פאַר די יעניקע וואָס וועלן דעזערטירן. ער איז אוועק.

מיר זיינען שנעל צוריק אריין אין צימער. טאַנקע האָט מיטן צונג ארומגעקלעקט איר רויט שיסעלע. זי האָט געטראַכט וועגן עסן, זי וועט שוין מער נישט עסן. דאָס איז דאָס לעצטע מאָל וואָס זי האַלט אַ שיסע־לע, אַ טעפּעלע. רבקה האָט געגלעט איר בעט, זי וועט שוין מער אויף אַ בעט נישט ליגן. מלכהלע און שיינע זיינען פאַרגליווערט געזעסן אויפן באַנק, און האָבן הויך געזאָגט:

„דאָס לעצטע מאָל וואָס מיר זיצן".

ראשקע האָט אויף זיך פון אַ גרויסן עמער געגאָסן וואַסער.

„איך וויל שטאַרבן אַ ריינע", האָט זי געוויינט. דבורה'לע האָט אויס־געשטאַרצט אירע גרויסע שוואַרצע אויגן און זיך שנעל ארומגעקוקט.

„איך וועל שוין מער נישט זיין אין קיין שטוב", האָבן אירע אויגן געזאָגט. אַלע האָבן דאָס זעלבע פאַרשטאַנען פון „זיינע" ווערטער. „מיר וועלן זיך זען מיט אונדזערע נאָענטע", וועלכע מען האָט דערהרגעט, פאַר־ברענט. ווו קען דאָס זיין? אין הימל! הייסט דאָס אַז מיר גייען שטאַרבן.

אין צען מינוט ארום זיינען מיר שוין געשטאַנען אין לאַגער הויף. די פּיס האָבן זיך געבראָכן, די הענט נישט געדינט. אויף אַ בעטל האָט מען ארויסגעטראָגן די איינציקע קימפּעטאָרין, וואָס איר ניי געבאָרן קינד האָט דער לאַגערפירער אַליין דערשטיקט, און איר, די מאַמע, טראָגט מען איצט אויף אַ בעטל, מיט אונדז צוזאַמען דעם גורל צו טיילן.

אַ וואַרימע פרילינג זון האָט אונדז באַגענט און טרויעריק געגריסט מיט אירע גאָלדענע שטראַלן. צום לעצטן מאָל האָבן אויגן ארומגענומען דעם הויף, די באַראַקלעך, די דראָטן... דעם שילד מיטן טויטן קאָפּ אויף דעם לאַגער־טויער, דעם אויפשריפט: „איינטריט שטרענג פערבאָטן".

מאַרשירט האָבן מיר אויף שטיינער. פון לאַנגן־האָרן ביז האַמבורג

איז דער וועג נישט ברוקירט, האָבן מיר געשפּרייזט איבער זאַמד און שטיי־גער. דער שטויב האָט זיך געהויבן און פאַרנעפּלט די אויגן. ווו נישט ווו, האָבן פאַרטרערטע אויגן פאַרבייגייענדיק געזען גרינע בוימער, פעלדער, לויכטנדע, צופרידענע, ווייסע פּנימער, געהערט א געלעכטער פון א פענצטער אַרויס, געזען אַן אָפענע טיר פון א שטוב, א היים.

מיר זיינען שוין אין האַמבורג. מיר מאַרשירן אין מיטן גאַס און דייטשע אויגן שטעכן אונדז דורך, סאַרקאַסטישע שמייכלען באַגלייטן אונדז א שעפּטשען און געלעכטער דערגייט צו אונדזערע אויערן, אָבער מיר פילן זיך נישט באַליידיקט, נישט געטראָפן. מיר פילן נאָר א טיפן צאָרן, א גרויסן ווייטאָק. מיר ווינטשן נאָר נקמה! ליפן שעפּטשען קללות: „זכור ה׳ לבני אדום״...

מיר שטייען אויף א באַן פּלאַטפּאָרטע, און ווידער עקבערט דער וואָ־רעם. ווו פירט מען אונדז? ווו? אויב טויטן, האָבן זיי עס דאָ באַדאַרפט צו טאָן. צו וואָס נאָך מאַטערן. מיר זיצן שוין אין באַן. די רעדער קלאַפּן, די באַן רירט. מיר פאַרלאָזן האַמבורג. אָבער וווהין?

די באַן גייט לאַנגזאַם. אין יעדן קליינעם קופּע געפינען זיך פון 12 ביז 14 פרויען. ס׳איז ענג און דושנע. מען עפנט דעם פענצטער. דער ווינט ברענגט ריחות פון גרינע פעלדער, פרישע מילך און זאַטע שטיבער. לויט א ריי שטייט מען ביים פענצטער. יעדע בויגט א מינוט אַרויס דעם קאָפּ, און שטויסט זיך גלייך אָן מיט א גרינעם שינעל און א בייזן קוק. הייסט עס אַז לויפן קען מען נישט. און אויב יאָ, ווו לויפן? צו דייטשע פויע־רים? זייערע זין און טעכטער זיינען דען נישט קיין ס. ס., געסטאַפּאָ, און סתם גוטע איבערגעגעבענע בירגער פון פירער? דער מוח איז מיד צו טראַכטן. אין האַלדז טריקנט. מען האָט אונדז נאָך היינט קיין ביסן ברויט נישט געגעבן, און נאָך ערגער, וואָס קיין וואַסער איז אין באַן נישטאָ. רבקה, א לאַנגע און א דאַרע, האָט זיך געלייגט אין סעקטע ווו מען לייגט געוויינלעך וואַליזן. אירע פיס הענגען אַראָפּ און באַמבלען זיך. זי זעט אויס ווי זי וואָלט געשלאָפן אין א הינער פלעט. דבורהלע, חיה, שיינע, מלכהלע און ראַשקע האָבן זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד. שרה ליגט אויפן באַנק מיט ברייט אויפגעריסענע אויגן, איר קאָפּ ליגט אין ליזעס שויס. עפּעס דערציילט זי איר. זי רעדט זיך אַראָפּ פון האַרצן. זי רעדט וועגן איר מאַן. זי האָט נישט צו אים קיין פליכטן. ער איז פון ביאַליסטאָק, אַנט־לאָפן גלייך ווי די דייטשן זיינען אַריין און איר איבערגעלאָזן מיט א פּיצל קינד אויף דער האַנט. דאָס קינד איז נאָך אין ביאַליסטאָק געשטאָרבן פון

הונגער, און זי איז פארשלעפּט געוואָרן אין עסטלאַנד. דאָרט האָט זי גע־טראָפן דעם ריכטיקן, דעם בעסטן און שענסטן מאַן, און צו אים האָט זי געשוואָרן, אים האָט זי זיך אָפּגעגעבן מיט איר האַרץ און נשמה, און וועגן אים וועט זי טראַכטן ביז איר לעצטער מינוט. ליזע הערט איר שוין נישט. זי שלאָפט, פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אויפן רעכטן אַקסל, און פון מויל רינט איר סלינע.

שפּעט אין צווייטן טאָג אַריין, האָט אַן ס. ס. פרוי אַריינגעטראָגן אַ קרוטשקע. מען צעטיילט זיך גלייך גלייך אויף. יעדער אַ בזית. מען נעצט די פאַרטריקנטע ליפּן. מען קייט די קרוטשקע, און מען פאַנטאַזירט וועגן ברויט. מען איז שטאַרק הונגעריק, און מען פאַרלאַנגט נאָר עסן. רבקה זאָגט אַז אויב זי וועט באַפרייט ווערן, וועט זי שטענדיק מיט זיך אַרומ־טראָגן אַ לעבל ברויט. וווּ זי זאָל נישט גיין וועט זי מיטנעמען דאָס ברויט. זי שלאָגט זיך אַליין איבער:

„איך רייד אַזעלכע נאַרישקייטן. ברויט, וואָס דאַרף איך ברויט אַז איך גיי באַלד שטאַרבן".

אָבער קיינער טראַכט שוין נישט וועגן טויט. אַלע ווילן עסן. מען קייט די נעגל, מען טראַכט וועגן עסן. אין מאָגן ציט. די בייכער בורטשען. דאָס האַרץ איז אַזוי פּוסט, אַזוי פּוסט. באַלד ווערט מען אַזוי שוואַך, אַז ווי אין אַ האַלוצינאַציע רעדט יעדער וואָס ער וויל עסן און וואָס ער עסט. די אויגן קלעפּן זיך ווי אין אַ קראַנקן שלאָף. מען דרעמלט, מען כאַפּט זיך אויף און ווייטער דאָס זעלבע. מיר שטייען מער ווי מיר פאָרן. מען האָט צו אונדזער טראַנספּאָרט צוגעטשעפּעט נאָך וואַגאָנעס. ביינאַכט שרייט מען אַריבער פון איין וואַגאָן צום צווייטן. אין די צוגעטשעפּעטע וואַגאָנען פאָרן יידישע פרויען פון טשעכאָסלאָוואַקיע, און מענער פון פּוילן.

די וועגן זיינען אויסגעזייט מיט מענטשן, פון אַלע אָקופּירטע לענדער. מיר זוכן צווישן זיי באַקאַנטע פּנימער, נאָר אַלע זיינען אַזוי פאַרשוואַרצט באַוואַקסן, אַז מען דערקענט נישט דעם צלם אויף זיי.

דריי טעג און דריי נעכט זיינען מיר געפאָרן. ענדלעך שטיין געבליבן. מען טרייבט פון די וואַגאָנעס. מיר שטייען שוין אויף אַ פּוסטער פּלאַטפאָר־מע. אַרום איז אַ חורבן. צובראָכענע וואַגאָנעס, אויפגעריסענע ליניעס. מען האָט אונדז שוין געציילט, און מיר מאַרשירן צו פינף אין אַ ריי. וווהין? פּראָבירט מען צו פרעגן אַן ס. ס. פרוי. יענע ווייזט אונדז אַז זי טראָגט אַ ציווילע קלייד אונטער איר אוניפאָרם, און רעדט שנעל אַרויס דורך די ציין, ווייזנדיק אויפן הימל.

„זיי דערנענטערן זיך. מיר האָבן שוין פאַרשפּילט. אָבער איר האָט נאָך נישט געוווּנען", ענדיקט זי מיט האַס.

מיר מאַרשירן דורך וועלדער און פעלדער. מענער פאַלן, זיי בלייבן ליגן אין שטויב האַלב טויטע. דער לאַגער פירער פּראָבירט זיי צו טרייבן. ער שיסט איינעם, אָבער די אַנדערע רירן זיך נישט פון אָרט. דער וועג איז אויסגעזייט מיט פאַלנדע קערפּערס און מיר מאַרשירן ווייטער.

פון דער ווייטנס הויבט זיך אַ באַרג מיט זאַכן, שיך און וועש. ערשט איצט האָבן מיר דערפילט אַז מיר גייען באמת שטאַרבן. מיר האָבן זיך דערנענטערט צו אַן עלעקטרישן דראָט. הינטערן דראָט האָבן מיר דייטלעך געזען אַ באַרג מיט פאַרבלוטיקטע העפטלינגס זאַכן, די געשטרייפטע מענער קאָסטיומען מיט הילצערנע שיך צומישט. פרויען קליידער מיט קינדער שיכלעך, אַלץ איז געווען אין איין באַרג צומישט. הינטערן דראָט האָט געשפּילט אַן אָרקעסטער. פון אַ הויכן קרעמאַטאָריום־קוימען האָט זיך געריסן אַ שוואַרצער רויך. אונדזערע שומרים מיטן לאַגער פירער בראש, זיינען אויף אַ קנאַפּע שעה פאַרשווינדן, און דאַן האָבן זיי זיך צוריקגעקערט מיט לויכטנדע פּנימער. אונדז האָט מען אַ שטויס געטאָן צום טויער, וווּ מיט גרויסע ווייסע אותיות האָבן מיר געלייענט: — קאָנצענטראַציאָנס לאַגער בערגן־בעלזן.



שבתי נודלשטעכער

# לידער

## וועלט

וועלט,
כ׳פיל דיך טיף אין מיר, —
און דאָך ביסטו אַזוי ווייט
ווייל כ׳פיל דיך נישט גאַלאָפּירן אין מיינע אָדערן.
כ׳פיל דיך אין מיין מוח,
ווייל כ׳הער דאָס קרעכצן פון מיליאָנען פאַראומגליקטע קולות:
קולות נאַסע און טויטע,
קולות, וואָס לעשן זיך אין מיינע נערוון.
דיין וועג, וועלט, באַגרייף איך נישט.
כ׳זע דיך אַזוי גרויס, און ביסט דאָך אַזוי קליין.
כ׳האָב ליב צו זען דיך וויגן־זיך אויף אַלע פיר ווינטן
און פאַרנעמען דעם עכאָ פון דיין חלום;
כ׳וואָלט וועלן דער מאַנטל זיין,
וואָס פאַרדעקן זאָל די איינזאַמקייט פון דיינע מענטשן
און כ׳זאָל זיי צומראָגן אַ קראַנץ ליכט פאַר זייערע פינצטערקייטן.
כ׳וואָלט וועלן זיך אויסגלייכן דיר אַנטקעגן און אויפהאַלטן דיין גאַנג.
ווהין פאַרטראָגסטו דען די דורשטיקע און טרוקענע קולות,
וואָס קרעכצן אָן אויפהער?
ווהין פאַרשלעפּסטו די קאָשמאַרן־קערפּער,
זאָג מיר, וועלט,

ווהין פאַרטראָגט זיי דיין פּרימאָרגן ווינט,
און ווו וועלן זיך אָפּשטעלן די אַשן פון זייערע קערפּער?...
דו שווייגסט!
און, ווי אַן איינציקער ענטפער,
כ׳הער דעם געמורמל פון דיין ים,
וואָס קרעכצט אַזוי
און זינגט אויך אָן אויפהער.
וועלט, כ׳הער דיך זיך קייקלען אין מיין מוח
און דאָך, — כ׳באַגרייף דיך נישט.

# איינזאַמקייט

איינזאַם ווי די שטיינער, וואָס קייקלען זיך איבער דער וועלט,
פאַרלאָזט ווי די שעהן ביים אַנטלויף פון טאָג, —
איינער אַליין אויף דער וועלט.
איינזאַם ווי די טויטע, וואָס שלאָפן אין זייערע קברים,
פאַרלאָזט ווי די בלעטער אין ווינטער,
פאַרגעסן ווי די שטיינער, וואָס קייקלען זיך איבער דער וועלט.
שוין נישט פילנדיק די נאַכטיקע קעלטן,
ווי עס פילן נישט דעם ווייטיק געשטאָרבענע הערצער,
גיי איך ווי די שטיינער... קייקלענדיק זיך איבער דער וועלט.

פון שפּאַניש: ישעיהו אוסטרי־דן



י. וויניעצקי

# דוד׳ל וויינבערג ווערט אַ שרייבער

דודל וויינבערג שטייט ביים פענצטער און קוקט ארויס צו דער קאַל־טער, פארשנייטער, אומעטיקער גאַס. ס׳איז שוין נאָענט צו מיטאָג־צייט און מען זעט נאָך נישט קיין באַוועגונג פון מענטשן וואָס איילן פון דער אַרבעט צו מיטאָג.

— גאַסן... מתים ליגן אויסגעצויגן... אין ווייסע תכריכים איינגע־הילטע...

אַ שווערער אומעט האָט געדריקט זיין האַרץ: זיינע מחשבות זענען מיטאמאָל געוואָרן שווער־אָנגעלאָדן. צו פופצן יאָר אזוי פיל שוין איבער־געלעבט! ארומגעוואנדערט — יאָ, אַ שריפה איבערגעלעבט; דעם טאַטנס פאבריק איז אָפּגעברענט געוואָרן; ס׳איז געווען אין 1905...; דערנאָך... אַ פּאָגראָם... אַ רעוואָלוציע... אַ מלחמה... נאָך אַ קינד געווען און שוין געוואנדערט פארלאָזן די היים, מ׳האָט אים קיין לאָמזשע געשיקט צום זיידן... דודל וועט נאָך אמאָל זיין אַ רב... די מאַמע האָט נאָר געוואָלט, ער זאָל זיין אַ רב... דער טאַטע איז נישט געווען צופרידן, דודלען צוריק אהיים געבראַכט, אים אין אַ חדר מתוקן אריינגעגעבן, דערנאָך אין אַ רוסישער גימנאַזיע... מלחמה... דייטשן באַפרייען פּוילן... דוד וויינבערג ווערט אַ שילער אין אַ פּוילישער האנדל־שול און... מיטאמאָל האָט אַ הוסט הינ־טער זיינע פּלייצעס איבערגעריסן דעם פאָדים פון זיינע מחשבות.

אומגעקוקט זיך און דערזען דעם טאַטן ליגנדיק אויף דער סאָפע מיט ברייט צעעפנטע אויגן.

דודל האָט זיך פארשעמט. זיינע ליפּן האָבן עפּעס געשעפּטשעט. ער האָט נישט געוווסט, אַז דער טאַטע שלאָפט נישט...

ער זעצט זיך צו אויף אַ ברעג סאָפּקע און קוקט אַ ווײַל צום טאַטן מיט שטומע בליקן.

טאַטע און זון קוקן זיך איבער אין טיפן שווייגן.

— טאַטע! רופט זיך אָפּ דודל שעפּטשענדיק, איך וועל אַריבערגיין צו די אָוונט־קורסן און בייטאָג וועל איך אַרבעטן.

זישע ווײַנבערג האָט באַטראַכט זיין זון מיט פאַרשנדיקע בליקן.

— וואָס?... אַרבעטן?...

— יע, טאַטע, אין אַ געשעפט. כ'ענדיק שוין בוכהאַלטעריע; דעם לעצטן קורס וועל איך מאַכן אין אָוונט און בייטאָג וועל איך אַרבעטן!

די לעצטע ווערטער האָט דודל אַרויסגעזאָגט מיט אַנטשלאָסנקייט, זיך אַ הייב געטאָן פון אָרט און עטלעכע מאָל דורכגעשפּאַנט דעם צימער. דערווײַל האָט זיך דער טאַטע פּאַמעלעך אויפגעהויבן און געבליבן זיצן אויף דער סאָפּקע נאָכקוקנדיק די באַוועגונגען פון זיין פרי רייף געוואָרענעם זון.

ווען דער זון איז אויף אַ ווײַל אַרויס פון צימער, האָט זישע ווײַנבערג פאַר זיך געשעפּטשעט:

דער דייטש ימח שמו האָט מיך אינגאַנצן צעבראָכן... שמוגלען קען איך נישט... דאָס לעבן האָט ווי אַ זייגער וואָס האָט אויסגעוויקלט די שפּרינגפעדער, זיך אָפּגעשטעלט, אינגאַנצן זיך אָפּגעשטעלט...

— ט אַ ט ע!

פאַר אים איז ווידער געשטאַנען זיין זון און אים דורכגענומען מיט געטרייע בליקן.

זישע ווײַנבערג האָט זיך געשטאַרקט און אײַנגעהאַלטן די טרערן, וואָס האָבן זיך אים געשפּאַרט אין די אויגן.

— קום טאַטע, וואַש זיך; די קינדער קומען באַלד פון חדר; די מאַמע גרייט שוין צום טיש.

מלכהלע האָט פון דער קיך־טיר געהערט איר מאַנס שמועס מיט איר עלטסטן זון און אירע אויגן האָבן אויפגעלויכטן. אין האַרצן האָט זי אָבער געטראַכט:

— מסתמא איז באַשערט, אַז דודל זאָל ווערן אַ פּריקאַזטשיק...

יודל ראַבינאָוויטש איז אַן אויפגערעגטער אַרומגעלאָפן איבערן קראָם און זיך געקאָכט ווי אַ קעסל:

— אזא חוצפה!... אזא העזה!... מ׳האָט זיך עס אויף מיר פאַרנומען!...
— א יד אחת!...

דער משרת הערשל גיבערשטיין איז געזעסן אויפן בופעט פאַרליינט א פוס אויף א פוס און באַטראַכט דעם אונטערשלאַג פון זיין קאַפּאָטע.

הינטער אים איז געשטאַנען מיט א פען אויפן אויער, דער בוכהאַל־טער אשר ראַפּאָפּאָרט און נאָכגעפאָלגט זיין אויפגערעגטן באַלעבאָס מיט צאַפּלדיקע בליקן.

יודל ראַבינאָוויטש איז א וויל שטיין געבליבן אין מיטן קראָם און מיט זיין גאַנצן וועזן זיך געטרייסלט ווי א לולב. זיין פּנים און דאָס שניי־ווייסע בערדל זענען געווען פון איין קאָליר. פייער־שפּריצנדיקע בליקן האָט ער א וואָרף געטאָן אויף זיינע „מענטשן" און האַסטיק ארויסגעלאָפן פון קראָם.

— וואָס וועט זיין, פאַניע געבערשטיין? האָט דער יונגער בוכהאַל־טער מיט א ציטערדיקער שטים אריינגעשעפּטשעט זיין עלטערן חבר אין אויער אריין.

— וואָס וועט זיין?! האָט גיבערשטיין א ברום געטאָן מיט זיין באַ סאָוועך שטים.

— דער אַלטער תרח וועט מוזן נאָכגעבן! אַנישט זאָל ער באַצאָלן פאַר דריי חדשים!... און זאָל ער וויסן, אז מ׳דאַרף האָבן דרך ארץ!...

— ער איז דאָך... האָט ראַפּאָפּאָרט געפּליסטערט.

— וואָס איז ער? א באַלעבאָס? זענען מיר מענטשן! האָט גיבער־שטיין אויסגערופן האָפערדיק נישט מערקנדיק, אז דער באַלעבאָס שטייט אויפן שוועל.

— ארויס!... ארויס פון מיין קראָם! האָט יודל ראַבינאָוויטש געריע־וועט ווי א פאַרוווּנדעטע חיה.

גיבערשטיין האָט אין דעם מאָמענט א שפּרונג געטאָן פון בופעט, זיך אויסגעגלייכט אין זיין פולער שלאַנקער געשטאַלט און זיך שטעלנדיק פּנים אל פּנים צו זיין באַלעבאָס, אויסגערופן מיט א הילכיקן קול:

— דרך ארץ!

— ווער זאָל האָבן דרך ארץ?... ווער פאַר וועמען?... האַ?... ווער?.. דער „מענטש", צי דער באַלעבאָס?...

— איין מענטש פאַרן אַנדערן!... און אויב איר באַשטייט נישט דערויף, האָט איר א ברירה.

— וואָס איז די ברירה?

— וואָס די ברירה איז? האָט גיבערשטיין איבערגעחזרט דעם באַלע־באָס ווערטער זיך גלעטנדיק בנעימות דאָס בלאָנדע בערדל; די ברירה איז, איר לאָזט מיר אויסצאָלן פאַר דריי חדשים, וועט מיין פּוס מיר נישט זיין ביי אייך.

יודל ראַבינאָוויטש האָט אַרויסגעכאַפּט פון קעשענע אַ גרויסן טייס־טער און אויסגעציילט אויפן טיש דריי הונדערט מאַרק.

הערשל גיבערשטיין האָט געלאָסן נאָכגעציילט דאָס געלט, פאַרוויקלט די פּאַפּיר־געלט אין אַ שטיק צייטונגס־פּאַפּיר; דאָס פּעקל פאַרשטעקט טיף אין קעשענע און אויסגעשטרעקט צום באַלעבאָס אַ האַנט.

יודל ראַבינאָוויטש האָט זיך האַסטיק אָפּגעקערט און געלאָזט הענגען אין דער לופטן די אויסגעשטרעקטע האַנט פון זיין געוועזענעם משרת.

— דאַרף מען נישט... האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און איז אוועק.

— ☙ —

די גענשע גאַס האָט געקאָכט מיט דער שפּאַגל פרישער נייעס וועגן הערשל גיבערשטיינען, וואָס האָט זיך צעקריגט מיטן באַלעבאָס און גע־מאַכט שותפות מיטן שווער.

— שותפות מיטן שווער?

— מיט אנשל קאַסטענשטיינען?

— מיטן גערער חסיד?

— שטיין־רייך!

— נו, איז וואָס?

— אין אַזאַ צייט?

— אין אַזאַ קריזיס?

— איז וואָס?

— די וועלט גייט אונטער?

הערשל גיבערשטיין האָט מיטן שווער שותפות געעפנט אַ מאַנופאַק־טור־געשעפט אויף גענשע אנטקעגנאיבער זיין געוועזענעם באַלעבאָס. נאָר נישט מיט קיין טיר צום גאַס.

— צו וואָס דאַרף איך אַ טיר צום גאַס? האָט ער איינגעטענהט מיטן שווער, אויף כפּרות דאַרף איך דעם גראַשנדיקן קונד. — נאָר — הורט!

און דער שווער האָט צוגעשטימט, אַז מ׳דאַרף האַנדלען הורט און מ׳האָט גענומען אַ געשעפט אויף אַ גאַרן.

אַז יודל ראַבינאָוויטשעס בוכהאַלטער האָט זיך פאַרעקשנט און נישט געוואָלט אַוועק פון זיין באַלעבאָס, האָט הערשל גיבערשטיין זיך דערמאָנט אַן זישע וויינבערגס זונדל, וואָס לערנט אויף די אָוונט־קורסן פון „שקאָלע האַנדלאָווע״ און ער ענדיקט שוין דאָס יאָר.

— וואָס הייסט ווער? איר קענט נישט שוועהר דעם פּרעזעס פון „לינת הצדק״?

— ווער איז דער זישע וויינבערג: האָט דער שוועהר איבערגעפרעגט.

הערשל גיבערשטיין האָט זיך אַרומגעקוקט צי קיינער הערט נישט און האָט אַריינגעסודעט דעם שוועהר אין אויער אַריין:

— אַ יורד...

איז געבליבן צוצונעמען פאַר אַ בוכהאַלטער זישע וויינבערגס עלטסטן זון דודלען.

* * *

זישע וויינבערג איז געוועזן געוווינט צו זיין אין וועג.

ס׳האָט אים געריסן פון אָרט און דער עול פון פּרנסה האָט אים גע־עקבערט דעם מוח.

ער האָט זיך דערמאָנט ווי אַמאָל אין וועג אין אַ פּראָסטיקער ווינטער־נאַכט האָט ער דערזען אַ מחנה פויערים מיט העק איבער דער ווייכסל, ווי זיי האָבן אַנטקעגן שיין פון דער לבנה געהאַקט דעם אייז... געהאַקט דעם אייז... און אַז דער אייז האָט זיך געשפּאָלטן האָט זיך באַוויזן אַ מחיה פון פיש...

און ער האָט צוגעטראַכט אַ פּלאַן.

— די באַנען זענען פאַרנומען מיט מיליטער, סחורה ליגט אין די לאַגערן.

— דינגען באַלעגאָלעס...! און זישע וויינבערג איז געוואָרן אַן עקספּעדיטאָר.

זישע וויינבערג פלעגט אַ גאַנצע וואָך זיין אין וועג און אויף שבת אַהיים קומען מיט אַ זעקל מעל, קאַרטאָפל, האָלץ און עטלעכע מאַרק מזומנע.

האָט מען שוין אין שטוב נישט געדאַרפט דודלס פאַרדינסטן.

— זאָל ער דאָס האָבן פאַר זיך!

דודל האָט אָבער נישט געוואָלט האָבן אַלץ „פאַר זיך״; זיינע צוויי

קליינע ברידערלעך לערנען אין חדר מתוקן; קענען שוין אזוי פיין לייענען; מען דאַרף קויפן מעשה־ביכלעך זאָלן זיי לייענען. זיי איז אָבער נאָך אָנגעקומען שווער דאָס לייענען זיי האָבן געדאַרפט פריער אויסלייגן די אותיות, האָבן זיי געבעטן ביי אים:

— דודל, לייען!

און דודל האָט געלייענט פאַר זיינע ברידערלעך אין די לאַנגע ווינטערנעכט מעשיות פון פּרצן, דינעזאָנען, שלום עליכמען און די קינדער האָבן געשלונגען יעדן וואָרט און אָנגעקוואָלן.

אַז דער טאַטע איז געקומען פון וועג, האָט ער די קינדער געשאָנקען אַ מאָל פּרצעס „סוד", אַ מאָל דינעזאָנס „יאָסעלע" און אַמאָל שלום עליכמס „פאַן".

די קינדער האָבן זיך געפרייט און די מאַמע האָט זיך צוגעקוקט צו די קינדערס שמחה, האָט זי מיטן ברעג פאַרטעך אויסגעווישט אַ נחת־טרער...

⁂

פלעגט טרעפן אַ מאָל אין די לאַנגע, אומעטיקע ווינטערנעכט, אַז די מעשהלעך פלעגן ווערן איינגעשלונגען און די קינדער האָבן געבעטן „נאָך"...

— וואָס נאָך, שלמהלע, וואָס נאָך, בערעלע, אַז אין ביכל איז שוין נישטאָ מער...

— דערצייל אונדז אָן ביכל... און דודל האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט זיי איינמאָל אַליין עפּעס צוגעטראַכט און דערפאַר לאָזן זיי אים שוין מער נישט אָפּ און ער מוז זיי שוין אָפטער דערציילן „אָן ביכל"...

און איינמאָל, אַז דודל האָט זיי דערציילט אַ צוגעטראַכטע מעשה פון „ווייסע גענדז", איז זיי די מעשה אַזוי געפעלן געוואָרן, אַז זיי זענען צו אים צוגעשטאַנען, ער זאָל זיי די מעשה דערציילן נאָך אַ מאָל.

— ווייסט איר וואָס, קינדער? איך וועל פאַר אייך דאָס מעשהלע אויפשרייבן, וועט איר דאָס אַליין איבערלייענען וויפל מאָל איר וועט נאָר וועלן.

און דודל האָט נישט געקענט איינשלאָפן. ער האָט געטראַכט אויפן געלעגער וועגן דער מעשה פון די „ווייסע גענדז"... יאָ, מ'דאַרף עס אויפשרייבן און אפשר... וועט עס ערגעץ ווערן אָפּגעדרוקט...

פאַרטאָג, ווען דער אָטעם פון שלאָף האָט נאָך געשוועבט איבער אַלע

צימערן, איז דודל שוין געזעסן איבערגעבויגן איבער אַ פּאַפּיר און פאַר־שריבן זיין צוגעטראַכטע מעשה פון די „ווייסע גענדז״.

⁂

הערשל גיבערשטיינס קוזין, בונים ווייס האָט געאַרבעט אין „היינט״.

די צייט איז געווען שלעכט און אין „היינט״ איז מען שולדיק געווען שכירות. פלעגט ער זיך אָפּט אַריינכאַפּן צום קוזין נאָך אַ גמילות חסדל... אַז בונים איז אַריינגעקומען, פלעגט הערשל גיבערשטיין שוין שטיין ביי דעם טיש־קעסטל און ווונקען מיט די אויגן:

— וויפל?...

— און איצט דערצייל בונים, וואָס הערט זיך?

— נאָר דערצייל דעם אמת...

— דעם אמת?... לייען די בלעטער פאַרקערט, וועסטו וויסן דעם אמת... און בעת מעשה האָט בונים אויסגעטאָן דעם גרויסן געפליגלטן הוט און זיך פאַרגלייכט די צעפּאַטלטע טשופּרינע...

— אַ פאַלשע וועלט, בונים...

— די וועלט איז נישט פאַלש, די מענטשן...

אין איין פרימאָרגן איז בונים אַריינגעקומען און זיך געפרעגט אויפן בוכהאַלטער.

— וואָס עפּעס?

און בונים, נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין צווייטן צימערל אַריין, ווו איבערגעבויגן איבער בוכהאַלטעריע־ביכער איז געזעסן דודל וויינבערג, געציקלט אותיות און ציפערן און דערביי גע־ברומט אַ ניגונדל:

— אין דעם בינטשאַק ראיען בינען.

אויף די ביימער בלעטער גרינען...

דודל האָט אַ צאַפּל געטאָן.

פאַר אים איז געשטאַנען בונים ווייס.

— הער אויס דודל... האָט ער אים אַריינגעשעפּטשעט אין די אויגן אַריין, כ׳האָב געלייענט דיין דערציילונג; גאָרנישט שלעכט... ס׳וועט זיין געדרוקט... האָסט טאַלאַנט... שרייב... שרייב...

⁂

אַז דודל וויינבערג האָט דערזען אין ערב שבתדיקן „היינט״ אָפּגעדרוקט ז י י ן דערציילונג... זיין ע ר ש ט ע דערציילונג; איז ער אַ גאַנצן

טאָג ארומגעגאנגען ה׳י אויפן עולם הדמיון.

ביינאכט האָט זיך אים געחלומט, ווי עס שטייט פאר אים דער הויכער בונים ווייס מיטן צעפּאטלטן קאָפּ שניי־ווייסע האָר; מיט קוילן־שוואַרצע אויגן; שטייט ער איבער אים, גלעט זיין טשופּרינע, בליצט איבער אים מיט פייער־בליקן און מיט א סאַמעטענער שטים גלעט ער אים:

— שרייב דודל, שרייב...

אז ער איז אויפגעשטאַנען איז א קאַלטער שוויים גערונען פון זיין שטערן.

ער האָט זיך קוים געקאָנט דערמאָנען, וואָס די נאכט האָט אים געחלומט און פארוואָס איז ער אזוי מיד... און די מידקייט איז אזוי זיס... אזא זיסע מידקייט האָט ער נאָך קיינמאָל נישט געפילט.

* * *

אויף צו מאָרגנס האָט דודל וויינבערג געקריגן צוגעשיקט אויפן אדרעס פון דער פירמע וווּ ער האָט געארבעט „קאָסטענשטיין אי גיבערשטיין" א פארמאכטן קאָנווערט און אז ער האָט אויפגעעפנט דעם קאָנווערט, האָט ער דערזען א בריוו פון דער רעדאקציע פון „היינט".

דודל האָט געלייענט:

„הער דוד וויינבערג!

ליבער יונגער פריינד.

מיר דאנקען אייך פאר אייער דערציילונג. איר פארמאָגט טאַלאַנט. שרייבט אָפטער".

אונטערגעשריבן — דער רעדאקטאָר פון „היינט".

מיט פארטרערטע אויגן האָט דודל געלייענט נאָך א מאָל און נאָך א מאָל און דערנאָך האָט ער ס׳בריוול צוגעדריקט צום הארצן און זיינע ליפּן האָבן געשעפּטשעט!

„היינט בין איך געוואָרן א שרייבער..."

# לידער

## תנחום בערמאן

### אין דער שטאָט פון פּאַלאַצן

(מעקסיקאַנער פּאָעטן געווידמעט)

אין שווער געמיט צו דעם פּאָעט
בין איך געלאָפן זוכן טרייסט;
כ'האָב אַלץ פאַרלאָזן, געלאָפן גיך
ער זאָל מיט זיין באַלזאַם מיך היילן —
אָקאָרשט: אַנשטאָט פון זון — אַ ליד פון שיך,
אַ סאָנעטע זינגט ער מיר פון זוילן.
ס'איז מיר אומעטיק געוואָרן
פאַר דער מוזע, פאַר איר זון,
וואָס מוז צו שטיוול סטאַנסן ווידמען
און נישט באַזינגען מער די זון.
הארבסטיק איז געווען און נאַס,
הארבסטיק אויפן הארץ און שפּל
ווען כ'האָב געוואַנדערט אין אַ גאַס,
ווו פּאָעטן האַנדלען מיט פּאַנטאָפל.
מיט זלזול קוקן די פּאַלאַצן
אויף דעם לאַ־יוצלח דעם פּאָעט, דעם זינגער,
וואָס הימנען זינגען מוז צו לאַטשן,
וואָס שטעקן אים אַרוים די צינגער.
שטייען טרויעריק די מוזן,
פאַרזאָרגט, פאַרכלעמט, פאַרקלערט אין זיך;

אַז מיט שוואַקס האַנדלען מויז,
זין פון ריטם, — און מיט שיך.
פייפט דער האַרבסט־ווינט פּיילן־שאַרף:
„צוליב פּרנסה, צוליב פּרנסה!
דער פּאָעט אויך עסן דאַרף,
די ליבע זין פון די פּאַרנאַסן.״
ליגן לידער שטויב באַדעקטע
און עס קלעמט אַ ווייטאָג מיך;
כ׳זע די הימלען מיט טינט פּאַרמעקטע,
די מוזע ווײנט: זי גייט אַן שיך.

מעקסיקע, אלול, תש״ב

## די וואַנט

אונטער הימלען פון יסורים,
אויף פאַרברענטער ערד פון זינד,
גייט אַרום אין בייזן חלום,
רויטן חלום, אדם׳ס קינד.
פון אדם׳ס זון, דעם זון, דעם ערשטן,
ערשטן ברודער־מערדערס האַנט,
וואַקסט פון לייד און צער און אַנגסטן
צווישן מענטש און מענטש אַ וואַנט.
שרייבט אַ האַנט מיט שריפט פון פייער
אויף דער וואַנט: לית דין, לית דין —
אַ ירושה פון רציחה,
פון ערשטן ברודער־מערדער, קין.
ווער ווען אויפשטיין דער צושטערער
פון דער וואַנט, וואָס ווי אַ תפיסה
האָט פאַרוואַנדלט פרייד פון לעבן
אין אַ לאַנגער, שווערער גסיסה?
ווער נאָך קומען וועט אַ משה,
וואָס פון שקלאַפנלאַנד און שאַנד,
פירן וועט דעם מענטש צום מאָרגן,
צו דעם זיננערס מאָרגן־לאַנד?

אָדער וועט קאָשמאַר דער רויטער
אַלץ פֿאַרפּלייצן, אַלץ פֿאַרטרינקען
און דעם גביא'ס העלע לוחות
אין טיפֿן אָפּגרונט זיי פֿאַרזינקען?
ברענען הימלען פֿון יסורים,
ברענט די ערד פֿון גרויסער זינד;
ווו געפֿין איך איצט אַ משה
פֿאַר דיין גאולה, אדמ'ס קינד?

מעקסיקע, מרחשון, תש"ג



רבקה ראָזענפעלד

# אויפן שוועל

ווען דער גליענדיקער ברוק האָט זיך אָנגעהויבן אָפּקילן נאָכן פאַרענדיקטן אַריינמאַרש פון די נאַצישע חיילות, האָט שרה די חלוצה פאַרצייכנט אין איר טאָג בוך:

„אייגנטלעך האָט זיך נאָך גאָרנישט געביטן. פונם אָרט ווו נעכטן האָט אַראָפּגעקוקט פּריציש־גאַוּוהדיק דער פאַרהאַסטער ווייסער אָדלער, דראָט היינט דער שוואַרצער האַקנקרייץ"...

טיף פאַררוקט אין הויף פון „פּאָלנאַ" גאַס, איז דער בנין פאַרנומען דורך דעם חלוצישן קיבוץ, ווי תמיד געשטאַנען אַ פינצטערער, אַ פאַרבמורעטער פון די שוואַרצע קנוילן רויך, וואָס האָבן זיך אָן אויפהער געצויגן דורך די קוימענס פון די אַרומיקע פאַבריקן, זיך געלייגט אויפן דאַך פון דער געביידע און איבער אירע דרויסנדיקע ווענט, אַריינגעקראָכן דורך די שויבנלאָזע פענצטער, איבערלאָזנדיק טונקעלע סמנים, ווי שאָטנס אויף דער סטעליע, ווענט און קאַרגן מעבל.

ווי תמיד האָבן טרויעריק געווונקען די בלינדע לעכער פון די צעבראָכענע פענצטער. ווו נישט ווו, האָט אַ שטיק שמאַטע פאַרנומען דאָס אָרט פון אַ שויב. דער שפּעטער האַרבסט־ווינט האָט פריי געבלאָזן און געבלאָנדזשעט אין די האַלב־פּוסטע חדרים.

דער נאַסער, אַלוּלדיקער טאָג האָט זיך גיך באַהאַפּטן מיטן אָוונט, מיט דער נאַכט. די שטילקייט וואָס האָט איינגעוויקלט דעם הויף איז בלויז פון צייט צו צייט געוואָרן איבערגעריסן דורך האַסטיקן שפּאַנען, דורך יונגטלעכן שפּרונג אויף די טרעפּ...

... חברה האָט זיך צוריקגעקערט פון דער אַרבעט...

דער אָוונט־ברויט, איז ווי אַ גאַנצן אָסיען, אויך דעם אָוונט, באַשטאַנען פון אַ רייפטל שוואַרץ נישט דערבאַקן ברויט און אַ טעפל טיי אָן צוקער. אַ שלעכט יאָר געווען. אין האַרבסט־צייט פלעגט זיך דער מצב שטענדיק פאַרערגערטן, עס פלעגט אָפּפאַלן די אַרבעט אין פעלד און די אַנדערע אַרבעטן פון זומער סעזאָן.

שוין אַראָפּגענומען די מייערן, די רעטעכער און אַנדערע גרינסן, און אויב עס איז יאָ עפּעס געבליבן אויף די פעלדער, איז עס דערטרונקען געוואָרן דורך די שטאַרקע רעגנס... גאַנצע טעג האָט געגאָסן ווי פון צעבערס. די בוי־אַרבעט האָט זיך דאָס יאָר אויך פרי אָפּגעשטעלט, נאָך אין מיטן זומער, צוליב דער אומזיכערקייט. די דייטשן זיינען בליץ שנעל נעגאַנגען. מען האָט געערעדט פון אַ מעגלעכן אָנפאַל אויף פוילן, אַזוי אַז יעדער איינער האָט זיך באַמיט שפּאָרן, אויסקומען אָן געדונגענער אַרבעט.

חברה האָט געביסן דאָס זויערלעך־קוואַטשיקע ברויט און פאַרזופּט מיט ברוינער הייסער פליסיקייט. נישט קענטיק געווען אויף די פּנימער, אַז עפּעס איז געשען, אַז איבער די קעפּ פלאַטערט די סוואַסטיקע... אפשר געזופּט די ביטערע טיי אַ ביסל לאַנגזאַמער ווי שטענדיק...

נאָכן עסן האָט בוזיק דער געלער, — דער ראש קיבוץ — זיך ווי אַלע מאָל אויפגעהויבן אַ רואיקער און מודיע געווען אַן אסיפה. די קיבוצניקעס האָבן זיך שטיל איבערגעקוקט און זיך דערמאָנט אין די מאַרשירנדיקע מיטן „געגנדזן" טראָט.

בעת דער זיצונג האָט דוד פון קולטור־ועד קורץ איבערגעגעבן אַז מען ווייזט דעם אָוונט אין שטאָט - קינאָ אַן ארץ ישראל בילד, אַז נאָך היינטיקער געשעעניש, טאָר מען אַזאַ געלעגנהייט נישט דורכלאָזן, הגם מען וועט דאַרפן מקריב זיין אַ טאָג עסן, כדי צו דעקן דאָס איינטריטגעלט.

ס'איז נישט קיין גרויסער קרבן אַ טאָג פאַסטן, קיינער קען נישט זיין קעגן — האָבן דודס הייסע ווערטער ווי אַ דראָ געטאָן.

אַ שווערע שטילקייט האָט נאָכגעפאָלגט זיינע רייד. באַלד האָט דער איינאויגיקער זכריה — דער אויפזעער פון משק — געבעטן דאָס וואָרט און נישט דרייסט אָנגעהויבן:

— עס וואָלט געווען אַ גליק צו זעען דאָס בילד, אָבער... מען טאָר זיך איצט נישט דערלויבן צו זיין סענטימענטאַל... חברים האָבן נישט

קיין שיך... נישטאָ קיין געלט צו קויפן לעדער צו פאַרריכטן די אַלטע, די וואָס קענען נישט גיין צו דער אַרבעט צוליב מאַנגל אין שיך, זיינען דערשלאָגן... אפשר בעסער קויפן לעדער? עס גייט אַ צייט...

זיינע רייד זיינען געווען שווער און אָפּגעהאַקט, ווי זיין בגילופנדי־קער גוף. און שווער ווי שטיינער זיינען געפאַלן אַ זילב נאָך אַ זילב, אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט. זיינע לעצטע ווערטער אָבער זיינען אַרויס אַזוי ווייך און שטיל, אַז מען האָט זיי קוים דערהערט...

לאַנגזאַם האָבן זיך קעפּ אַראָפּגעלאָזט. אין דער לופטן איז אַ דריקנ־דיקע מאַסע געהאָנגען; זיך נעלייגט אויף די פאַרזמאַלטע, אויף זייערע געמיטער.

דוד'ס אויגן ווי צוויי גליענדיקע קוילן האָבן שלעכט אַ פינקל געטאָן:

— אָבער ווען מען וואָלט אַ סאָוויעטיש בילד געוויזן, וואָלט ער, זכריה, זיכער מסכים געווען...

ווי אויף אַ מיליטערישע קאָמאַנדע האָבן גלייכצייטיק אַלע אויפגע־הויבן די קעפּ אין דודס ריכטונג, האַלב פאַרוואונדערט, האַלב מיט פאָרוואורף.

דאָס ליידיקע אָרט אַ סימן ווי ביי זכריהן איז אַמאָל נאָך אַן אויג געווען, האָט זיך ווי טיפער איינגעגראָבן אין פּנים. דאָס צווייטע, דאָס אָפּענע, דאָס איינציקע, האָט טרויעריק געשמייכלט און ווי געבעטן הילף. שטיקער באָרוועסע פיס האָבן פאַרשטאַרקט און בלוי פון קעלט זיך געריסן דורך אָפּענע שיך...

— נישט אַזאַ איז דער צוגאַנג חבר דוד, — האָט רויק אָבער פעסט געקלונגען בוזיקס שטים.

— זכריה איז איינער פון די פאַראַנטוואָרטלעכסטע און געטרייסטע חברים פון קיבוץ. זיין פּראָ־סאָוויעטישקייט איז נישט קיין אינדיווידועלע שטעלונג, אָדער סענטימענט... מיר, דער „השומר הצעיר"... אָבער איצט איז נישט קיין צייט פאַר אידעאָלאָגישע דיסקוסיעס, האָט ער איבערגע־האַקט אין מיטן זאַץ. ד י אָקופּאַציע טאָר נישט אַרויסברענגען פון גלייכ־געוויכט, דאַרף אונדז נישט מאַכן סופּערסענסיטיוו. בשום אופן נישט. עס איז אַן ערנסטער ענין, שווער צו דעצידירן. חבר'טעס ליגן אָפּגע־שוואַכטע. נישטאָ אויף קיין דאָקטער. נישטאָ קיין שיך, קיין עסן צו דער זעט... און דער ווינטער רוקט זיך אָן... מען זאָגט אַ פּרעכטיק בילד,

אפשר דער לעצטער גרוס פון ארץ. זאָגט זיך ארוים חברים — האָט שוין בוזיק שוואַך פּאַענדיקט.

— טייערער, איינציקער — האָט אַ וואַרעמע כוואַלע גליכצייטיק אַ שלאָג געטאָן צום הארצן שרהן, רבקהן, פרײדלען...

ביי דער אָפּשטימונג האָבן זיך הענט געהויבן פאַרן תענית. זיך געהויבן ביי איניקע לייכטער ביי אַנדערע שווערער.

די מחנה האָט זיך ארויסגעלאָזט אין דער קאַלטער נאַכט. שוואַרצע, שווערע וואָלקנס האָבן ווי פלאַכטעס איבערגעצויגן דעם הימל, און די לבנה פון אונטער זיי, איז אַרויסגעשווומען אַ גרויסע, אַ גלאַנציק־פייכטע, אַ דראָענדיקע. פון דער ווייטנס זיינען דערגאַנגען קנאַלן פון מאַשין־געווער און דאָס שפּאַנען פונם אַקופּאַנטס־וואַך...

דורך אונטערגעסלעך געגנבעט זיך, שטיל זיך געשאַרט. די בחורות אין שטאַרק אָפּגענוצטע פאַרמלאָזע מלבושים, אַווו יעדער קנייטש און רים האָט באַהאַלטן יוגנטלעכע שיינקייט און רייץ. די בחורים מיט היטלען אַראָפּגערוקט איבער די אויגן. די קעפּ שטאַרק אַריינגעצויגן צווישן די פּלייצעס.

פון שיך אויסגעקרומטע, נישט קיין פּאָר צו זיך, האָבן אַרויסגעקוקט שטיקלעך פינגער, בלוי פאַרפראָרן לייב...

אין קינאָ אויפן לייוונט; מדברדיקע געגנט. זאַמד און זון. געל, הייס־גליענדיק. אַראַבישער קאַראַוואַן צעמישט פון צייט צו צייט דעם ווייכן זאַמד, וואָס ווערט תיכף פאַרגלעט, אויסגעגלייכט פון פייערדיקן מזרח־ווינט.

און נייע טריט אין מדבר. טיפער טראָט, וואָס קיינער ווישט נישט אָפּ. נישט צו בעדואינער קעמלען געהערט ער, נאָר צו יונגן, יידיש־חלוצישן גאַנג. נייע קלאַנגען גייען אויף אין דער וויסטעניש. קלאַנגען פון קריג. מלחמה איז דערקלערט דעם מדבר. עס ברעכט זיך דער וויסטעניש־ווידערשטאַנד, אונטער הייסן שוויים און זודיק חלוציש בלוט.

די לבנה־שיין פאַלט שוין אויף גערטנער, אויף וואַסער, אויף נאַכטיקן שומר און אויף שטאַרבנדיקן קעמפער... אָפּט כאַפּט די נאַכט אויף און זאַפּט איין פון פאַרשמאַכטע, פאַרברענטע ליפּן דעם לעצטן געפּליםטער. אין דבר, טוב למות... און ווען אַ שאַקאַל צעוויעט זיך און דערמאָנט אין די פריי־אוועקגעגאַנגענע און זאַמדיקן קבר, איז דער געיאָמער פון די איבערגעבליבענע אַזאַ געזאַנג:

און ווען עס פאַלט אין פעלד
אַוועק אַפּטמאָל אַ העלד
איז וואָס, איז וואָס, איז וואָס?

די פּאַלאַטקעס, די גרינקייט ארום, דער ברונעם און דער עמער, דער גוסס׳דיקער מדבר, זינגען מיט אין כאָר; איז וואָס, איז וואָס?

אַ בליענדיקע געגנט איז אויפגעשטאַנען; ברייט און ווייט האָט זיך צעוואָקסן די קבוצה. דער סימן פון דער מדבר־געגנט איז נאָר אין צעאַקערטע פּנימער און אויף די מאַזאָלעדיקע הענט געבליבן.

די „סאברא" איז געבוירן געוואָרן און וואַקסט מיט שטאָלצן אָד־לער־בליק, מיט קאָכעדיק אָריענטאַליש בלוט.

דער שכן מיטן אייזל טראָט, מיטן „לויב צו אללא" האָט געקוקט; האָט געזען ווי דער זאמד איז פאַרזייט און פרוכטבאַר געוואָרן. געזען ביי שטערן־ליכט געפלאַכטענע הענט אין טאַנץ און פאַרשטאַנען. זיך באַזעצט נאָענט צו יצחקן זיין ברודער, יענער זאָל אים העלפן, אַ וועג ווייזער זיין. און קיין זאַך קען נישט צעשטערן דעם גאַנג, קיינער נישט אָפּווישן דעם טראָט...

* * *

אויף צוריקוועגס האָבן זיך קליידער לויז געמאַכט. געשפּאַנט האָס־טיק, ארומגענומען. אריין שטייענדיקע אין הויף און שווייגנדיק געלייגט הענט אויף אַקסלען! אַ הורא האָט זיך צעפלאַקערט.

תן, תן, תן, כתף

האָט זיך הילכיק געטראָגן, געריסן זיך צום הימל, אים געשפּאָלטן.

יש לך כאב, רמסהו ברגליס
פתח את פיך ותשיר בקול...

צעריסענע שטיקער בגדים האָבן זיך געוואַלגערט אויף פייכטער ערד, זיך געפלאָנטערט צווישן די פיס. די קאַלטע שיין פון דער לבנה האָט אַנטבלויזט יונג פריש לייב, זיך אָפּגעשטעלט אויף בלאַס־אָפּגעצערטע גע־זיכטער, באַדעקט מיט שוויים און האָט אַ לייכט געטאָן אויף ברענענדיקע אויגן און אויף ציטערדיקע ליפּן... פיס האָבן זיך געהויבן שנעלער, העכער; וואָס ווייטער אַלץ האַסטיקער. עס האָט זיך געדאַכט, אַז דער טאַנץ וועט שוין קיין מאָל נישט אויפהערן, זיך קיין מאָל נישט אָפּשטעלן.

זכריה דער איין־אויגיקער, דער בעל המשק, איז די גאַנצע צייט געשטאַנען און געקוקט אַ שטראַלנדיקער, מיט גלאַנציקן אויג אויף די טאַנצנדיקע. דוד האָט אים דערזען דער ערשטער, און אין ראָד זיין שווע־רן גוף געשלעפט. די האַנט אויף זכריהס אַקסל אַראָפּגעלאָזט. שווער ווי בליי האָבן זכריהס פיס זיך צום טאַנץ געלאָזט, אָבער ווען ער האָט אין זיין איינציק אויג דערפילט אַ פייכטקייט האָט זיין קול ווי פון אַ לייב אַ ברום געטאָן.

עם ישראל חי!

חברה האָט שוין הייזעריק, מיט לעצטע כוחות אונטערגעכאַפּט: חי, חי, חי. פון דער לבנה איז אַוועק דער בייזער גלאַנץ און צוזאַמען מיט די שטערן מיט הימל און ערד האָט זי איבערגעחזרט: חי, חי, חי.

די פאָן מיט דער שוואַרצער סוואַסטיקע, — וואָס אויף דער געביידע פון נאָך נעכטיקן פוילישן מאַגיסטראַט, — האָט פון דעם עכא זיך אַ צאַפּל און אַ קאָרטשע געטאָן...

⁂

די זעלבע נאַכט האָט שרה די חלוצה צוגעשריבן אין איר טאָג בוך: „גלויבן איז אייביקער פון טויט... מיר וועלן אויך דאָס מאָל זיגן“...



# די פּאַנאָראַמע פון געשיכטלעך־פּעדאַגאָגישן פּראָבלעם

ד"ר. ישעיהו אוסטרי־דן

דאָס איז אַ קאַפּיטל פון דעם ערשטן באַנד „געשיכטע פון פּעדאַגאָגיע" וואָס ווערט צוגעגרייט דורך ד"ר. ישעיהו אוסטרי־דן צום דרוק.

ווען מיר טרעטן צו באַהאַנדלען די גרונט־יסודות פון דער „געשיכטע פון פּעדאַגאָגיע", דאַרפן מיר נעמען אין באַטראַכט די גרויסע פּונאַנדערטיילונג פון דער אַנטוויקלונג פון דער דערציונג אויף צוויי געאָגראַפישע און קולטור־היסטאָרישע עלעמענטן:

א) דער גאַנצער מזרח פון אַלטערטום.

ב) דער אייראָפּעישער און אַמעריקאַנער מערב.

די פונאַנדערטיילונג פון דער געשיכטע פון דערציונג אין די צוויי היסטאָרישע גרופּן דאַרף נישט באַטראַכט ווערן ווי אַ דעפיניטיווע. עס זענען פאַראַן פיל עלעמענטן אין דער דערציונג פון מזרח, וועלכע שטייגן איבער די מערב־דערציונג אין מיטלאַלטער און געווים די ערשטע תקופה גלייך נאָך דעם צוזאַמענברוך פון דער מערב־רוימישער אימפּעריע. מיר דאַרפן אָבער באַהאַנדלען די צוויי קולטור־היסטאָרישע שטחים ווי באַזונדערע איינסן אין דער געשיכטע פון דער דערציונג ווייל זיי האָבן אין זיך יסודותדיקע עלעמענטן וואָס פאַרוואַנדלען זיי, וויסנשאַפטלעך גענומען, אין אַ געאייניקטער דערשיינונג אין דער אַנטוויקלונג פון דער דערציונג אין לויף פון דער גאַנצער אַלטערטום־תקופה.

דער מזרח איז כאַראַקטעריסטיש דערמיט, וואָס ער איז פאַרבליבן אין זיין סטאַגנאַציע. די סאָציאַלע באַדינגונגען, קאָנסטיטוטיווע פאָרמען פון דער געזעלשאַפט, דער פּאָליטישער רעזשים און די עקאָנאָמישע יסו־

דות, זענען ווייניק וואָס פאַרענדערט געוואָרן פון אַלטערטום ביז דאָ נישט לאַנג, אין רעכטן מיטן פון 20־טן יאָרהונדערט. דאָרט אַוו מען טרעפט דעם אור־אַלטן דריי־טויזנט־יאָריקן פּרימיטיוון אַקעראייזן, מוז מען טרעפן די זעלבע געשטאַלטונג פון דער געזעלשאַפט, די זעלבן עקאָנאָמיע ווי אַמאָל, און אויך די זעלבע אַלטע און גאָר פּרימיטיווע פאָרם פון דערציונג. ערשט אין 20־טן יאָרהונדערט האָט זיך אָנגעהויבן אַ געוויסער פּראָצעס פון באַנייונג אין גאַנצן נאָענטן און ווייטן מזרח. די אויפטרייסלונג פון ביידע וועלט־מלחמות, די ראַשיקע אַנטוויקלונג פון די פאַרקער־מיטלען און דורכדעם די פאַרקלענערונג און פאַרשמעלערונג פון דער וועלט און דערנענטערונג פון די ווייטסטע און אָפּגעזונדערטע פעלקער איינער מיטן צווייטן, דאָס צוזאַמענגיסן די פּראָדוציר־עלעמענטן פון פאַרשידענע לענדער און אויך קאָנטינענטן אין איין צוזאַמענגעבונדענעם און קעגנזייטיק אָפּהענגיקן עקאָנאָמישן סיסטעם, די עקאָנאָמישע, אַדמיניסטראַטיווע און אין אַ געוויסן זין געזעלשאַפטלעך־קולטורעלע, אָפּווירקונג פון די גרויסע אימפּעריעס און פון די קאָלאָניאַלע גרויסמאַכטן אויף די לענדער פון נאָענטן, מיטעלן און ווייטן מזרח, — אַט די אַלע עלעמענטן האָבן געווירקט צוזאַמען אין דער ריכטונג פון אויפוועקן דעם מזרח פון זיין טויזנט־יאָריקן שלאָף און האָבן פאַראורזאַכט געוויסע ערשטע ענדערונגען אין דער אָריענטאַלישער פאַרגליווערטקייט.

דער מערב דאַרף באַטראַכט ווערן ווי אַ המשך, ווי שוואַך די פאַרבינדונגס מאָמענטן זאָלן נישט זיין, פון דער דערציונג וועלכע האָט אָנגעהויבן שלאָגן די ערשטע וואָרצלען ביי די פּרימיטיווע שבטים און איז געקומען צו איר העכערן און אַנטוויקלטערן אויסדרוק אין דער תקופה פון אַלטערטום.

די נויטווענדיקייט פון דער המשכ׳דיקער אויפפאַסונג ווייזט זיך אַמבעסטן אַרויס ווען מיר באַטראַכטן געוויסע דערציערישע עלעמענטן, אָדער אינסטיטוציאָנעלע איינסן, וועלכע זענען פון תמיד אָן געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע פעלקער, אין אַלע לענדער און קאָנטינענטן און אין אַלע תקופות פון דער געשיכטע־שאַפנדיקער מענטשהייט.

ווען מיר נעמען די דערשיינונג פון דער שולע אין דער אַלוועלטלעכער אַנטוויקלונג פון דער אינסטיטוציע, זען מיר אַז זי האָט עקזיסטירט ביי אַלע פעלקער. דער מערב האָט איבערגענומען די אינסטיטוציע פון מזרח. די מערב־וועלט האָט נאָר פאַרבעסערט, אָרגאַניזירט דעם באַגריף און די אינסטיטוציע אָבער האָט כלל נישט געשאַפן קיין נייע אינסטיטוציע אויפן

פלאַץ פון דער שולע. דער פאַקט אַליין פון אַזאַ פונדאַמענטאַלער דער־שיינונג אין דער אַלוועלטלעכער דערציונג איז גענוג צו באַשטעטיקן דאָס המשכ׳דיקע וואָס איז פאַראַן צווישן דעם מזרח און דער מערב־וועלט אויפן געביט פון דערציונג.

מיר טאָרן אָבער פאַר קיין פאַל נישט איבערטרייבן די ראָל און ווערט פון דער המשכדיקייט צווישן מזרח און מערב. מיר דאַרפן באַטראַכטן דעם מזרח ווי אַ גרונט־לעגנדיקע התחלה, ווי אַ ווינקל־שטיין אין דער געביידע פון דער טעאָרעטישער און פראַקטישער דערציונג, ווי אַן אויס־דרוק פון אַ דערגרייכונג אין דעם קולטור־גאַנג פון דער מענטשהייט. דאָס איז אָבער געווען דער מערב וועלכער האָט געגעבן דעם גרויסן פאַר־נעם און דעם טיפן אינהאַלט דער תורה פון פעדאַגאָגיע און האָט דערהויבן די פּראָבלעם פון דערציונג צו איר היינטיקער פילאָזאָפישער און דידאַק־טישער הויך.

די דערציונג איז נישט אַן אָפּגעריסענע, אַן־און־פאַר־זיכיקע וויסנ־שאַפט. די דערציונג איז אַ פונקציאָנעלע נאָרמע אין דער עקזיסטענץ און אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט. די ענדערונגען וועלכע קומען פאָר אין דער געזעלשאַפט באַדינגען נויטווענדיקערווייז ענדערונגען אין דער טעאָ־ריע און פּראַקטיק פון דער דערציונג. דערציען מיינט, צוגרייטן דעם יונגן מענטש צום לעבן. דאָס וויל זאָגן, אַז מען גרייט צו דעם יונגן מענטש צו די פאָרמען פון לעבן וועלכע עקזיסטירן אין דער געגעבענער תקופה.

דערציונג איז דעריבער אין איר תוכיקן אינהאַלט, אַ קאָנסערוואַטי־ דיקער פאַקטאָר. מען דאַרף נישט מאַכן דערפון קיין פעלערהאַפטן פועל־יוצא, אַז די דערציונג דערפילט אַ צוריקהאַלטנדיקע פונקציע אין דער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט. די פעסטשטעלונג וויל נאָר אַרויסברענ־גען דעם פאַקט, אַז די דערציונג איז דער פאַרפיקסירנדיקער כוח פון די געשאַפענע געזעלשאַפטלעכע ווערטן. מעג די געזעלשאַפט זיין אַ קאָנסער־וואַטיווע, מעג אַ מדינה זיין אַ טאָטאַליטאַרישע אָדער אַ פּראָגרעסיוו־רעוואָלוציאָנערע ווי דער ראַטן־פאַרבאַנד, דערפילט תמיד די דערציונג אונטער אַלע באַדינגונגען די ראָל פון אַן אויפהאַלטנדיקן כוח. די נאָרמעס פון לעבן אין דער געזעלשאַפט, וועלכע זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם אָדער אַנדערן פעלקערלעבן איינס, ווערן דורך דער דערציונג קאָנסערווירט און איינגעפלאַנצט אין די נשמות פון יונגן דור.

עס איז גענוג זיך אָפּצושטעלן אויף דער פאָלגנדיקער דערשיינונג

כדי צו באַגרינדן די שווערע באַוועגלעכקייט פון דער דערציאונג אין ביוון פון נייע אַנטוויקלונגען. טראָצדעם וואָס די מענטשהייט האָט דורכגעמאַכט אין די לעצטע הונדערט און פופציק יאָר אַזוי פיל רעוואָלוציעס, שווערע מלחמות, אַ געוואַלדיקע אינדוסטריעלע אַנטוויקלונג, אַזאַ וויסנשאַפטלעכע פאַרטיפונג, אַ קולטורעלע דערהויבונג, די פונאַנדערבליונג פון טעכניק און טראַנספּאָרט מיטלען פון איין זייט און פון קונסט, ליטעראַטור און פילאָ־זאָפיע פון דער צווייטער זייט, — טראָץ דעם אַלעם, האָבן מיר נאָך אויפן פעלד פון פעדאַגאָגיק געוויקסן וועלכע ציען זייערע יניקה פון נײַנצטן יאָרהונדערט און מיר זענען עדות, אַז עס זענען פאַראַן נאָך היינט צו טאָג געוויסע איינפלוסן וועלכע וואָרצלען אין 18־טן יאָרהונדערט, מיט זייער אויטאָריטאַטיווער פאָרם און פאַרגליווערטער באַנעמונג פון אַ סך פונדאַמענטאַלע פראַגן אין דער דערציונג פון קינד.

ווי מיר האָבן עס פריער געזאָגט קומען די ענדערונגען אין דער טעאָריע און פראַקטיק פון דערציונג פאָר ווי אַ רעזולטאַט פון די ענ־דערונגען וועלכע קומען פאָר אין דער געזעלשאַפט און אין אירע עקאָנאָ־מישע, סאָציאַלע און פאָליטישע באַדינגונגען. דאָ ליגט דער מקור פון פּראָגרעס אין דער תורה פון פעדאַגאָגיק. די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג באַ־דינגט נייע סאָציאַלע־פאָרמען, וועלכע וועקן אויף נייע קולטורעלע באַגערן און אַזוי אַנטשטייען נייע עלעמענטן אין דער וועלט פון גייסט, נייע געדאַנ־קען און נייע לערעס. דאָס לעבן גייט אין דעם צוואַנג־גאַנג פון אַנטוויקלונג. און שאַפט פערמאַנענטע נייע באַדינגונגען פאַר איבערברוך־מאָמענטן, וועלכע זענען דער גרונט־באַדינג פאַר ענדערונגען אין דאָס וועזנטלעכסטע און יסודותדיקסטע פון די עקזיסטירנדיקע אינסטיטוציעס. די אינסטיטו־ציאָנעלע ענדערונגען זענען דער אבן־השתיה פון וועלכן עס קוועלן ארויס די ענדערונגען און דער פּראָגרעס־גאַנג פון דער פעדאַגאָגיק.

אַן אינסטיטוציע איז אַ רעזולטאַט פון אַ דערגרייכונג וואָס אַנטוויקלט זיך דורך אַ רעוואָלוציע, אָדער אַ שפּעטערדיקן אויפברויז פון קולטור וועלכער ציט אויך זיין מקור פון אַ פריערדיקער רעוואָלוציאָנערער דער־שיינונג אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. יעדע אינסטיטוציע איז אַ קאָנסומירטע אידעע. זי איז די העכסטע מאַטעריאַליזירטע דערגרייכונג פון אַ געוויסן טעאָרעטישן געדאַנק, פון אַ שטרעבונג וועלכע איז געווען דער אידעאַל אין דער געזעלשאַפט אין אַ פריערדיקער תקופה. די אינסטי־טוציע דריקט אויס די נייע שטרעבונגען און די נייע צילן וואָס די געזעל־

שאַפֿט האָט זיך געשטעלט. פֿאַר אַן אויפֿגאַבע צו רעאַליזירן אין אַ גע־וויסער תקופה. אַן אינסטיטוציע עקזיסטירט אַזוי לאַנג, ווי זי דינט די אינטערעסן פֿון דער געזעלשאַפֿט. מיטן ווייטערדיקן גאַנג פֿון דער מענטשלעכער אַנטוויקלונג, הויבט אָן ארויסשטאַרצן די סטאַטישקייט און פֿאַרגליווערטקייט פֿון דער אינסטיטוציע. עס מוז קומען אַ מאָמענט, אין וועלכן די אינסטיטוציע הערט אויף דינען די אינטערעסן פֿון דער געזעל־שאַפֿט. דאָס איז דער ערשטער באַדינג פֿאַר אַ צוזאַמענשטויס צווישן דער אינסטיטוציע און דער באַנייענדיקער זיך אָרדנונג אין דער געזעלשאַפֿט. די אינסטיטוציע פֿאַרוואַנדלט זיך זייער גיך אין אַ באַצווינגערין און אַן אונטערדריקערין פֿון די אויפֿקומענדיקע און ניי אויפֿגעבליטע פֿרייהייטן. דער צוזאַמענשטויס וועלכער דויערט אַ לענגערע אָדער קירצערע צייט פֿירט נויטווענדיקערהייט צום אונטערגאַנג פֿון דער אינסטיטוציע און ווען זי טרעט אָפּ דעם וועג און מאַכט אים פֿריי, אַנטשטייט אויף איר פּלאַץ אַ נייע אינסטיטוציאָנעלע דערגרייכונג אינערהאַלב דער מענטשלעכער גע־זעלשאַפֿט.

ווען מיר האָבן פֿריער געזאָגט, אַז דערציִונג שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ קאָנסערווירנדיקן עלעמענט אין דער געשטאַלטונג פֿון דער געזעלשאַפֿט, מיינט עס גענויער גערעדט, אַז זי איז די גרויסע לערערין פֿון דאָס דער־גרייכטע דורך דער געזעלשאַפֿט. די דערציִונג באַרעכטיקט די יצירה פֿון דעם מענטשלעכן גייסט און פֿאַרפֿיקסירט זיינע דערגרייכונגען אין אַ גע־געבענער תקופה. עס וואָלט געווען ריכטיקער אונטערצושטרייכן, אַז זי איז דער כוח וואָס דערפֿירט אַ געוויסע אַנטוויקלונג צום העכסטן שטאַפּל פֿון באַרעכטיקונג.

געוויס איז דער כלל אַן אַלגעמיינער. און עס זענען דאָ אויסנאַמען. עס זענען דאָ אַמאָל געוויסע פּעדאַגאָגישע דערגרייכונגען וועלכע האָבן אַ גרויסן איינפֿלוס אויף דער אַנטוויקלונג פֿון דער דערציִונג דורך דער גע־וואַגטער טעאָרעטישער אויפֿפֿאַסונג. אָבער, די טעאָרעטישע דערגרייכונ־גען זענען אין תוך אויך פֿאַראַנקערט אין דער אַנטוויקלונג פֿון דער מענטשלעכער געזעלשאַפֿט און דינען די נויטווענדיקע פֿאָדערונגען פֿון פּראָגרעס און אַנטוויקלונג וועלכע זענען גרינטלעכע כאַראַקטער־שטריכן אין דער סאָציאַלער סביבה, און דינען די נויטווענדיקע פֿאָדערונ־גען פֿון פּראָגרעס און אַנטוויקלונג וועלכע זענען גרינטלעכע כאַראַקטער־

שטריכן אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט און אין אַלע וויסנשאַפטן וואָס דער מענטשלעכער געניוס האָט געשאַפן.

דזיישמס מולהערן, אין זיין „אַ געשיכטע פון דערציונג", גיט אָן זייער ריכטיק, די פאָלגנדיקע פיר הויפּט־פאַקטאָרן וועלכע באַאיינפלוסן אין אַלע צייטן די פאָרמירונג און אַנטוויקלונג פון דער דערציונג:

1) דער עקאָנאָמישער פאַקטאָר.

2) דער רעליגיעזער פאַקטאָר.

3) דער סאָציאַלער פאַקטאָר.

4) דער פּאָליטישער פאַקטאָר.

אָפּשטעלנדיק זיך אויף די גרונט־עלעמענטן פון די פיר פאַקטאָרן, וועלן מיר באַקומען אַן אַלגעמיין בילד פון די ווירקנדיקע כוחות אין דער געזעלשאַפט, וועלכע באַאיינפלוסן דעם פּראָגרעס און די אַנטוויקלונג פון דער דערציונג.

## 1) דער עקאָנאָמישער פאַקטאָר

עס איז שוין היינט אַן אָנגענומענער וויסנשאַפטלעכער אמת, וואָס קיינער באַשטרייט מער נישט, אַז דער עקאָנאָמישער מאָמענט איז דער דעצידירנדיקסטער און יסודותדיקסטער פאַקטאָר אין לעבן און שאַפן פון דער געזעלשאַפט. דער אַלטער יידישער שפּריכוואָרט פון „אם אין קמח, אין תורה" איז אין תוך די קורצסטע דעפיניציע פון דער וויכטיקייט פון עקאָנאָמישן פאַקטאָר אין דער געשטאַלטונג און אַנטוויקלונג פון גייסטיקן לעבן. דער פיזישער געברויך קומט שטענדיק פאַרן גייסטיקן. ווען דער פיזישער געברויך ווערט באַפרידיקט דערלויבט זיך איצט דער מענטש אָפּצוגעבן מיט גייסטיקע ווערטן. אַן אַ בוך און אָן אַ ראַדיאָ קען מען לעבן, אָן ברויט און אָן וואַסער — קיינמאָל נישט.

דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונגס־שטאַפּל גייט האַנט־אין־האַנט מיט דער דערציערישער אַנטוויקלונג. דער צווייטער מאָמענט איז תמיד באַדינגט פון ערשטן. ווען מיר טרעפן אָן אין אַ געוויסער געזעלשאַפט אַ רייכע און אַנטוויקלטע עקאָנאָמיע איז אין דער זעלבער צייט אויך פאַרגעשריטענער און אַנטוויקלטער די דערציונג אין דער זעלבער געזעלשאַפט.

אַלע סאָציאַלע ענדערונגען, אַלע אינסטיטוציעס, וועלכע אַנטשטייען און אַנטוויקלען זיך אין אַ געוויסן צייט־אָפּשניט און אַלע קולטור דערגרייכונגען, זענען אַ נענטערער אָדער אַ ווייטערער פּועל־יוצא פון עקאָנאָמי־

שן פאַקטאָר אין דער געזעלשאַפט. די דערציונג, זייענדיק דער אונטערגע־שטראָכענער סך־הכל פון די דערגרייכונגען פון דער געזעלשאַפט אין א געווי־סער תקופה, דריקט זיך אמבעסטן אויס אין דער הויך פון דער עקאָנאָמישער אנטוויקלונג פון א פאָלק. מיר וועלן דעריבער זען א נידעריקן שטאַפּל פון אנט וויקלונג אויפן דערציערישן געביט ביי די פּרימיטיווע פעלקער, וועלכע לעבן אין גאָר צוריקגעשטאַנענע עקאָנאָמישע באַדינגונגען, אין דער צייט ווען מיר וועלן טרעפן העכערע פאָרמען פון דערציונג ביי די אָרגאַניזיר־טע און עקאָנאָמיש מער פּראָגרעסיווע פעלקער פון אַלטערטום. מיר וועלן זיין עדות פון זייער א הויכער פּעדאַגאָגיק ביי די גריכן און רוימער אין דער צייט פון זייערן עקאָנאָמישן אויפבלי, און מיר וועלן זען א צוריק־טריט אין דער אנטוויקלונג פון דער פּעדאַגאָגיע אין דער ערשטער תקופה פון מיטל־אַלטער, ווען עס האָבן זיך געביטן די פאָרמען פון דער געזעל־שאַפט און עס האָבן אָנגעהויבן זיך איינשמעלן פאַמעלעך נייע עקאָנאָ־מישע און מלוכהישע איינסן אין דער אינוואַדירטער און אויפגעטרייסל טער אייראָפּע.

דער עקאָנאָמישער פאַקטאָר איז א יסודותדיקער עלעמענט אין דער געשטאַלטונג און אנטוויקלונג פון דער פּעדאַגאָגיע אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט.

## 2) דער רעליגיעזער פאַקטאָר.

די רעליגיע איז געווען זייער א וויכטיקער פאַקטאָר אין לעבן פון די פּרימיטיווע פעלקער און איז נאָך אַלץ פאַרבליבן א ווירקנדיקער איינס פון א גאַנץ באַדייטנדיקער וויכטיקייט אין אונדזער מאָדערנער געזעלשאַפט.

די רעליגיע האָט באַווירקט אין גאָר א גרויסער מאָס דאָס לעבן פון די פּרימיטיווע מענטשן. דער אנימיזם (זע קאַפּיטל צוויי), איז געווען פאַרן פּרימיטיוון מענטש א לעזונג און א פאַרענטפערונג פון אַלע אומ־באַגרייפבאַרע זאַכן וועלכע זענען געווען אַרום אים. דער פּרימיטיווער מענטש האָט נישט געקענט פאַרשטיין און געוויס נישט לעזן די פאַרשי־דענע פּראָבלעמען פון דער נאַטור און פאַר קיין פאַל נישט אנטדעקן זייערע סיבות. מיט דער הילף פון אנימיזם האָט דער פּרימיטיווער מענטש זיך „אויסגעטייטשט" זייער זין, און עס האָט אים כלל נישט געאַרט, וואָס נאָך דער „אויסטייטשונג" זענען זיי פאַר אים געוואָרן פיל מער מיסטע־ריעזער. מ'קען אָננעמען, אז גראָד אין דער נייער, דורך אים אַליין אויס געטייטשטער, מיסטעריעזיטעט, איז געווען אנטהאַלטן א געוויסער אינ־

האַלט, וועלכער האָט זיך זייער גוט אָנגעפּאַסט אין דער פּאַנטאַזיע פון פּסי־כאָלאָגיע פון פּרימיטיוון מענטש. דורכן אַנימיזם האָט דער מענטש גע־לערנט וועגן דער וועלט און די ווירקנדיקע כוחות אין איר. ער האָט אויך געשאַפן אַ צוגאַנג און אַ באַציונג צו די כוחות אין דער נאַטור און אַזוי אַרום אויפגעשטעלט אַ לויזע און צעשוווּמענע ראַם פאַר אַ גייסטער־דינסט, וואָס איז געווען דער יסוד פון די שפּעטערע רעליגיעזע דינסט־פאָרמען, צו אַ גאָט. דער פּרימיטיווער מענטש האָט נאַטירלעכערווייז, אָן אַ מיין, און נישט־באַוווּסטזיניק אין אַלגעמיין, איבערגעגעבן דעם ייִנגערן דור די פאָרמען פון דינען די גייסטער, די שלעכטע און די גוטע, וועלכע זענען געווען אי פּרימיטיוו, אי קאָמפּליצירט אין זייער אומלאָגישער נאַאיווקייט. דער מאָמענט איז געווען אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין דער דערציונג ביי די פּרימיטיווע פעלקער.

עס איז איבעריק אונטערצושטרייכן די גרויסע ראָל וואָס רעליגיע האָט געשפּילט אין דער דערציונג ביי די אור־אַלטע פעלקער, אין מיטלאַלטער און אין דער מאָדערנער צייט ביז דעם היינטיקן טאָג. עס איז געוויס זייער וויכטיק פאַר אונדז צו באַטראַכטן וועלכע איינפלוסן זענען ריכטיקע, און פירן צום פּראָגרעס, און וועלכע זענען צוריקהאַלטנדיקע עלעמענטן אין דער מאָדערניזירונג פון דער דערציונג. מיר ווילן אָבער אין דעם קאַפּיטל זיך באַגרענעצן נאָר צו דער געשיכטע פון דער דערציונג און דעם פּראָ־גרעס פון דער פּעדאַגאָגיק.

די רעליגיע איז נישט געווען אַן איבערנאַטירלעכע און געטלעכע דער־קענטעניש. רעליגיע איז אַ דערשיינונג וואָס וואָרצלט אין דער מאַטעריע־לער וועלט וואָס אַנטפּלעקט זיך און ווירקט אַרום דעם גלויביקן. רעלי־גיע איז ווייט פון צו זיין אַ ריינע גייסטיקע דערשיינונג. די מאַטעריעלע וועלט, אירע פרעג־צייכנס, אירע אומאויפקלערבאַרע גרעסערע און קלע־נערע פּרטים, זענען געווען די דירעקטע סיבות וועלכע האָבן אַרויסגערופן רעליגיע צום לעבן. ווען מיר נעמען איינציקע ביישפּילן פון אַנטוויקלטע און מאָדערנע רעליגיעס, געפינען מיר ביי זיי, אין די עיקרדיקע פּרטים, דעם אויסדרוק פון מאַטעריעלן באַגער פון זייערע גלויביקע.

די קריסטלעכע רעליגיע האָט זיך באַזירט אין איר ערשטער תקופה אויף די אונטערטעניקע פעלקער און גאָר ספּעציעל אויף די שקלאַפן אין רוים און אַנדערע גרויסע צענטערס פון דער רוימישער אימפּעריע. די קריסטלעכע רעליגיע האָט דעריבער פאַרגעשטעלט דאָס בילד פון הימל

ווי אַ פּלאַץ וווּ ס'איז ניט פֿאַראַן קיין פּיין, הונגער און קיין דורשט. דאָס איז געווען דער גרויסער באַגער פֿון דער רוימישער שקלאַפֿן־געזעלשאַפֿט, וועלכע איז געקומען צום אויסדרוק אין דער קאָנצעפּציע פֿון קריסטלעכן הימל.

דער מצרישער הימל איז אויך געווען אַן אויסדרוק פֿון די מאַטעריעלע נויטן און באַגערן פֿון די מצרישע פֿאָלקס־מאַסן. אין דער פּרימיטיווער וועלט און אין דער ערשטער צייט פֿון דער אָרגאַניזירונג פֿון דער גרויסער מלוכה, איז נאָך אַלץ נישט געלייזט געוואָרן די זיכערקייט פֿון ברויט און בכלל פֿון שפּייז פֿאַר אַלע טיילן פֿון דער באַפֿעלקערונג. אַ הונגער יאָר איז געווען אַ גאַנץ אָפֿטע דערשיינונג אין דער אַלטער וועלט. עס איז געווען דער ערשטער אַרויסרוף צו דער רעליגיע אויב זי איז שוין יאָ אַלמעכטיק, זי זאָל זען לעזן די וויכטיקסטע פֿראַגע: פֿון עסן צו דער זעט. אויף דער ערד האָט די רעליגיע נישט געקענט אַזאַ זאַך פֿאַרזיכערן, אָבער זי האָט זייער געשיקט אויסגעמאָלט דעם מצרישן הימל פֿאַר די גלויביקע ווי אַ גרויס פֿעלד וואָס איז שפּע'דיק פֿאַרזייט מיט בעבלעך, וועמענס שטענגלעך וואַקסן זייער הויך.

דאָס פּערסישע פֿאָלק איז געווען אַ קעמפֿער־פֿאָלק. דאָס איז געווען אַ גרינטלעכער כאַראַקטער־שטריך אין דער נאָר־לאַנגער געשיכטע פֿון פּערסיע, וועלכע האָט פּערמאַנענט געדאַרפֿט אויפֿהאַלטן דעם שרעקלעכן דרוק פֿון דער רוימישער אימפּעריע אויף דאָס לאַנד, וואָס איז געווען דאָס איינציקע וואָס רוים האָט קיינמאָל נישט באַוויזן צו באַזיגן און פֿאַרוואַנדלען אין אַ רוימישער פּראָווינץ. דער הימל פֿון דער פּערסישער רעליגיע איז פֿאָרגעשטעלט געוואָרן ווי אַ פּלאַץ וווּ עס קומט פֿאַר אַן אייביקער קאַמף צווישן דעם גאָט פֿון גוטס און דעם פֿון שלעכטס. דער הימל איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שלאַכט־פֿעלד פֿאַר דער קריגערישער פֿאַנטאַזיע און ווירקלעכקייט פֿון פּערסיע (זע מולהערן, זייט 6).

דער הימל אין דער יידישער רעליגיע איז אויך פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ספּעציפֿישן אויסדרוק פֿון יידישן באַגער צו אַן אידעאַליזירט לעבן, וואָס מען האָט נישט געקענט רעאַליזירן אויף דער ערד. די לעגענדע און די פֿאָלקס־פֿאַנטאַזיע זען אין הימל אַ פּלאַץ וווּ צדיקים באַקומען זייער לוין פֿאַר די גוטע זאַכן וואָס זיי טוען אויף דער וועלט, ווייל זיי באַקומען נישט דערפֿאַר קיין שכר אויף דער נידעריקער, זינדיקער וועלט. דאָס איז אַן אויסטייטשונג פֿאַרוואָס גוטע מעשים, וועלכע זענען אַ וויכטיקער יסוד אין דער מאָראַל־טייל פֿון דער יידישער רעליגיע, ווערן נישט באַצאָלט און נישט אָפּגעשאַצט דורך גאָט אויף דער וועלט. דער שכר מוז

קומען, קומט ער אויף דער צווייטער וועלט. דאָס איז נישט קיין רעזולטאַט פון דער הימל פאַרשטעלונג פון די לעצטע הונדערטער יאָרן נאָך דער אַנטשטייונג און אַנטוויקלונג פון דער חסידישער רעליגיעזער אויפפאַסונג, נאָר איז שוין באַקאַנט אין דער צייט פון בית־שני און אַפילו נאָך פריער, אין דער צייט און אין דעם לימוד פון די אנשי כנסת הגדולה.

די אייניקע ביישפּילן מאַכן קלאָר די פאַרוואַרצלטקייט פון דער רעליגיע אין דער מאַטעריעלער וועלט. מענטשן האָבן נישט באַקומען די רעליגיע פון אַ העכערן כוח, כדי פאַרבעסערן זייער לעבן, נאָר ווייל זייער לעבן איז תמיד געווען אַ גרויסער קאַמף פאַר עקזיסטענץ, האָבן זיי דערפינדן די רעליגיע כדי אויסצוטייטשן דאָס וואָס איז געווען פאַר זיי אומפאַרשטענדלעך אין זייער עצם לעבן און קאַמף פאַר זייער עקזיסטענץ. מענטשן האַנדלען און דענקען לויט די מאַטעריעלע באַדערפענישן און נויטן וועלכע צווינגען זיי אויף צו ווירקן אין אַ געוויסער ריכטונג.

ווייל די רעליגיע האָט באַווירקט אין אַזאַ געוואַלדיקע מאָס דאָס לעבן פון פּרימיטיוון מענטשן און בכלל פון די מענטשן אין דער אַלטער וועלט, איז פאַרשטענדלעך, אַז די דערציונג האָט געמוזט זיך אָפּגעבן אין זייער אַ גרויסע מאָס מיט צוגרייטן דעם יונגן מענטש צום רעליגיעזן לעבן, אַזוי ווי ער איז געקומען צום אויסדרוק אין דער׳ אָדער אַנדערער געזעלשאַפט. די פאַרשידענע רעליגיעזע אַקטן, רעליגיעזע דינסטן, באַציונגען צום כהן, צו אַלע הייליקייטן וועלכע זענען געוואָרן „טאַבו", וואָס צו טאָן און וואָס נישט צו טאָן, די מאָס פון זינד ביי דער שלעכטער אויפפירונג אָדער די מאָס פון גוטס ביי אַן אַנדערער האַנדלונג, האָבן געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג אין דער פּרימיטיווער און אין דער אור־אַלטער געזעלשאַפט. די דערציונג האָט געמוזט פאַרענטפערן די אַלע פראַגן פון דער רעליגיעזער ווירקלעכקייט און צוגרייטן דערצו דעם יונגן מאַן. און נישט נאָר אין אַלטערטום, נאָר פיל מער אין מיטל־אַלטער און דערנאָך אין דער מאָדערנער צייט איז רעליגיע געווען אַ דעצידירנדיקער פאַקטאָר אין דער דערציונג און האָט באַווירקט די געשיכטע און אַנטוויקלונג פון דער פּעדאַגאָגיע אין זייער אַן אָנגעזעענער מאָס.

## 3) דער סאָציאַלער פאַקטאָר

דער איינפלוס פון סאָציאַלן פאַקטאָר אויף דער דערציונג איז אַ זאַך וואָס דאַרף קוים באַוויזן ווערן. אַפילו די יעניקע וועלכע גלויבן אין אַ מעגלעכקייט, אָדער אַז עס איז געווונטשן, צו דערציען דאָס קינד אין אַן

אָפּגעזונדערטע וועלט פון האַנדלונגען און געפילן, קענען אויך נישט אָפּווענדן זייער אינטערעס פון סאָציאַלן מאָמענט. זיי ווילן דערציען צו אַן אידעאַליזירטער געזעלשאַפט וועלכע איז אָביעקטיוו אַ גוטע און אַ פּערפעקטע, און שאַפן דעריבער זייער אייגענע קינסטלעכע אויפפאַסונג פון די סאָציאַלע פאַקטאָרן אין „זייער" געזעלשאַפט.

דער באַגריף „סאָציאַל" איז זייער אַ ברייטער. ווען מיר באַנוצן זיך מיט אים, שטרייכן מיר אונטער די אַלע דערשיינונגען וועלכע נעמען אַרום אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיט באַקענען זיך מיט מענטשן, מיט דער געזעלשאַפט און אירע פאָרמען ווי אויך מיט די באַציונגען וועלכע קריסטאַליזירן זיך אויס צווישן דעם יחיד און כלל.

עס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דער סאָציאַלער מאָמענט איז פון דעציזירנדיקער וויכטיקייט, ווען מען באַטראַכט אים אַלס אַ פאַקטאָר וואָס באַאיינפלוסט די דערציערישע טעאָריע און פּראַקטיק. דער טיפער קשר וועלכער עקזיסטירט צווישן דער געזעלשאַפט, אירע צילן און אידעאַלן, און די דערציערישע אימפּעראַטיוון פון יעדן דור, זענען בולט ביי דער ערשטער אַנאַליז פון דער געשיכטע פון פּעדאַגאָגיע. דאָס באַקרעפטיקט די הנחה אַז די דערציונג דריקט אויס אין דער ערשטער ריי די ענדערונגען אין דער געזעלשאַפט, און ווען זי האָט זיי געגעבן דעם אויסדרוק, פאַרוואַנדלט זי זיך אין אַ קאָנסערווירנדיקן כוח, אויסטייטשנדיק די סאָציאַלע ווירקלעכקייט און צוגרייטנדיק דעם יונגן דור אַריינצוטרעטן אין דער געזעלשאַפטלעכער אָרדנונג וועלכע עקזיסטירט אין געגעבענעם מאָמענט.

מיר וועלן זיין ווייט פון באַנעמען דעם טיפערן מיין פון דער שיכות וואָס עקזיסטירט צווישן דעם סאָציאַלן פאַקטאָר און דער דערציונג, ווען מיר וועלן זיך באַגרענעצן אויסשליסלעך צום סטרוקטורעלן מאָמענט אין סאָציאַלן פאַקטאָר. דער סטרוקטורעלער מאָמענט פון דער געזעלשאַפט איז אַ דערגרייכטער רעזולטאַט פון אַ געוויסער אַנטוויקלונג אינערהאַלב דעם מענטשלעכער געזעלשאַפט. דער געבוי, די אינסטיטוציעס, די אויפגעטורעמטע טעאָריעס זענען שוין שפּעטערדיקע דערגרייכונגען פון פריערדיקע אַנטוויקלונגען. מיר מוזן זיך באַקענען אין דער ערשטער ריי מיט דעם פּראָבלעם פון כלל און די באַדינגונגען וואָס ער שאַפט פאַר דער אויספאָרמירונג פון יחיד, מיט דעם פּראָבלעם פון יחיד און זיין באַציונג צום כלל, די סאָציאַלע באַדינגונגען וועלכע פאָרמירן אויס דעם יחיד פון איין זייט און דעם כלל פון דער צווייטער זייט.

די סאָציאַלע באַדינגונגען זענען די הויפּט־פאַקטאָרן אין ברייטערן זין פון וואָרט, אין דער געשטאַלטונג און אַנטוויקלונג פון יחיד און פון דער געזעלשאַפט, און דעריבער האָבן זיי אַזאַ גרויסן, אויב נישט דעצי־דירנדיקן, איינפלוס אויף דער דערציונג.

עס איז איינע פון די גרעסטע פעלערן, וואָס די מאָדערנע פּעדאַגאָגיע באַגייט, ווען זי וויל אַרויסלאָזן אינגאַנצן די פראַגן פון די „סאָציאַלע צילן" פון דער דערציערישער טעאָריע און פּראַקטיק. מען קען נישט רע־דוצירן די דערציונג צו דער אויפגאַבע פון „אַנטוויקלען די פּערזענלעכ־קייט" אָדער „אויספאָרמירן די רייכסטע פּערסאָנאַליטעט" כדי צו שאַפן אַ שענערע און אַ בעסערע געזעלשאַפט. אַן אויבנאויפיקער בליק אויף דער מענטשלעכער געשיכטע און איר אַנטוויקלונג געניגט אָנצווייזן אויף דער עקר'דיקייט פון אַזאַ צוגאַנג צו דער פראַגע פון דערציונג. די מענטש־לעכע געזעלשאַפט האָט מיטגעמאַכט אַ פּערמאַנענטן פּראָצעס פון פּראָגרע־סיוון פאַראויסגאַנג. די סאָציאַלע ווירקלעכקייט פון דער פּרימיטיווער גע־זעלשאַפט אין „אַרונטאַ" שבט פון אויסטראַליע (זע קאַפּיטל צוויי: „די פּרימיטיווע דערציונג") איז ווייט נישט די זעלבע ווי אין דער כינעזי־שער אָדער מצרישער געזעלשאַפט. די ענדערונגען זענען נישט פאָרגע־קומען דערפאַר, וואָס די פּרימיטיווע געזעלשאַפט האָט דערצויגן „רייכע פּערסאָנאַליטעטן", נאָר ווייל עס זענען פאָרגעקומען ענדערונגען אין עקאָ־נאָמישן געבוי פון די ווילדע שבטים, וועלכע האָבן פאַראורזאַכט ווייטערע אַנטוויקלונגען פון דער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג אין דער ריכטונג פון פּראָגרעס און העכערן קולטורעלן באַנעם פון לעבן.

ווען מיר אונטערזוכן די עיקרדיקע אונטערשידן וועלכע זענען פאַראַן צווישן דער גריכיש־רוימישער דערציונג און דער פון 19־טן אָדער 20־טן יאָרהונדערט קענען מיר ניט פעסטשטעלן, אַז דאָס איז געווען צוליב עפּעס אַ מיסטעריעזער אימפּעראַטיווער אויפפאַסונג פון פאַרפולקאָמען דעם יחיד און שענער מאַכן די געזעלשאַפט, אַן אויפפאַסונג וואָס זאָל האָבן עקזיסטירט אין דער טעאָריע פון דער מענטשלעכער געדאַנקלעכער יצירה. אַזאַ זאַך איז נישט געווען בנמצא אין דער מענטשלעכער קולטור. עס איז געווען נאָר אַ פאָרויסגאַנג און אַ פּראָגרעס פון דער געזעלשאַפט, באַדינגט פון עקאָנאָמישער ווירקלעכקייט, און פון סאָציאַלע און קולטורעלע דע־גרייר־כונגען, וועלכע זענען געקומען ווי אַ רעזולטאַט און ווי אַ סופּער־סטרוק־טור באַזירט אויף די געגעבענע עקאָנאָמישע באַדינגונגען.

דער אַנטוויקלונגס־פּראָצעס פון דער געזעלשאַפט רעאַליזירט זיך דורך אַ פּערמאַנענטן קאַמף צו פאַרבעסערן די לאַגע פון מענטשן און פון כּלל כּדי דערגרייכן נייע פאָרמען פאַר העכערע דערגרייכטע אינהאַלטן. די דערגרייכונגען, פון די נייע פאָרמען באַדינגען דאָס צעברעכן פון די אַלטע. דער נייער אינהאַלט און פּראָגרעס ווערער אידעאַל וועט קיינמאָל נישט קומען צום אויסדרוק אין דער אַלטער אָנגענומענער פאָרם. דער פּראָצעס פון שאַפן נייע פאָרמען פאַר נייע סאָציאַלע דערגרייכטע אידעאַלן, איז דער יסוד פון מענטשלעכן געזעלשאַפטלעכן פאָרויסגאַנג. דער מאָמענט איז דער גרויסער פאַקטאָר וועלכער דעצידירט וועגן דער געשטאַלט און פאָרמירונג פון דער דערציערישער פּראַקטיק און טעאָריע. ווען אָפּטיילן די דערציונג פון דעם גאַנג פון דער געזעלשאַפט צו העכערע געביטן פון דענקען און לעבן, און מאַכן זי פאַר אַ תּורה אַן־און־פאַר־זיך, כּדי צו דערגרייכן כּלומרשט אָביעקטיווע דערציערישע פאָרמען, אָפּגעריסענע פון די סאָציאַלע פאָרמען, מיינט אָפּרייסן די פּעדאַגאָגיע פון איר מקור און אויך אוועקנעמען איר יניקה־קוואַל און עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג. די פּעדאַגאָגיע וואָס וועט נישט האָבן פאַר אירע אויגן געזעלשאַפטלעכע אַנטוויקלונגען און וועט זיך נישט באַמיען סוקן העכער און ווייטער פון די אָנגענומענע געזעלשאַפטלעכע דערגרייכונגען, וועט לחלוטין פאַרלירן דעם זין פאַר איר ווירקונג אויפן לעבן פון יונגן דור. אויב דער גרינטלעכער כאַראַקטער־שטריך פון דער פּעדאַגאָגיע איז פאַרפיקסירן אָנגענומענע אמתן און דערגרייכונגען, דאַרף אָבער די צווייטע פונקציע אירע זיין, ביישטראָגן צום פּאָגרעס פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, אַנטדעקנדיק די נייע טענדענצן אין דעם פּראָגרעסיוון גאַנג פון דער געזעלשאַפט און ביישטראָגן, ווי אַ סאָציאַלע לערע און אַ סאָציאַלע פילאָזאָפיע, צו דער אויסקריסטאַליזירונג פון די נייע טענדענצן אין לעבן פון כּלל. די דערציונג קען אַזוי אַרום ווערן אַ הייב־קראַפט, צוגלייך מיט אַלע אַנדערע וויסנשאַפטן, נישט נאָר צו פאַרפיקסירן דאָס דערגרייכטע, נאָר אויך צו שאַפן יסודות פאַר די נייע אַנטוויקלונגען און נייע געזעלשאַפטלעכע פאָרמען.

דאָ איז אַנטהאַלטן דער טיפער אינהאַלט און פּראָגרעסיווער כאַראַקטער פון דער פּעדאַגאָגיע. זי איז ענג פאַרבונדן מיט דער סאָציאַלער אַנטוויקלונג. די לערע פון פּעדאַגאָגיע קען לחלוטין נישט קלערן וועגן אַ פאָרויסגאַנג ווען זי וועט זיך אָפּרייסן פון איר יניקה־קוואַל, וואָס איז די סאָציאַלע ווירקלעכקייט. די תּורות פון פּעדאַגאָגיע, וועלכע באַגרענעצן זיך

אָפּצוהיטן נאָר די געשאַפענע יסודות פון פריערדיקע דורות, דערפילן נאָר אַ קאָנסערווירנדיקע ראָל, אָבער קיינמאָל נישט קיין שאַפנדיקע און בוי־ענדיקע אויפגאַבע. די פּעדאַגאָגיע ווידער, וועלכע וויל זיך פאַרשליסן אין דער העכערער, אַזוי צו זאָגן „ריינער", ספערע פון דערציונג, שאַפנדיק ווירק־לעכקייטן מיט דער הילף פון טעכניציזמען, פּסיכאָלאָגישע „טאַבולאַס־ראַ־סאַס", באַדינגונגען פון אידעאַלער פּראָפּעסיאָנעלער אויסבילדונג, אָפּגע־ריסענע אידעאַליזאַציע פון עטישע אימפּעראַטיוון ווי צדק און יושר, און נישט פאַרבינדן די אַלע עלעמענטן מיט דער געזעלשאַפטלעכער ווירק־לעכקייט, די פּעדאַגאָגיע מוז זיך באַוועגן, אין דער לעצטער אַנאַליז, אין אַ גייסטיק־געזעלשאַפטלעכער לײדיקייט. די קינדער וועלכע זי וועט אַרויס־שיקן אין דער וועלט אַריין וועלן זיין בלאָנדזשענדיקע נשמות, וועלכע וועלן נישט קענען זיך צופּאַסן צו די רווישיקע קעמפערישע באַדינגונגען פון פּערמאַנענטן צוזאַמענשטויס וואָס קומט פאָר אינערהאַלב דער געזעל־שאַפט. דאָס קינד וואָס ווערט אָפּגעריסן פון דער געזעלשאַפטלעכער ווירק־לעכקייט מוז אַריינטרעטן אין לעבן נישט צוגעגרייט, און זייער אָפט אַפי־לו נישט גענוג אַנטוויקלט, כדי צו פאַרשטיין דעם זין פון געזעלשאַפט־לעכע פּראָצעסן פון קאַמף און פּראָגרעס.

די סאָציאַלע אָרדענונג אין דער מענטשלעכער ווירקלעכקייט אַנט־וויקלט זיך לויט געוויסע גרויסע געזעצן. עס זענען דאָ דערשיינונגען אין דער אָרדענונג, וועלכע זענען געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע פּעלקער, אויף אַלע קאָנטינענטן און לענדער, ביי אַ געוויסער מדרגה פון זייער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג. זיך באַקענען מיט די געזעצן, מיינט בעסער פאַרשטיין דעם פּראָצעס פון דער פּעדאַגאָגישער אַנטוויקלונג אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט.

די אינסטיטוציע פון שקלאַפעריי איז געווען דער גרויסער און גרינט־לעכער כאַראַקטער־שטריך פון אַלע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונגען אין דער מענטשהייט. דער גאַנצער עקאָנאָמישער סיסטעם איז געווען באַזירט אויף שקלאַפן־אַרבעט, שקלאַפן־אינדוסטריע און מלאכה. אין דער גריכישער און רוימישער געזעלשאַפט איז אפילו די דערציונגס־פונקציע געווען אין די הענט פון אַ שקלאַף. די אינסטיטוציע האָט בלי ספק געהאַט אַ דעצידירנ־דיקן איינפלוס אויף דער געשטאַלטונג און אַנטוויקלונג פון דער גע־זעלשאַפט.

די אויסקריסטאַליזירונג פון קלאַסן־דיפערענצירונגען איז אויך געווען

א פונדאַמענטאַלער עלעמענט אין לעבן פון דער געזעלשאַפט ביי אַלע פעלקער אין אַלע לענדער. אויב די אינסטיטוציע פון שקלאַפעריי איז געווען אַן איינמאָליקע דערשיינונג אין אַ געוויסער תקופה פון דער מענטשלעכער אַנטוויקלונג, זענען אָבער די קלאַסן־דיפערענצירונגען געווען אַ פיל גרינטלעכער כאַראַקטער־שטריך אין געבוי פון דער געזעלשאַפט. דער עלעמענט האָט פון תמיד אָן עקזיסטירט, אין די אָדער אַנדערע פאָרמען, אין אַלע צייטן פון דער מענטשלעכער געשיכטע און איז פאַרבליבן אַ גרונט־שטריך און אַ הויפּט־פאַקטאָר אין אַלע סאָציאַלע באַציונגען ביז אויף הייַנטיקן טאָג. דער איינפלוס פון דער קלאַסן־דיפערענצירונג איז געווען פון עיקרדיקער באַדייטונג אויך אין דער פאָרמירונג פון דער דערציונג. די גאַנצע פּעדאַגאָגישע טעאָריע און פּראַקטיק איז נאָך ביז אויף הייַנטיקן טאָג ענג פאַרבונדן מיט קלאַסן־אינטערעסן און איז אַזוי אויפגעבויט, אַז זי זאָל דינען די קלאַסן וועלכע באַזיצן די מאַכט. אַרום דער דערציונג שפּילן זיך אָפּ גרויסע קאַמפן אין דער געזעלשאַפט. די וועלכע באַזיצן די מאַכט, לאָזן נישט אַריינפירן נייע געדאַנקען און נייע עלעמענטן וועלכע זאָלן בייטראָגן צום ווייטערדיקן פּראָגרעס פון דער פּעדאַגאָגיע. די ווידער וועלכע באַזיצן נישט קיין מאַכט, באַמיען זיך צו שאַפן נייע באַדינגונגען אין דער דערציונג בכלל און אין שול־סיסטעם בפרט, וועלכע זאָלן דערמעגלעכן אַריינברענגען די נייע דערגרייכונגען פון מענטשלעכן גייסט כדי פאַרבעסען און פאַרשענערן די מענטשלעכע געזעלשאַפט און ענדערן די עקזיסטירנדיקע אינסטיטוציעס. עס וועט גענוגן אָנצווייזן אויף דער ווירקלעכקייט אין מדינת ישראל, וווּ עס קומט פאָר אַ שווערער געראַנגל אויפן געביט פון דערציונג, וואָס איז ענג פאַרבונדן מיט דער אויסקריסטאַליזירונג פון נייע סאָציאַלע פאָרמען אין דער נאָרוואָס אויפגעקומענער מדינה. גלייך פון דער ערשטער תקופה אין אויפבוי פון ארץ־ישראל איז אַנטשטאַנען די פראַגע פון דערציונג אין איר גאַנצער שארף. די גרויסע און טיפע ענדערונגען וועלכע זענען פאָרגעקומען אין ארץ־ישראל מיטן אַריינקום פון אַ באַנייענדיקן טיפּ מענטש, דער חלוץ, וועלכער איז געווען אַ טרעגער פון פּראָגרעסיווע אידעאַלן פאַר דער באַנייונג פון ייד און פון מענטש אין זיין אַלט נײַ פאָטערלאַנד, האָט פאַראורזאַכט אָריגינעלע און רעוואָלוציאָנערע אויפפאַסונגען אויפן געביט פון דערציונג. דער בירגערלעכער קלאַס האָט געוואָלט אָפּהיטן זיינע דערציערישע אמתן און עס זענען געשאַפן געוואָרן אייניקע דערציערישע שול־סיסטעמען אין ארץ־

ישראל; דער אַרבעטער־שול סיסטעם, דער אַלגעמיין־בירגערלעך, און דער רעליגיעזער־סיסטעם. דאָס איז געווען, און איז ביז היינטיקן טאָג, אַן אויסדרוק פון די קלאַסן־אינטערעסן וואָס יעדע באַפעלקערונגס־שיכט וויל אָפּהיטן דורך אַן אייגענעם שול־סיסטעם און אַ זעלבסטשטענדיקער דערציונג.

עס דאַרפן אָבער דאָ געמאַכט ווערן צוויי גרויסע אויסנאַמען. עס זענען דאָ ביי היינטיקן טאָג צוויי פּרוּוון צו שאַפן אַ נייעם צוגאַנג צו דער־ציאונג, אַוו עס ווערן פון איר עלימינירט קלאַסן־אינטערעסן.

אין ראַטן־פאַרבאַנד, נאָך דער אָקטאָבער רעוואָלוציע, זענען געשאַפן געוואָרן באַדינגונגען פאַר דער אויסקריסטאַליזירונג פון אַ קלאַסנלאָזער געזעלשאַפט. דער סאָציאַלער פאַקט, — און מיר קוקן דאָ לחלוטין אַוועק פון דער פּאָליטישער זייט פון דער פראַגע, — טראָגט אין זיך גרויסע און ווייטגייענדיקע רעוואָלוציאָניזירנדיקע ענדערונגען אין דער דערציונג פון אַלע פעלקער וועלכע לעבן אין ראַטן־פאַרבאַנד. וויסנשאַפטלעך גענומען, מוז אַזאַ טיפע סאָציאַלע אויפטרייסלונג שאַפן נייע ווערטן און באַנייטע דערציערישע פאָרמען.

די קיבוצישע באַוועגונג אין מדינת ישראל איז אַ טיפע אויפטרייס־לונג פון אַלע אָנגענומענע סאָציאַלע פאָרמען פון צוזאַמענלעבן און געזעל־שאַפטלעכע באַציונגען. די קיבוצישע באַוועגונג לייגט די יסודות פאַר אַ נייער געזעלשאַפטלעכע אָרדנונג. געוויס איז די נייע אויפפאַסונג פון דעם קיבוץ אין ישראל כמות׳דיק באַגרענעצט, און קען נישט פאַרגליכן ווערן מיטן געוואַלדיקן במותדיקן פאַרנעם פון ראַטן־פאַרבאַנד. עס איז אָבער פאַראַן אויך אַן איכות׳דיקער ווערט אין דער גרויסער סאָציאַלער באַנייונג, ווייל דאָס וואָס געשעט אין מדינת ישראל האָט אַ געוואַלדיקע השפעה אויפן לעבן פון אַלע יידישע ישובים אויף דער וועלט. אויסער דעם ווירקט אָט די נייע קיבוצישע ווירקלעכקייט אויפן ישוב פון ישראל אַליין און נישט ווייניק איינפלוסרייך זענען געווען די נייע אויפפאַסונגען און טעאָריעס פון דער קיבוץ־דערציונג, די באַנייטע פאָרם פון דער קיבוץ־שולע און די נייע לערן־פּראָגראַמען, אויף דער געשטאַלטונג פון דער אַל־געמיינער דערציונג אין לאַנד.

פון וויכטיקער באַדייטונג אין דער דערציונג איז דער מצב פון דער פרוי, וועלכע האָט געלעבט אין אַלע צייטן, און נאָך ביז היינטיקן טאָג אין אַ סך אָריענטאַלישע לענדער, אין דעגראַדירטן צושטאַנד. קיינמאָל איז

די פרוי נישט געשטאַנען אויף דער זעלבער מדרגה ווי דער מאַן. דאָס האָט אָפּגעווירקט אויף דער דערציונג אין דער געזעלשאַפט אין דער הינזיכט, אַז נאָר איין טייל, די יינגלעך, האָבן געגאָסן פון דער דערציונג, אין דער צייט וועו די מיידלעך האָבן, אָדער אינגאַנצן נישט געהאַט קיין דערציונג, אָדער זייער דערציונג האָט זיך רעדוצירט צו זייער פּרימיטיווע און עלע־מענטאַרע אויפגאַבן. מיר זעען דידאַקטיקע פונאַנדערטיילונג צווישן דעם בחור און דער מיידל שוין ביי די פּרימיטיווע פעלקער, ווו די גאַנצע אויפ־מערקזאַמקייט, און דער גאַנצער צערעמאָניאַל, ווערט געווידמעט אויס־שליסלעך די יינגלעך און די מענער־געזעלשאַפט איז די וועלכע פירט אויס אַלע דעצידירנדיקע רעליגיעזע און מנהגימדיקע פונקציעס. די פרוי איז רעדוצירט צו איר שטוב־אויפגאַבן און ספּעציעל צו זיין נאָר אַ צושויערין פון די צערעמאָניאַלן וואָס נאָר די מענער זענען באַרופן זיי אויפצופירן.

מיר זעען אין גאַנצן לויט פון דער מענטשלעכער געשיכטע און דער סאָציאַלער אַנטוויקלונג, אַז די פרוי איז אין אַלע טיילן פון דער וועלט און ביי אַלע פעלקער, געווען אַ צווייטראַנגיקער טייל פון דער געזעל־שאַפט. די לאַגע האָט אָנגעהאַלטן, מיט קליינע שינויים, ביזן סוף פון 19־טן יאָרהונדערט. מיר קענען אָבער געפינען נאָך אין היינטיקן טאָג, אינ־מיטן פון 20־טן יאָרהונדערט, זייער וויכטיקע סאָציאַלע און פּאָליטישע באַגרענעצונגען פאַר דער פרוי, וואָס שטעלן איר נאָך אַלץ אַוועק אין דער געזעלשאַפט ווי אַ בירגער מיט קלענערע רעכט ווי דער מאַן. עס וועט געענוגן אָנצוווייזן אויף מעקסיקע, און אויף אַ גאַנצע ריי אַנדערע לענ־דער ווו די פרוי האָט נאָך ביז היינט נישט קיין וואַל־רעכט צום פּאַרלאַ־מענט, און ווו די פרוי, אַזוי ווי כמעט אין אַלע לענדער פון דער וועלט, פאַרנעמט נאָר דריט־ און פערט־ראַנגיקע פּאָסטנס אין דער אַדמיניסטראַ־ציע פון שטאַט און לאַנד, און גאָר ווייניקע פון זיי געפינען זיך אין די ערשט־ און צווייט־ראַנגיקע שטאַטישע אָדער מלוכהשע פּאָזיציעס. דאָס זעלבע איז אויך כאַראַקטעריסטיש פאַר די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע אויספיר־פּאָזיציעס אין דער געזעלשאַפט, וועלכע זענען כמעט אויסשליס־לעך פאַרנומען דורכן מאַן. די דערציערישע פּאָלגן דערפון זענען געווען כאַראַקטעריסטיש דערמיט, וואָס דער סעקס אין דער געזעלשאַפט, וועל־כער האָט אויסגעפירט צווייטראַנגיקע אויפגאַבן, איז נישט געווען וויכ־טיק פאַר דער סאָציאַלער אָרדנונג און אויספירונג פון די פונקציעס אַזוי ווי

דער סעקס וואָס האָט זיי געדאַרפט פאַרזיכערן אַ המשך. מען האָט דעריבער איבערגעוואָרפן דעם גאַנצן געוויכט אויף דער דערציונג פון בחור אין לויף פון דער געשיכטע און איבערגעלאָזן די פרוי אין איר איגנאָראַנץ נישט שענקענדיק איר די געעריקע דערציערישע אויפמערקזאַמקייט. אין דעם פּרט איז נישט געווען קיין אונטערשייד אין דער דערציונג פון דער מיידל ביי אַלע פעלקער פון דער וועלט, יידן אריינגערעכנט.

## 4. — דער פּאָליטישער פאַקטאָר

די פּאָליטישע פאָרמירונג פון דער געזעלשאַפט איז געגאַנגען כמעט האַנט אין האַנט מיט די ערשטע דערשיינונגען פון סאָציאַלער אָרדנונג. די פרימיטיווע שבטים האָבן שוין זייער מאַכט, זייערע מושלים און אפילו רעגירונגען און געזעצגעבערישע מאַכטן, ווי די פאַרזאַמלונג פון די אַלטע אין די גאַר פרימיטיווע שבטים.

מיט דער העכערער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט ווערט פאַרענדיקט די תקופה פון דער פּאָליטישער אויבערהאַנט פון די שבטים. די שבטים פאַראייניקן זיך פאַמעלעך אין גרעסערע איינסן און בילדן פעלקער. גלייך אין דער ערשטער תקופה פון אור־אַלטערטום באַמערקן מיר שוין גרויסמאַכטן, פעלקער אין גרויסע מענטשן־כוואַליעס, פאַרגיסן די אַרומיקע לענדער און שאַפן גרעסערע פּאָליטישע איינסן אויף דער מאַפּע. שוין אין אַלטערטום טרעפן מיר גרויסע מלוכות ווי מצרים, אשור, פּערסיע, גריכנלאַנד און רוים.

רעגירונגען זענען פאַראינטערעסירט אויפצוהאַלטן די געזעלשאַפט־לעכע אָרדענונג און די פּאָליטישע אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן זיי אַרויס־גערופן צום לעבן און אויף וועלכע זיי שטיצן זיך אין אויספיר פון זייער מאַכט. די רעגירונגען באַמיען זיך דעריבער צו באַאיינפלוסן די דערציע־רישע סיסטעמען און זיי איינשטעלן אַזוי, אַז זיי זאָלן דינען זייערע אינ־טערעסן און איינפלאַנצן אין יונגן דור דעם אמת פון דער עקזיסטירנדי־קער סאָציאַלער און פּאָליטישער אָרדענונג. עס איז גענוג צו נעמען נאָר איין ביישפּיל, כדי אונדז קלאָר מאַכן דאָס בילד פון דער פאַרשידנאַרטיקער דערציערישער אויפפאַסונג ביי געוויסע מלוכות, צוליב זייערע ספּעציפישע רעזשימען און רעגירונגס־סיסטעמען. די דערציונג פון ספּאַרטא, — וועל־כע האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ רעזשים פון אַ שטרענגער דיקטאַטור

פון דער מדינה איבערן יחיד, — איז געווען זעלנעריש, שטרענג ביז גאָר, דעספּאָטיש, צילנדיק נאָר צו דערגרייכן דעם מלוכה־ציל פון שאַפן שטאַרקע און מוטיקע קעמפער פאַר דער מדינה. גאָר אַנדערש איז געווען די דערציונג אין אַטען, ווו עס האָט געבליט די גריכישע קולטור. דאָ זענען געקומען צום אויסדרוק ליבעראַלע אויפפאַסונגען מכוח די ראָל פון מענטש אין דער געזעלשאַפט און דער מלוכה און עס האָט זיך געשאַפן אַ ספּעציפישער דערציערישער צוגאַנג צום קינד, וואָס האָט זיך גרינטלעך אונטערשיידט פון דעם ספּאַרטיאַנישן צוגאַנג. דער רעזשים און רעגירונגס־סיסטעם איז געווען אין אַטען פיל דעמאָקראַטישער. עס האָט דאָרט נישט געהערשט די דיקטאַטור פון דער מלוכה איבערן בירגער אין דער שטרענגער ספּאַרטאַנישער אויפפאַסונג. סיי ספּאַרטאַ און סיי אַטען האָבן געשאַפן די מעטאָדן פון דערציונג וועלכע זענען געווען צוגעפּאַסט צו זייערע רעזשימען און האָבן געדאַרפט דינען זייערע ספּעציפישע אינטערעסן.

רעגירונגען ווילן תמיד פאַראייביקן די סיסטעמען וועלכע האָבן זיי געשאַפן. סיסטעמען האָבן די טבע צו זוכן וועגן ווי אַזוי צו פאַרבלייבן פאַר לאַנגע דורות נישט געענדערט. זיי באַמיען זיך צו באַאיינפלוסן די דערציונג און זי ריכטן אין די פאַר זיי גינסטיקע קאַנאַלן פון דענקען און דערציערישער פּראַקטיק. גראַד אין דער מאָדערנער אייראָפּעישער ווירקלעכקייט זעען מיר פיל שאַרפער דעם גרויסן איינפלוס פון פּאָליטישן פאַקטאָר אויף דער דערציונג פון יונגן דור. די מאָדערנע רעזשימען פון דיקטאַטור נעמען אַרום אַזוי אַלזייטיק דאָס לעבן פון בירגער און פון דער געזעלשאַפט, אַז זיי באַקומען פיל מער מעגלעכקייטן צו ריכטן די פּעדאַגאָגיע אין די וועגן און סטעזשקעס וועלכע זענען אין זייערע אייגענע פּאָליטישע אינטערעסן.

## דערציונג און קולטור

קולטור איז אַ יסודותדיקער עלעמענט אין דער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט און זי איז בלי ספק איינע פון די הויפּט־טרעגער פון דער חכמה פון פּעדאַגאָגיע. קולטור שטעלט מיט זיך פאָר דעם סך־הכל פון דער אַנטוויקלונג און די סומע פון גייסטיקע דערגרייכונגען פון אַ געזעלשאַפט אָדער אַ פאָלק. זי איז אַ פּראָדוקט פון אַ פּערמאַנענטן המשך דורך אַלע דורות. די קולטור באַרייכערט זיך אומאויפהערלעך און צעמענטירט זיך אין אַן

אַלעמאָל העכערן און טיפער, באַגריף פון פאָלקס־דערגרייכונגען. די קול־טור דריקט זיך אויך נישט אויס אין אַ געשלאָסענעם קרייז פון אַ געזעל־שאַפט. מיר ידשענען זי פון עבר און פון אַלע פעלקער. עס איז פאַראַן אַ מוטער טייך פון אייגענער קולטורעלער קוואַליקייט, אָבער אין גאַנג פאַלן אין איר אַריין זייער פיל אַנדערע טייכן, פיל אַנדערע קולטור־איינפלוסן, וועלכע שאַפן אַ ברייטערן באַנעם פון דער נאַציאָנאַלער און אַלמענטשלע־כער גייסטיקער דערגרייכונג. קולטור איז נישט קיין דערשיינונג, וואָס שאַפט עלעמענטן און ברענגט זיי אום. זי שטאַרבט קיינמאָל נישט. זי איז אַ זאַך וואָס פאַרבלייבט. עס הויפן זיך נאָר אָן די גייסטיקע אוצרות איינער אויפן צווייטן און שאַפן איין אַנטוויקלונגס־שלמות, וואָס דערציילט וועגן אַלע מדרגות פון אַנטוויקלונג וועלכע די קולטור איז דורכגעגאַנגען אין איר פאַרויסגאַנג.

זייער ריכטיג זאָגט מולהערן (זייט 8), אַז נאָר אַ ציוויליזאַציע אין איר מאַטעריעלן אַספּעקט קען אָפּשטאַרבן. אַ פּיראַמידע, אַ ספינקס, אַ מל־חמה־שיף, זאָגט ער אין סינטעז ווייטער, קענען אונדז אָנווייזן דעם כאַ־ראַקטער, פאַרנעם און אַנטוויקלונגס־מדרגה פון אַ ציוויליזאַציע וועלכע קען אין תוך שוין זיין טויט. גאָר אַנדערש איז אָבער דער מצב פון אַ קולטור. זי פאַרמאָגט אין איר עצם אינהאַלט עטוואָס וואָס לאָזט איר נישט שטאַרבן און פּראָיעקטירט זי פערמאַנענט אין דער מענטשלעכער גייסטי־קער אַנטוויקלונג. די פאַרבאָרגנסטע פּרטים פון אַן אוראַלטן געזעץ־בוך, ווי דער פון האַמוראַבי, קען זייער ווירקן אויף אַ יוריסט, אַ שרייבער אָדער אַ מאָלער און באַאיינפלוסן אַ גרויס ווערק אין זייער אַן אַנזעעוודיקער פאָרם. אַ גאָר אַלטע מאָלעריי, אַ פּרימיטיוו בילד פון טויזנטער יאָרן צו־ריק, קען אונדז באַרייכערן אין אונדזער תקופה אויף זייער אַ ווירקזאַמען אופן און דורך דעם האָבן אַ גרויסן איינפלוס אויף דער היינטיקער קול־טור. קולטור איז דורך איר עצם תוכיקן כאַראַקטער, כמעט ווי נישט צעשטערבאַר.

די קונסט פון דערציונג איז אַליין אַ טייל פון דער קולטור־דערגריי־כונג פון אַ פאָלק אָדער געזעלשאַפט. דערציען, מיינט, אויספילן אַ וויכ־טיקע קולטורעלע פונקציע אין דער געזעלשאַפט. די קולטור אָבער, אַלס אַ גייסטיקער פאַקטאָר איז אַ דעצידירנדיקער מאָמענט אין דער דערציונג פון יונגן דור. קולטור איז די העכסטע דערגרייכונג פון מענטשלעכן גייסט. דאָס איבערטראָגן די ווערטן פון די דערגרייכונגען אין דער געדאַנקען־

וועלט פון בחור און מיידל מיינט שאפן דעם גרויסן המשך צווישן עבר און היינט, ווי אויך צווישן עבר און פראיעקטירטן עתיד. קולטור איז די טראג־קראפט פון דערציונג און איר אבן־השתיה. זי טראגט ביי אין א גרויסער מאס צו דער אויפהאלטונג פון כאראקטער פון א פאלק. דער יונגער בחור אדער דאס קינד ווערן אוועקגעשטעלט פאר א גאנצע ריי קולטור־אימפעראטיוון וועלכע קומען צום אויסדרוק אין אלע אספעקטן פון לעבן אין דער מענטשלעכער געזעלשאפט.

דער יסוד פון יעדער קולטור זענען אידעען. די אידעען ווערן געשאפן אלס א פראדוקט פון דער שטרעבונג צו פארבעסערן און פארשענערן דאס לעבן. די עקאנאמישע באדינגונגען פון א פאלק דעצידירן וועגן דער געוואגטקייט און פארנעם פון די אידעען, וועלכע עס שטעלט זיך פאר א ציל צו רעאליזירן. מענטשן וועלכע האבן דערגרייכט א געוויסע קולטור מדרגה, עס מוז נישט זיין גאר א הויכע, האלטן טייער אידעען וועלכע ווערן פארוואנדלט אין אידעאלן וואס ווערן אין זיי איינגעפלאנצט און האלטן זיי פאר גרויסע אמתן צוליב וועלכע עס לוינט זיך ארויסגיין אין קאמף און אפילו שטארבן פאר זייער פארטיידיקונג אדער רעאליזירונג. אידעען זענען פון גרויסער באדייטונג אין דערציונג. זיי זענען א ביישטראג צו דער קאנקרעטער אויספארמירונג פון א דערציערישן וועג, א פעדאגאגישער שיטה, אין דער געזעלשאפט.

די קולטור אנטוויקלט זיך דורך די צוויי קאנאלן פון שפראך און ליטעראטור, און מיט דער הילף פון די צוויי פאקטארן ווערט זי איבערגעטראגן צום קומענדיקן דור. עס איז קלאר, אז שפראך און ליטעראטור דערפילן יסודותדיקע פונקציעס אין פעלד פון פעדאגאגיע. דורך שפראך און ליטעראטור איז דער קולטור מעגלעך געווען אויסצושפרייטן איר איינפלוס אין לויף פון די דורות און אויך צו זיין א ווירקזאמער באאיינפלוסנדיקער פאקטאר אויף דער דערציונג און געשטאלטונג פון די קומענדיקע דורות.

ווי מיר האבן עס שוין אנגעוויזן, איז דערציונג ענג פארבונדן מיטן פראגרעס פון דער געזעלשאפט, איר ציוויליזאציע און קולטור. מענטשן לעבן נישט אין א פארגליווערטער נאטור און נישט אין פארגליווערטע באדינגונגען. די וועלט ארום בייט זיך פערמאנענט און מיט איר די נאטור און אלע לעבעדיקע באשעפענישן. אין דעם פארויסגאנג פון דער וועלט מאכט אויך מיט די מענטשלעכע געזעלשאפט איר פראגרעסיווע אנטוויקלונג. די נארמעס פון דער נאטור זענען לאנג־אטעמדיקע, אין דער צייט ווען

די פון דער מענטשלעכער געזעלשאפט זענען שנעלערע און פיל לייכטער צו באהאנדלען דורך וויסנשאפטלעכער אָבסערוואציע. דער מענטש פּראָגרעסירט דורך דעם וואָס ער פארלאָזט אַלטע פאָרמען פון לעבן, פון עקזיסטענץ און פון ארבעט, און ווארפט זיך איבער אויף נייע געביטן צו וועלכע עס דערטראָגט אים זיין שאפנדיקער גייסט. די מענטשלעכע געזעלשאפט מוז פערמאנענט זיך צופאסן צו נייע באדינגונגען און דאָס שטעלט, אין דער לעצטער אנאַליז, מיט זיך פאַר דעם זין פון פּראָגרעס.

ענדערונגען קענען קומען פון אויסערלעכע באדינגונגען ווי אויך פון אינדיווידועל־גייסטיקער יכולת, וועלכע איז אליין אויך א פּראָדוקט פון דער סביבה, עקאָנאָמיע, סאָציאַלע באדינגונגען און קולטורעלער אַנטוויקלונג. קולטור ווערט געשאפן פּרטימ׳דיק, אינדיווידועל־גייסטיק, אָבער קומט צום אויסדרוק אַלץ א שלמות נאָר ווען זי רעפּרעזענטירט א יצירה פון א גרעסערן קאָלעקטיוו אין לויף פון א לענגערער תקופה.

דער מענטש איז אין תוך א קאָנסערוואטיווע באשעפעניש. דער מענטש האָט מורא פאַר ענדערונגען. אָבער אין דער געזעלשאפטלעכער אַנטוויקלונג קומען פאָר פערמאנענטע ענדערונגען, וועלכע צווינגען ארויף זייערע געזעצן אויף די מענטשן. אזוי לאַנג ווי די געזעלשאפט שאפט א געוויסע מינימום־מעגלעכקייט פאַרן יחיד און כלל, זיי זאָלן קענען אַנטוויקלען זייערע אַקטיוויטעטן און זיין זיכער מיט זייער טעגלעכן ברויט, זענען דאָ ווייניק־וואָס שאנסן פאַר ענדערונגען אין דער אָנגענומענער אָרדנונג. ווי נאָר אָבער דער דערגרייכטער גלייכגעוויכט הויבט אָן זיך וואקלען נישט געבנדיק מער קיין גרויסע טייל פון דער געזעלשאפט די זיכערקייט פאַר זייער מאָרגנדיקן לעבן, קומען די אויפטרייסלנדיקע ענדערונגען אין דער געזעלשאפט. דאָס איז די טרייב־קראַפט פון מענטשלעכן פּראָגרעס, וועלכע באדינגט אויך דעם פּראָגרעס פון די פּעדאגאָגישע טעאָריעס און פּראקטיק. אין די פערמאנענטע ענדערונגען פון די דערציערישע מעטאָדן, טעאָריע און פּראקטיק, זענען אַנטהאַלטן די יסודות פון פּראָגרעס פון דער דערציונג אינערהאַלב דער מענטשלעכער געזעלשאפט.

דער פּראָגרעס פון דער דערציונג איז געגאַנגען פון די פּרימיטיווע פעלקער מיט זייער פּרימיטיוון אַרט לעבן און פּרימיטיוון אַרט דענקען און איז דערנאָך איבערגעגאַנגען צו העכערע קולטורעלע, דידאַקטישע און מעטאָדאָלאָגישע פאָרמען אין דער אָריענטאַלישער תקופה פון דער מענטשלעכער געשיכטע. די העכסטע שטופע פון אַנטוויקלונג האָט אָבער די פּע־

דאגאגיע דערגרייכט אין דער אָריגינאַליטעט און געניאַליטעט פון דער מערב־וועלט, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן מיט די נייע אידעען און פאָרמען פון לעבן וועלכע זענען געקומען צום אויסדרוק, צום ערשטן מאָל אין גריכנלאַנד.

# יידישע מאָלער און מעקסיקע

מאָלעריי איז אַ הויכע דערגרייכונג פון קינסטלערישן אויסדרוק אין אַ געזעלשאַפט. די פאָרשטעלונג פון צוויי באַגאַבטע און אָריגינעלע מאָלער, יוסף פיין און פאַני ראַבעל (ראַבינאָוויטש) אין אונדזער יאָרבוך, איז אַ צייכן פון טיפערער פאַרוואָרצלונג און העכערע דערגרייכונגען אינערהאַלב דעם יידישן ישוב דאָהי.

די מאָלעריי איז אַן אויסדרוק פון אינערלעכע אימאַזשן, וועלכע דער קינסטלער זוכט אַרויסצוברענגען אין פאַרבן. מאָלעריי איז אויך אַן אייגענער פילאָזאָפישער באַנעם פון וועלט־און־מענטש. מיר וועלן זען אין די בילדער פון יוסף פיין אַ געוואַלדיקן פאַרמעסט צו שאַפן אַן אייגענע פילאָזאָפיע וועלכע קומט צום אויסדרוק אין אייגנאַרטיקן פונאַנדערשפּיל פון קאָלירן, פּערספּעקטיוון, טעמעס, געפילן און געדאַנקען.

דער גרויסער פעלער פון אונדזער פּרעזענטירונג באַשטייט אין דער פאַרבלאָנזיקייט פון די רעפּראָדוקציעס. עס איז אַ פעלער, אָבער דער בודזשעט פון אונדזער יאָרבוך האָט נישט דערלויבט דעם לוקסוס פון טייערע פאַרבן־רעפּראָדוקציעס. ביידע מאָלער ווערן דורכדעם באַ׳עוול׳ט קינסטלעריש און אינהאַלטלעך, און מער פון די צוויי, יוסף פיין. זיינע אַבסטראַקציעס זענען געבויט אויף דער ניואַנסירונג פון פאַרבן אין דער ערשטער ריי, און די ניואַנסירונג קענען מיר ליידער נישט איבערגעבן דעם צושויער.

מיר זענען אַ יינגער ישוב און מיר האָבן זיך נאָכנישט געשאַפן אַ טראַדיציע פון מאָלעריי. די יידישע הויז אין מעקסיקע איז נאָך פאַרשלאָסן פאַר דער פיינערער קונסט. ווייסן מיר דעריבער פון פאָראויס, אַז

עס וועט אויסקומען צו הערן פיל קריטיק וועגן די רעפּראָדוקציעס וואָס מיר ברענגען דאָ. מיר טוען עס אָבער מיט דער טיפסטער איבערצייגונג, אַז מיר שטייען פאַר שיינע און העכערע דערגרייכונגען אינערהאַלב אונדזער ישוב און יוסף פיין ווי פאַני ראַבעל שטעלן מיט זיך פאָר אַ געוואַלדיקן פּלוס אין דער קולטור־געשטאַלטונג פון אונדזער ישוב.

יוסף פיין איז אַן אַבסטראַקטער מאָלער, וועלכער זוכט אַ נייע פילאָ־אָזאָפיע פון לעבן ווי אויך העכערע מאָלערישע האַרמאָניעס אָדער דיסהאַר־מאָניעס, וואָס איז איין און די זעלבע זאַך אין דער לעצטער אַנאַליז. פאַני ראַבעל איז דער קעגנזאַץ פון יוסף פיין. זי איז אין תוך אַ פּאָרטרעטיסטין, וועלכע זוכט אַ ליריש־טראַגישע טאָנאַליטעט אין דער רעאַליסטישער אויפ־פאַסונג פון די אָרעמע, דערגראַדירטע און אויסגעוואָרצלטע.

מיר האַלטן זיך אָפּ פון אַנאַליזירן, קריטיקירן, אָדער אויפקלערן אינהאַלטן, פון לויבן די אַבסטראַקטע שולע אָדער די רעאַליסטישע. אונד־זער אויפגאַבע איז אַרויסנעמען די מאָלערייען פון די ענגע צימערן און אַרויסברענגען זיי צו דער ברייטער וועלט. די נעמען פון יוסף פיין און פאַני ראַבעל, זענען אַ כבוד און אַ בייטראַג צו דער קולטור־אַנטוויקלונג פון יידישן ישוב אין מעקסיקע.

זאָל דאָ אויך דערמאָנט ווערן דער יינגער מאָלער פּילצער, וועלכער האָט געקראָגן די אָנערקענונג פון דער קולטור־קאָמיסיע ביים יידישן צענ־טראַל־קאָמיטעט דורך צושיקן אים אַ „בעקא" פאַר שטודיום און פאַר־פולקאָמונג אין פראַנקרייך און איטאַליע. ער איז אַ צוזאָגנדיקער כוח, וואָס וועט זיכער בייטראָגן צו דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער מאָלעריי אין מעקסיקע. מיר האָבן לײדער נישט געקענט געבן אייניקע רעפּראָ־דוקציעס פון זיינע מאָלערייען ווייל דער יינגער מאָלער איז נאָך אַלץ אָפּוועזנט פון מעקסיקע, אויף זיין שטודיום־רייזע.

י. אַ. ד.



פראַגמענטן פון אַ חלום -- יוסף פײַן



אַקאַפּולקאָ — יוסף פײן



דאָס לעבן וואַקסט צוזאַמען מיטן טויט — יוסף פיין



די שטאט -- יוסף פיין



טראַפיק — יוסף פיין



אַני פּיין

# וועגן מאָלעריי

די מאָדערנע מאָלעריי, און יעדער עכטע מאָלעריי איז מאָדערן, הויבט זיך אָן דאָרטן, וווּ עס ענדיקט זיך דאָס, וואָס איז אָנגענומען צו באַצייכענען מיטן וואָרט: „ווירקלעכקייט”. די ליטעראַטור און די מוזיק האָבן געשאַפן, אָדער בעסער געזאָגט, זיינען אַנטשטאַנען דורך „אייגענע” אויסדרוקס־מיטלען; וואָרט און קלאַנג. וואָרט און קלאַנג זיינען נישט קיין אימיטאַציע פון עקזיסטירנדע נאַטור־פאָרמען, זיי זיינען קרעאַציע. דער פידל־קלאַנג ווירקט אויף אונדז דירעקט דורך זיין אנהאַלט און ניט דורך דעם, וואָס ער איז ענלעך צו אַ סקריפּ פון אַ טיר, אָדער צום קריי פון אַ האָן. דאָס וואָרט איז ריינע אַבסטראַקציע. ס'איז אַ כלי, וואָס נעמט אַריין אַ סך מער, ווי מיר זיינען בכוח אַריינצולייגן. דאָס וואָרט איז אַ סימבאָל.

ליטעראַטור און מוזיק האָבן נישט כמעט קיין מעגלעכקייט פאַר אימיטאַציע. אַנדערש איז מיט דער מאָלעריי. דאָס וואָס דאָס אויג כאַפּט אויף אין דעם אַרום, קען די האַנט מיט גענויער פּינקטלעכקייט איבערגעבן אויפן פּאַפּיר, אָדער לייוונט. אַ סך הענט האָבן זיך גענומען צו דער דאָזיקער אַרבעט. דער רעזולטאַט פון דעם איז אַ מאָלעריי, וואָס טראָגט דעם אויפגעבלאָזענעם נאָמען: רעאַליסטישע קונסט. די דאָזיקע קונסט ווירקט, אָבער נישט מיט דעם וואָס זי איז, נאָר דורך דעם, וואָס זי דערמאָנט אונדז אין עפּעס, וואָס האָט נישט קיין שום שייכות מיט קונסט. דאָס קעצעלע אויפן בילד געפעלט דער פרוי, ווייל עס איז ענלעך צו איר קעצעלע, וואָס איז צעקוועטשט געוואָרן מיט אַ וואָך צוריק אונטער די רעדער פון אַן אויטאָמאָביל. דער פּאָטעל אויפן בילד געפּעלט דעם בוכהאַלטער, ווייל ער איז ברייט און שיין, ווי דער פּאָטעל

פון זיין שעה... אָבער נישט דעם בוכהאַלטער און נישט דער פרוי האָבן די בילדער נישט נעצוווּנגען איבערצולעבן עפּעס נייעס, עפּעס אומבאַקאַנטס, עפּעס אוניווערסאַלס.

די מאָדערנע מאַלעריי וויל ווירקן, ווי די מוזיק, דורך איר תוך און נישט דורך איר ענלעכקייט צו עפּעס, זי וויל ריידן אַזוי ווי די ליטעראַטור רעדט דורכן וואָרט, דורך אירע איינענע און אייגנאַרטיקע צייכנס.

דאָס מוזיקאַלישע אין דער מאַלעריי איז די פאַרב.

דאָס „ווערטלעכע" אין דער מאַלעריי איז די פאָרם.

די מאָדערנע מאַלעריי טראָגט אין זיך, דורך אַלע תקופות פון דער מענטשהייט, דעם ווילן איבערצוגעבן די וועלט פון מענטשלעכע געפילן און צילן.

א געפיל דאַרף מען צו ערשט דערפילן און דאַן קען מען אים ערשט פאַרשטיין. נאָך א ציל דאַרף מען זיך צו ערשט פאַרבענקען און דאַן קען מען אים ערשט באַנעמען. די מאָדערנע קונסט איז געווען און בלייבט פאַרשלאָסן פאַר די אַלע, וואָס ווילן נאָר פאַרשטיין, אָבער וואָס זיינען צו פאַרזיכטיק ביז ווייטאָג צו פילן, און ביז זעלבסטפאַרגעסונג צו בענקען.

פאַר זיי איז געבליבן איין הנאה; חוזק צו מאַכן פון אַלץ, וואָס זיי פאַרשטייען נישט. געוויס איז דאָס א פאַרגעניגן. דאָך, פון אַלע לעבנספאַרגעניגנס איז ער דער סאַמע נישטיקסטער.

אונדזער צייט שטייט אונטערן צייכן פון טיפע אַנטוישונגען, טונקעלע פאַרגעפילן און ווילד־צעבליטן דראַנג. וואָס מאַ א שטאַרקער געפיל איז עס נישט ווילד־צעבליט? טראָץ אַלץ און טראָץ אַלעמען צו לעבן.

בערגסאָן האָט געמיינט, אַז גלויבן איז א ביאָלאָגישע נויטווענדיקייט. אין א געוויסן זין איז ער געווען גערעכט. די אַלע „פּראָפעסיאָנעלע אַנטוישטע" פון אונדזערע טעג ווילן דאָך, אין גרונט גענומען, די אַנטוישונג דערהויבן צו דער מדרגה פון א גלויבן. די באַוווּנדערונג פאַרן לערן פאַרבייטן זיי מיט דער שטאָלצער (און אומבאַהאָלפענער) באַוווּנדערונג פאַר זיך, אין דעם ליגט זייער געפאַר. ווען דער מענטש הויבט זיך אָן צו באַטראַכטן פאַר דער מאָס פון אַלע דערשיינונגען, פאַרוואַנדלט זיך דאָס לעבן אין א בינטל דיאַלעקטישע פראַזן. די פראַזן און דער קאַמף קענען די פראַזן פאַרפלאָנטערן די גאַנצע געזעלשאַפט. דעם דאָזיקן פלאָנטער קען נישט פונאַנדערוויקלען דער געשיקטסטער און סוציקסטער אַרגומענט. דאָס קען בלויז טאָן אַן אויפרייסלענדע איבערלעבונג. די דאָזיקע איבערלעבונג ברענגט די קונסט.

שוין די קוביסטן האָבן ביי דעם מענטשן צוגענומען דעם נישט פאַרדינטן אָרט פון זיין דער צענטער פון דער וועלט, די מאָס פאַר אַלע לעבנס־דערשיינונגען. דער מענטש האָט זיי נישט געפירט צום אוניווערס, ער האָט אים, פונקט פאַרקערט, פאַרשטעלט. זיי האָבן דעריבער אויף אַ רגע בכלל געוואָלט דעם מענטש באַזייטיקן, און דאַן דערציילנדיק זיך באַפרייט פון אַלע טראַדיציאָנעלע באַגריפן, האָבן זיי צוריק דעם בן־אדם אריינגעשטעלט אין דער וואונדערלעכער וועלט. ער איז אין איר איצט געווען אזוי חשוב, אָבער קיין האָר נישט מער, ווי אַ פידל, אַ בויגעלע פּאַפּיר, אָדער אַ ליולקע. די קוביסטן זיינען געווען אינטעלעקטואַלן. זייער וועגווייזער איז געווען די לאָגיק. ס׳איז דעריבער נישט קיין וואונדער וואָס זיי האָבן זיך אזוי גוט געפילט אין דער געזעלשאַפט פון דער „דיסציפּלינירטער" און „קלוגער" געאָמעטריע. דער קוב איז, פאַרשטייט זיך, נישט געווען קיין ציל, נאָר אַ מיטל.

די סורעאַליסטן האָבן זיך אין דעם מיטל מער נישט גענויטיקט. דער זיג פון די קוביסטן האָט פאַר זיי געעפנט נייע האָריזאָנטן, זיי האָבן מער נישט געדאַרפט מורא האָבן, אַז פון שפּעטער זאָלן זיי ביים ערשטן נישט פאָרזיכטיקן טריט, פאַרוואַנדלט ווערן אין אימיטאַטאָרן. זיי האָבן געזען שוין די וועלט פון צופאַלן און „צופעליקייטן", מיסטישע צייכנס און חלומות. דער אינטעלעקטועלער אויפריים פון די קוביסטן איז ביי די סורעאַליסטן אריבער אין אַ געפילס־שטורעם. די שטרענגע קלוגשאַפט איז פאַרביטן געוואָרן דורך דער לירישער נאַיווקייט. דער מאָלער האָט דערפילט, אַז מענטש, פלאַץ, שטיין, שטערן, חיה און וואָלקן זיינען פאַרשידענע כוואַליעס פון איין גרויסן לעבנס־טייך. די כוואַליעס ציטערן, ענדערן זיך, פליסן, שליסן זיך צונויף און גייען זיך פונאַנדער. דער דראַנג איז אייביק, די פאָרמען פון מענטש, פונקט ווי פון וואָלקן, פאַרבייגייענדיק. דורך די פאָרמען איבערגעבן דעם דראַנג, דאָס איז דער גרויסער פאַרמעסט פון דער מאָדערנער קונסט. וואָס עמפינדלעכער דער קינסטלער איז, אַלץ מער איז ער צונויפגעבונדן מיטן קאָסמאָס. דער דאָזיקער געפיל איז נישט דיקטירט פון דעם ווילן צו אַנטלויפן פון דער ווירקלעכקייט, נאָר פונקט פאַרקערט, ער איז דיקטירט פון דעם פאַרלאַנג צו צעברעכן די „שאָלעכץ" פון דער ווירקלעכקייט, כדי זיך אָנצוטרינקען מיט איר תוך.

קונסט איז קאָנסטרוקטיוו. ביז וואַנען דער קינסטלער צווייפלט, קען ער נישט שאַפן. מיר לעבן אין אַ צייט פון צעטרייסלטער מאָראַל, פאַרשוועכטע גלויבנס און ציניזם. די קונסט קען קעגן דעם נישט קעמפן,

זי קען נישט פּאָלעמיזירן, זי קען נישט אַגיטירן, זי ווירקט נישט מיט דעם וואָס זי זאָגט, נאָר מיט דעם וואָס זי איז. זי איז אומבאַהאָלפן און מעכטיק, ווי אַ זאַפּטיקער עפּל. זי פרישט אָפּ. די מאָדערנע מאַלעריי רופט אַרויס פאַרוווּנדערונג, זי ווייזט, אַז קיין זאַך איז נישט געוויינלעך. זי איז אייביקע רעוויזיע, ווייל זי איז אייביקער דראַנג.

זי איז שטענדיקע באַנייונג, ווייל זי טראָגט אין זיך שטענדיק אַנט־פּלעקונג פון נייע רעאַליטעטן.

אויב גלויבן איז אַ ביאָלאָגישע נויטווענדיקייט, איז אויך אַ ביאָ־לאָגישע נויטווענדיקייט די אַנטוישונג. די מאַלעריי לערנט נישט גלויבן, פּונקט ווי זי לערנט נישט אַנטוישן זיך. זי ווייזט בלויז דאָס לעבן ווי אַ מיסטעריע. אין דעם ליגט איר כוח און איר אויפגאַבע. זי איז אַן אַקט פון שטענדיקער פאַריונגערונג...

די דאָזיקע, אויף גיך געשריבענע ווערטער, דריקן אויס מיין מיינונג וועגן דער מאָדערנער מאַלעריי. אין גרונט גענומען איז אפשר איבעריק געווען דאָס אַלץ צו פאַרצייכענען. איך האָב די זאַך געקענט מאַכן אַ סך פּשוטער, נעמלעך זאָגן; פאַר מיר איז די מאַלעריי אַ פענסטער צו די פאַרבאָרגענישן פון לעבן. איך האָב דאָס, אָבער אַזוי נישט געטאָן. פאַר־וואָס?... אין דעם איז שולדיק דער רעדאַקטאָר פון יאָר־בוך. ער האָט געוואָלט פון מיר אומבאַדינגט אַ פּאָר „פאַרשטענדלעכע ווערטער" צו די רעפּראָדוקציעס פון מיינע „אומפאַרשטענדלעכע" בילדער. נו, ווער קען עס אָנטזאָגן אַ רעדאַקטאָר?...



בײַם שוועל פֿון קלויסטער



אויף דער גאַס — פאַני ראַבעל



דאָס געסל פון ביטערניש — פאַני ראָבעל



יאוש — פאַני ראַבעל

# אַרייַנפיר וואָרט

דער יידישער ישוב אין מעקסיקע איז אַלט דרייסיק יאָר בערך. עס איז אַ יינגער ישוב, ווי די גרעסטע טייל ישובים אויפן אַמעריקאַנעם קאָנטינענט, ספּעציעל אין זיין לאַטייִנישער טייל. טראָץ דער יינגקייט פון ישוב, אָדער אפשר אַ דאַנק דעם, האָט זיך דאָס מעקסיקאַנער יידנטום פונאַנדערגעוואַקסן געזעלשאַפטלעך און פּאָליטיש, אַזוי האָריזאָנטאַל ווי אויך ווערטיקאַל. לאָמיר גלייך צוגעבן, אַז די האָריזאָנטאַלע אַנטוויקלונג איז געווען אַ פיל באַדייטנדיקערע אין דער צייט ווען די פאַרטיפונג פון די ווערטן, וואָס פאַרטייען און אינסטיטוציעס האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט, איז נישט פאָרגעקומען מיטן זעלבן פאַרנעם ווי די אָרגאַניזאַציאָנעלע זייט. עס איז אָבער אַ פאַקט, דאָס אינסטיטוציאָנעלע אין אונדזער ישוב, האָט געהאַט זייער אַ געוואַלדיקע בלי־תקופה, און דאָס האָט אַרויפגעלעגט דער שטעמפל אויפן אויסזען, כאַראַקטער און געזעלשאַפטלעכן אינהאַלט פון מעקסיקאַנער יידן.

מיר וועלן דאָ איינטיילן אַלע יידישע אינסטיטוציעס ווי אויך פאַרטייען אין סעקטאָרן, וועלכע מיר וועלן פאָרשטעלן אין יאָרבוך. מיר וועלן פריער ברענגען די פּאָליטישע באַוועגונגען מיט דער ציוניסטישער מחנה בראש, דערנאָך דער היגן שול־וועזן, מיט די הילפס אינסטיטוציעס אַזוי אויסלענדישע ווי אינלענדישע, און צום סוף אַלע אַנדערע פאַרשידנאַרטיקע אינסטיטוציעס פון אונדזער ישוב.

— : : : —

איידער מיר טרעטן צו, צו דער טרוקענער אויסרעכענונג פון די אינסטיטוציעס, פאַרטייען, יוגנט

אָרגאַניזאַציעס, שולעס, קולטור־אינסטיטוציעס א. א., ווילן מיר אונטערשטרייכן אייניקע צענטראַלע אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן געשפּילט, און שפּילן נאָך היינט צו טאָג אין זייער גרעסטער טייל, אַ דעצידירנדיקע ראָל אין ישוב און אין זיין געזעלשאַפטלעך לעבן.

די ערשטע אינסטיטוציע וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אין אשכנזישן סעקטאָר, וועלכער איז דער רוב מנין ובנין פון יידישן ישוב דאָהי, איז געווען די קהלה „נדחי ישראל". דער גרינדער איז געווען הרב שמואל אליעזר דן, וועלכער האָט געשריבן דעם ערשטן פּראָטאָקאָל פון דער אינסטיטוציע, וואָס איז נאָך פאַראַן אין די ארכיוון פון „נדחי ישראל". דער איינפלוס פון דער אָרטאָדאָקסישער אינסטיטוציע איז געווען אַ דעצידירנדיקער אויף דער אַנטוויקלונג פון ישוב און זי איז אויסגעוואַקסן צוזאַמען מיטן ישוב אין זיין צענטראַלער אינסטיטוציע.

די צווייטע אינסטיטוציע וועלכער האָט געהאַט זייער אַ גרויסן איינפלוס אויף דער געשטאַלטונג פון מעקסיקאַנער יידנטום איז געווען די גרויסע יידישע שולע, וועלכע איז אַנטשטאַנען מיט 26 יאָר צוריק, כמעט אין איין און דער זעלבער צייט ווי „נדחי ישראל". די דערציאונגס אינסטיטוציע, האָט אָנגעהויבן איר טעטיקייט מיט עטלעכע צענדליק יידישע קינדערלעך און האָט זיך אַנטוויקלט ביז דער גרויס פון אַן ערשטראַנגיקן דערציאונגס אַנשטאַלט, וועלכער אַנטהאַלט היינטצו־טאָג מער ווי טויזנט תלמידים און תלמידות, כן ירבו, און האָט צו צוויי און דריי פּאַראַלעלע קלאַסן אין קינדערגאָרטן, פּאָלקסשולע, מיטל שולע און הויך־שולע, און האָט אויפן יאָר 1952 באַקומען די פולע רעכט צו עפענען אַן אייגענעם פאַקולטעט מיט אַלע רעכט פאַר פילאָזאָפיע און ליטעראַטור. די גרויסע יידישע שולע האָט אַרויפגעלעגט איר שטעמפּל אויף דער אַנטוויקלונג פון אונדזער ישוב און איז היינטצו־טאָג דער שטאָלץ פון מעקסיקאַנער יידנטום.

די דריטע אינסטיטוציע וועלכע האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויפן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין מעקסיקע איז געווען דער צענטראַל קאָמיטעט. די אינסטיטוציע איז אַנטשטאַנען ביים שוועל פון דער צווייטער וועלט מלחמה און האָט זיך געשטעלט, אין דער ערשטער ריי, דרינגענדיקע אויפגאַבן פון הילף פאַר די פליטים און דערמעגלעכן זייער אַראָפּקום פון די שיפן ווי אויך איינוואָרצלונג אין לאַנד. מיט דער צייט איז די

אינסטיטוציע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ צענטראַלער קערפּערשאַפט אַרום וועלכער עס האָט זיך אָפּגעשפּילט אַ וועזנטלעכער טייל פון פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן פון אונדזער ישוב. דער צענטראַל־קאָמיטעט איז געווען אין דער ערשטער צייט צוזאַמענגעשטעלט פון אַ קליינער גרופּע פּערזאָנען, וועלכע האָבן זיך איבערגעגעבן בלב ובנפש דער אַרבעט. אין די לעצטע יאָרן, מיט דער קריסטאַליזירונג און פּאָליטיזירונג פון ישוב, איז אַנטשטאַנען אַ געזונטער קאַמף אַרום דער פראַגע פון דער רעפּרעזענטאַנץ פון ישוב און עס איז געקומען אין יאָר 1947 צו אַ צענטראַל קאָמיטעט וועלכער איז געווען צוזאַמענגעשטעלט אויפן יסוד פון פאָרשטייער פון אַלע יידישע פּאַרטייען און אינסטיטוציעס אין מעקסיקע און אין די יאָרן 1948 1949 זענען פאָרגעקומען צוויי מאָל אַלגעמיינע, פּראָפּאָרציאָנעלע געהיימע און דעמאָקראַטישע וואַלן, צו וועלכע דער ישוב האָט אַרויסגעוויזן זייער אַ לעבהאַפטן אינטערעס.

ביי היינטיקן טאָג מאַכט מיט דער צענטראַל קאָמיטעט אַ קריזיס, ווייל אַ סך פון זיינע וועזנטלעכע פונקציעס זענען בטל געוואָרן און די נייע לייטונגען האָבן נישט געקענט אַרויסרופן ענטוזיאַזם פאַר דער אָרגאַניזירונג און צעמענטירונג פון ישוב, אַ זאַך וואָס מוז און דאַרף רעאַליזירט ווערן אין דער נאָנטסטער תקופה. עס איז אויך פאַרגעקומען אַ שפּאַלטונג אין ישוב צוליב דער דערווייטערונג פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער יידישער פאָלקס ליגע. עס איז אויך געווען אַ צייט, וואָס די בונדישע גרופּע האָט זיך אָפּגעטיילט פון צענטראַל־קאָמיטעט. אין איצטיקן מאָמענט איז דער קריזיס אין זיין פולסטער שאַרפקייט און עס איז צו האָפן, אַז די לאַגע אַרום דער וויכטיקער צענטראַלער קערפּערשאַפט וועט זיך איניכן אויסקריסטאַליזירן לטובת אונדזער ישוב.

זייער אַ גרויסן איינפלוס האָט אויך געהאַט אויף אונדזער ישוב די ציוניסטישע באַוועגונג, ספּעציעל די פריערדיקע „פּאַראייניקטע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע" וועלכע האָט אַרומגענומען אַלע ציוניסטישע שאַטירונגען, און עס האָבן אויך געהאַט אַן איינפלוס די נאַציאָנאַלע פאָנדן, „קרן קימת לישראל" און „קרן היסוד", און די „ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ ישראל". די ציוניסטישע באַוועגונג האָט מיט יעדן יאָר אַרומגענומען אַלע מאָל גרעסערע טיילן

פון אונדזער ישוב ביז צו האָט
פאַרוואַנדלט 90 פּראָצ. פון מעק־
סיקאַנער יידנטום אין גוטע, גע־
טרייע און איבערגעגעבענע ציו־
ניסטן און תורמים פאַר די נאַ־
ציאָנאַלע קרנות. די ציוניסטישע
באַוועגונג האָט זיך געוואַלדיק
אַנטוויקלט אין די לעצטע 10־12
יאָר. עס זענען אויפגעקומען אַלע
פּאָליטישע פּאַרטייען וועלכע האָ־
בן עקזיסטירט אויף דער ציוניס־
טישער גאַס אין אייראָפּע; עס האָט
זיך אַנטוויקלט די ציוניסטישע
חלוצישע יוגנט באַוועגונג מיטן
„השומר הצעיר" בראש; און די
נאַציאָנאַלע קרנות זענען געוואָרן
די וויכטיקסטע געזעלשאַפטלעכע
פינאַנץ־אינסטרומענטן פון אונד־
זער ישוב.

א וויכטיקן פּלאַץ אין דער
ערשטער תקופה פון דער געשיכטע
פון אונדזער ישוב האָט פאַרנו
מען דער קלוב פון „יאָנג־מען",
וועלכער איז דערנאָך געקרוינט גע־
וואָרן מיטן נאָמען פון דער גאַס
און נומער פון הויז: „טאַקובאַ
15". דאָס איז געווען דער יידי־
שער קולטור־צענטער, אַרום וועל־
כן עס האָט זיך געוועבט אין דער
ערשטער תקופה פון ישוב, און
אַפילו אַ סך שפּעטער, די גרעסטע
טייל פון אַלע געזעלשאַפטלעכע
געשעענישן און דאָס פּאָליטיש
און קולטור לעבן פון אונדזער
ישוב. די ראָל פון קולטור צענטער
אין לעבן פון ישוב איז היינט אַ
מינימאַלע און אַ קליינע גרופּע
פון פּערזאָנען האַלטן עס נאָך
אויף מיט עקשנות און איבער־
געגעבנהייט.

נאָך צוויי וויכטיקע אינסטיטו־
ציעס האָבן געשפּילט אַ דעצידירנ
דיקע ראָל אין דער גאָר לעצטער
תקופה פון דער געשיכטע פון יידי־
שן ישוב אין מעקסיקע און דאָס
זענען געווען: דער אַלגעמיינער
פּאַראייניקטער קאַמפּיין פון די
יאָרן 1948־1949 1950, און די
ציוניסטישע פעדעראַציע פון אַלע
פּאַרטייען און ציוניסטישע גרופּי־
רונגען.

דער פּאַראייניקטער קאַמפּיין
איז געווען אַ רעזולטאַט פון דער
געזעלשאַפטלעכער פונאַנדערצווייַ
גונג אין אונדזער ישוב, וואָס האָט
מיטגעבראַכט מיט זיך די פאַר־
גרעסערונג פון די געלט־קאַמפּיי
נען. עס איז געקומען אַ מאָמענט,
ווען די לאַגע האָט מער נישט גע־
קענט אַזוי פאַרבלייבן, און מען
האָט אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַ
פּאַראייניקטן קאַמפּיין. די אָנפי
רונג מיט דער צוגרייטונגס־אַר־
בעט איז געמאַכט געוואָרן דורכן
צענטראַל קאָמיטעט און דער פּאַר־
אייניקטער קאַמפּיין איז אין יאָר
1948 געוואָרן אַ ווירקלעכקייט. די

אינסטיטוציע האָט געהאַט דערפאָלגן די יאָרן 1948 און 1949 אָבער אין יאָר 1950 האָט זי געהאַט אַ רעלאַטיוון דערפאָלג וואָס האָט געבראַכט צו דער אויפלעזונג פון דער אינסטיטוציע אויפן יאָר 1951. די לאַגע האָט אָבער מער נישט אָנגעהאַלטן ווי איין יאָר, און אויפן יאָר 1952 איז ווידער־אַמאָל באַנייט געוואָרן דער פאַראייניקטער קאַמפּיין אונטערן נאָמען: „קרן היסוד־פאַראייניקטער קאַמפּיין" און אַן אונטערקעפּל: אַלגעמיינע און לאָקאַלע הצטרכותן. עס זעט אויס, אַז פון איצט וועט די אינסטיטוציע באַקומען אַ פערמאַנענטן כאַראַקטער און איז באַרופן אויסצוהיבן אַ גרויסן איינפלוס אויף דער אַנטוויקלונג פון ישוב.

איינע פון די לעצטע צענטראַלע אינסטיטוציעס, וועלכע זענען אויפגעקומען אין מעקסיקע נאָך דער אַנטשטייאונג פון מדינת ישראל, איז געווען די ציוניסטישע פעדעראַציע. עס זענען פאָרגעקומען לאַנגע יאָרן פאָרבאַראַטונגען און דיסוקסיעס ביז די פעדעראַציע איז געשאַפן געוואָרן און ווען די איז שוין געווען אַ פאַקט, האָט זיך אָנגעהויבן אַן אינערלעכע פערמאַנענטע רייבונג צווישן די פאַרשידענע פּאָליטישע פּאַרטייען. די פעדעראַציע איז נאָך קאַרגע צוויי יאָר עקזיסטענץ אויפגעלעזט געוואָרן און איצט ווערן ווידער געמאַכט באַמיאונגען איר צו באַנייען. פאַר דער צייט אָבער, וואָס די פעדעראַציע האָט עקזיסטירט, איז זי געווען דער צענטראַלער כוח אין ישוב און די טאָן געבערין וועגן אַלע ענינים. צו די וואַלן צום צענ.־קאָמיטעט איז געגאַנגען די ציוניסטישע פעדעראַציע געאייניקט און האָט תמיד געוווּנען די גרעסטע מערהייט פּלעצער אין צ. ק. לאָמיר האָפן, אַז די פּאַרטייען וועלן איבערקומען די קליינלעכקייטן, און שאַפן אויפסניי די זייער וויכטיקע אינסטיטוציע וואָס עס איז געווען די ציוניסטישע פעדעראַציע פון מעקסיקע.

מיר גייען איצט איבער אויסרעכענען אַלע פּאַרטייען, אינסטיטוציעס און געזעלשאַפטן אין מעקסיקע. די פאָרשטעלונג פון די אינסטיטוציעס מוז זיין אַ קורצע און אַ טרוקענע, ווייל אַ לענגערע אָפּהאַנדלונג וועגן יעדער געזעלשאַפט, וואָלט אונדז אַוועקגעפירט אין ווייטערע הונדערטער דרוק זייטן. מיר זענען זיכער, אַז די יידן אויף דער וועלט, וועלן זיך אָפּגעבן אַ דין־וחשבון וועגן יעדער אינסטיטוציע ביי אונדז, ווייל מיר האָבן זייער ווייניק ספּעציפיש־מעקסיקאַנישע שאַפונגען אין דעם פּרט, און די אינסטיטוציעס וועל

כע זענען פאַראַן ביי אונדז, עק־זיסטירן, אין דער אָדער אַנדער פאָרם, אויך אין אַנדערע יידישע ישובים אויף גאָר דער וועלט.

**י. א. ד.**

**באמערקונג:** מיר גיבן דאָ אָן די נעמען פון מיטארבעטער אין די פארשידענע געזעלשאפטן אין דער מאָס ווי די האָבן זיך אָפּגע־רופן אויף אונדזער ווענדונג אונדז צושטעלן דאטן און נעמען. עס איז אין קיין פאַל נישט פאראַן קיין זייטיקע מניעות אָדער פּאָלי־טישע כוונות פון דער רעדאקציע, ווען עס זענען ארויסגעלאָזן גע־וואָרן געוויסע נעמען אָדער געזעל־שאפטן. די רעדאקציע האָט אליין געמוזט צוגרייטן דעם גאנצן מאַ־טעריאַל פון דער אָפּטיילונג און עס איז דעריבער געווען אוממאַר־מיידלעך אז עס זאָל געמאכט ווע־רן טעותן אָדער ארויסגעלאָזט ווע־רן נעמען פון עסקנים.

## קהלה „נדחי ישראל"

די אינסטיטוציע איז געגרינדעט געוואָרן אין שנת תרצ"ב, יום ג' דחוהמ"ס פסח.

דער אָרטאָדאָקסישער טייל פון ישוב האָט געפאָדערט אין יענער צייט דאָס שאַפן פון אַ רעליגיעז־גייסטיקן צענטער ביי די אשכנזי־שע יידן אין מעקסיקע. אויך איז געווען נויטיק אן אייגענער בית החיים און ספּעציעלע הילף פאַר אָרעמע און קראַנקע. דאָס אַלץ האָט בייגעטראָגן צו דער גרינדונג פון דער אינסטיטוציע.

די צילן פון דער אינסטיטוציע זיינען: פאַרשפּרייטן יידישקייט ביים יונגען דור און געבן די קינדער אַ יידיש ־ נאַציאָנאַלע דערציאונג, העלפן אָרעמע און קראַנקע, אויפ־הויבן דעם עקאָנאָמישן מצב פון ישוב און זיין קולטורעלן ניוואָ.

די ווילכטיקסטע אויפטוען פון „נדחי ישראל" זיינען: דאָס אויס־בויען פון אַ גרויסער שול מיט זאַלן פאַר שמחות, דאָס אויסבויען פון אַ לערן־אנשטאלט מיט אַ קינדער־גאָרטן, פאָלקס שול און מיטל־שול, די גמילת חסדים ־ קאַסע, די לייי־קאַסע, די פאַראייניקונג מיטן פרוי־ען־פאַריין, דאָס אויסבויען פון פינף אייגענע בנינים, דער מושב זקנים אין קווערנאַוואַקאַ און דעם מאָנומענט פאַר די קדושים אומ־געקומענע אין אייראָפּע אונטערן מערדערישן נאַצי רעזשים.

דאָ זיינען אייניקע מאָמענטן פון דער געשיכטע פון דער אינסטיטו־ציע:

אין 1933 זיינען אריין נייע פרי־שע, און אַקטיווע כוחות אין דער

זיך די אינסטיטוציע פאַרגרעסערט פון יאָר צו יאָר. אין 1934 האָט דער סעקרעטאַר צוזאַמענגעקליבן אַלע צוזייטע און צושפרייטע וויכטיקע היסטאָרישע דאָקומענטן פון דער אינסטיטוציע פאַר די פאַריקע צען יאָר און געבראַכט אין אָרדנונג דעם ארכיוו, וועלכער עקזיסטירט ביז היינט. אין 1924 איז געגרינדעט געוואָרן א תלמוד תורה, וועלכע איז מיט דער צייט, רעאָרגאַניזירט געוואָרן אין אַ אָפּיציעלער שול (יבנה) און אין זעלבן יאָר איז געגרינדעט געוואָרן ביי דער אינסטיטוציע אַ קינדער־שולע, וועלכע איז אויסגעוואַקסן אין דער עקזיסטירנדיקער גרויסער „יידישער שול". אין 1925 איז ביי „נדחי ישראל" געגרינדעט געוואָרן אן אקציען ־ געזעלשאַפט פאַר אַ באַנק, פון וועלכער עס איז אויסגעוואַקסן די „באַנקאָ מערקאַנטיל". ביי „נדחי ישראל" איז אויך געגרינדעט געוואָרן דער ערשטער פאַראייניקטער קאַמפּיין פאַר לאָקאַלע און אויסלענדישע הצטרכותן, אין יאָר 1945.

„נדחי ישראל" האָט אויך אַ צווייטן בנין וואו עס געפינען זיך צוויי בתי־מדרשים, אַ חוץ דעם גרויסן בנין אין צענטער שטאָט.

דער ערשטער פרעזידענט פון דער אינסטיטוציע איז געווען יעקב פאַרוואַלטונג און פון דאן אָן האָט ציכנובר און דער ערשטער סעקרעטאַר און גרינדער פון דער קהלה: הרב שמואל אליעזר דן (דונשטשיק).

די היינטיקע פאַרוואַלטונג: שמשון פעלדמאַן (פרעזידענט), נחום פוסטילניק און דוד קליף (וויצע פאָרזיצער), יצחק ראָזאָווסקי (סעקרעטאַר), יצחק קראָכמאַלניק (גענעראַל־סעקרעטאַר), בנימין קוריאן (פינאַנץ סעקרעטאַר), משה בולאַיעווסקי און מ. גיטלער (קאַסידער) לייב הערוויטש (קאָמיסאַר), י. גאָראָדיזנסקי און ע. ראָזנבוים (אָן אמט).

די פאָלגענדע וואָקאַלן פון פאַרוואַלטונג זיינען אויך מיטגלידער אין פאַרשידענע קאָמיסיעס: אברהם גערזאָן, משה ליטוואַק, אברהם העלפמאַן, ישראל מאָשינסקי, מאיר סיגאַל, אהרן שטיין, הערש קלאַר, יעקב לופּא, יעקב וואכנאָוועצקי, יצחק עלשטיין, נחום ראָזאָווסקי, א. ס. נעדעדאָוויטש, משה מאריי־וע, נ. זיידנוועבער, אהרן קושניר, משה פיער, מ. גאָלדבערג און אברהם קרעמערמאַן.

## דער יידישער צענטראַל־קאָמיטעט אין מעקסיקע

דער יידישער צ. ק. אין מעקסיקע איז געגרינדעט געוואָרן אין 1938, אין אַ פאַרזאַמלונג פון

פאַרטרעטער פון 27 יידישע אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס פון אַלע סעקטאָרן פון מעקסיקאַנער ישוב.

דער געפיל און נויטווענדיקייט פון אַ צענטראַלער אינסטיטוציע פאַרן גאַנצן ישוב האָט גורם געווען צו דער אויבן דערמאָנטער פאַרזאַמלונג.

די צילן און אויפגאַבן פון יידישן צענטראַל ־ קאָמיטעט, זיינען, זינט דער גרינדונג פון דער אינסטיטוציע, געווען די פאָלגענדע: שאַפן אַן איינהייטלעכע פאָרשטייערשאַפט פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג אין מעקסיקע, ווי אַ רעפּרעזענטאַנץ פאַר דער גוישער וועלט און דער היגער רעגירונג און סיי אַ צענטראַלע קערפּערשאַפט פאַר יידן און יידישע אינסטיטוציעס אין לאַנד און אין אויסלאַנד. דער צענטראַל קאָמיטעט האָט אויך פאַר אַן אויפגאַבע צו פאַרבעסערן די לאַגע פון יידן אין מעקסיקע אויף אַלע געביטן: פּאָליטיש, קולטורעל און עקאָנאָמיש. ער נעמט זיך אונטער אַזעלכע אויפגאַבן לטובת דעם ישוב וואָס אַנדערע אינסטיטוציעס האָבן זיי נישט אין זייער פּראָגראַם אָדער זיינען נישט בכח עס צו טאָן. אַ ביישפּיל דערפאַר איז די קולטור קאָמיסיע ביים צענטראַל־קאָמיטעט, וועלכע האָט געשאַפן אַ ביכער פאַרלאַג און אַ ליטעראַטור־פּרעמיע מיט דער פינאַנציעלער הילף פון מעצענאַט הער צבי קעסעל. די ליטעראַטור־פּרעמיעס באַשטייען פון דריי פּרעמיעס צו 200 דאָלאַר יאָריערלעך, וועלכע די קולטור־קאָמיסיע פאַרטיילט צו די שרייבער וועמענס ווערק זיינען פּרעמירט געוואָרן, ווי אויך אַן איינמאַליקן ביישטייער פון דער סומע פון 10.000 פּעזעס פאַר אַרויסגעבן נייע יידישע ווערק.

די פּאָליטישע אַרבעט פאַרן ישוב ליגט כמעט אינגאַנצן אין די הענט פון צ. ק. און די אַנטי די־פאַמאַציע אַרבעט ווערט, אין מעקסיקע, אָנגעפירט פון אַ קאָמיטעט וואָס איז צונויפגעשטעלט פון מיטגלידער פון צ. ק. און דער היגער בני ברית לאָזשע.

דער צ. ק. פאַרנעמט זיך אויך מיט ניי־אָנגעקומענע פּליטים און אין פיל פאַלן אין די שווערע יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט צ. ק. דערמעגלעכט אַ גרעסערע צאָל פּליטים אַריינקומען קיין מעקסיקע און ער האָט דערליידיקט זייערע פּאַפּירן. נאָך היינט פאַרנעמט זיך דער צ. ק. מיט דער אויפנאַמע און איינאָרדנונג פון ניי־אָנגעקומענע אימיגראַנטן.

דאָ איז נישט דער פּלאַץ אָנצוגעבן אַלע איינצלהייטן פון דער אַרבעט פון צ. ק. זינט זיין גריג־

זונג, אָבער עס דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן אַז דער צ. ק. פאַרנעמט זיך מיט די אַלע אַרבעטן לטובת דעם ישוב וועלכע קענען נאָר געטאָן ווערן דורך אַ צענטראַלער קערפערשאַפט. ווען עס איז אויסגעבראָכן אַ שווערער קריזיס אין דער פאַרוואַלטונג פון דער היגער גרויסער „יידישער שולע" האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט דערליידיקט די זאַך און געטאָן אַלץ כדי די אַרבעט פון דער גרויסער חינוך־אינסטיטוציע זאָל קענען ווייטער אָנגיין אָן שטערונגען, און מיטן גרעסטן דערפאָלג.

איינע פון די הויפט צילן פון צ. ק. איז: שאַפן די יסודות פאַר אַן אָרגאַניזירטן און דיסציפלינירטן יידישן ישוב. דעריבער האָט ער שטענדיק געקעמפט פאַר אַ פאַראייניקטן קאַמפיין און דער פרעזידענט פון צ. ק. איז אויך געווען דער פרעזידענט פון פאַראייניקטן קאַמפיין אין 1950.

דער צענטראַל קאָמיטעט שטעלט מיט זיך פאָר באמת די פאַרטרעטערשאַפט פון גאַנצן ישוב, וויל, אין דער פאַרוואַלטונג, געפינען זיך פאַרטרעטער פון אַלע סעקטאָרן: ספרדים און אשכנזים, קהלה פון אַלעפאָ און דמשק, דייטש־רעדנדיקע און אונגאַריש־רעדנדיקע יידן.

זינט 1948 ווערן די פאַרוואַלטונגען פון צ. ק. געוויילט דורך דעמאָקראַטישע וואַלן פון גאַנצן ישוב. דאָס האָט אויך געבראַכט דערצו אַז דער צ. ק. זאָל באַטראַכט ווערן אַלס די צענטראַלע רעפרעזענטאַטיווע אָרגאַניזאַציע פון גאַנצן יידישן ישוב אין מעקסיקע.

דער דאמען־קאָמיטעט פון צ. ק. האָט, אין נאָמען פון ישוב, געהאָלפן יאָר איין און יאָר־אויס די אָרעמע מעקסיקאַנער קינדער, און האָט אָרגאַניזירט נישט־יידישע פרויען קאָמיטעטן צו אונטערשטיצן דעם פראָטעסט פון יידן אין מעקסיקע קעגן די היטלער־שחיטות.

דער יידישער וועלט **קאָנגרעס** פאַראייניקט די ישובים פון 65 לענדער אין גלות און דער מעקסיקאַנער ישוב איז פאַרטראָטן אין דער גרויסער אינסטיטוציע דורכן צ. ק. וואו א סוב־קאָמיטעט פון יי. וו. ק. פירט אָן מיט דער ספעציפישער אַרבעט פון יי. וו. ק.

די פאָלגענדע פערזאָנען האָבן אונטערגעשריבן דעם גרינדונגס־דאָקומענט פון דער אינסטיטוציע: ג. שימאנאָוויטש, א. וואָלפאָוויטש, יעקב לאַנדוי, ג. שאפירא, לעאָן בעהאר, פ. ליסקער, מ. קאָראָנא, וויקטאָר מיטראַני, יעקב כ"ץ, טעאָפילאָ סאַקאַל, י. לאבאה, ק. קייזער, לעאָן סוראַסקי, ד"ר ע. פרענק, יצחק

וואַרמאַן, אַלעקסאַנדראָ וואַלערשטיין, י. קנאָפּפּלער, י. קאַלאַטש, ס. ראָזען, פּאָל ווישניאַק און יעקב גלאַנץ.

לענצנס האָט זיך דער צ. ק. פאַרנומען, אַחוץ זיינע באַמיאונגען פאַר פאַראייניקטע קאַמפּיינען, מיט אַ פּאָלקס־ציילונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין מעקסיקע. זי איז שוין פאַרענדיקט און איצט ווערן שטודירט די רעזולטאַטן, כדי צו קענען פאַרעפנטלעכן גענויע דאַטעס און דעמאָגראַפישע איינצלהייטן וועגן יידן אין מעקסיקע.

אין 1948 איז געוואָרן דערעפנט אַ נייע שולע וועלכע איז איבערגעגעבן געוואָרן דער מעקסיקאַנער רעגירונג, ווי אַ געשאַנק פון יידישן ישוב דאָהי: די „אַלבערט איינשטיין־שולע". דער צ. ק. האָט גע־זאַמלט די מיטלען און האָט אויפגעבויט די שול און איר געשענקט, אין נאָמען פון יידישן ישוב, דעם היגן בילדונגס מיניסטעריום. דאָס איז געווען אַ שווערע אויפגאַבע פאַרן צ. ק. און די מתנה האָט פאַרשאַפט כבוד דעם ישוב און אויסגעדריקט אונדזערע געפילן פון דאנקבארקייט פאַר דער מעקסיקאַנער גאַסטפריינדלעכקייט לגבי יידן.

דער פּרעזידענט און סעקרעטאַר פון דער פאַרוואַלטונג פון צענטראַל־קאָמיטעט אין 1950 זיינען געווען: הער ג. שימאַנאָוויטש און יעקב פרומין. די פּרעזידענטין פון דאַמען קאָמיטעט ביים צ. ק. איז פרוי ד"ר ע. האָפּס.

דער צ. ק. פאַרמאָגט סוב־קאָמיטעטן אין מאָנטעריי, גוואַדאַלאַכאַראַ, פּועבלאַ, טאַמפּיקאָ, טשיהואַהואַ, וועראַקרוז, סאַן לואיס פּאָטאָסי, טאָרעאָן און טיכואַנאַ.

אין 1951 איז געווען פּרעזידענט פּ. סוויאַדאָש און סעקרעטאַר אדוו. ש. סולקעס.

זייער אַ פאַרצווייגטע טעטיקייט האָט אָנגעפירט די קולטור קאָמיסיע, דורך די קעסטעל־פּרעמיעס, קעסטעל פאַרלאַג, טעאַטער פאָרשטעלונגען, גרינדן דעם פנקס פון ישוב, לעגנדיק דעם יסוד פאַר אַ צענטראַלער יודאַאיסטישער ביבליאָטעק א. א.

פאַר די יאָרן 1948 — 1949 און 1950 איז געווען פאָרזיצער פון דער קולטור־קאָמיסיע דר. ישעיהו אוסטרי דן. אין 1951 האָט די קאָמיסיע געאַרבעט אונטערן פאָרזיץ פון א. בערעבישטש.

# די ציוניסטישע באַוועגונג אין מעקסיקע

## די פאַראייניקטע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין מעקסיקע איז געגרינדעט געוואָרן אין 1925, כדי צו פאַראייניקן אַלע ציוניסטישע כחות אין מעקסיקע און כדי דורכצופירן, ביי אירע מיטגלידער, די פּראָגראַם פון דער ציוניסטישער וועלט־באַוועגונג און מיטצוהעלפן אין דער אַרבעט אויפצובויען אַ יידישע מדינה אין אונדזער היימלאַנד ארץ ישראל.

אין די ערשטע יאָרן פון איר עקזיסטענץ האָבן זיך גרופּירט אַרום דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, ציוניסטן פון אַלע ריכטונגען און באַוועגונגען. ווי שפּעטער, ווען דער ישוב איז געוואָרן גרעסער דורך ווייטערדיקער איינוואַנדערונג, האָבן זיך אויסקריסטאַליזירט די פאַרשידענע פּאַרטייען אין ציוניזם און די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט זיך פאַרוואַנדלט אין דער פּאַרטיי פון די אַלגעמיינע ציוניסטן, מיט פאָלגענדן פּראָגראַם: פּאָליטישע אַרבעט פאַרן אַלגעמיינעם ציוניזם, ציוניסטישע העברעאישע דערציאונג פון דער יוגנט, צוגרייטונג פון יונגן־לייט פאַר חלוציות און עליה, ציוניסטישע אויפקלערונגס אַרבעט, אַקטיווע מיטאַרבעט פאַר די ציוניסטישע פאָנדן און ציוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע אין מעקסיקאַנער ישוב.

דער ערשטער פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע איז געווען ד״ר מינץ.

די היינטיקע פאַרוואַלטונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע (אַלגעמיינע ציוניסטן 1950־1951): פּרעזידענט: ר. ווישניעוויטש, וויצע־פּרעזידענט: י. עפּשטיין, און ש. קוטשער, גענעראַל־סעקרעטאַר: צ. פאָרטונאַי, קאַסיר: מ. זאָנאַבענד, פינאַנס־סעקרעטאַר: ד״ר טאָרנטאָן און עקזעקוטיוו־סעקרעטאַר: מ. שוסטער.

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט אַן ערך 1000 מיטגלידער.

עס איז פאַראַן אַן אָפּטיילונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין מאָנטעריי.

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט אַרויסגעגעבן אייגענע אָרגאַנען ווי „פאָלק און לאַנד“ „אונזער טריבונע“ (רעדאַקציע: דר. ישעיהו אוסטרי־דן און לייב דולצין) „די ציוניסטישע טריבונע“ (רעדאַקציע: משה גליקאָווסקי) און היינט „לאַ וואָז סיאָניסטאַ“ (רעדאַקציע: צמח פאָרטונאַי און ס. נודלשטעכער) ווי אויך איינציקע נומערן פון דער

„ציוניסטישער שטימע" (רעדאַק־ציע: שלום לאָקער און טייכמאַן).

## קרן קימת
## לאַנד - דירעקטאָריום
## פון מעקסיקע

אין 1925 האָט דר. מינץ גע־גרינדעט דעם קרן קימת לישראל אין מעקסיקע.

אין די לעצטע יאָרן האָט זיך דער קאָמיטעט אויסגעבויט אין אַ לאַנד־דירעקטאָריום וואו עס געפי־נען זיך פאַרטרעטער פון אַלע פאַר־טייען און גרופּירונגען פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און פאַר־נעמען זיך מיט דער זאַמל־טעטי־קייט פאַר באָדן־אויסלייזונג אין ארץ ישראל. גרויסע סומעס ווערן געזאַמלט יעדן יאָר דורכן לאַנד־דירעקטאָריום אין מעקסיקע, וועל־כער איז אויסגעוואַקסן אין איינע פון די גרעסטע יידישע אינסטיטו־ציעס אין לאַנד. אין פּראָפּאָרץ איז דער קקייל פון מעקסיקע אויף איי־נעם פון די ערשטע פּלעצער אויף דער וועלט־ליסטע פון קרן קימת לישראל.

די היינטיקע פאַרוואַלטונג 1950־1951: ערן ־ פּרעזידענט: ישראל גיטלין, פּרעזידענט: ט. רעזניקאָף, וויצע־פּרעזידענטן: שלמה קוטשער, פּרוי לעוו. מ. שוואַרץ. סעק־רעטאַרין: מרים קופּער, שפּעטער אַברהם מרגלית, קאַסיר, מ. ציפּער־שטיין, און עקזעקוטיוו־סעקרעטאַר: מ. שוסטער.

דער לאַנד ־ דירעקטאָריום האָט אָפּטיילונגען אין די פאָלגענדע פּראָ־ווינץ־שטעט:: מאָנטעריי, גוואַדאַלאַ־כאַראַ, טאַמפּיקאָ, טאָרעאָן, וועראַ־קרוז, פּועבלאַ, איקסטאַפּאַן דע לאַ סאַל, קוערנאַוואַקאַ, סיודאַד כוואַ־רעז, טיכואַנאַ און כאַלאַפּאַ.

די ביוראָ פאַר צענטראַל־אַמע־ריקע פון קרן קימת געפינט זיך אין מעקסיקע און חבר ט. רעזני־קאָף איז דער פּרעזידענט פון דער אָפּטיילונג.

## קרן היסוד

דער „קרן היסוד" האָט שוין גע־האַט זיין ערשטן קאַמפּיין און זיין ערשטע אונטערנעמונג אין יאָר 1923. די דאַן אָנגעהויבענע טע־טיקייט האָט אָבער נישט געהאַט קיין המשך. ערשט אין די שפּעטע־רע דרייסיקער יאָרן הייבט מען זיך צו אָרגאַניזירן אַ נאָרמאַלע „קרן היסוד" טעטיקייט און עס ווערן דורכגעפירט יאָריערלעך קאַמפּיי־נען. די קאַמפּיינען האָבן זיך אַנט־וויקלט פון עטלעכע צענדליק טויזנט פּעזעס אַ יאָר, ביז דריי פערטל מיליאָן פּעזעס אין לעצטן „קרן היסוד" קאַמפּיין אין 1947, פאַר דער גרינדונג פון פאַראייי־ניקטן קאַמפּיין אין 1948.

אַרטוראָ וואָלפּאָוויטש איז געווען לאַנגיעריקער דירעקטאָר פון „קרן היסוד" און ער האָט אויף זיין קרעדיט די אַנטוויקלונג פון דעם נאַציאָנאַלן פאָנד.

זייער פיל צו דער אַנטוויקלונג און גוטער אַרבעט פון „קרן היסוד" האָט אויך בייגעטראגן יוסף טכארניצקי, וועלכע איז געווען שליח פון „קרן היסוד" אין ירושלים פאַר לאַטיין ־ אַמעריקע און אויך דער היינטיקער פּרעזידענט ירחמיאל ווישניעוויטש.

היינט־צו־טאָג (1950 1951) איז דער צוזאַמענשטעל פון קרן היסוד דירעקטאָריום דער פאָלגנדער: פּרעזידענט: ירחמיאל ווישניעוויטש, וו. פּרעזידענט: א. אויגוסטאָווסקי סעקרעטאַר: מ. שווארץ, פינאַנץ־סעקרעטאַר: דר. ישעיהו אוסטרידן.

**מיט** דער פּראָקלאַמירונג פון „קרן היסוד" אַלס דעם איינציקן פאָנד פאַר קאַמפּיינען דורכן 23־טן ציוניסטישן קאָנגרעס, האָט באַקומען אויך אין מעקסיקע דער פאָנד אַ גרעסערן באַדייט און אויפן יאָר 1952 וועט צוזאַמענגעשטעלט ווערן אַ נייער און ברייטערער לאַנד־דירעקטאָריום, וועלכער וועט אַריינעמען אַלע פּאַרטייען און ציון. אינסטיטוציעס אין מעקסיקע.

## ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ ישראל

די ליגע האָט אָנגעהויבן איר אַרבעט אין 1925 אַלס קאָמיטעט פּראָ־קפּאי אין דער אָרגאַניזאַציע „קדימה".

די מיטגלידער פון דעם דאָזיקן קאָמיטעט פאָרמירן, איז יאָר 1929 אַן אומאָפּהענגיקע גרופּע אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. ערשט אין 1934 ווערט געגרינדעט די ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ ישראל מיט 300 מיטגלידער.

**די ליגע וויל באַקומען די נויטיקע מאָראַלישע און מאַטעריעלע** אונטערשטיצונג פון מעקסיקאַנער יידנטום פאַר דער הסתדרות. היינט שליסט זי אין זיך איין די מיטגלידער פון די רעכטע פּועלי ציון, מפ"ם־פּאַרטיי פּרויען ־ פּיאָנערן, „השומר ־ הצעיר" אָרגאַניזאַציע הבונים, און אומאָפּהענגיקע פריינט פון דער הסתדרות.

דער ציל פון דער ליגע איז: גרופּירן די יידישע מאַסן אַרום דער הסתדרות.

די גרינדער פון דער ליגע זיינען די זעלביקע פּערזאָנען, וואָס האָבן אָרגאַניזירט, אין 1935, די פּועלי־ציון פּאַרטיי.

די פאַרוואַלטונג איז די פאָלגענדע: (1950 ;1951): פּרעזידענט: א. קלעצל, וויצע־פּרעזידענט: ק. לאַנ־

דוי, סעקרעטאַר: בנימין לעוו, קאַסער: משה מאַרקוס, קולטור־קאָמיסיע: י. וויניעצקי, סאַלאָמאָן קאַהאַן, ק. לאַנדוי, מאיר קאָראָנאָ און שמואל באַראָן.

די ליגע האָט איצט אַרום 500 מיטגלידער.

די ליגע ה״, אין דעו נאָנטער צוקונפט, פאַרשטאַרקן איר קולטור־אַרבעט און דערמיט פאַרשפרייטן די אידעאַלן פון דער הסתדרות און צוציען ברייטערע קרייזן פון דעם מעקסיקאַנער יידישן ישוב, פאַרוואַנדלען די צייטונג „דאָס וואָרט" (וועלכע דערשיינט צוויי מאָל אַ חודש איצט) אין אַ טאָג־בלאַט.

די ליגע האָט אָפּטיילונגען אין די פאָלגענדע פּראָווינץ־שטעט: מאָנטעריי, וועראַקרוז און גוואַדאַלאַכאַראַ.

## אויסעראָרדנטלעכער ישראל־קאָמיטעט און אינסטיטוט פאַר קולטור־אויסטויש מעקסיקע־ישראל.

דער אויסעראָרדנטלעכער ישראל־קאָמיטעט איז געגרינדעט געוואָרן אין מעקסיקע אין חדש יולי פון 1946. עס זיינען פאַרטראָטן געווען אין דעמדאָזיקן קאָמיטעט אַלע סעקטאָרן, אַלע גרופּירונגען און אַרגאַניזאַציעס אין דער מעקסיקאַנער רעפּובליק.

דער קאָמיטעט האָט שטענדיק קאָאָפּערירט מיטן מעקסיקאַנער פּראָ־פּאַלעסטינאַ־קאָמיטעט וועלכער האָט אַנטוויקלט אַ גרויסע און וויכטיקע אַרבעט. דער קאָמיטעט האָט איינגעאָרדנט פאַרשידענע פאַרזאַמלונגען, רעפעראַטן, פּרעסע־קאָנפערענצן און ראַדיאָ־שעהען אין דער הויפּשטאָט און אין עטלעכע פּראָווינץ־שטעט פון מעקסיקע.

איצט, ווען דער פּראָ־פּאַלעסטינאַ־קאָמיטעט איז געוואָרן אויפגעלייזט, האָט דער אויסעראָרדנטלעכער קאָמיטעט פאַר ישראל גענומען די איניציאַטיוו כדי עס זאָל געשאַפן ווערן אַן אינסטיטוט פאַר קולטור אויסטויש צווישן מעקסיקע און ישראל. דער אינסטיטוט איז טאַקע געשאַפן געוואָרן. דער פּרעזידענט איז ליס. אַלפאָנסאָ פראַנסיסקאָ ראַמירעז, מיטגליד פון העכסטן געריכט און מעקסיקע (ער איז אויך געווען דער פּרעזידענט פון דעם אַלטן פּראָ־פּאַלעסטינאַ־קאָמיטעט) און אין דער פאַרוואַלטונג פון דעם אינסטיטוט געפינען זיך וויכטיקע מעקסיקאַנער פערזענלעכקייטן און מיטגלידער פון אַלע יידישע אָרגאַניזאַציעס.

דאָס איז די פאַרוואַלטונג פון אינסטיטוט: פּרעזידענט: ריכטער אַלפאָנסאָ ראַמירעז, וויצע־פּרעזידענט: ד״ר א. פאַסטליכט,

וויצע־פּרעזידענט: לייב דולצין, קאַסיר: האַרי נייהויס, סעקרעטאַר: ד״ר י. סילווא. וואָקאַלן: דר. ישעיהו אוסטרי־דן, י. בענבאַסאַט, יידל עפּשטיין, ד״ר פּ. פּייבעלמאַן, רענע גאָלדפּיין, מ. גאָלדגוב, אברהם גרינבוים, י. קאַלאַטש, א. קלעצל, ב. לעוויאַעף, ש. נאָקער, וויקטאָר מיטראַני, י. נאַנעס, י. פּאַנקאָווסקי, ט. רעזניקאָב, א. ראָזנבערג, ע. סוראַסקי, א. וואָלפּאָוויטש.

## די ציוניסטישע פעדעראַציע

געגרינדעט אין יאָר 1950 אין פאָלגנדיקן צוזאַמענשטעל: י. עפּשטיין — פּרעזידענט; מ. עקשטיין, דר. ישעיהו אוסטרי־דן, ד. רובינשטיין, ע. סאקאל, — וויצע־פּרעזידענטן. טוביה פּושקאר — גענעראַל־סעקרעטאַר און פאָרשטייער פון אַלע ציוניסטישע פּאַרטייען און גרופּירונגען.

די טעטיקייט פון דער פעדעראַציע איז געווען זייער פּאָליטיזירט און עס זיינען כסדר פאָרגעקומען קאַמפּן און רייבונגען צווישן די באַרשידענע פּאַרטייען. דאָס האָט געשטערט די אַנטוויקלונג און פאָראויסגנאג פון דער זייער וויכטיקער אינסטיטוציע.

פאַר דער צייט פון איר עקזיסטענץ, האָט די פעדעראַציע אַרויסגעלעגט איר שטעמפּל און דעצידירנדיק וואָרט אויף אַלע אָנגעלעגנהייטן פון היגן ישוב. אַלע פייערונגען פון „יום־העצמאות" זיינען דורכגעפירט געוואָרן דורך איר ווי אויך די פייערונגען פון „עלית חנוער" אָפּטיילונג דאהי, אונטער דער לייטונג פון חבר אייזענשטאַט, וועלכע זיינען פּאַטראָניזירט געוואָרן דורך דער פעדעראַציע. צו די וואַלן פון צענטראַל־קאָמיטעט איז די פעדעראַציע געגאַנגען אויף איין ליסטע און באַקומען די גרעסטע צאָל שטימען, און געהאַט דאָס דעצידירנדיקע וואָרט, צוזאַמען מיט די ציוניסטישע פאָרשטייער פון די ספרדים, דמשקער־קהלה, אלעפּאָיער קהלה, דייטש־רעדנדיקן סעקטאָר „מנורה", און אונגאַרישע יידן אָרגאַניזירט אין דער געזעלשאַפט „אמונה".

## פועלי־ציון פּאַרטיי אין מעקסיקע

די פּאַרטיי האָט אָנגעהויבן איר אַרבעט אין יאָר 1923 און פאַר עפנטליכט דעמאָלט אַ צייטונג: „אונדזער וואָרט". אָפיציעל איז די פּאַרטיי געגרינדעט געוואָרן ערשט אין יאָר 1935.

איינע פון די מיטלען צו דערגרייכן אירע צילן, איז פאַר דער פּ״צ־פּאַרטיי, די צייטונג „דאָס

וואָרט" וועלכע ווערט אַרויסגעגעבן דורך דער „ליגע פאַרן אַרבעטערדיקן ארץ ישראל".

די גרינדער פון דער פאַרטיי אין מעקסיקע זיינען געווען: די חברים טאמען, גאָלדגרוב, ווייסמאַן, ספּאַק, ליפּסקי און אַנדערע.

אין די לעצטע פינף יאָר האָט די פאַרטיי באַוויזן צוציען כמעט די מערהייט פון ישוב אַלס סימפּאַטיקער פון דער הסתדרות און דאָס האָט זיך אויסגעדריקט פּאָליטיש אין די רעזולטאַטן פון די וואַלן צום 22־טן ציוניסטישן קאָנגרעס. עס איז אויך געגרינדעט געוואָרן אַ יוגנט ־ גרופּע „הבונים" און די פאַרטיי האָט שטענדיק אונטערגעשטיצט מאָראַליש און מאַטעריעל די פרויען־גרופּע: פּיאָנערן־פרויען. זייער אָפט זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן אָוונטן און פּאָליטישע רעפעראַטן, אויפקלערנדיק דעם עולם די אידעאָלאָגיע און צילן פון דער פאַרטיי. די פ"צ האָט איינגעלאַדן גרויסע יידישע פערזענלעכקייטן וועלכע זיינען אַרויסגעטראָטן מיט עפנטלעכע רעפעראַטן, ווי צ. ב. חיים גרינבערג, ברוך צוקערמאַן, שמחה קרוזאַ, ישראל מערמינסקי, לואיס סיגאַל, סטאָלאַרסקי, דוד ווערטהיים, יצחק זעמלין א. א.

עטלעכע צייטונגען זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דער פאַרטיי: „אונזער וואָרט", רעדאַקטאָר: י. וויניעצקי, „לאַנד און אַרבעט", רעדאַקטאָר: מאיר קאָדאָנאָ און זינט פיר יאָר „דאָס וואָרט" (רעדאַקטאָר: ק. לאַנדוי).

היינט איז דער פּרעזידענט פון דער פאַרטיי חבר ט. פושקאַר, י. גאָלאָמבעק איז וויצע־פּרעזידענט, מ. גאָלדגרוב: סעקרעטאַר און י. גאַראַדזינסקי איז קאַסיר.

די פאַרטיי פאַרמאָגט אַ ברייטערן ראַט פון 40 אַקטיווע מיטגלידער אין דער שטאָט מעקסיקע.

איינע פון די הויפּט־ אויפגאַבן פון דער פאַרטיי אין מעקסיקע איז אָפּצוּוואַרפן אַלע דעפעטיסטישע טענדענצן און רכילות אויף דער היינטיקער ישראל־רעגירונג און פאַרשטאַרקן די קולטור־אַרבעט פאַר אַ דערנענטערונג און קאָאָפּעראַציע מיט אָט דער רעגירונג. די פאַרטיי וויל אויך גרינדן אָפּטיילונגען אין פּראָווינץ. דערווייל איז נאָך פאַראַן אין מאָנטעריי אַן אָפּטיילונג פון דער פועלי־ציון פאַרטיי אין מעקסיקע.

## די רעוויזיאָניסטישע פאַרטיי

געגרינדעט אין די שפּעטערע דרייסיקער יאָרן. געפירט זייער אַ שוואַכע טעטיקייט אין דער ערשטער תקופה. אין די לעצטע יאָרן

פאַרנעמט די רעוויזיאָניסטישע פּאַרטיי אַ וויכטיקערן פּלאַץ. ביי די וואַלן צום 22־טן ציוניסטישן קאָנגרעס האָט זי באַקומען 447 שטימען און ביי די וואַלן צום 23־טן קאָנגרעס 396 שטימען.

די רעוויזיאָניסטישע פּאַרטיי האָט זייער פיל אָנהענגער ביי די ספרדים און דאָס איז די סיבה, פאַרוואָס זיי האָבן אַרויסגעשטעלט אַלס זייער קאַנדידאַט דעם חבר יצחק באַבאַני צום קאָנגרעס, וועלכער איז טאַקע דערוויילט געוואָרן.

די רעוויזיאָניסטישע פּאַרטיי פירט אַ לעבהאַפטע פּראָפּאַגאַנדע אויסנוצנדיק די אָנוועזנהייט פון זייערע מנהיגים, וועלכע פאָרן דורך מעקסיקע. זיי גיבן אַרויס פון צייט צו צייט אַן אייגענעם אָרגאַן אין יידיש „אונזער טריבונע" און אויך „על העראַלדאָ", אַ צייטונג אין שפּאַניש. ביידע ווערן רעדאַגירט דורך יעקב מונדלאַק.

היינט צו טאָג איז פּאָרזיצער פון ראַט פון דער רעוויזיאָניסטישער פּאַרטיי פ. שוויאַדאָש און פּרעזידענט פון עקזעקוטיוו איז דוד רובינשטיין. גענעראַל־סעקרעטאַר איז יעקב מונדלאַק. עס געהערן נאָך אין קאָמיטעט, ש. ליינער, אַדוו. הענ. סולקעס, א. נאנעס מאַקס ר. קינג, יצחק באַבאַני, ש. רובינשטיין א. א.

## מזרחי פעדעראַציע אין מעקסיקע

אין יאָר 1942 ביי דער אָנוועזנהייט פון הרב זאב גאָלד, איז געגרינדעט געוואָרן דער מרכז מזרחי אין מעקסיקע. ערשט אין יאָר 1948 הפועל המזרחי און די נשי־מזרחי

עס זיינען שוין געווען אין מעקסיקע, פון לאַנג, רעליגיעזע אימיגראַנטן, אָבער זייער צאָל איז ניט געווען גרויס, כדי זיך צו אָרגאַניזירן אין אַ באַזונדער פּאַרטיי. ווי ציוניסטן, זיינען זיי געווען אַקטיוו, אַלס יחידים, אין קק"ל לאַנד־דירעקטאָריום און אַנדערע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס. אין 1942 איז דער קרייז אָבער שוין געווען גענוג גרויס, האָבן זיי זיך דעריבער געקענט אָרגאַניזירן אין אַ „מזרחי".

דער ציל פון מעקסיקאַנער מזרחי אין אַ דאָפּלטער: פּאַראייניקן רעליגיעזע ציוניסטן אין אַ געמיינזאַמער אַרבעט לטובת מזרחי־אַרבעט אין ישראל און פאַרשטאַרקן רעליגיעזע יידישקייט אין מעקסיקע גופא.

הרב ראַפּאַלין איז געווען דער ערשטער פּרעזידענט, דאַן האָט חבר ד"ר משה מיכאל איבערגענומען די אַרבעט, מיט חבר משה דולצין אַלס וויצע־פּרעזידענט און ז.בר מאיר ראַפּאַפּאָרט אַלס סעקרעטאַר.

אין יאָר 1949 איז געגרינדעט געוואָרן א ישיבה וואו עס לערנען 50 תלמידים. אין דעמזעלבן יאָר, ביי דער געלעגנהייט פון אַ צווייטן באַזוך פון הרב זאב גאָלד, האָבן זיך פאַראייניקט די דריי עקזיסטירנדיקע מזרחי־גרופּירונגען אין אַ פעדעראַציע אונטער דעם פאָרזיץ פון הרב דוד שלמה ראַפּאַלין.

דער פרעזידענט פון מרכז־מזרחי איז היינט חבר מרדכי עקשטיין פון הפועל המזרחי איז א. גרינבוים די פרעזידענטין פון פרויען־מזרחי די חברה בעטי חנן.

עס איז פאַראַן אַ מזרחי־אָפּטיילונג אין מאָנטעריי, און די פעדעראַציע גיט אַרויס פון צייט צו צייט אַ זשורנאַל „מזרחי־לעבן".

## מפ"ם פאַרטיי אין מעקסיקע

די מפ"ם ־ פאַרטיי איז געגרינדעט געוואָרן אין מעקסיקע אין מערץ 1948, נאָכדעם ווי עס איז פאָרגעקומען די פאַראייניקונג פון אַלע לינקע פאַרטייען אין ישראל אין 1947.

אויף דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג איז געוויילט געוואָרן אַ קאָמיטעט אין צוזאַמענשטעל פון דר. ישעיהו אוסטרי־דן — גענעראַל־סעקרעטאַר, שלום לאָקער — אָרגאַניזאַציע־סעקרעטאַר, מאַקס רובינשטיין — פראָטאָקאָל־סעקרעטאַר און די חיד י. שקלאַר, פּילץ, דר. ח. פאַנקאָווסקי און דר. מ. שיין, אַלס קאָמיטעט־מיטגלידער.

**די מפ"ם האָט** אַרויסגעגעבן אַן אייגענעם אָרגאַן „אַוואַנגאַרד" אין **יידיש, רעדאַגירט** דורך דר. ישעיהו אוסטרי־דן ווי אויך אין שפּאַניש. „וואַנגואַרדיאַ" רעדאַגירט דורך דר. ח. פאַנקאָווסקי און דר. מ. שיין.

אין דער פאַרטיי זיינען פאַראַן ביי 60 מיטגלידער און ביי די וואַלן פון לעצטן 23־טן ציוניסטישן קאָנגרעס האָט די מפ"ם פאַרטיי באַקומען 158 שטימען.

די אַרבעט אין דער פאַרטיי גייט אָן אין דער ריכטונג פון אידעאָלאָגישער און קולטורעלער פאַרטיבונג פון די ווערטן פון מפ"ם אין די פאַרשידענע קרייזן און קעמערלעך וועלכע פירן דורך רעגולערע פאַרזאַמלונגען. עס ווערט געגעבן זייער פיל הילף און אויפמערקזאַמקייט דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „השומר הצעיר" און עס ווערט אָנגעפירט אַ לעבהאַפטע טעטיקייט ספּעציעל צווישן דער יוגנט דאָהי.

דער צוזאַמענשטעל פון היינטיקן קאָמיטעט איז דער פאָלגנדיקער: דר. ישעיהו אוסטרי־דן — גענעראַל־סעקרעטאַר, ל. ראָזענפעלד — קאַסירער, ראָבערטאָ וויסקין — פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר, צ. ברוקמאַן, רבקה פינקעלמאַן, וואָלף וואַקאַלו.

# פרויען - פיאָנערן אָרגאַניזאַציע אין מעקסיקע

די אָרגאַניזאַציע איז געגרינדעט געוואָרן אין 1935, דער ישוב איז דעמאָלט שוין געווען גענוג גרויס און האָט זיך גענויטיקט אין אַ ציוניסטישע פרויען - אָרגאַניזאַציע

די גרינדערין פון דער אָרגאַניזאַציע אין מעקסיקע איז געווען די חברה ס. יודין פון די פאַראייניקטע שטאַטן. די ערשטע פרעזידענטין איז געווען חברה מאָרגענשטערן און די מיטגלידער פון דער ערשטער פאַרוואַלטונג די חברות טשאָפּ, מרים טכאָרניצקי, אַנאַ קלאַטשקי, פיקאָווסקי, כ״ץ, כ. ראַפּאַלין און אַנדערע.

די אָרגאַניזאַציע האָט אַ סך יערלעכע אונטערנעמונגען ווי טייען באַזאַרן, פורים־און חנוכה־אָוונטן א. א. וו. און די געזאַמלטע געלטער ווערן אַוועקגעשיקט קיין ישראל וואו עס ווערט געבויט א קינדער־היים און אַ פאַך־שול אויפן נאָמען פון דער מעקסיקאַנער אָפּטיילונג פון די פרויען־פּיאָנערן.

די אָרגאַניזאַציע שיקט אירע דעלעגאַטן צו די לאַנד־דירעקטאָריומס פון די גרויסע ציוניסטישע פאַנדן, אין יידישן צענטראַל־קאָמיטעט, אין שקל - קאָמיטעט און אין הכשרה־קאָמיטעט.

די היינטיקע פאַרוואַלטונג פון די פרויען־פּיאָנערן: פרעזידענטין: א. קלאַטשקי, וויצע־פרעזידענטין: חברות אלטער, איידעלס, לאַנדוי, לעוו און פ יער קאַסירערין: ר: לייווערענט, סעקרעטאַרין: כ. ראַפּאַלין, פינאַנץ - סעקרעטאַרין: ס. כייטש, סעקרעטאַרין פאַר מיטגלידער: ע. שאפּיראָ, סעקרעטאַרין פאַר שפּאַניש: ר. גאָלדבערג, וואָקאַלן: חברות גאָלדהאַבער, פּלאַשנער, כ״ץ, פיקאָווסקי, קורטשאַנסקי, גורוויטש, פיינשטיין, פיין, רוסעק, א. פאָדאָלסקי און שוועבער.

די אָרגאַניזאַציע איז פאַרטיילט אין 7 גרופּעס און פאַרמאָגט 700 מיטגלידער. די גרופּעס רופן זיך אָן ווי פאָלגט: רחל, חנה סענעש, טאָסיאַ אַלטמאַן, עדה פישמאַן, ישואל צביה גורעטקי, און גאָלדע מייערסאָן.

די היגע פרויען־פּיאָנערן־גרופּע, האָפט צו שיקן אינגיכן די נויטיקע סומע כדי דאָס הויז אין רחובות, אויף איר נאָמען, זאָל קענען פאַרענדיקט ווערן. די וועט איז פּאוון צושטעלן דאָס גאַנצע מעבל די וועש און כלים פאַר דער הויז. ווייטער שטרעבט די גרופּע הען צו דערגרייכן די צאָל פון 1000 מיטגלידער.

# וויצאָ אין מעקסיקע

די אָרגאַניזאַציע וויצאָ אין מעק־
סיקע איז געגרינדעט געוואָרן דעם
26־טן מאַרץ 1938 אין דער ספר
דישער קאָלאָניע, און די איז געווען
י ערשטע פאַרוואַלטונג: ערן
פאָרזיצערין: פרוי מאַטילדע קא
פאָן, פאָרזיצערין: פרוי שרה פאַ־
לאַטשי, סעקרעטאַרין: פרוי אידה
בענוועניסטע, קאַסירערין: ערנא
מאָסקאָנאַ, קאָמיסאַרין: בערטאַ
אַוואדיא. וואָקאַלן: מאַטילדע בע
כאַר, לוסי מיטראַני, ס. מאָסקאָנאַ,
לואיזא אַלגראַנטי.

אין יאָר 1941 האָט זיך געשאַפן
א גרופּע, „העגריעטע סאָלד", פון
אשכנזישע פרויען און די שוין
נקויסט־ירנדיקע ספרדישע גרופּע
האָט זיך גערופן „הרצל". די פאַר־
וואַלטונג פון דער אשכנזישער גרו־
פּע „העגריעטע סאָלד" איז געווען
פאָלגענדע: פאָרזיצערין: פרוי גי־
ערמינאַ רובינשטיין, סעקרעטאַרין:
גנריקעטאַ דובאָוואָי און קאָסירע
רין: חברה פרומאַ דערזשאוויץ.

ביידע גרופּעס האָבן געאַרבעט באַ
זונדער, אָבער אַ צענטראַלער עקזע
קוטיווע האָט קאָנטראָלירט ביידנס
אַקטיוויטעטן. אין יאָר 1943 האָבן
זיך ביידע גרופּעס פאַראייניקט.

די וויצאָ אין מעקסיקע איז גע־
שאַפן געוואָרן, ווייל די יידישע
פרויען האָבן געפילט אַז זיי קענען
נישט מער בלייבן פון דער ווייטן
פון ציוניסטישע אַקטיוויטעטן און
וי יידישע פרויען אויף דער גאַנ
צער וועלט, האָבן זיי פאַרשטאַנען,
אַז אויך אין מעקסיקע דאַרפן זיי
טאָן פּאָזיטיווע אַרבעט פאַר אונ־
זער היימלאַנד ארץ ישראל. פאַר־
שטייט זיך אַז די וויצאָ אין מעק־
סיקע איז אָנגעשלאָסן אין דער
וועלט־אָרגאַניזאַציע וויצאָ און די
געלטער וואָס ווערן געזאַמלט דאָהי
ווערן איבערגעשיקט קיין ישראל,
פאַר די דאָרטיקע וויצאָ־אנשטאַל־
טן. טעכניש זיינען די אַקטיוויטעטן
פון דער וויצאָ אין מעקסיקע איינ־
געטיילט אין פאָלגענדע אָפּטיילונ־
גען: מיטגליד־אָפּצאָל, חודשלעכע
טעס פון אַלע גרופּעס, דער וויצאָ־
קאַמפּיין, אַ וויצאָ־חודש מיט פאַר־
שידענע סאָציאַלע און קולטורעלע
אונטערנעמונגען, אַ יערלעכער באַ
זאַר, זאַמלען פון מתנות (אויף
חתונה־אַניווערסאַרן, געבורטן, גע־
בורטסטאָגן א. א. וו.) ווי אויך אַל־
געמיינע פּראָפּאַגאַנדע און קולטור
אַרבעט.

אין די לעצטע צוויי יאָר, האָט
די וויצאָ אין מעקסיקע דורכגע־
פירט איר פולשטענדיקן פּראָגראַם
פון אַרבעט און אויך נאָך צוגע־
האָלפן צו דער אַרבעט די נאַציאָ־
נאַלע פאָנדן: קק"ל און קרן היסוד

די וויצאָ גיט אויך אַרויס אַ יודש זשורנאַל און בולעטינס אין יידישער פרעסע.

ביי היינטיקן טאָג זענען די פאָלגנדע חברות אין דער פאַרוואַלטונג: פאָרזיצערין: חברה בעלא גיטלין, וויצע־פאָרזיצערינס: אידאַ מענאַשע, שרה וויסבערג, סעקרעטאַרין: סימא קראָכמאַלניק, קאַסירערינס: חברות אידאַ בענוועניסטע, קאַטע בענאַדאָן, ערנאַ מאָסקאָנאַ, פעטשע גיטלין. אָנפירערין פון דער אָרגאַניזאַציע אָפטיילונג: סימאַ קראָכמאַלניק.

עס זענען פאַראַן עלף גרופעס אין דער שטאָט מעקסיקע: גרופע „עליה" — פאָרזיצערין :חברה ב. מיטשאַ, — גרופע „עינות" — פאָרזיצערין: מוסיא סוראַסקי — גרופע „דגל ציון" — פאָרזיצערין: סילוויא טאַוויל — גרופע „גאולה" — פאָרזיצערין: לואיזע מאָס, — גרופע „חנה סענעש" — פאַרוואַלטונג: אירענע מאָיאָראָש, גיזי מזסאלי, חברה ראָנאי — גרופע „הענריעטאַ סאָלד" — פאָרזיצערין: אַדעלאַ קויפמאַן — גרופע פאָרזיצערין: בוקא פיזאַנטי — גרופע „יונגע וויצאָ" — פאָרזיצערין: חברה אסתר זאסלאוו — גרופע „מאָנטעריי" — פאָרזיצערין: קארמען זאסלאוו — גרופע „נהלל" — פאָרזיצערין: אסתר באבאני — גרופע „ירדניה" — פאָרזיצערין: פערלא אפטעלאָן.

די פאָלגנדע חברות פאַרנעמען זיך מיט דעם זשורנאַל און אַנדערע פראָפאַגאַנדע־ענינים: שושנה בערקמאן, סימא קראָכמאַלניק, עליסא קאהאן, סאָניאַ לעדוק און שרה ווייסבערג.

די וויצאָ אין מעקסיקע האָט 1400 מיטגלידער.

די וויצאָ אין מעקסיקע האָט בדעה נאָך צו פאַרגרעסערן איר צאָל מיגטלידער אין דער נאָנטער צוקונפט און צו אָרגאַניזירן קורסן פון עברית.

די וויצאָ האָט אויך קאָמיטעטן אין עטלעכע פראָווינץ־שטעט פון דער מעקסיקאַנער רעפובליק: אין גוואַדאַלאַכאַראַ — פאַרוואַלטונג: פאָרזיצערין: חברה בערטאַ ראָזן, סעקרעטאַרין: לוסי אָרענשטיין, קאַסירערין: עליסא קאַפאָן — אין מאָנטעריי — פאַרוואַלטונג: טזירין ווענגעדאָווסקי אַלס פאָרזיעצרין, פרידאַ גאָרענשטיין אַלס סעקרעטאַרין, געניאַ יאָסילעווסקי אַלס קאַסירערין און די חברות בערטאַ גאָרענשטיין, ראַדזי, אורמאַן, אסתר טשאַרנאי, קלאַראַ גאָרענשטיין און ריזנפעלד אַלס וואָקאַלן. אין פועבלאַ איז די לייטערין פון דער וויצאָ־אָפטיילונג די חברה עסטעלא קא

האַן, אין סאַן גואיס פּאָטאָסי, די חברה אמאליא סאַד, אין טאָמפּיקאָ די חברה לאַן און אין וועראַקרוז די חברה עמיליא קאַלאַהאָרא.

## דעפּאַרטאַמענט פאַר הכשרה, עליה און מדריכים

דער דעפּאַרטאַמענט פאַר הכשרה עליה און מדריכים, איז געגרינדעט געוואָרן ביי דער ציוניסטישער פעדעראַציע. אַלס פּאָרזיצער אַמטירט די גאַנצע צייט פון זיין גרינדונג ביז היינט חבר צמח פּאָרטנאָי. טראָצדעם וואָס די פעדעראַציע איז צעפאַלן געוואָרן, עקזיסטירט אָבער ווייטער דער דעפּאַרטאַמענט וועלכער האָט אויפגעטאָן זייער פיל, שיקנדיק ביז היינט קיין ישראל 12 מדריכים, וועלכע זענען דאָרט געווען ביי 2 יאָר, אין דורכשניט, יעדער איינער. די מדריכים זענען געווען כמעט פון אַלע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס און זיי האָבן זיך צוריקגעגערט און זייער טיכטיק געאַרבעט אין זייערע רעספּעקטיווע אָרגאַניזאַציעס. דער דעפּאַרטאַמענט האָט אויך געהאָלפן עולה זיין קיין ישראל העכער 20 חלוצים פון „השומר הצעיר".

דער יוגנט־דעפּאַרטמענט איז צוזאַמענגעשטעלט דורך פאָרשטייער פון אַלע ציוניסטישע פּאַרטייען ווי אויך פאָרשטייער פון די רעספּעקטיווע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס.

דער דעפּאַרטמענט האָט זייער גרויסע פּלענער פאַר דער אַרבעט פון יאָר 1952, אין וועלכן ער גלויבט צו שיקן ביי 10 נייע מדריכים קיין ישראל ווי אויך אַ גרעסערע גרופּע חלוצים.

## הסתדרות־קאַמפּיין

דער הסתדרות־קאַמפּיין איז געווען דער עיקר אַרבעט פון די חברים וועלכע האָבן זיך קאָנצענטרירט אַרום דער ליגע פון אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל. פון דער אינסטיטוציע האָט זיך שפּעטער אַנטוויקלונג די פּאַרטיי פּועלי־ציון, די פרויען פּיאָנערן און די ליגע אַליין.

דער הסתדרות קאַמפּיין, האָט ווי אַלע קאַמפּיינען, געמאַכט קליינע סומעס אין די דרייסיקער יאָרן, אָבער ער האָט זיך פאַרשטאַרקט אין די פערציקער יאָרן און די לעצטע קאַמפּיינען פאַר דער הסתדרות אין די יאָרן 1946 און 1947, פאַר דער אָרגאַניזירונג פון פאַראייניקטן קאַמפּיין אין יאָר 1948, האָבן איבערגעשטיגן די סומעס פון 250 טויזנט און 300 טויזנט פעזעס.

אין דער אַרבעט פאַרן הסתדרות־קאַמפּיין נעמען איינטייל

יעדעס יאָר נישט נאָר די חברים פון דער ליגע נאָר אויך סימפּאַטיקער פון ישוב.

## אַמעריקאַנער פאָנד פאַר ישראל - אינסטיטוציעס

אין חודש מאַי פון יאָר 1949 איז געגרינדעט געוואָרן אין מעקסיקע אַ קאָמיטעט פון אַמעריקאַנער פאָנד פאַר ישראל־אינסטיטוציעס.

די פאָלגנדע פערזאָנען זענען מיטגלידער פון קאָמיטעט: ד"ר ל. באַשוויץ, י. בענבאַסאַט, ד"ר ז. ביברינג, ד"ר א. פּאַסטליכט, צ. פּאָרטנאָי, ט. רעזניקאָף, א. שעליי, ד"ר י. סילוואַ.

## די יידישע אַגענץ

דער אָפיציעלער פאָרטרעטער פון דער יידישער אַגענץ אין מעקסיקע איז ד"ר אַדאָלפאָ פּאַסטליכט.

## ישראל-רעגירונג

די ישראל - רעגירונג האָט, באַשטימט אַלס ערן - קאָנסול ד"ר אַדאָלפאָ פּאַסטליכט זינט דעם 11־טן יוני 1949 האָט ד"ר פּאַסטליכט פאַרנומען זיין אַמט מיט דער דערלויבעניש פון דער מעקסיקאַנער רעגירונג.

## וויצמאַן-איסטיטוט

די גרויסע וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוציע אין רחובות איז פאָרטראָטן אין מעקסיקע דורך אַ קאָמיטעט. די פאָלגנדע פערזאָנען זענען אין דער פאַוואַלטונג: פּרעזידענט: א. שעליי, וויצע־פּרעזידענטין: פּרוי ד"ר ע. האָפּס, קאַסירער: ד"ר י. אָרענשטיין, סעקרעטאַר: ד"ר י. סילוואַ. ד"ר ס. ביברינג, מינאָ קאָוואָ, ד"ר לעאָ דייטש, ד"ר א. פּאַסטליכט, פרוי פּאַסטליכט, פרוי ל. האָראָוויץ, י. קאַלאַטש, פרו ב. קאָסטאָוו, וויקטאָר מיטראַני, ט. רעזניקאָף, אברהם שאַבאָט און ל. ווײַנשטאָק זענען וואָקאַלן.

## אַקציאָנס-קאָמיטעט

ביים 23־טן ציוניסטישן קאָנגרעס אין ירושלים זענען דערווילט געוואָרן אין אַקציאָנס־קאָמיטעט: טוביה רעזניקאָף, לייב דולצין און קלמן לאַנדוי. דעלעגאַטן זיינען געווען די אויבנדערמאָנטע דריי חברים, ווי אויך יצחק באַבאַני און דבר חוסני.

## שקל-קאָמיטעט

אויך אין די דרייסיקער יאָרן פלעגן פאַרקויפט ווערן יעדן יאָר שקלים פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע, אָבער עס איז קיינמאָל נישט געקומען צו וואַלן צום קאָנגרעס. אין די מלחמה יאָרן פלעגט דער שקל

פאַרקויפט ווערן, אָבער נישט מיט קיין צו גרויסן דערפאָלג.

ערשט ביי די צוגרייטונגען צום 22־טן ציוניסטישן קאָנגרעס איז צום ערשטן מאָל אָרגאַניזירט געוואָרן אַ רעגולערער שקל־קאָמיטעט, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דער גאַנצער שקל אַרבעט אין מעקסיקע ווי אויך מיט דער צוגרייטונג פון די דעפיניטיווע וואַליסטעס.

צו די צוויי קאָנגרעסן (דעם 22־טן און 23־טן) איז געלונגען צו פאַרקויפן זייער אַ גרויסע צאָל שקלים, וואָס האָט געגעבן מעקסיקע די רעכט צו שיקן דריי דעלעגאַטן (צום 22־טן קאָנגרעס) און פיר דעלעגאַטן (צום 23־טן קאָנגרעס) טוביה רעזניקאָף איז געפאָרן אַלס דעלעגאַט פון צענטראַל־אַמעריקע, ווי אויך אַלס מיטגליד פון ציוניסטישן אַקציאָנס קאָמיטעט.

## ציוניסטישע יוגנט־פעדעראַציע אין מעקסיקע

די ציוניסטישע יוגנט־פעדעראַציע איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1943, די פעדעראַציע וויל, דורך געמיינזאַמע אונטערנעמונגען פון אַלע ציוניסטישע יוגנט־גרופירונגען, ברענגען צו אַ דערנענטערונג און קאָאָפעראַציע צווישן די פאַרשידענע ריכטונגען. די פעדעראַציע האָט זיך אויך געשטעלט די אויפגאַבע צו רעאַליזירן אַ קולטורעלן פּראָגראַם פאַר דער גאַנצער ציוניסטישער יוגנט אין מעקסיקע.

דער ערשטער פּרעזידענט פון דער פעדעראַציע איז געווען חבר וו. טכאָרניצקי.

די קולטור־אַרבעט, ביז איצט, איז באַשטאַנען פון רעפעראַטן וועגן אַלגעמיין ציוניסטישע פּראָבלעמען, אזכרה־אָוונטן פון די פּיאָנערן פון דער באַוועגונג און געזענק־אָוונטן און פייערונגען פון יידיש־נאַציאָנאַלע יומים טובים.

דער היינטיקער פּרעזידענט (1951־1950) איז חבר י. ניזרי, דער סעקרעטאַר: חבר דוב ראָזנפעלד און דער קאַסיר חבר דוד ראָזען.

15 יוגנט־אָרגאַניזאַציעס זענען אָנגעשלאָסן אין דער פעדעראַציע.

פאַר דער נאָנטער צוקונפט, איז דער פּראָגראַם פון דער פעדעראַציע דער פאָלגנדער: ווייטער אָנגיין און פאַרשטאַרקן די קולטור־אַרבעט דורך רעפעראַטן און דיסקוסיע ־ אָוונטן און איינאָרדנען ספּאָרט־אונטערנעמונגען ווו די פאַרשידענע אָנגשלאָסענע אָרגאַניזאַציעס וועלן קענען נעמען אַן אָנטייל אין קאָנקורסן.

די יוגנט ־ פעדעראַציע האָט

אַ געוויסע האַרמאָניע צווישן די מיטגלידער פון אַלע גרופירונגען, און אַ פאַרשטענדעניש און טאָלעראַנץ פאַר דער אידעאָלאָגיע פון איין ריכטונג פאַר דער צווייטער.

## הסתדרות „השומר הצעיר" במכסיקו

געגרינדעט געוואָרן אין 1940 דורכן חבר אבנר אליפז. ערשטע ציוניסטישע חלוצישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע אין מעקסיקע.

ארץ ישראל נויטיקט זיך נאָך היינט אין יונגע כוחות פאַר פיאָנערן־אַרבעט און דעריבער איז אויך אין מעקסיקע געגרינדעט געוואָרן אַן אָפּטיילונג פון דער חלוצישער וועלט־אָרגאַניזאַציע, „השומר הצעיר". די היגע יידישע יוגנט האָט זיך אויך גענייטיקט אין אַן אָרגאַנזאַציע ווו זי זאָל קענען געפינען די אידעאַליסטישע אַטמאָספערע וואָס זי האָט געזוכט. דער היגער „השומר הצעיר" האָט די זעלביקע צילן ווי אומעטום אויף דער וועלט: דערציען יוגנטלעכע פאַר אַ קאָמונאַלן לעבן פון אַרבעט און שאַפונג אין ישראל אין די ראַמען פון הקיבוץ הארצי של השומר הצעיר.

די אַקטיוויטעטן פון דער אָרגאַניזאַציע זענען: סקויטיזם, ספּאָרט, קולטורעלע אַרבעט א. א. וויכטיק זענען ספּעציעל די מושבות און מחנות.

די חברים פון „השומר הצעיר" זענען געווען אויף הכשרה דאָהי — די ערשטע און איינציקע אין מעקסיקע — און זענען אַרויסגעפאָרן אומלעגאַל, אין יאָר 1947, קיין ישראל און זיי זענען געווען דער אַוואַנגאַרד פון מעקסיקאַנער יידנטום אין לאַנד. די חברים פון השומר הצעיר פון מעקסיקע זע־ אויך געווען אין „עקזאָדוס 1947". די זעלביקע חברים האָבן אויך אָנטייל גענומען אין פאַרטיידיקונג פון אונדזער היימלאַנד געפינענדיק זיך אַלע אין די פאָדערשטע רייען, ווייל זיי האָבן אַלע איינטייל גענומען אין דער העלדישער פאַרטיידיקונג פון „נגבה". זיי פאַרענדיקן איצט זייער הכשרה אין ישראל און וועלן זיין מיטגלידער פון דער לאַטיין־אַמעריקאַנער גרופּע וואָס וועלן קאָלאָניזירן דעם נייעם פונקט „געש" אין ישראל.

די היינטיקע (1950־1951) הנהגה הראשית האָט פאָלגענדען צוזאַמענשטעל: חברים יעקב פּערסאָוויסקי, ל. ראָזנפעלד, צבי סעמאָ, עמי פרידזאָן, אריה נואָנשקאָ, אליעזר גיטלער און יצחק מאַרקאָוויטש.

די ז״ח אליעזר גיטלער י. מאַרקאָוויטש, אליעזר ראָזנפעלד און חיה פינקעלמאַן, זענען געווען ווי מדרי־

כים אין ישראל. דער „השומר הצעיר" האָט היינט 235 מיטגלי־דער פון 10 ביז 21 יאָר.

פאַר דער צוקונפט וויל דער „השומר הצעיר" אין מעק.: ווייטער אָנגיין מיט זיין דערציערישע אַר־בעט און אַרויסשיקן עטלעכע חב־רים אויף הכשרה אין די שטאַט.

דער „השומר־הצעיר" האָט פאַר דער גאַנצער צייט אַרויסגעגעבן פעריאָדיש אַן אייגענעם אָרגאַן „השומר הצעיר" וועלכע דערשיינט נאָך, פון צייט צו צייט, ביז היינ־טיקן טאָג, ווי אויך בראשורן און פלענער פאַר קולטור־אַרבעט.

## יוגנט - אָרגאַניזאַציע בני עקיבא

די יוגנט־אָרגאַניזאַציע בני־עקיבא איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1942 די פאַרוואַלטונג פון דער שול יבנה האָט דעמאָלט גע האַלטן פאַר נויטיק געבן די קינדער די מעגלעכקייט זיך אויסצולעבן אויף אַ רעליגיעז־נאַציאָנאַלן אויפן אין די טעג און שעהין ווען זיי זע־נען נישט אין שול.

אין יאָר 1947 איז דורכגע־פירט געוואָרן אַ רעאָרגאַניזאַציע און דער קלוב איז פאַרוואַנ־דלט געוואָרן אין אַ רעלי־גיעז־נאַציאָנאַלער קיבוצישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע אָנגעשלאָסן אין „ברית עולמית של תנועת תורה ועבודה" מיט די צילן און אויפ־גאַבן פון אָט דער וועלט־באַווע־גונג: דערציען יוגנטלעכע אין רע־ליגיעז־נאַציאָנאַלן גייסט און זיי צוגרייטן פאַר הכשרה און עליה קיין ישראל.

די אָרגאַניזאַציע האָט דורכגע־פירט, אין די לעצטע צוויי יאָר, עלף מחנות, פאַרשידענע סעמינאַרן, אויסגעבילדעט אַ כאָר, פאַרמאָגט אַן אָרקעסטער, אַ ביבליאָטעק, עט־לעכע מנינים וווּ די מיטגלידער קומען דאַווענען שבתים און איז פאַרטיילט אין 11 גרופעס.

דער מנהל פון דער אָרגאַניזאַ־ציע אין מעקסיקע איז אברהם גרינבוים, דער סעקרעטאַר: שלמה עקשטיין, דער קאַסיר: דוד ראָזען, און די מועצת מדריכים איז צו־נויפגעשטעלט פון די פאָלגנדע חברים און חברות: נתן לעווינזאָן, שמואל צימעט, הענעך גאָלדבערג, אליעזר בענזעטענדיק, שמעון באָרג, רבקה פופקאָ, שושנה זאַנד און רייזל קרעמער.

די אָרגאַניזאַציע פאַרמאָגט 270 חברים און צוויי פון זיי פאָרן אינ־גיכן אויף הכשרה. איין חבר, מענ־דל ענגעלמייער, איז אַרויסגעפאָרן קיין ישראל אויף אַ יאָר צייט, כדי אָנטיילצונעמען אין אַ מדריכים־קורס.

די יוגנט־אָרגאַניזאַציע בנו־

עקיבא האָט בדעה ווייטער צו אַנטוויקלען אירע אויבן אָנגעוויזענע אַקטיוויטעטן און צו פאַרגרעסערן איר צאָל חברים.

## יוגנט־אָרגאַניזאַציע „הנוער הציוני"

אין יאָר 1948 איז געגרינדעט געוואָרן די יוגנט־אָרגאַניזאַציע „הנוער הציוני".

די גרינדער פון דער אָרגאַניזאַציע זענען געווען די חברים מ. אייזנשטאַט, שליח און אינסטרוקטאָר, בן־גפן לעאָן שידלאָוו, יעקב גוזשיק, בערטאַ וואַרמאַן און לעאָן שנייוויס.

זינט דעם טאָג פון דער גרינדונג פון דער אָרגאַניזאַציע האָט זי זיך פאַרנומען מיט פּראַקטישער און טעאָרעטישער דערציונגס־אַרבעט. די אַרבעט ווערט אָנגעפירט לויט די פּרינציפּן פון דער וועלט־באַוועגונג „הנוער הציוני". פּראַקטיש, האָט די אָרגאַניזאַציע, זינט איר גרינדונג אין מעקסיקע, דורכגעפירט 26 אויספלוגן, 5 מחנות און 2 מושבות.

די הנהגה הראשית באַשטייט פון די פאָלגנדע חברים (1951־1950): יעקב גוזשיק: גענעראַל־סעקרעטאַר, ב. רובינשטיין: קאַסיר און פאַרטרעטער פון „הנוער הציוני" אין דער ציוניסטישער יוגנט־פעדעראַציע, י. יאַסנאָווסקי: פאַרטרעטער פון דער אָרגאַניזאַציע ביי דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע — אַלגעמיינע ציוניסטן — און ביים יוגנט־דעפּאַרטאַמענט פון קק"ל, א. פּרעסבורגער: פאַרטרעטער פון 'הנוער הציוני' אין החלוץ און פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די ספּאָרט־אַקטיוויטעטן, ל. ווילק און בערטאַ וואַרמאַן: פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער צייטונג, דעם אַרכיוו און דער ביבליאָטעק, ש. קאַרטשמאַר: פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן אינווענטאַר און דאָס לאָקאַל. די גאַנצע אַרבעט ווערט געטאָן אונטער דער אויפזיכט און אָנפירונג פון שליח מ. אייזנשטאַט.

די אָרגאַניזאַציע פאַרמאָגט 178 מיטגלידער און האָט אָפּטיילונגען אין מאָנטערײ און גוואַדאַלאַכאַראַ.

די אָרגאַניזאַציע גלויבט צו קענען שיקן, אין דער נאָנטער צוקונפט, עטלעכע חברים אויף הכשרה און עליה. זי וויל פאַרשטאַרקן איר אַרבעט און צוציען וואָס מערער יוגנטלעכע אין אירע רייען.

## יוגנט־קאָמיטעט פאַרן קק"ל

מיטן אַריינטריט פון חבר טוביה רעזניקאָף אין דער אַרבעט פון קק"ל און דער פאַרשטאַרקונג פון דער ציוניסטישער טעטיקייט אין אונדזער ישוב, איז אויך געגרינדעט געוואָרן אַ יוגנט־קאָמיטעט פון

קרן קימת לישראל.

דער יוגנט־קאמיטעט איז גע־שאפן געווארן אין יאר 1943, און האט געארבעט מיט גרויס ענטו־זיאזם און האט אריינגעבראכט גרע־סערע סכומים געלד לטובת דעם גאולת־הקרקע פאנד. ער האט אויך געטאן זייער פיל קולטור־ארבעט צווישן דער יוגנט, איינארדענדיק אונטערנעמונגען, רעפעראטן, עונג־שבת אוונטן, א. א.

דער ערשטער פרעז. פון יוגנט־קאמיטעט ביים קק״ל איז געווען ברוך כץ. עס האבן אויך זייער טיכטיק געארבעט אין דעם קאמי־טעט אלס פרעזידענטן און מיט־ארבעטער נתן וויסקין, ד״ר ערנ־וואלד, ראבערטא וויסקין, ד״ר חיים פאנקאווסקי, ד״ר מאקס שיין און אנדערע.

דער יוגנט־קאמיטעט ביים קק״ל האט ארויסגעגעבן א צייטונג אין שפאניש וועלכע איז געווען רע־דאקטירט מיט געשמאק און איז זייער גוט אויפגענומען געווארן ביי דער היגער יוגנט. דער יוגנט־קא־מיטעט איז נאך היינט טעטיק. זיי באזוכן אלע שמחות פון עפנטלעכן כאראקטער, רעפעראטן און גרויסע צוזאמענקומען, כדי צו קלעפן די קק״ל־בולים און זאמלען אזוי ארום געלט פארן קק״ל. זיי האבן אויך איינגעטיילגענומען אין די הרקות פון די קק״ל־קופסות און אויך אריינגעטראגן געלט אין קק״ל פון אייגענע ספעציפישע אונטערנעמונגען.

## ביתר

יוגנט גרופע פון דער רעוויזיא־ניסטישער פארטיי. געגרינדעט דורך שמחה רובינשטיין. האט א קליינע צאל מיטגלידער וועלכע נעמען איינטייל אין די טעטיקייטן פון דער עלטערער רעוויזיאניסטי־שער פארטיי. האט נישט קיין איי־גענעם ארגאן און געהערט נישט אין דער ציוניסטישער יוגנט פעדערא־ציע.

## נועם

יוגנט־גרופע פון מזרחי. געגרינ־דעט דורך מ. קאץ. האט איינקע צענדליק חברים און פירט אן מיט א יוגנט־ארבעט דורך שיחות, מחנות און טיולים.

## ק. א. פ. א.

א ספרדיש־אשכנזישע יוגנט־ארגאניזאציע, וועלכער פירט דורך רעפעראטן און איז מער פון קלוב־כאראקטער ווי א יוגנט ארגאני־זאציע. האט ביי 100 מיטגלידער. איז נישט קיין סטאביל־אנטוויקל־דיקע זיך ארגאניזאציע.

## החלוץ

געגרינדעט דורכן „השומר הצעיר" פון די בוגרים וועלכע האָבן זיך געגרייט פאָרן אויף הכשרה און עליה. די אָרגאַניזאַציע איז אָפּהענגיק פון די צאָל חברים פון „השומר הצעיר", וועלכע גרייטן זיך צו עליה און שאַפן דאָן דעם „החלוץ". עס איז נישט געלונגען אַריינציען מערערע חברים אין „החלוץ". נאָר געציילטע זענען דאָרט אַריינגעקומען און זיי האָבן זיך דערנאָך אָנגעשלאָסן אין „השומר הצעיר" עולה־זייענדיק מיט די חברים.

## עלית הנוער דעפּאַרטאַמענט

אָנגעפירט זייט קאַרגע דריי יאָר פון חבר מ. אייזענשטאַט. האָט צו פאַרצייכענען גרויסע אונטערנעמונגען לטובת דער עלית הנוער אין דער הויפּט־שטאָט ווי אויך אויף דער פּראָווינץ. אַ ברייטערער קאָמיטעט פון פרויען קאָאָפּערירט מיט חבר מ. אייזענשטאַט און אויך די דירעקציעס פון די שולעס ביי יעדער יערלעכער אונטערנעמונג פון „יום הילד".

## „הבונים"

אָרגאַניזירט אין יאָר 1948, ווי אַ יוגנט אָרגאַניזאַציע פון די היגע „פועלי־ציון" פּאַרטיי (רעכטע). אין דער ערשטער צייט איז אָנגעגאַנגען אַ לעבהאַפטע טעטיקייט אין דער אָרגאַניזאַציע. אין די יאָרן 1950 און 1951 איז די אָרגאַניזאַציע זייער שוואַך געוואָרן און ווייזט נישט אַרויס קיין גרויסע טעטיקייט.

פון די טעטיקע חברים און חברות: דוד פריידקעס, חנה סעפּטשאָוויטש, דבורה ראַבינאָוויטש, משה וואראשילסקי, אשר בוראַקאָוו און יוסף וויינטרויב.

## חוג עברי

געגרינדעט אין יאָר 1941. לאַנגיאָריקע פאַרוואַלטונג: תנחום בערמאַן, שליח פון קקיל אין ירושלים, אליהו חיניטש, אבנר אליפז, ד"ר ישעיהו אוסטרי־דן, שפעטער דוד רובינשטיין, ד"ר דומאַנט, מרדכי עקשטיין, גוסטי עקשטיין, וואָלף קופער, מרים קופער, מאיר גאָלדגרוב, עליזה אויסטריאַק, מרים האַלפערשטיין, יצחק האַלפערשטיין א. א. דער „חוג עברי" האָט געהאַט גרעסערע אונטערנעמונגען אָבער ער האָט נישט געפירט קיין רעגלמעסיקע טעטיקייט. לעצטנס איז דער חוג עברי פאַרביטן געוואָרן אויף „מרכז עברי", וועמענס פאָרזיצער עס איז א. חיניטש.

# ספרדישע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין מעקסיקע

אין 1936 איז געגרינדעט געוואָרן די ספרדישע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, מיטן צוועק צו סטימולירן די אַרבעט פאַר ארץ ישראל ביים ספרדישן סעקטאָר פון מעקסיקאַנער ישוב.

דער נאָמען אַליין זאָגט שוין וואָס איז דער ציל פון אָט דער אָרגאַניזאַציע: קאָאָפּעראַציע מיט אַלע ציוניסטישע אינסטאַנצן, אויפן מאַטעריעלן, דערציערישן, פּאָליטישן און סאָציאַלן געביט.

דער גרינדער פון דער אינסטיטוציע איז געווען דער חבר וויקטאָר מיטראַני און ער איז אויך געווען דער ערשטער פּרעזידענט. דער סעקרעטאַר פון דער ערשטער פאַרוואַלטונג איז געווען חבר וויטאַלי פענהאַס.

די אָרגאַניזאַציע האָט אַנטוויקלט, אין די לעצטע יאָרן, אַ פאַרצווייגטע טעטיקייט: פּראָפּאַגאַנדע, געלט זאַמלונגען פאַר די נאַציאָנאַלע פאָנדן, שקל־פאַרקויף ביי די ספרדישע יידן, אַ יוגנט־קאָמיטעט, אַ תרבות־שול און האָט אויפגעהאַלטן דעם קאָנטאַקט מיט דער גאַנצער ציוניסטישער באַוועגונג פון מעקסיקע. גאָר אַ נאָנטע קאָאָפּעראַציע איז געוואָרן אויפגעהאַלטן מיט דער גאַנצער ציוני. באַוועגונג פון מעקסיקע ווי אויך מיט דער פרויען־אָרגאַניזאַציע „וויצאָ" און עס איז פאַראַן אַ גרויסער אינטערעס פאַר דער העברעאישער אוניווערזיטעט אין ירושלים.

די היינטיקע פאַרוואַלטונג (1951 1950) איז די פאָלגנדע:

פּרעזידענט: וויקטאָר מיטראַני, וויצע־פּרעזידענט: מינאָ קאָוואָ, קאַסיר: איזידאָראָ בעהאָר, עקזעקוטיוו־סעקרעטאַר: אליעזר עמוס וואָקאַלן: י. בר־דוד — ער איז אויך דער פּרעזידענט פון ספרדישן קקיל קאָמיטעט — יצחק באַבאַני, ב. קוריעל, חברה לילי סאַלטיעל, ד. באלי, ס. נאדכארי.

די אָרגאַניזאַציע האָט אַן ערך 1100 מיטגלידער, מענער און פרויען.

פאַרן קומענדיקן יאָר גרייט די אָרגאַניזאַציע זיך צו צו אַן אינטענסיווער אַרבעט פאַר דער חלוצישער באַוועגונג. די פאַרוואַלטונג האָט פלענער צו באַקומען אינוועסיאָניסטן פאַר ישראל, און וויל פאַרשפּרייטן ביי אירע מיטגלידער, דאָס לערנען פון עברית. זיי וועלן ווייטער אָנגיין מיט זייערע נאָרמאַלע טעטיקייטן פון געלט־זאַמלונגען פאַר ציוניסטישע פאָנדן, דעם העברעישער אוניווער־

מיטעט און דעם ווייצמאַן־אינסטיטוט.

די אָרגאַניזאַציע פאַרמאָגט אָפּטיילונגען אין די פאָלגנדע שטעט פון דער מעקסיקאַנער פּראָווינץ: גואַדאַלאַכאַראַ, וועראַקרוז, טיכואַנאַ און טאָרעאָן.

## ספרדיש - ציוניסטישע יוגנט-אָרגאַניזאַציע

די אָרגאַניזאַציע איז געגרינדעט געוואָרן אין 1946, כדי די ספרדישע יוגנט זאָל אַריינגעצויגן ווערן אין דער ציוניסטישער אַרבעט לטובת ישראל.

דער ערשטער פּרעזידענט איז געווען ישעיהו ניזרי און די ערשטע סעקרעטאַרין ריינא בעהאר.

די יוגנט־גרופּע האָט איינגעאָרדנט, אין די לעצטע צוויי יאָר, רעפעראַטן וועגן ציוניסטישע פּראָבלעמען, אַרויסגעגעבן אַ בולעטין פון דער ציוניסטישער יוגנט־פעדעראַציע, איינגעאָרדנט אונטערנעמונגען און דורכגעפירט געלט־זאַמלונגען.

דער הייַנטיקער פּרעזידענט איז: חבר מ. וואַראָן און די סעקרעטאַרין: אסתר דועניאס. די אָרגאַניזאַציע האָט אַן ערך 180 מיטגלידער און וויל וואָס מערער זיך אָפּגעבן מיט קולטור־אַרבעט און פאַרשפּרייטונג פון ציוניזם ביי דער ספרדישער יוגנט, ווייטער אָנגיין מיט די עברית־קורסן, זיך באַטייליקן אין די ספּאָרט־טעטיקייטן

# דער יידיש - העברעישער שול-וועזן

## די גרויסע יידישע שולע

די שולע איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1924 און איר פּראָגראַם איז דעמאָלט און הייַנט געווען דער זעלביקער: יידישע און וועלטלעכע דערציונג. לעצטנס ווערט געלערנט מער עברית, ווי אויך יידיש און יידישע ליטעראַטור. די וועלטלעכע לימודים זענען צוגעפּאַסט צום אָפיציעלן פּראָגראַם פון מעקסיקאַנער בילדונגס־מיניסטעריום, און די שולע, ווי אַלע שולעס אין מעקסיקע, האָט פולע רעגירונגס־רעכט.

דער ערשטער דירעקטאָר איז געווען מאיר בערגער, וועלכער האָט פאַרנומען דעם פּאָסטן אַן ערך צוואַנציק יאָר. נאָך אים איז געקומען א. גאָלאָמב קיין מעקסיקע און האָט פאַרנומען דעם פּאָסטן פון דירעקטאָר פאַר עטלעכע יאָר. סוף

1949 האָט די פאַרוואַלטונג אָפּגעזאָגט א. גאָלאָמב צוליב זיין אַנטיציוניסטישער אידעאָלאָגיע, אַנטי־עברית שטעלונג און נישט ריכטיקע דערציערישע שיטות און האָט איינגעלאַדן ד"ר בערל שולגאַסער אַלס דירעקטאָר פון דעם גרויסן יידישן בילדונגס־אַנשטאַלט.

זי שול פאַרמאָגט אַ קינדערגאָרטן, פאָלקס־שול, מיטל־שול, הויך־שול, אַ לערער־סעמינאַר און אַ פאַקולטעט פאַר ליטעראַטור און פילאָזאָפיע מיט אַלע רעכט פון אַן אוניווערסיטעט־אָפּטיילונג.

דער פרעזידענט פון שול־ראַט איז ג. שימאַנאָוויטש, פרעזידענט פון דער שול־פאַרוואַלטונג, נחמן זיידנוועבער, און פרעזידענט פון פּעדאַגאָגישן ראַט, מאיר בערגער. די שול ציילט אומגעפער 1030 תלמידים כן ירבו, מיידלעך און יינגלעך. זי האָט 26 יידישע לערער און 70 מעקסיקאַנער לערער. די גרעסערע צאָל מעקסיקאַנער לערער, אין אַלע יידישע שולעס אין מעקסיקע נעמט זיך פון דעם וואָס אין מעקסיקע, פאָדערט דאָס געזעץ, אַז יעדער לימוד אין דער מיטל־שול און הויך־שול, זאָל געלערנט ווערן דורך אַ באַזונדערן לערער.

די שול איז „אינקאָרפּאָרירט", ד. ה. אַז זי איז אָנערקענט פון דעם מעקסיקאַנער בילדונגס - מיניסטעריום און די דיפּלאָמען וואָס די שילער באַקומען ביים פאַרענדיקן זייער שטודיום אין אַן אָפּטיילונג, זענען לעגאַלע און געבן זיי די מעגלעכקייט אַריבערצוגיין אין פּראָפעסיאָנעלע שולעס אָדער אין אוניווערזיטעט.

די שול־פאַרוואַלטונג האָט אַרויסגעגעבן עטלעכע ביכער פון דערציילונגען און אַנדערע לערנביכער פאַרן געברויך פון די יידישע לערער.

די שולע פאַרמאָגט אַן אייגענעם בנין אויף אַ שטח פון 12,000 קוואַדראַט־מעטער: 7000 קוו. מעטער זענען פאַרבויט מיט בנינים און דער גאָרטן האַלט 5000 קוו. מעטער .עס זענען פאַראַן 50 צימערן, אַ שווים־באַסיין, צוויי גרויסע זאַלן פאַר פאָרשטעלונגען און אונטערנעמונגען און צוויי שפּילפּלעצער. די שול האָט אַ שיינע און גוטע ביבליאָטעק, אַ פיזיקאַלישע און ביאָלאָגישע לאַבאָראַטאָריע, אַ מעדיצינישע שטעלע און אַ מוזעום.

„די יידישע שול" איז די גרעסטע פון די פינף יידישע שולעס אין מעקסיקע און האָט אויך אַ גרעסערע צאָל מיטגלידער, אַלטע פריינט פון דער שול און געזעלשאַפטלעך באַוואוסטזיניקע מענטשן וועלכע שטיצן די שול מאַטעריעל און

מאָראַליש. די שול באַלאַנגט נישט צו אַ פּאָליטישער ריכטונג, אָדער אַ געוויסן שול־סיסטעם אין יידישן לעבן, נאָר אירע לימודים זענען אַלגעמיין יידישע און העברעישע און ווילן דערגרייכן, אַז אַ קינד זאָל זיין באַוווסטזיניק־יידיש און האָבן אַ באַגריף פון יידישער טראַדיציע און קולטור.

דאָס לעצטע יאָר איז צוגעבויט געוואָרן אַ נייער פליגל צו די בנינים פון דער שולע, אַלס דער ספּעציעלער בנין פאַרן פאַקולטעט פון פילאָזאָפיע און ליטעראַטור. דאָס איז דער ערשטער יידיש־העברעאישער פאַקולטעט וועלכער ווערט אויפגעשטעלט אין לאַטיין־אַמעריקע.

דעם גרונדשטיין פאַר דעם בנין האָט געלעגט ביי אַ ספּעציעלער פייערלעכער צערעמאָניע, דער מיטגליד פון דער יידישער אַגענטור אין ניו־יאָרק און לייטער פון דער חינוך־אָפּטיילונג חיים גרינבערג.

לערער: ד"ר בערל שולגאַסער, פרוי הדסה שולגאַסער, יוסף פיין, מ. מונדלאַק, ד"ר ישעיהו אויסטריידן, יוסף ווינעצקי, שושנה בערקמאַן, פרומא טאַרטאַק, רבקה פינקעלמאַן, בעטי גרי, רבקה רובינשטיין־קליף, א. סאַנדלער, רבקה ראָזענפעלד, חנה סעפּטשאָוויטש, טויבע סעגאַל, ליבע בערמאַן, פרידא שאַפּיראָ, פייגע פּיקאָווסקי, רייזל ראַפּאָפּאָרט, רייזל קאָפּעלאָוויטש א. א.

צווישן די טוער פון דער גרויסער יידישער שולע: זיידענוועבער א. גוטווערג, י. דובאָווי, ה. רובינשטיין, מ. רובינשטיין. י. שאַפּיראָ ג. שימאַנאָוויטש, י. דינער, פּאָדבילעוויטש, י. פרומין, א. ז. בערעבטשעז, ע. קלעצל, בנימין קאזלאווסקי א. א.

## בית ספר „יבנה"

אין 1942 איז געגרינדעט געוואָרן די שול דורך עטלעכע פּערזאָנען וועלכע זענען געווען פאַראינטערעסירט אין אַ רעליגיעזער דערציאונג, בראש פון זיי דער רב דוד שלמה ראַפּאַלין. די קהילה נדחי־ישראל האָט אויף זיך גענומען צו פאַרווירקלעכן דעם פּלאַן.

די פּראָגראַם פון די יידישע לימודים איז אַ רעליגיעז־נאַציאָנאַלער, מיטן טראָפּ אויף די טראַדיציאָנעלע לימודים: תפילה, חומש. נ"ך, משניות און גמרא. עס ווערט אויך געלערנט עברית און יידיש.

ערן־פּרעזידענטן פון דער פאַרוואַלטונג זענען דער הרב דוד שלמה ראַפּאַלין און יצחק קראָכמאַלניק און דער פּרעזידענט איז ישראל מאָשינסקי.

אין די לעצטע צען יאָר איז הער ז. שיפּמאַנאָוויטש געווען די־

רעקטאָר פון שול וועלכע פאַרמאָגט איצט בײַ 625 תלמידים — און עס איז געבויט געוואָרן אַ נײַער בנין, צו וועלכן עס איז צוגעבויט געוואָרן, אין 1951־1950 אַ דריטער שטאָק מיט עטלעכע צימערן און אַ זאַל. עס איז אויך געגרינדעט געוואָרן אַ ישיבה בײַ „יבנה", ווי אויך אַ פאַך־שולע „אָרט" מיט דער קאָאָפּעראַציע פון דער „אָרט"־געזעלשאַפט אין מעקסיקע.

די פאַרוואַלטונג וויל, אין דער נאָנטער צוקונפט, באַזאָרגן די שול מיט אַן אינטערנאַט און אַ פאַרגרעסערטע ביבליאָטעק. זי פאַרמאָגט, בײַ היינטיקן טאָג, די פאָלגנדע אָפּטיילונגען: קינדערגאָרטן, פאָלקס־שול, מיטל־שול, און אויפן יאָר 1952 איז אויפגעעפנט געוואָרן אַן אייגענע הויך־שול אָפּטיילונג.

די שול איז אויך „אינקאָרפּאָרירט" און גיט אַרויס אָפּיציעלע דיפּלאָמען פאַר די וועלטלעכע לימודים. עס זענען פאַראַן 10 יידישע און 31 מעקסיקאַנישע לערער.

דער נײַער בנין שטייט אויף אַ שטח פון 4000 קוואַדראַט מעטער, האָט דרײַ שטאָק, אַ שפּיל־פּלאַץ, 36 קלאַסן־צימערן, איין זאַל, אַ כעמישע און אַ פיזיקאַלישע לאַבאָראַטאָריע, אַ וואַרשטאַט פון בוך־בינדערײַ און אַ מעדיצינישע שטעלע.

לערער: ז. שיפּמאַנאָוויטש, פרוי שיפּמאַנאָוויטש, א. גרינבוים, י. קרישטאַל, מרדכי כ"ץ, א. עדינה כ"ץ א. מאָרגענשטערן, עליזה אויסטריאַק, תמר שיין און משה איזקער.

פּאָרזיצער פון פּעדאַגאָגישן ראַט: הרב דוד שלמה ראַפּאַלין.

## בית ספר עברי „תרבות"

די שולע איז געגרינדעט געוואָרן אין 1942 דורך אַ גרופּע ציוניסטן און אויף דער איניציאַטיוו פון אבנר אליפז. דער היינטיקער פּרעזידענט פון דער פאַרוואַלטונג איז נ. רובינשטיין. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז די פּאַקטישע בעל־בת"טע פון דער שולע.

דער ערשטער דירעקטאָר איז געווען אבנר אליפז און ווען ער איז אַוועק געפאָרן קיין ישראל האָט ד"ר ישעיהו אויסטרי"דן פאַרנומען זיין אָרט. דער היינטיקער דירעקטאָר (51־1950) איז ד"ר בריל.

די פּראָגראַם פון דער שולע, פאַר די יידישע לימודים, איז אַן אויסגעשפּראָכן ציוניסטישער און העברעיש פאַרנעמט דעם איינציקן אָרט, אַלס לערן־שפּראַך. די וועלטלעכע לימודים זענען צוגעפּאַסט צום אָפּיציעלן פּראָגראַם פון מעקסיקאַנער בילדונגס־מיניסטעריום און די שול איז „אינקאָרפּאָרירט". זי פאַרמאָגט די פאָלגנדע אָפּטיילונ־

גען: גאָרטן־קיידער פאָלקס־שול און מיטל־שול. עס באַזוכן אַן ערך 250 קינדער די שול, כמעט אויס־שליסלעך קינדער פון אשכנזישע עלטערן.

די שול פאַרמאָגט אַן אייגענעם בנין אויף אַ שטח פון 4000 קוואַ־דראַט־מעטער. עס זענען פאַראַן 20 צימערן, אַ כעמישע, אַ פיזיקאַלישע און ביאָלאָגישע לאַבאָראַטאָריע, אַ ביבליאָטעק, אַ סטאָלערײַ אַ שיי־נער גאָרטן ווי אויך אַ מעדיציני־שע שטעלע.

די שול גיט אַ ציוניסטישע און טראַדיציאָנעלע דערציאונג און די קינדער לערנען עברית, תנ"ך א. א. לימודים.

לערער: ש. טרעברניק, ט. סו־ראַסקי, ד"ר בריל, חיה פינקעל־מאַן, ח. לעווינסקי.

פאָרזיצער פון פעדאַגאָגישן ראַט: צמח פאָרטנאָי.

## נייע יידישע שולע

דערעפנט אין יאָר 1950, ווי אַ רעזולטאַט פון דער מחלוקה וואָס איז אָנעגגאַנגען אין דער גרויסער יידישער שולע, פון וועלכער עס זענען אַוועק אייניקע לערער און אַ צאָל טוער וועלכע האָבן צוזאַמען געגרינדעט די שולע.

די צאָל קינדער, בײַ 200. קינ־דערגאָרטן, פאָלקס־שולע און מיטל־שולע. פאָרזיצער פון דער פאַר־וואַלטונג: ישעיהו גארינשטיין. אַקטיווע טוער: פישל פלאַשנער, פרוי פלאַשנער, פרוי צילע ראַפּאַ־לין, פרוי גראַפּאַ, כוליאַ גראַפּאַ, שאַפּטשיק, ט. מייזעל ד"ר יאַוו־נאַזאַן, פרוי יאַוונאַזאַן, ד"ר זאַ־כאריאש א. א.

לערער: לייב באַיאַן, י. ראָטנ־בערג, פרוי זאַבלודאָווסקי, ווייס־מאַן פרוי גאָלאָמב און א. גאָלאָמב.

## ספרדישע תרבות-שולע

די שולע איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1944.

די ערשטע פאַרוואַלטונג איז גע־ווען: פּרעזידענט: וויקטאָר באַבאַ־ני, גענעראַל־סעקרעטאַר: ד. יום־טוב, קאַסיר: משה ניזרי.

אין 1944 האָט די שול אָנגע־הויבן לערנען מיט 119 שילער און בײַ היינטיקן טאָג האָט זי 484 תלמידים. פּרעזידענט איז היינט (1950־1951) וויקטאָר באַבאַני און סעקרעטאַר ד. יומטוב. דער דירעק־טאָר איז אַגוסטין א. אלבאראן.

די שול האָט די פאָלגנדע אָפּטיי־לונגען: קינדער־גאָרטן, פאָלקסשול און מיטל־שול.

די שול איז אינקאָרפּאָרירט — ווי אַלע אַנדערע יידישע שולעס אין מעקסיקע — און די וועלטלעכע לײַ־מודים זענען אָפיציעלע, לויט די פאָרשריפטן פון מעקסיקאַנער ביל־דונגס־מיניסטעריום. דער פּראָ־

גראַס, פאַר די יידישע לימודים, איז אַ טראַדיציאָנעל־נאַציאָנאַלער מיט עבֿרית אַלס לערן־שפּראַך.

די שול האָט זיך געפונען אין יאָר 1950 אין אַ געדונגענעם לאָקאַל, ווייל, אויף אַ שטח באָדן פון 2000 קוואַדראַט־מעטער וועלכער באַלאַנגט צו דער שול, איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ נייער פּרעכטיקער בנין פון דריי שטאָק.

אין נייעם בנין געפונען זיך, אחוץ אַ גרעסערע צאָל קלאַס־צימערן, אַ זאַל, אַ לאַבאָראַטאָריע פון כעמיע און פיזיק, וואַרשטאַטן, אַ מעדיצינישע שטעלע, אַ ביבליאָטעק און אַ זאַל פאַר ספּאָרט.

## תרבות־שולע „מאָנטע סיני"

די שולע איז געגרינדעט געוואָרן אין 1943 און איז אָנערקענט פון דער רעגירונג. די וועלטלעכע לימודים זענען לויט די פאָרשריפטן פון מעקסיקאַנער בילדונגס־מיניסטעריום.

דער פרעזידענט פון דעם ערשטן שולראַט איז געווען עליאַס אַטרי. אין די לעצטע צוויי יאָר איז די צאָל שילער געוואַקסן מיט 150 נייע תלמידים.

דער היינטיקער שול־ראַט איז פאָלגנדער: פרעזידענט: אבֿדאָ גרעגאָ, וויצע־פרעזידענט: אַלבערטאָ דאַנאַ, סעקרעטאַר: מ. חזן און קאַסיר: י. בוזאַלי. דער שול־ראַט איז צונויפגעשטעלט פון 20 מיטגלידער.

די שול פאַרמאָגט היינט 575 תלמידים און איז געגרינדעט געוואָרן מיטן צוועק צו געבן אַ העברעישע דערציונג די קינדער פון די אַראַביש־רעדנדיקע קהילות.

די שול פאַרמאָגט דריי אָפּטיילונגען: קינדער־גאָרטן, פאָלקס־שול און אַ האַנדלס־אָפּטיילונג.

די שול האָט אַן אייגענעם בנין מיט צוויי שטאָק און 18 צימערן, און אַ ביבליאָטעק וועלכע געפינט זיך אין אַ באַזונדערן לאָקאַל.

## צענטראַלער יידישער לערן־סעמינאַר

נאָך אין יאָר 1951 איז אָנגעגאַנגען די צוגרייטונגס־אַרבעט, כדי צו גרינדן, מיט געמיינזאַמע כוחות, אַן אַלגעמיינעם צענטראַלן לערער־סעמינאַר אָרגאַניזירט דורך אַלע יידישע שולעס פון מעקסיקע. נאָך לאַנגע באַראַטונגען איז אַזאַ סעמינאַר געגרינדעט געוואָרן און ער האָט אָנגעהויבן אַרבעטן פון יאָר 1952.

דער לערער־סעמינאַר ווערט אויסגעהאַלטן פון דער גרויסער יידישער שולע, דער „יבנה"־שולע און די „תרבות" שולע. די נייע יידישע שולע, האָט צוליב פאַרשידענע טעמים, וואָס נישט דאָ איז דער פּלאַץ

זיי צו באַהאַנדלען, זיך אָפּגעזאָגט אַריינצוטרעטן אין אָרגאַניזיר־קאָמיטעט פון סעמינאַר און האָט אויך נישט מיטגעאַרבעט אין זיין גרינדונג.

אין לערער פּערסאָנאַל זענען: ד״ר. בערל שולגאַסער, זעליק שיפּמאַנאָוויטש, יוסף וויניעצקי, אביגדור לעווין, יעקב גאָלדבערג און ד״ר ישעיהו אוסטרי־דן.

דער פּאָרזיצער פון סעמינאַר־פּאַטראָנאַט איז הרב דוד שלמה ראַפּאַלין.

## ועד־החינוך אין מעקסיקע

אַרום די פראגן פון נאָרמאַליזירן די בודזשעטן פון די ייִדישע שולעס, די באַציונגען צווישן די אַנשטאַלטן און די גרינדונג פון אַ צענטראַלן לערער־סעמינאַר, האָט זיך אויסקריסטאַליזירט די נויטווענדיקייט פון גרינדן אַ ועד־החינוך וועלכער איז שוין היינט־צו־טאָג אַ פאַקט. דער פאָרזיצער פון ועד־החינוך איז הרב דוד שלמה ראַפאַלין און עס נעמען אייגטייל אין ועד צו צוויי פאָרשטייער פון די דריי ייִדישע שולעס: די גרויסע ייִדישע שולע, יבנה און תרבות. אויך דאָ איז די נייע ייִדישע שול נישט פאַרטראָטן צוליב טעמים וועלכע נישט דאָ איז דער פלאַץ אויסצוברענגען.

## די ייִדישע פּרעסע

### „דער וועג"

די צייטונג איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1930 דורך משה ראָזענבערג, וועלכער איז געווען דער רעדאַקטאָר און דירעקטאָר פון צייטונג ביז צו זיין טויט, אין יאָר 1942.

„דער וועג" איז אַ פּריוואַטע צייטונג, די ערשטע אין מעקסיקע און איר טענדענץ איז אַ ציוניסטיש־נאַציאָנאַלע.

דער היינטיקער רעדאַקטאָר איז חיים לאַזדייסקי און די אַרויסגעבערין פרוי סאָניאַ ראָזנבערג. די צייטונג דערשיינט דריי מאָל אַ וואָך — שבת, דינסטיק און דאָנערשטיק.

די פאָלגנדע שרייבער און קולטור־טוער זענען רעגלמעסיקע מיטאַרבעטער אין „וועג": א. ז. בערעביטשעז, מאיר קאָראָנאַ, י. וויניעצקי, ד״ר י. אויסטריאַק, א. אייזן, י. בערלינער, י. גלאַנץ, ש. קוטשער, ווילענטשיק, בראָנשטיין און מ. כ״ץ.

די צאָל געדרוקטע עקזעמפּלאַרן

איז אַ סוד פון דער רעדאַקציע, אָבער „דער וועג" איז זייער גוט פאַרשפרייט אין יידישן ישוב אין מעקסיקע און ווערט געלייענט זייער אַ סך.

## „די שטימע"

די צייטונג איז געגרינדעט געוואָרן אין 1939 און זינט דער דאַטע איז זי רעגלמעסיק אַרויסגעגאַנגען, צוויי מאָל אַ וואָך, מיטוואָך און שבת. דער רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער איז משה רובינשטיין, וועלכער האָט אויך געגרינדעט די צייטונג, מיט דער הילף פון די הערן אייבראַמס און מינדלין. איר טענדענץ אַז אַ ליבעראַל־נאַציאָנאַל־יידישע.

די מיטאַרבעטער פון דער צייטונג זענען: ס. עליאָט און ד"ר ישעיהו אוסטרי־דן אין מעקסיקע, ש. טענעבוים, ד. אָפּאַלאָוו און פאַרשידענע קאָרעספּאָנדענטן אין אויסלאַנד.

די צאָל עקזעמפּלאַרן איז אַ סוד פון רעדאַקציע, אָבער די צייטונג איז גוט פאַרשפרייט אין ישוב און צייכנט זיך אויס דורך איר גוטער רעדאַקציע, און שיינער טעכנישער צונויפשטעלונג.

## „פרייוועלט"

געגרינדעט אין יאָר 1943, פריער אַלס אַ פּעריאָדישע אויסגאַבע, דערנאָך אַלס אַ חודשלעכע אויסגאַבע, און צולעצט גייט זי אַרויס שוין עטלעכע יאָר רעגולער ווי אַ וואָכן־צייטונג. גרינדער פון דער צייטונג: מרדכי קאָראָנאַ. היינטיקער רעדאַקטאָר: בעריש ראָזען.

די צייטונג איז דער אָרגאַן פון דער יידישער פאָלקס־ליגע אין מעקסיקע און דריקט אויס תמיד די אידייאישע שטעלונגען און מיינונגען פון דער פאָלקס־ליגע. די צייטונג איז זייער גוט פאַרשפרייט אין מעקסיקע.

מיטאַרבעטער: לעאָ קאַץ, סיימאָן, מגידין, ל. גרינבערג ד"ר ב. פישלעדער און אַנדערע.

## „דאָס וואָרט"

אָרגאַן פון דער ליגע פון אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל אין מעקסיקע, געגרינדעט ביים סוף פון יאָר 1947 דורך ד"ר ישעיהו אוסטרי־דן. היינטיקער רעדאַקטאָר: קלמן לאַנדוי.

די צייטונג דריקט אויס די אידעאישע שטעלונג און מיינונגען פון די היגע רעכטע־פּועלי־ציון פּאַרטיי, וועלכע פירן אָן מיט דער אַרבעט פון דער ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן א"י און האָבן אויך אונטער זייער איינפלוס די אָרגאַניזאַציע פון די פרויען־פּיאָנערן.

מיטאַרבעטער: טוביה פושקאַר, שמואל באַראָן יוסף וויניעצקי און

קאָרעספּאָנדענטן פון ישראל און די פאַר. שטאַטן.

## „די ציוניסטישע שטימע"

די צייטונג איז אַ המשך פון אַ גאַנצע ריי ציוניסטישע אָרגאַנען וועלכע זענען דערשינען אין לויף פון אַ געוויסער צייט און דערנאָך אָפּגעשטעלט געוואָרן. ד־ ציוניסטישע פּרעסע איז אָבער געווען אַ פּערמאַנענטע דערשיינונג און עס פלעגט תמיד באַנייט ווערן דאָס אַרויסגעבן אַן אייגענעם אָרגאַן, ווי נאָר עס איז אָפּגעשטעלט געוואָרן אַ פריערדיקע אויסגאַבע.

די פריערדיקע צייטונגען זענען געווען: איינציקע אויסגאַבן פון קק"ל: „לאַנד און פאָלק", רעדאַגירט פון יוסף טראָכרניצקי און דערנאָך פון תנחום בערמאַן, „אונדזער שטימע" רעדאַגירט פון ד"ר ישעיהו אוסטריידן און לייב דולצין, „די ציוניסטישע שטימע" רעדאַגירט פון משה גליקאָווסקי און און לייב דולצין.

היינט גייט צוריק אַרויס „די ציוניסטישע שטימע", אָבער נישט רעגולער, אונטער דער רעדאַקציע פון צמח פאָרטנאָי, טייכמאַן און שלום לאָקער.

מיטאַרבעטער: שלמה קוטשער, אליעזר שאַפּיראָ, לייב דולצין א. א.

## „לאַ וואָז סיאָניסטאַ"

**ציוניסטישע אויסגאַבע אין שפּאַ**ניש. זייער אַ גוטע אויסגאַבע וועלכע איז דערשינען אַ לענגערע צייט רעגולער ווי אַ וואָכן־צייטונג. זייער פיל **געליינט דורך** די ספרדישע, דמשקיער און אלפּאָיער יידן די צייטונג האָט געהאַט דעם גרעסטן טיראַזש פון אַלע יידישע צייטונגען אין מעקסיקע. אין 1951 איז די צייטונג נישט דערשינען אָבער אויפן יאָר 1952 ווערט באַנייט איר דערשיינונג. רע. אַקטאָר: שבתי נודלשטעכער. מיטאַרבעטער: חיים לאַזדייסקי, שלמה קוטשער, אליעזר שאַפּיראָ א. א. הויפּט־רעדאַקטאָר: צמח פאָרטנאָי.

## „אַוואַנגאַרד"

אויסגאַבע פון דער ה גער מפ"ם־פּאַרטיי. געגרינדעט א ן יאָר 1948 דורך ד"ר ישעיהו אוסטריידן דערשיינט נישט רעגולער אין העאליעזר שפּירא. א. א. הויפּט רעדאַקטאָר. צמח פּאָ טנאָי.

## „וואַנגואַרדיאַ"

די זעלבע אויסגאַבע פון דער מפ"ם־פּאַרטיי דאָהי אין שפּאַניש. דערשיינט אויך נישט רעגולער אין 1500 עקזעמפּלאַרן. די צייטונג איז רעדאַגירט פון ד"ר חיים פּאַנקאָווסקי און ד"ר מאַקס שיין.

## „השומר הצעיר"

אָנגעהויבן דערשיינען אין יאָר

1942 ווי אַ ביילאַגע פון „אונדזער טריבונע". די צייטונג איז דערשינען אין שפּאַניש און עבריית. דאָס איז געווען די ערשטע יוגנט־אויסגאַבע אין מעקסיקע וועלכע איז דערשינען אַ לענגערע צייט רעגולער. די צייטונג גייט אַרויס נאָך ביז היינט, אָבער נישט רעגולער, די גרעסטע טייל פון די חברים אַרבעטן מיט אין „וואַנגואַרדיאַ", די שפּאַנישע צייטונג פון דער מפ״ם־פּאַרטיי, די צייטונג דערשיינט אויך אין טויזנט עקזעמפּלאַרן.

## „הנוער הציוני"

אָנגעהויבן דערשיינען צוגלייך מיט דער „וואָז סיאָניסטאַ", ווי איר אַ ביילאַגע פאַר דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „הנוער הציוני". איז דערשינען רעגולער אַלס חודעשלעכע אויסגאַבע אין אַ גרעסערע צאָל עקזעמפּלאַרן.

## „פּאָרויס"

אָרגאַן פון דער היגער געזעלשאַפט „קולטור און הילף" אין וועלכער עס קאָנצענטרירט זיך די בונדיסטן פון מעקסיקע. די צייטונג איז געגרינדעט געוואָרן מיט יאָרן צוריק, און ווערט רעדאַגירט דורך אַ קאָלעגיע: ש. יעזשאָר ש. צפת און נ. אַקס. די צייטונג רעאַגירט אויף אַלע געשעענישן אין ישוב אין אַ שאַרפן טאָן. די איז רעדאַגירט גוט און גייט אַרויס אין אין אַ גרעסערע צאָל עקזעמפּלאַרן. מיטאַרבעטער: טוביה מייזל, זאַכאַריאַש, ראָטיבערג לייב באַיאָן פעדערמאַן און קאָרעספּאָנדענטן פון אויסלאַנד.

## יאָרבוך פון דער גרויסער יידישער שולע

דערשיינט רעגולער זייט מער ווי אַ יאָרצענדליק, די אויסגאַבע ווערט רעדאַגירט פון לערער און געזעלשאַפטלעכע טוער ווי אויך שול־עסקנים נעמען אָפּט אייַנטייל מיט אַרבעטן און אַרטיקלען אין דער אויסגאַבע. דערשיינט תמיד אין פאָרמאַט פון אַ בוך.

## יאָרבוך פון דער יבנה־שולע

דערשיינט אויך רעגולער זייט איניקע יאָר און עס נעמען איינטייל אין אים מיט אַרטיקלען און אַרבעטן די לערער און שול־טוער.

## יאָרבוך פון „תרבות"־שולע

דערשיינען אין די ערשטע יאָרן רעגולער. טראָגט דעם זעלבן כאַראַקטער ווי די אַנדערע אויסגאַבן פון די פריער־אויסגערעכנטע שולעס.

## יאָרבוך פון דער נייער ייִדישער שולע

דערשײַנט רעגולער זינט דער גרינדונג (1950) און עס נעמען אײַן טייל אין דער אויסגאַבע לערער און עסקנים פון דער שולע.

## „לאַ טריבונאַ" איראַעליטאַ

אַ שיינע אויסגאַבע פון דעם היגן אַנטי־דיפמאַציע קאָמיטעט צוזאַמען מיט דער בני־ברית־לאָזשע. רעדאַגירט דורך ד״ר סילוואַ און איז געווענדעט מער צום מעקסיקאַנער לעזער ווי צום ייִדישן. די אַרטיקלען און די אויסגאַבע אַליין טראָגן, אין אַלגעמיין, אַן אַפּאָלאָגעטישן כאַראַקטער. דערשײַנט ווי אַ חודשלעכע אויסגאַבע און עס אַרבעטן מיט אין איר די גרעסטע טייל ייִדישע שרײַבער דאָהי און זייער פיל מעקסיקאַנער שרײַבער און אינטעלעקטואַלן. לעצטנס דערשײַנט די צײַטונג נישט־רעגולער.

## „לאַ פּרענסאַ איזראַעליטאַ"

האָט אָנגעהויבן דערשײַנען מיט עטלעכע חדשים צוריק. רעדאַקטאָר און גרינדער: שבתי נודלשטעכער. די צײַטונג איז זייער גוט רעדאַגירט און האָט אַ גרויסע פאַרשפּרייטונג. זי איז אַ פּריוואַטע אויסגאַבע.

## „לאַ רעוויסטאַ איזראַעליטאַ דע מעכיקאָ"

מאָנאַטלעכע אויסגאַבע אין קליינעם פאָרמאַט: רעדאַקטאָר: לייפּען.

עס גייען נאָך אַרויס די „קול העם" און אַנדערע ספּאָרעדישע אויסגאַבן אין דער היגער ספרדישע קהלה מיט אַלע אירע דריי סעקטאָרן (ספרדים, דמשקיער און אַלעפּאיער).

## „אונדזער טריבונע"

אָרגאַן פון דער היגער רעוויזיאָניסטישער פּאַרטיי. זי ערשײַנט שוין עטלעכע יאָר און ווערט רעדאַגירט דורך י. מונדלאַק. די צײַטונג דריקט אויס די אידעאישע שטעלונג פון דער פּאַרטיי און איז אויך רעדאַגירט אין אַ שאַרפער פאָרם, אַטאַקירנדיק די פּאָליטישע קעגנער. דערשײַנט נישט רעגולער, בײַ ספּעציעלע פּאָליטישע געלעגנהייטן.

## „על הערעלדאָ"

די זעלבע אויסגאַבע פון דער רעוויזיאָניסטישער פּאַרטיי אין שפּאַניש, וועלכע ווערט אויך רעדאַגירט פון י. מונדלאַק. די איז געווידמעט די שפּאַניש־רעדנדיקע ייִדן, צווישן וועלכע די רעוויזיאָניסטן האָבן אַ סך אָנהענגער. דער־

שײנט אױך נאָך פון צײט צו צײט בײ ספּעציעלע געלעגנהײטן.

## „קולטור-לעבן"

אױסגאַבע פון „קולטור־צענטער" קובא 81. דערשײנט נישט רעגולער.

## „מזרחי-לעבן"

נישט רעגולערע אױסגאַבע פון דער מזרחי פּאַרטײ צוזאַמען מיטן הפּועל המזרחי און בני עקיבא. די רעדאַקטאָרן: אברהם גרינבױם און פרוי רענע גאָלדפײן.

## שרײבער פאַראײן

געפּרוּװט אײניקע מאָל אים שאַפן און איז יעדעס מאָל צוזאַמענגעפאַלן, סײ צוליב מאַנגל אין אינטערעס, אין אַ פּראָגראַם װי אױך צוליב פּערזענלעכע טעמים. די שרײבער און זשורנאַליסטן פון מעקסיקע זענען: יצחק בערלינער, יעקב גלאַנץ יוסף װיניעצקי, מאיר קאַראַנא, מ. רובנשטײן, ח. לאַזזײסקי, װײסבױם, ל. באַיאָן, ראָטענבערג, א. גאָלאָמב, צפת, אַקס, ט. מײזעל, סאָלאָמאָן קאַהאַן, קלמן לאַנדוי, טוביה פּושקאַר, שמואל באַראַן, בעריש ראָזען, ל. גרינבערג, ס. מגידין, זאַבלודאָװסקי, צמח פּאַרטנאָי, שבתי נודלשטעכער, יוסף פײן, ד"ר ישעיהו אוסטרידן שלום לאָקער א. א.

## קעסעל-פּרעמיע

דרײ יערלעכע פּרעמיעס פון 200 דאָלאַר יעדע אײנע בײ דער קולטור קאָמיסיע פון צענטראַל־קאָמיטעט פאַר מעקסיקאַניש - יידישע און אױסלענדישע שרײבער אין יידיש, עברית און שפּאַניש פון יידישן אינהאַלט. אין יאָר 1951, האָט די קעסעל־פּרעמיע געפײערט איר פינף יאָריקן יובילײ.

## קעסעל-פאַרלאַג

קעסעל־פאַרלאַג בײ דער קולטור־קאָמיסיע פון יידישן צענטראַל קאָמיטעט אין מעקסיקע. אַרױסגעגעבן ביז איצט 4 ביכער: „שטיל זאָל זײן" לידער פון יצחק בערנידער. „נישט אומזיסט" פּאָעמע פון ישעיהו אוסטרי־דן. „אַ כזיון ערד" פּאָעמע פון יעקב גלאַנץ. „פאַרן מבול" דערצײלונגען פון יוסף װיניעצקי.

## קרעמערמאַן פאַרלאַג

האָט פריער עקזיסטירט בײ דער יידישער שולע און האָט אַרױסגעגעבן לערן־ביכער פון װעלכע עס זענען אַװעקגעשיקט געװאָרן פיל טויזנטער עקזעמפּלאַרן פאַר די יידישע שולעס אין פּוילן גלײך נאָך דער באַפרײאונג בײם סוף פון דער צװײטער װעלט־מלחמה.

## מענדעלסאָן פאַרלאַג

עקזיסטירט זייט אייניקע יאָר ביי דער געזעלשאַפט „קולטור און הילף" וועלכע שטעלט מיט זיך פאַר די בונדישע גרופּע דאָהי. דער מענדעלסאָן פאַנד האָט אַרויסגעגעבן: „פון וואַרשע ביז שאַנכאַי" פון ראָטענבערג און „די געשיכטע פון יידישן שולוועזן אין אומאָפּהענגיקן פּוילן" פון ה. ש. קאַזדאַן.

## יידיש-שפּאַנישע ענציקלאָפּעדיע

אַ גרויסע אונטערנעמונג, וועלכע איז רעאַליזירט געוואָרן פון צוויי מענטשן: יצחק באַבאַני, וועלכער האָט עס פינאַנסירט, און עדוואַרדאָ וויינפעלד, וועלכער האָט עס רעדאַגירט. די אַרבעט שטעלט מיט זיך פאָר אַ גרויסן ביישטייער פאַר פאַרשפּרייטן יידישן וויסן פאַר די שפּאַניש־רעדנדיקע טיילן פון לאַטיין־אַמעריקאַנעם קאָנטינענט, ווי אויך פאַר די אינטעלעקטואַלן פון די שפּאַניש־רעדנדיקע לענדער.

די ענציקלאָפּעדיע איז שוין אַרויסגעגעבן און שטעלט מיט זיך פאַר אַ דערגרייכונג פאַרן יידישן ישוב אין מעקסיקע.

# אַלגעמיינע אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס

## סוב-קאָמיטעט פון יידישן וועלט-קאָנגרעס ביים צענטראַל-קאָמיטעט

אין 1942 האָט זיך דער יידישער ישוב אין מעקסיקע אָנגעשלאָסן אָן יידישן וועלט-קאָנגרעס, דורכן יידישן צענטראַל־קאָמיטעט, די צענטראַלע רעפּרעזענטאַטיווע אָרגאַניזאַציע פון אַלע יידן אין דער רעפּובליק.

דער באַשלוס האָט געבראַכט מיט זיך געוויסע קאָנקרעטע אויפגאַבן פאַרן צענטראַל־קאָמיטעט און פאַר דעם צוועק איז באַשטימט געוואָרן, אַ סוב־קאָמיטעט פון מיטגלידער פון דער אינסטיטוציע און קאָאָפּטירטע פּריינס פון י. וו. ק.

דער יידישער וועלט־קאָנגרעס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1936 און ער האָט זיך פאַרנומען מיט דער פאַרטיידיקונג פון יידישע רעכט און אויפוועקן די יידישע וועלט צו זיין וואַכזאַם אַנטקעגן דער גרויסער סכנה פון נאַציזם. עס איז נישט געווען גענוג, אַז אין מעקסיקע זאָל אַ סוב־קאָמיטעט פון צ. ק. זיך פאַרנע־

מען מיט דער אַרבעט פון יי. וו. ק. און די צענטראַלע אין ניו־יאָרק האָט באַשטימט אייגענע ביו־ראָ אין מעקסיקע, אָנגעפירט דורך דער פרוי ק. קנאָפּפּמאַ־כער צוערשט, שפּעטער דורך פּי משה גליקאָווסקי, דאַן דורך ד"ר ישעיהון אויסטריאַק און לעצטנס דורך פרוי ר. גאָלדפיין. דער סוב־קאָמיטעט, ביי היינטיקן טאָג, קאָנ־טראָלירט און פירט אָן מיט דער אַרבעט פון ביוראָ, וווּ עס ווערט געפירט אַן אינטענסיווע אינפאָר־מאַציע־ און פּראָפּאַגאַנדע־טעטי־קייט פאַר די אויפגאַבן און צילן פון יי. וו. ק., אינפאָרמירט די צענטראַלע פון דער אינסטיטו־ציע, וואָס עס טוט זיך אין אונד־זער ישוב, ענטפערט אויף פראַגע־בויגנס צוגעשיקט צו אַלע אַפּי־לירטע, פירט אויס די מיסיעס וועל־כע די צענטראַלע בעט דערלייזי־קן אין אַלע לענדער ווו די יידי־שע קהלות זענען אָנגעשלאָסן א. א. וו.

אין אָנהייב, און ביזן יאָר 1946, איז די ביוראָ פון יי. וו. ק. אין מעקסיקע אויך געווען באַ־באַשטימט פאַר זי לענדער פון צענ־טראַל־אַמעריקע און האָט זיי באַ־אַרבעט מיט פּראָפּאַגאַנדע, שלי־חים א. א. וו. אין יאָר 1949 האָט דער סוב־קאָמיטעט אין מעקסי־קע, לויט אַ בקשה פון דער צענ־טראַלע אין ניו־יאָרק, ווידער אויפ־גענומען אַ געוויסע אַקטיוויטעט פאַר צענטראַל־אַמעריקע און הער א. ז. בערעבישטשעז האָט באַזוכט עטלעכע פון די לענדער, אין נאָ־מען פון יי. וו. ק.

דער יי. וו. ק. פאַרנעמט אַן אָנגע־זעענעם און וויכטיקן פּלאַץ אין דער „אָנו"—אַלס קאָנסולטאַטיווע וועלט־אָרגאַניזאַציע, — דער יידי־שער וועלט קאָנגרעס האָט די מעג־לעכקייט צו העלפן יידן אין לענ־דער ווו זייער לאַגע איז אַ שווע־רע, ער קען דאָס אָבער טאָן נאָר אַזוי לאַנג ווי דער גרעסטער טייל פון גלות־יידנטום וואָס איז אָנגע־שלאָסן אין אים, גיט אים די מעג־לעכקייט צו רעדן אין זיין נאָ־מען. דער ישוב אין מעקסיקע נוי־טיקט זיך אייך פון צייט צו צייט, אין דער הילף פון יי. וו. ק., וואָס אינטערווענירט אָפט מאָל לטובת דעם ישוב אָבער פיל וויכטיקער איז דער פאַקט וואָס אַפילו ווען אונדזער געמיינדע נויטיקט זיך נישט אין הילף, קען זי אונטער־שטיצן דעם יי. וו. ק. אין זיין אַר־בעט לטובת אַנדערע יידישע ישו־בים וועלכע זענען אין נויט, אָדער, ווערן פאַרפאָלגט און געפּיניקט.

דער יי. וו. ק. גיט אַרויס רעגל־מעסיק ידיעות וועגן דעם טאָג־טעגלעכן לעבן פון יידישע ישו־בים אין דער גאָרער וועלט און,

אויך נייעסן, טיילווייז פון קאָנ־
פידענציעלן כאַראַקטער, וועגן וויכ־
טיקע געשעענישן. אַט די ידי־
עות ווערן פאַרשפּרייט, דורכן סוב־
קאָמיטעט און דער ביוראָ, אין דער
יידישער פּרעסע און ווערן צוגע־
שיקט צו אַ גרעסערער צאָל מענ־
טשן אין שטאָט און אויף דער
פּראָווינץ. דערמיט דערפילט דער
סוב־קאָמיטעט פּראַקטיש זיין אויפ־
גאַבע פון פאַרבינדן דעם היגן
ישוב מיטן גלות־יידנטום.

דער פּרעזידענט פון סוב־קאָ־
מיטעט אין 1950 איז געווען משה
קאָזשוך און דער סעקרעטאַר הער
א. ז. בערעביטשעז. היינט איז
פּרעזידענט ד"ר ס. ביברינג און סע
קרעטאַר י. פּרומין.

## דזשאָינט

די דזשאָינט־ביוראָ אין מעק־
סיקע איז אַן אָפּטיילונג פון דער
ניו ־ יאָרקער צענטראַלע פון
דזשאָינט.

די ביוראָ איז געגרינדעט גע־
וואָרן אין 1946, ווען יעקב גלאַנץ
איז באַשטימט געוואָרן ווי דיי־
רעקטאָר און פאָרשטייער פאַר די
צענטראַלע אַמעריקאַנישע לענ־
דער און ווענעזועלאַ.

די אַרבעט פון דער ביוראָ פון
דזשאָינט באַשטייט סיי אין מעק־
סיקע און סיי אין די אַנדערע לענ־
דער, פון אימיגראַציע־ענינים, גע־
זעלשאַפטלעכע פאַרבינדונגען און
געלט־זאַמלונג.

פאַר דער צייט פון דער עקזיס־
טענץ פון דער ביוראָ אין מעקסי־
קע, זענען דורך איר אַריינגעפאָ־
רן קיין מעקסיקע צענדליקער פאַ־
מיליעס און יחידים פון די פאַר־
שיידענע אייראָפּעישע לאַגערן, וווּ
דער דזשאָינט האָט זיי אויסגע־
האַלטן און אויך פון לענדער פון
וואַנען די אימיגראַנטן האָבן זיך
באַוויזן אַרויסצורייסן.

עס זענען אויך פאַר דער צייט
געווען פאַלן פון רעעמיגראַציע אין
פאַרבינדונג מיטן „אירא" פון
וועלכער דער דזשאָינט איז אַן אוי־
טאָריזירטער פאַרטרעטער.

דער דזשאָינט האָט זיך אין די
יאָרן באַטייליקט אין די פאַראיי־
ניקטע קאַמפּיינען און דורכגעפירט
זעלבשטענדיקע קאַמפּיינען אין
מעקסיקע.

## דער דזשאָינט־רעליף קאָ־מיטעט אין מעקסיקע

גלייכצייטיק מיט דער גרינדונג
פון דער ביוראָ איז לויט דער אי־
ניציאַטיוו פון ט. מייזעל, הרב ש.
ד. ראַפאַלין, ג. שימאַנאָוויטש און
יעקב גלאַנץ, געגרינדעט געוואָרן
אַ דזשאָינט באַראַטונג קאָמיטעט,
אונטערן נאָמען: „דזשאָינט רע־
ליף קאָמיטעט". דעם פאָרזיץ האָט
איבערגענומען הרב ראַפאַלין, אחוץ

אים האָבן איינטייל־גענומען אין דער פאַרוואַלטונג, ט. מייזעל, ג. ש־מאַנאָוויטש, משה קאַזשוך, מאַקס ר. קינג, ה. גרינשטיין, ש. ליינער, י. פּיפּקאָ, י. באַרער, ד״ר פּ. גוט־מאַן משה רובינשטיין, יעקב שאַ־פּירא, ש. זאַכאַריאַש און יעקב גנאַנץ.

דער דזשאָינט־רעליף קאָמי־טעט איז געשטאַנען אין קאָנס־טאַנטער פאַרבינדונג מיט דער די־רעקציע פון דער צענטראַל־אַמערי־קאַנישער ביוראָ פון דזשאָינט, און איז פאַרטראָטן אין אַלע געזעל־שאַפטלעכע אינסטיטוציעס דורך זיינע פאַרטרעטער.

אין 1951 איז געשלאָסן געוואָרן די דזשאָינט־ביוראָ אין מעק־סיקע, אַלס רעזולטאַט פון דער אָפּ־געשטעלטער פּליטים־אימיגראַציע דאָהי.

## האַיאַס

די אָפּטיילונג פון „האַיאַס" אין מעקסיקע איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1941, אַלס צווייג פון יידישן צענטראַל־קאָמיטעט. אין יאָר 1946 איז זי געוואָרן אַ זעלב־שטענדיקע אינסטיטוציע, אומאָפּ־הענגיק פון יידישן צענטראַל־קאָ־מיטעט.

די אָפּטיילונג איז געגרינדעט געוואָרן, ווייל דער כסדרדיקער צו־פלוס פון יידישע פּליטים פון איי־ראָפּע האָט געמאַכט נויטיק די אויסשפרייטונג פון דער „האַיאַס"־טעטיקייט אויך אין מעקסיקע.

די צילן און אויפגאַבן פון דער היגער „האַיאַס"־אָפּטיילונג זענען צו קאָאָפּערירן מיט דער ניו־יאָר־קער צענטראַלע אין אַלע ענינים וואָס האָבן אַ שייכות צו דער עמי־גראַציע־הילף, איבערוואַנדערונג, דאָס זוכן נייע היימען פאַר יידישע פּליטים און אַזוי ווייטער. אין די ראַמען פון די לאָקאַלע אַק־טיוויטעטן גייען אַריין אַלע פראַ־בלעמען וואָס האָבן אַ שייכות צו די אויבנדערמאָנטע אויפגאַבן און וואָס פּרעזענטירן זיך דאָ מיט אַ לאָקאַלן כאַראַקטער, ווי דאָס העל־פן אופזוכן קרובים, אַרויסהעלפן מיט הלוואות נישט פאַרמעגלעכע יידן, וואָס נויטיקן זיך אין שיפס־קאַרטן פאַר זייערע קרובים, געלט־איבערוואַרפונגען אין פאַרשידענע לענדער, פינאַנציעלע שטיצע פאַר עולים אין מדינת ישראל, וואָס האָבן קרובים אין מעקסיקע און אַזוי ווייטער.

ביים אָנהייב פון איר עקזיס־טענץ אַלס אָפּטיילונג פון צענ־טראַל־קאָמיטעט האָט „האַיאַס" אין מעקסיקע נישט געהאַט קיין זעלבסטשטענדיקע פאַרוואַלטונג.

אין משך פון די לעצטע צוויי יאָר צייט האָט „האַיאַס" זייער פיל געליסטעט אויף אַלע געביטן

פון איר אויסערלעכער און לאָקאַ־
לער טעטיקייט.

פּרעזידענט פון האַיאַס־קאָמי־
טעט אין מעקסיקע איז פּריינט א.
גוטוועג. גענעראַל־סעקרעטאַר איז
ד״ר ע. סאַרטאָ. עקזעקוטיוו־די־
רעקטאָר: חיים לאַזדייסקי.

## געזעלשאַפט „אָזע״ אין מעקסיקע

אין חודש יאַנואַר 1942 איז גע־
גרינדעט געוואָרן אין מעקסיקע די
געזעלשאַפט „אָזע״, צוליב דער
טראַגישער לאַגע פון די יידן
אין אייראָפּע אין יענער צייט, צו
זאַמלען מיטלען פאַר די נויטבאַ־
דערפטיקע פון אונדזער פאָלק. אַ
דאַמען קאָמיטעט האָט זיך אויך
געשאַפן אין דער זעלבער צייט,
כדי די יידישע פרוי זאָל אויך העל־
פן אונדזערע ברידער און שוועס־
טער אין אייראָפּע.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז
עס זענען פאַראַן אָרעמע אויך אין
אונדזער אייגענעם ישוב, וועלכע
נויטיקן זיך אין מעדיצינישער
הילף און די געזעלשאַפט „אָזע״
האָט געגרינדעט אַ מעדיקער־צענ־
טער, מיט דער הילף פון די יידי־
שע דאָקטוירים דאָרט.

דער מעדיקער־צענטער איז
שטאַרק געוואַקסן אין די לעצטע
יאָרן און אַזוי ווי „אָזע״ האָט
בלויז געזאַמלט געלט פאַר נויט־
באַדערפטיקע אין אייראָפּע, און
לעצטנס פאַר די יידן אין די אַראַ־
בישע לענדער און אין ישראל,
האָט דער מעדיקער־צענטער גע־
האַט גרויסע מאַטעריעלע שווערי־
קייטן. אין יאָר 1948, האָט זיך
געגרינדעט אַ דאַמען־קאָמיטעט
ביים מעדיקער־צענטער מיט דער
אויסשליסלעכער אויפגאַבע צו
זאַמלען געלט פאַרן היגן מעדי־
קער־צענטער און אָרגאַניזירן אַ
קינדער־קאָלאָניע — איינמאָל אַ
יאָר — פאַר היגע אָרעמע קינדער.

די גרינדער פון „אָזע״ אין
מעקסיקע זענען געווען די דאָק־
טוירים ע. שיין און ע. פרענק.

די געזעלשאַפט „אָזע״, צוזאַמען
מיט איר דאַמען־קאָמיטעט, האָבן
אַרויסגעשיקט קיין אייראָפּע און
ישראל, גרעסערע סומעס געלט
און אויך מעדיקאַמענטן און וועש.
לעצטנס האָט דער מעקסיקאַנער
„אָזע״ זיך אונטערגענומען אויס־
האַלטן אַ קינדערהיים פון וועלט־
פאַרבאַנד „אָזע״ אין רמלה (יש־
ראל).

דער מעדיקער־צענטער איז אי־
בערגעגאַנגען לעצטנס אין אַ
גרויסן בנין, וווּ עס זענען איינ־
געאָרדנט געוואָרן אַ לאַבאָראַטאָ־
ריע, אַן אַפּטייק און אַ דענטיסטן־
אָפּטיילונג, חוץ דער שוין פון

פריער עקזיסטירנדיקער פּאָלי־קליניק.

ד געזעלשאַפט „אָזע" אין מעקסיקע האָט 400 מיטגלידער און דער דאַמען־קאָמיטעט פון מעדי־קער־צענטער „אָזע"־150 מיטגלי־דער.

אין די פאָלגנדע שטעט פון דער מעקסיקאַנער פּראָווינץ, זענען פאַ־ראַן „אָזע" אָפּטיילונגען: מאָנ־טעריי, גוואַדאַלאַכאַראַ, פּועבלאַ, סאַן לואיס פּאָטאָסי, טאָרעאָן און וועראַקרוז.

די פאַרוואַלטונג:

ד"ר י. יאַוונאַזאַן — פּרעזי־דענט, ד"ר פּוטיאַנסקי, ד"ר ליס־קער און משה קאַזשוך — וויצע־פּרעזידענטן, ד"ר ב. שיין — גע־נעראַל־סעקרעטאַר, ד"ר ברוסי־לאָווסקי — דירעקטאָר פון מעדי־קער־צענטער, מ. פלאַסטער — פינאַנצסעקרעטאַר, ע. גוטווערג — קאַסיר, פרוי רענעע גאָלדפיין — פּראָפּאַגאַנדע־סעקרעטאַר, פּאָז נאַנסקי — סעקרעטאַר פאַר דער פּראָווינץ, ד"ר עוועלזאָן, ד"ר פרענק, בנימין קאָזלאָווסקי, פּראָ־פעסאָר ליפשיץ, פּריינט פּאָגעל, ווינער און זאַנדאָוויטש — וואָ־קאַלן.

פרוי בעלא גוטמאַן איז פּרעזי־דענטין פון פרויען־קאָמיטעט פון „אָזע" און פרוי ק. שולץ פון דאַ־מען־קאָמיטעט פון מעדיקער־צענ־טער.

## „אָרט"־געזעלשאַפט

עקזיסטירט שוין אַ לענגערע צייט אין מעקסיקע. האָט דורכגעפירט אייגענע קאַמפּיינען לטובת דער וועלט־צענטראַלע. אין מעקסיקע האָט די געזעלשאַפט אויפגעבויט אַ פאַך־שולע ביי דער „יבנה"־שולע, וואָס איז געווען אַ נייס אין מעקסיקאַנער יידישן לעבן. לעצטן יאָר איז איבערגעאַנדערשט געוואָ־רן דער כאַראַקטער פון דער אינס־טיטוציע דורך שאַפן אַ נייעם קאָ־מיטעט. דער פּרעזידענט פון „אָרט" איז היינט י. פרומין.

## יידישע האַנדלס - קאַמער

די יידישע האַנדלס קאַמער איז געגרינדעט געוואָרן אין 1931 דורך אַ גרופּע יידישע סוחרים און דער ערשטער פּרעזידענט איז געווען: העברי ס. באַרו.

דער ציל פון דער אינסטיטוציע איז געווען צו פאַרטיידיקן יידישע האַנדלס־אינטערעסן. לעצטנס גיט זיך אָפּ די האַנדלס־קאַמער ספּע־ציעל מיטן דערליידיקן סיכסוכים צווישן יידישן סוחרים און אינדוס־טריעלער, מיט אַרויסגעבן דעקאָ־מענדאַציע־בריוו פאַר האַנדלס־ענינים, קאָנסולאַטן א. א. וו. עס איז אויך פאַראַן אַ יורידישע אָפּ־

טײלונג וועלכע גיט עצות מיטגלי־
דער. עס האָבן זיך אָרגאַני־
זירט גרופּעס פון סוחרים פון
געוויסע בראַנזשעס כדי גע־
מיינזאַם צו פאַרטיידיקן זייערע
אינטערעסן און געמיינזאַם פאַר־
ווירקלעכן דעם פּלאַן פון דער
האַנדלסקאַמער: אַז יידן אין מעק־
סיקע זאָלן נישט האַנדלען מיט
דייטשע סחורות. זי גיט אויך
אַרויס אַ חודשלעכן בולעטין וווּ
עס ווערן געדרוקט אַלע נייע דע־
קרעטן און געזעצן פון דער רעגי־
רונג בנוגע שטייער און האַנדל.
אין יאָר 1949 איז אַ מיטגליד
פון דער פאַרוואַלטונג געפאָרן קיין
ישראל און האָט דאָרט אָנגעקניפּט
באַציאונגען מיטן ישראל־האַנדלס
מיניסטעריום כדי דערמעגלעכן
געוויסע געשעפטס־פאַרבינדונגען
פון יידישע סוחרים דאָהי מיט
מדינת־ישראל.

פרעזידענט פון דער האַנדלס־קאַ־
מער איז מאַקס ר. קינג און סע־
קרעטאַר: גרעגאָריאָ קאַראַסיק.

די יידישע האַנדלס־קאַמער איז
אָפיציעל אָנערקענט און האָט
אפט געמוזט אָפּגעבן אָפיציעלע
גילטיקייטס דערקלערונגען פון אי־
בערזעצונגען און אַנדערע דאָקו־
מענטן פאַר יידישע סחרים.

די האַנדלס־קאַמער וויל, וואָס
מערער, אָרגאַניזירן דעם יידישן
האַנדל און פאַרגרעסערן אירע
צאָל מיטגלידער כדי אַרומצונע־
מען, מיט דער צייט, דעם גאַנצן
יידישן האַנדל און אינדוסטריע
אין אירע ראַמען, דער צוזאַמענ־
שטעל פון קאָמיטעט איז דער
פאָלגנדער: פרעזידענט: מאַקס
ר. קינג, וויצע ־ פרעזידענטן:
אהרן רובין, אבא קושנער, דוד
גאָראָדזעצקי — גענעראַל־סעקרע־
טאַר: לעאָן בערקמאַן — קאַ־סע־
קרעטאַר: גרעגאָריאָ קאַראַסיק —
קאַסיר: עפים פּאָדגאַעץ — פּי־
גאַנץ־סעקרעטאַר: שלמה לאַנדוי.

## בני ברית אין מעקסיקע

דער אָרדן פון בני ברית, לויט
זיין אַלטער טראַדיציע פון הילף
און ברידערלעכקייט, האָט שוין
אין אָנהייב פון די דרייסיקער יאָרן
געגרינדעט אַ ביוראָ אין מעק־
סיקע, אַפילו ווען קיין לאָזשע איז
נישט געווען, כדי צו העלפן אָרע־
מע, ניי־אָנגעקומענע, אימיגראַנטן.

אין 1933 איז געגרינדעט גע־
וואָרן די לאָזשע און אין 1934 איז
זי געוואָרן אָנערקענט פון דער
העכסטער לאָזשע, דעמאָלט אין
סינסינאַטי (פאַר. שטאַטן) אונטע־
רן נאָמען „שפּינאָזאַ" און מיטן
נומער 1176. דער ערשטער פּרעזי־
דענט איז געווען ד"ר ס. אולע־
פעלדער, און דער ערשטער סע־
קרעטאַר מיגעל פּאַלאַטשי.

די צילן פון דער בני ברית אין

מעקסיקע זענען די זעלבע ווי די פון אַנדערע לענדער: אויפוועקן אַ געפיל פון גוטן ווילן, ברידערלעכקייט און האַרמאָניע ביי אירע מיטגלידער און דינען דעם ישוב מיט אַנטי־דיפאַמאַציע אַרבעט.

דער הויפט־אויפטו פון דער לאָזשע אין מעקסיקע איז טאַקע די אַנטי־דיפאַמאַציע אַרבעט, דער קאָנטאַקט מט מעקסיקאַנער אינטעלעקטואַלן און איר צייטונג „טריבונאַ איזראַעליטאַ". די גאַנצע אַרבעט ווערט אָנגעפירט דורך דער פאַרוואַלטונג, דעם אַנטי־דיפאַמאַציע־קאָמיטעט (וועלכער איז צונויפגעשטעלט פון מיטגלידער פון צענטראַל־קאָמיטעט און פון בני ברית) מיט דער הילף פון אַ גוט אָרגאַניזירטער ביוראָ וואו ד"ר י. סילוואַ פאַרנעמט דעם פאָסטן עקזעקוטיוו־סעקרעטאַר.

## די יידישע פאָלקס־ליגע

די יידישע פאָלקס־ליגע איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1941 און ביז דעם יאָר 1945 האָט זי זיך פאַרנומען מיט הילף פאַר יידן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. זי האָט דעמאָלט געהייסן: ליגע פאַר הילף צום סאָוועטן־פאַרבאַנד אין דער מלחמה". זינט 1945 הייסט די אָרגאַניזאַציע: „פאָלקס־ליגע".

די פאָלקס־ליגע פאַרנעמט זיך מיט קולטור־אַרבעט פאַרן יידישן ישוב אין מעקסיקע.

דער ערשטער פרעזידענט פון דער אָרגאַניזאַציע איז געווען הער דוד ליטוואַק.

די פאָלקס־ליגע גיט אַרויס אַ צייטונג „פריי־וועלט", זינט 1943, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן דורך הער מרדכי קאָראָנאַ. דער הייַנטיקער רעדאַקטאָר איז אדוו. ב. ראָזען. די צייטונג איז אַ וועכנטלעכע און גייט אַרויס אין 1500 עקזעמפּלאַרן. די פאָלגנדע פּערזאָנען זענען מיטאַרבעטער פון דער צייטונג: ד"ר ב. פישלערער, וואַרשאַווסקי, א. מאַזאָן, ד"ר לעאָ כ"ץ און אַנדערע.

דער פרעזידענט פון דער פאָלקס־ליגע איז: לעאָן גרינבערג, דער וויצע־פרעזידענט: ז׳ ביעלאַק, דער סעקרעטאַר: ס. מאַגידין און דער עקזעקוטיוו־סעקרעטאַר: אדוו. בעריש ראָזען.

די פאָלקס־ליגע האָט היינט אַן ערך 250 מיטגלידער.

## געזעלשאַפט פאַר קולטור און הילף

עקזיסטירט שוין אַ צענדליק יאָר און אין איר קאָנצענטרירן זיך די אָנהענגער פון דער בונדישער אידעאָלאָגיע. די געזעלשאַפט איז אויך די פאָרשטייערן פון ניו־יאָרקער אַרבעטער־קאָמיטעט, אין

מעקסיקע. די צייטונג „פּאָרויס" דערשיינט ביי דער געזעלשאַפט וועלכע שטיצט אויך די נייע יידישע שולע.

די צאָל מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע איז נישט קיין גרויסע. ביי די לעצטע וואַלן פון צענטראַל־קאָמיטעט האָט די ליסטע באַקומען אַרום 150 שטימען.

די וויכטיקסטע טוער פון דער געזעלשאַפט זענען: טוביה מייזעל, ש. יעזשאָר, זאַכאַריאַש, גרינשטיין, נ. אַקס און אַנדערע.

## קולטור־צענטער קובאַ 81

דער קולטור־צענטער האָט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין דער ערשטער תקופה פון ישוב, אָבער מיט דער צייט האָט ער פאַרלוירן זיין וויכטיקייט, זייענדיק היינט רעדוצירט צו אַ קאָמיטעט וועלכער באַמיט זיך אויפהאַלטן די אינסטיטוציע.

פריער איז עס געווען דער קלוב פון „יאָנג מען", וועלכער האָט דערפילט די אויפגאַבע. פון אים אַנטוויקלט זיך דער קולטור־צענטער אויף טאַקובאַ 15, וועלכער איז געוואָרן אַ שם דבר אין דער געשיכטע פון אונדזער ישוב. דער קולטור צענטער גייט דערנאָך איבער אין אַן אייגענער געביידע אויף קובאַ 81, און פון דער צייט הייבט זיך אָן די ירידה פון דער אינסטיטוציע, וועלכע איז שוין מער נישט צוגעפּאַסט צו די נייע באַדינגונגען, אַזוי פּאָליטישע ווי סאָציאַלע, פון אונדזער ישוב. די דערעפענונג פון אייגענעם נייעם בנין איז געווען דער לעצטער גרויסער אַקט פון דער אינסטיטוציע.

די פאַרוואַלטונג פאַר די יאָרן 1950־1951: ד"ר קינג — פּרעזידענט, פּ. ליסקער ווייספעלד, אייב ראַמס א. א. קאָמיטעט־מיטגלידער די פאַרוואַלטונג שטייט אונטערן איינפלוס פון דער בונדישער געזעלשאַפט „קולטור און הילף".

די אָרדנונג איין פון צייט צו צייט אונטערנעמונגען מיט דורכפאָרנדיקע אַרטיסטן, גיט אַרויס ווען נישט ווען אַן אייגענע אויסגאַבע און האָט פאַר איר הויפּט־אויפגאַבע צו אַדמיניסטרירן די געביידע פון קולטור־צענטער. דער קולטור־צענטער האָט אויך צוגעהאָלפן אַרויסגעבן צוויי ביכער היגע שרייבער.

## יידישער הילפס - פאַראיין אין מעקסיקע

דער יידישער הילפס־פאַראיין אין מעקסיקע איז געגרינדעט געוואָרן דעם 16־טן אַפּריל 1930.

אין דער צייט האָט זיך צוריקגעצויגן פון דער הילפס־אַרבעט אין מעקסיקע, די בני־ברית און אין דער זעלבער צייט זענען אָנ־

געקומען אַ סך נייע אימיגראַנטן. די צוויי טעמים האָבן אַרויסגע־רופן די נויטווענדיקייט פון שאַפן דעם הילפס־פאַראיין, וועלכער האָט איבערגענומען די אויפגאַבן פון דער איצטיקער ״בני ברית״.

די צילן און אויפגאַבן פון הילפס־פאַראיין היינט צו טאָג זע־נען: געבן מעדיצינישע און מאַ־טעריעלע הילף צו דער נישט פאַר־מעגלעכער יידישער באַפעלקערונג אין דער שטאָט מעקסיקע.

דער הילפס־פאַראיין ציילט אי־בער 1200 מיטגלידער.

די ערשטע פרעזידענטן פון הילפס־פאַראיין זענען געווען סי־מאָן ווײַנשטאָק ע״ה און ה. לעאָן סוראַסקי. דער ערשטער סעקרעטאַר פון דער אינסטיטוציע איז געווען ה. פסח ליסקער.

דער היינטיקער צוזאַמענשטעל פון דער פאַרוואַלטונג איז פאָלגנ־דער: ערן־פרעזידענט: לייב סו־ראַסקי, ערן־מיטגליד: נ. ראָזאָווס־קי, פרעזידענט: יעקב באַרער, ווי־צע־פרעזידענט: אליהו טשיזשיקאָוו־סקי, סעקרעטאַר: א. מ. גאָלדהאַ־בער, פינאַנץ־סעקרעטאַר: מ. טע־ווערעאָווסקי, קאָמיסאַר: נ. אַקס, ביקור חולים־קאָמיסיע: רפאל ראַ־פאָפּאָרט, אהרן קושניר און יעקב פרידמאַן, וואָקאַלן. גבריאל ראָזנ־טאַל, צבי קובא, אלימלך דלו־גאטש, יעקב פעסעל, דוד טשאַעט, פ. גוטמאַן, א. לעוו, יוסף לעדער־מאַן, יעקב ניעדוועדאָוויטש, יעקב שמידט און חנא ביעלאַק.

עקזעקוטיוו־סעקרעטאַר: בנימין לעוו.

די אַקטיוויטעטן פון יידישן הילפס־פאַראיין אין מעקסיקע זע־נען זייער וויכטיקע. די אינסטיטו־ציע גיט פערמאַנענטע שטיצע צו נאָענט פופציק אָרעמע משפחות, צווישן וועלכע עס פיגורירן אַלטע און קראַנקע, מענער און פרויען, וואָס צוליב זייער עלטער און שלעכטן געזונט־צושטאַנד קענען זיי נישט פאַרדינען אויף דער הוצאה.

אין פיל פאַלן גיט דער הילפס־פאַריין אַן איינמאָליקע שטיצע צו מענטשן וועלכע, צוליב אַ פלוצ־לינגער קראַנקהייט, זענען צייט־ווייליק אומפעיק צו אַרבעטן.

אַלס קאָנסטרוקטיווע הילף קע־נען באַטראַכט ווערן די סומעס וואָס דער הילפס־פאַראיין גיט צו קליין־הענדלער, אַלס אַ הלוואה, אָן שום באַדינגונגען פון אַ טער־מין, פאָדערנדיק נאָר זייער אונטער שריפט, אַז זיי האָבן די סומע דערהאַלטן און וועלן זי אָפּגעבן צוריק ווען זיי וועלן האָבן די מעג־לעכקייט.

דער הילפס־פאַראיין האַלט אויס קינדער, וועלכע זענען האַלבע אָדער גאַנצע יתומים און באַזאָרגט זיי מיט עסן קליידונג און שולע.

מעדיצינישע הילף פאַר קראַנקע אָרעמע יידן ווערט פינאַנצירט, טיילווייז, דורכן הילפס־פאַראיין און געגעבן דורכן „מעדיקער־צענטער" „אָזע". כראָנישע קראַנקע ווערן אינגאַנצן באַזאָרגט דורכן הילפס־פאַראיין.

## פרויען־פאַראיין

דער פרויען־פאַראיין איז געגרינדעט געוואָרן אין 1925 כדי צו העלפן אָרעמע און קראַנקע פרויען, נאָר וואָס אָנגעקומענע אין לאַנד.

די צילן און אויפגאַבן פון דער אָרגאַניזאַציע זענען: געבן שטיצע, מעדיצינען באַצאָלן פאַר שפּיטאָל־דינסט און הילף, כדי מענטשן זאָלן זיך קענען אויפבויען אַן עקזיסטענץ.

די פאָרזיצערין פון דער ערשטער פאַרוואַלטונג איז געווען די פרוי בערלינסקי און אירע מיטאַרבעטערינס, די פרויען ליבניק, קאהן, גוטמאַן, ריידער, קלאַטשקי און אַנדערע.

ביי היינטיקן טאָג איז די פאַרוואַלטונג צונויפגעשטעלט ווי פאָלגט: פרעזידענטין: פרוי ראָזנפעלד, ערן פרעזידענטין: פרוי ליבניק, וויצע־פרעזידענטין: פרויען גוטמאַן און פיינשטיין, קאַסירערין: פרוי באַדער.

דער פרויען־פאַראיין האָט אַן ערך 750 מיטגלידערינס.

פאַר דער נאָנטער צוקונפט וויל דער פרויען־פאַראיין פאַרשטאַרקן זיינע אַקטיוויטעטן, ווייל די נויטן ביי דער אָרעמער יידישער באַפעלקערונג פאַרגרעסערן זיך.

## אָרגאַניזאַציע „ארס מעדיצי"

דאָס איז די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציע פון יידישע דאָקטוירים אין מעקסיקע, געשאַפן אין יאָר 1939, אין אָנהייב נאָר פאַר דאָקטוירים פּליטים און היינט ציילט זי אַלס מיטגלידער אַלע יידישע דאָקטוירים פון שטאָט.

ד צילן פון דער אָרגאַניזאַציע זענען: אַנטוויקלו ג פון דער מעדיצינישער וויסנשאַפט און נעבן־וויסנשאַפטן, ווי אויך מאַטעריעלע און מאָראַלישע הילף צו די נויטבאַדערפטיקע מיטגלידער.

די גרינדער זענען געווען די דאָקטוירים ראָבערטאָ שטערן, לעאָ דייטש, ריעס (ערשטער פרעזידענט) ע. פרענק, ערדעלי, אָוואַדיעף, קונעוואַלדער, און ד"ר בעקער.

די היינטיקע פאַרוואַלטונג: פרעזידענט: ד"ר י. פּוטיאַנסקי, וויצע־

פרעזידענט: ד"ר א. פּאָרטעס, סעקרעטאַר: ד"ר ליסקער און קאַסיר: ד"ר לופּט.

די אָרגאַניזאַציע פאַרמאָגט 77 מיטגלידער און אירע צילן, פאַר דער נאָנטער צוקונפט, זענען: שאַפן אַ צענטער פאַר די מיטגלידער, איינאָרדנען סעקציעס אין דער פּראָווינץ, צונויפשטעלן אַ וויסנשאַפטלעכע ביבליאָטעק, זיך שטעלן אין קאָנטאַקט מיט ענלעכע אָרגאַניזאַציעס אין אַנדערע לענדער און איינאָרדענען סאָציאַלע מסיבות.

## ייוו"א

די ייוו"א־געזעלשאַפט אין מעקסיקע איז שוין טעטיק פון אייניקע יאָר. זי פלעגט דורכפירן קאַמפּיינען יאָר־יערלעך ווי אַבאָנירונגען לטובת די פאַרשידענע אויסגאַבן פון ייוו"א. אין יאָר 1946 האָט דאָ באַזוכט דער עקזעקוטיוו־דירעקטאָר פון ייוו"א אין ניו־יאָרק, מאַרק יווילער, וועלכער האָט דורכגעפירט אַ גרעסערע אַקציע לטובת דעם יידישן־וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט.

דער ייוו"א האָט תמיד געהאַט אַ גרעסערן קאָמיטעט פון אַקטיוויסטן און טוביה מייזל איז געווען דער לאַנג־יאָריקער פּאָרזיצער פון דעם קאָמיטעט.

אין 1951 האָט דער ייוו"א געעפנט אַ ביורא פאַר לאַטיין־אַמעריקע מיטן זיץ־אָרט אין מעקסיקע. די ביוראָ נעמט אַרום די גרעסטע טייל לענדער פון דרום אַמעריקע און דער דירעקטאָר פון דער ביוראָ איז דער דיכטער יעקב גלאַנץ.

דער ייוו"א באַקומט פּראָצענטער אין פאַראייניקטן קאַמפּיין פון מעקסיקע.

## געשיכטע־געזעלשאַפט

אויף דער איניציאַטיוו פון לעאָן סוראַסקי, און מיט דער קאָאָפּעראַציע פון טוביה מייזעל און יעקב גלאַנץ, וועלכער איז געווען דער סעקרעטאַר, איז געגרינדעט געוואָרן אין מעקסיקע אַ געזעלשאַפט פאַר דער געשיכטע פון יידן אין מעקסיקע. די געזעלשאַפט האָט זייער פיל געאַרבעט און געזאַמלט מאַטעריאַלן, וועלכע זענען צולעצט איבערגעשיקט געוואָרן אין דער ייוו"א פון ניו־יאָרק פאַר דעפיניטיווער רעדאַקציע. די צוויי בענדער וועלכע עס האָט געדאַרפט אַנטהאַלטן די געשיכטע, זענען ליידער ביז היינט נאָכנישט דערשינען.

## די יידישע באַנק

זי איז איינע פון די עלטעסטע יידישע אינסטיטוציעס, וועלכע האָט זיינערצייט קאָנצענטרירט זייער פיל אויפמערקזאַמקייט אין

ישוב. ביי הײנטיקן טאָג, ווען די
באַנק איז זייער אַן ערנסטע און
רייכע אינסטיטוציע, איז איר ראָל,
אַלס געזעלשאַפטלעכער יידישער
אינטערעסן־צענטער, פיל געמיינערט
געוואָרן. די באַנק האָט געהאַט אי־
רע קריזיס יאָרן פון וועלכע זי איז
אַרויס געשטאַרקט. היינט־צו־טאָג
איז זי אַ דערפאָלגרייכע יידישע
פינאַנציעלע אינסטיטוציע.

לאַנגיעריקער פּאָרזיצער פון דער
באַנק און ראַט איז געווען, און
איז נאָך היינט, סעם ווישניאַק.
סעקרעטאַר פון ראַט איז מ. י.
דרשן.

## גמילת חסדים-קאסע ביי „נדחי ישראל"

די פינאַנץ־אינסטיטוציע, וועל־
כע איז געגרינדעט געוואָרן
דורך „נדחי ישראל", העלפט די
קליינע יידישע סוחרים מיט הלוו־
אות אָן פּראָצענט, וואָס איז פון
גרויס הילף פאַר אַ באַדייטנדיקע
צאָל יידישע קליינהענדלער און בע־
לי־מלאכה.

## גמילת-חסדים קאסע קובא 81

אַ שטאַטישע אינסטיטוציע פאַר
קליינע הלוואות, וועלכע אמטירט
אויף קובאַ 81 און ווערט אָנגע־
פירט פון אַ קליינעם און איבער
געגעבענעם קאָמיטעט צו וועלכן
עס געערן: י. שוחט, דזלוגאַטש
קרעמערמאַן, פראַנקאָ א. א.

## דער יידישער ספּאָרט־צענטער

דער געדאַנק פון בויען אַ
ספּאָרט־צענטער פאַר דער יידישער
אונטערגעוואַקסענער יוגנט, וועל־
כע פלעגט גיין מאַכן ספּאָרט אין
פרעמדע קלובן און צענטערן, איז
אויפגעשוואומען ביי אַ גרופּע יידן,
וועלכע זיינען אין זייער יוגנט, אין
דער ערשטער תקופה פון זייער זיין
אין מעקסיקע, געווען אין קלוב
„מכבי".

פריער איז געשאַפן געוואָרן אַ
בוי־קאָמיטעט, וועמענס אַרבעט
איז צוגעגאַנגען מיט גרויס ענטו־
זיאַזם און עס זיינען געשאַפן גע־
וואָרן גרויסע סכומים געלט, אויף
דער באַזע פון אַקציעס, וועלכע
האָבן דערמעגלעכט קויפן אַ גרויסן
פּלאַץ פון 80.000 קוואַדראַט מע־
טער בערך. אויף דעם פּלאַץ האָט
מען דערנאָך אָנגעהויבן בויען
פאַרשידענע בנינים, ספּאָרט־פּלע־
צער פאַר טעניס, פוטבאָל, סאָפט־
באָל, שווים־באַסען, קינדער־ספּאָרט
פּלאַץ, פראָנטאָן, און אַנדערע
ספּאָרטן. עס איז אויך געלעגט גע־
וואָרן דער יסוד פאַר אַ צענטראַלן
סאָציאַלן בנין, וואָס וועט זיין די
קרוין־געביידע פון ספּאָרט־צענטער.

דער ספּאָרט־צענטער איז שוין
היינט־צו־טאָג אַווירקלעכקייט וועל־
כע שפּילט זייער אַ גרויסע און
וויכטיקע ראָל אין אונדזער ישוב.
יעדן זונטיק און אויך טיילווייז
אין די שבתים, קומען זיך צע־
נויף הונדערטער מענטשן, עלטערע
און יוגנטלעכע כדי פאַרברענגען
אין אַ יידישער סביבה. אַלע גרוי־
סע נאַציאָנאַלע ימים־טובים און
פייערונגען פאַר דער שול־יוגנט,
אָדער פאַר די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס,
ווי די פייערונג פון „יום העצמא־
ות", „יום הילד" א. א. קומען פאָר
אויפן ספּאָרט־צענטער.

בוי־קאָמיטעט: פּרעזידענט —
אינזש. ש. דולצין, וו. פּרעזידענטן
— ד"ר פּ. קאַץ און מ. אודינסקי
סעקרעטאַר — אינזש. י. גראַבינס־
קי, קאַסירער — ל. סאָד, וואָקאַ־
לן: י. קרומהאָלץ, אינזש. י. סטער־
דער, ש. טראכטמאן, אינזש. ס.
גערזאָן, ק. קראצער, ע. גוטווערג,
ל. רייסבוים. קאָמיסאַר: נ. גראַ־
בינסקי.

פאַרוואַלטונג: פּרעזידענט —
ר. גערוויטש, סעקרעטאַר — פּ.
ליבניק, קאַסירער — י. בעלקינד,
וואָקאַלן: מ. גיטלין, ש. קרומהאָלץ,
ג. בלאָק, ע. שטערן, ד. גיליפּס,
מ. דערזאַוויטש, וו. קאהן, ק. פּיש־
ביין, ס. סימפּסער, מ. תנור קאָ־
מיסאַר: א. סטאָלאָף.

# געזעלשאַפט פון ספרדי־שע יידן („אוניאָן סעפּאראדיט")

די ספרדישע קהלה איז שטאַרק
געוואַקסן אין צאָל צום סוף גוו
די דרייסיקער יאָרן און זייערע רע־
ליגיעזע און נאַציאָנאַלע געפילן
האָבן זיך פאַרשטאַרקט. דעריבער
איז געשאַפן געוואָרן אין 1942,
די „אוניאָן סעפּאַראַדיט" אין
מעקסיקע.

די מיטגלידער פון דער אָרגאַני־
זאַציע זיינען אַלע שפּאַניש־רעדנ־
דיקע ספרדים, פון סאלאָניקי, בול־
גאַריע, יוגאָסלאַוויע א. א. וו. די
אַראַביש־רעדנדיקע יידן האָבן זיך
זייערע באַזונדערע קהילות און
אָרגאַניזאַציעס.

דער ציל פון דער „אוניאָן סע־
פאַראַדיט" איז, הויפּטזעכלעך זיך,
באַמיען צו געבן די קינדער פון
די ספרדישע יידן אַ יידישן אינ־
האַלט אין לעבן און ביי זיי דער־
וועקן יידיש־נאַציאָנאַלע אחריות.
דער הויפּט־אויפּטו פון דער „או־
ניאָן" איז דעריבער געווען די
גרינדונג פון דער ספרדישער תר־
בות - שול און ביזן היינטיקן
טאָג פאַרנעמט זיך די פאַר־
וואַלטונג פון דער אָרגאַניזאַ־
ציע מיט דער ווייטערדיקער אַנט־
וויקלונג פון דעם שיינעם לערן־
אַנשטאַלט. די זעלבע מענטשן,

האָבן אײַפגעבויט אַ גרויסע
שול אין מעקסיקע פאַר זייערע
לאַנדסלייט, וואו עס ווערט גע־
־אוונט מיטן ספרדישן נוסח; די
שול הייסט: „רבי יהודה הלוי".

דער ערשטער פרעזידענט און
סעקרעטאַר זיינען געווען די הערן
וויקטאָר באַבאַני און יצחק מאָס־
קאָנאַ, און די היינטיקע פאַרוואַל־
טונג (1950־51) פון דער יאוניאָן
איז די פאָלגענדע: פרעזידענט:
וויקטאָר באַבאַני וויצע פרעזידענט:
יאָבערטאָ בלום, סעקרעטאַר: דוד
יומטוב, קאַסירער: י. בעהאַר, קאָ־
מיסאַר: יוסף נאַדיארי, וואָקאַלן:
ע. משי, ס. ב. קאָהען, דוד בעכא
און י. האטאם.

די „יוניאָן סעפאַראַדיט", וועל
כע נעמט אַרום אַלע שפאַניש־רע־
דנדיקע יידן אין מעקסיקע, האָט
באַרשריבן אַלס מיטגלידער 650
משפחות אָדער בערך 3500 פער־
זאָן.

די „יוניאָן" וויל איינאָרדנען אַ
קלוב פאַר אירע מיטגלידער, פאַר־
שטאַרקן די עברית ־ לימודים אין
דער ספרדישער תרבות־שול, באַ־
זאָרגן מיט נדן אַלע נויטבאדערפ־
טיקע כלות און שיקן קיין ישראל
די קינדער יתומים וועלכע האָבן
נישט קיין שום קרובים אין מעק־
סיקע.

די „יוניאָן סעפאַראַדיט" האָט
אָפטיילונגען אין גוואַדאַלאַכאַראַ,
וועראַקרוז, טיכואַנאַ און טאָרעאָן.
זינט 20 יאָר איז פאַראַן אַ היל־
פספאַריין אונטערן נאָמען „לאַ
בראַטערנידאַד" וועלכער פאַרנעמט
זיך אויסשליסליך מיט געבן הילף
אָרעמע ספרדישע יידן.

## אַליאַנץ „מאָנטע סיני"

די אָרגאַניזאַציע איז געווען די
ערשטע „קהלה" אין מעקסיקע און
איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר
1912. איינער פון די גרינדער,
וועלכער איז געשטאַנען זיין גאַנץ
לעבן ביי געזעלשאַפטלעכער אַרבעט,
און איז ביי זיין טויט מיט אַ צוויי
יאָר צוריק, געווען אַקטיוו אויף
אַלע געביטן פון יידישן לעבן אין
מעקסיקע איז געווען דער באַליב־
טער אין אונדזער ישוב, און גוט
באַקאַנטער געזעלשאַפטלעכער טוער
מאַקס וואָלפאָוויטש.

די „קהלה" איז געווען דאָס ווי־
געלע פון יידיש־געזעלשאַפטלעכן
לעבן אין מעקסיקע און האָט אַרומ־
גענומען אַלע די וועלכע האָבן גע־
האַט אן אינטערעס פאַר יידישע
ענינים: אשכנזישע יידן, ספרדישע
יידן פון טערקיי און פון אַראַבי־
שע לענדער.

אין 1933, נאָך דער אימיגראַ־
ציע פון אַ גרעסערער צאָל אשכנ־
זישע יידן, האָבן זיך שוין געהאַט

געגרינדעט אַ סך נייע אינסטיטו־ציעס און קהלות, לויטן אָפּשטאַם פון די נייע אימיגראַנטן און אין 1934 האָבן זיך געביטן די סטאַ־טוטן פון "מאָנטע סיניי". דעם 12־טן יוני 1935 איז „מאָנטע סיניי" דערקלערט געוואָרן אַן „אינסטי־טוציע פון דמשק'ער יידן".

דער „מאָנטע סיניי" האַלט אין בויען אַ גרויסע שול, פאַרמאָגט אַ שיינע תרבות־שולע, אַ ביקור חו־לים־קאַסע און הילפס־פאָנדן פאַר זייערע לאַנדסלייט אין מעקסיקע ווי אויך אין דמשק־סוריע. זיי האָבן אַ געביידע וואו עס געפינט זיך אַ קולטור־צענטער און אַ שול.

די היינטיקע פאַרוואַלטונג (1951 1950) איז די פאָלגנדיקע:

ה. לואיס מוסאלי, (פּרעזידענט), קאַרלאָס ראַמאַנאָ (וויצע־פּרעזי־דענט), כאָסע קאַלאַטש (ערן־פאַר־זיצער), שמום חנן (קאַסיר), שמ־עון אטרי (הילפס־קאַסיר), יעקב טאַראַב (סעקרעטאַר), איזידאָראָ נהן (הילפס־סעקרעטאַר), און כאָ־סע סאַד (קאַמיסאַר).

די קהלה „מאָנטע סיניי" ציילט ביי 600 משפחות.

## אָרגאַניזאַציע „לאַ בוענאַ וואָלונטאַד" (דער גוטער ווילן)

די אָרגאַניזאַציע פון ספרדישע שפּאַניש־יידנדיקע פרויען איז גע־גרינדעט געוואָרן אין 1924 פון די דאַמען ראָזאַ אַלאַזראַקי, מאַ־טילדע קאַפּאָן און שרה פּאַלאַטשי, כדי צו העלפן מאַטעריעל וויטבאַ־דערפטיקע לאַנדסלייט.

די אַקטיוויטעטן פון דער אָרגאַ־ניזאַציע ווי טייען, „ריפאַס" א. א. זינען אויסשליסלעך פאַר זאַמלען מיטלען כדי קענען ווייטער אָנגיין מיט דער הילפס־אַרבעט.

די היינטיקע פאַרוואַלטונג איז פאָלגנדע: פּרעזידענטין: פּרוי ר. קאַלדעראָן, וויצע־פּרעזידענטין: ב פינטאָ, סעקרעטאַרינען: א. באַראָן און י. דאַנאָן.

די אָרגאַניזאַציע האָט אַן ערך־ 270 מיטגלידער.

## צדקה ומרפא-געזעלשאַפט פון די אַלעפּאָ׳ער יידן

די געזעלשאַפט איז אַ באַזונדע־רע קהלה, אין וועלכער עס קאָנ־צענטרירן זיך די סירישע עמיגראַנ־טן וועלכע שטאַמען פון אַלעפּאָ (די אור־אַלטע חלב־צובא) און אומגעגנט. די געזעלשאַפט ציילט ביי 300 משפחות און איז געווען ביז דאָ ניט לאַנג ווייניק וואָס פאַר־אינטערעסירט אין אַלגעמיין יידי־שע פּראָבלעמען. זיי האָבן געהאַט אַ מין חדר־ישיבה אין וועלכן עס האָבן געלערנט אייניקע צענדליק קינדער תפלה און ברכות ווי אויך מנהגים לויטן אַלעפּאָ׳ער שטייגער.

אין די לעצטע יאָרן זיינען די אַלעפּאָיער אַריינגעצויגן געוואָרן דורך דער אַרבעט פון „קהקיל" אין דער ציוניסטישער אַרבעט און זיי האָבן איינטיילגענומען אין די וואַלן צום 23־טן ציוניסטישן קאָנגרעס צו וועלכן זיי האָבן אויסגעווײַלט אן אייגענעם דעלעגאַט, הער חוס־ני. פון די וויכטיקע עסקנים פון דער קהלה זיינען שאבאט, דיין א. א.

## אָרגאַניזאַציע מנורה - התקוה

די מנורה־התקוה איז די אָרגאַניזאַציע וועלכע נעמט אַרום אַלע דייטש־רעדנדיקע יידן אין מעקסי־קע. די „מנורה" איז געגרינדעט געוואָרן אין 1939 און די „התקוה" (אין אָנהייב, אַ ריין ציוניס־טישע אָרגאַניזאַציע פון דעם דייטש רעדנדיקן סעקטאָר) אין יאָר 1943. אין נאָוועמבער 1948 האָבן די צוויי אָרגאַניזאַציעס זיך פאַראיי־ניקט אונטער דעם נאָמען „מנורה־התקוה".

די מנורה איז געגרינדעט געוואָרן ווייל אַ גרעסערע צאָל דייטשע יידן זיינען געקומען קיין מעקסיקע, ספּעציעל זינט 1938, און האָבן זיך געוויטיקט אין אַ סאָציאַלן צענטער.

דער ערשטער פּרעזידענט פון דער „מנורה" איז געווען דר. ריעס און דער ערשטער סעקרעטאַר דר. דרוקער. פון דער „התקוה" איז געווען דער ערשטער פּרעזידענט דר. באשוויץ און די ערשטע סעקרעטאַרין פרוי מיכאעל.

די „מנורה" האָט זיך אונטער־גענומען, נישט בלויז צו שאַפן אַ סאָציאַלן צענטער פאַר דייטש־רעדנ־דיקע יידן, נאָר אויך צו העלפן זייערע לאַנדסלייט און שיקן הילף פאַר זייערע ברידער אין אייראָפּע. גאָר אַ שווערע אויפגאַבע האָט גע־האַט די „מנורה" ווען זי האָט גע־דאַרפט פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון אירע מיטגלידער אין דער מל־חמה־צייט ווייל טעכניש זיינען אַ סך פון זיי געווען פיינטלעכע אויסלענדער לגבי דער מעקסיקאַנער רעגירונג. די „מנורה" האָט אויך אירע פאַרטרעטער אין יידישן צענטראַל־קאָמיטעט און אין קאָ־מיטעט פון יידישן וועלט־קאָנגרעס.

זינט דער פאַראייניקונג פון דער „התקוה" און דער „מנורה" פאַר־נעמט זיך די אָרגאַניזאַציע מיט די אַלטע פונקציעס פון דער „מנורה" און אויך מיט ציוניסטישער אַר־בעט ביי זייערע מיטגלידער.

די היינטיקע פאַרוואַלטונג איז פאָלגענדע: פּרעזידענט: ז. שטרויס, וויצע־פּרעזידענט: ע. מייער, סעק־רעטאַר: דר. ע. פרענק און קאַסיר: ע. שטאל.

די מנורה־התקול האָט 285 מיטגלידער און פאַרנעמט אַ וויכטיקן אָרט אין יידיש ־ געזעלשאַפטלעכן לעבן אין מעקסיקע.

## אָרגאַניזאַציע אמונה

דאָס איז די יידישע אָרגאַניזאַציע פון אונגאַריש־ ־ רעדנדיקע יידן, זי איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1942, כאָטש דער גרעסטער טייל פון די יידן האָבן שוין פון פריער געוואוינט אין לאַנד. די אָרגאַניזאַציע האָט אויפגעוועקט ביי די אונגאַריש ־ רעדנדיקע יידן אַן אינטערעס פאַר יידישע פראָבלעמען און האָט דערגרייכט אַ גרויסע מאָס פון קאָאָפּעראַציע פאַר אַלץ וואָס איז יידיש און ספּעציעל פאַר מדינת ישראל. דאָס איז טאַקע געווען די אורזאַך פון דער גרינדונג און עס האָט זיך אויסגעווין אַ די אָנפירער האָבן געהאַט דערפאָלג אין זייער אַרבעט.

די צילן און אויפגאַבן פון „אמונה" זיינען די פון אַ לאַנדסמאַנשאַפט, העלפנדיק זייער נויטבאַדערפטיקע לאַנדסלייט און נאָך דערצו די פון אַן אָרגאַניזאַציע, וועלכע וויל, ביי אירע מיטגלידער, אַרויסרופן אַ געפיל פון נאַציאָנאַלער פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

דער ערשטער פרעזידענט פון „אמונה" איז געווען הער י. קנאָפּפלער און ער איז אויך געווען אַ דעלעגאַט צו דער צווייטער סעסיע פון יידישן וועלט ־ קאָנגרעס אין מאָנטרע אי יאָר 1948.

די „אמונה" פירט אָן, ביי אירע מיטגלידער, מיטן פאַראייניקטן קאַמפּיין אין מעקסיקע, האָט אַ מנין אויף ימים־ניראים, קולטורעלע אונטערנעמונגען און יעדע וואָך אַ נאָכמיטאָג טיי פאַר פרויען, איינגעאָרדנט פון זייער פרויען־סעקציע.